# אין קומענדיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועט זײַן געדרוקט

■

## אין פּראָזע־אָפּטייל:

דער סאָף פֿונעם ערשטן בוך פֿון יעכיעל פֿאַליקמאַנס ראָמאַן „דער שוואַרצער ווינט“.

דערציילונגען פֿון אַווראָם קאַהאַן, נאַטאַן זאַבאַרע, כאַים זיל־בערמאַן.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 25־טן יאָרטאָג, זינט עס זײַנען צעקלאַפּט געוואָרן די פֿאַשיסטישע כאַיאַלעס אונטער מאָסקווע, וועלן פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן מאַטעריאַלן פֿון דעם מאַרשאַל פֿון אַרטילעריע וו. קאַזאַקאָוו (וועגן העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד כאַים דיסקין), פֿון דעם גענעראַל הירש פּלאַסקאָוו, פֿון די שרײַבער דער ניסטער, עזראַ פֿינינבערג, יִסראָעל סערעבריאַני.

## אינעם אָפּטייל פֿון פּאָעזיע:

לידער־ציקלען פֿון אַרן ווערגעליס, מאָטל סאַקציער, יאַראָסלאַוו סמעליאַקאָוו, יאַנקעוו שטערנבערג.

## אין אָפּטייל „ליטעראַטור און קונסט“:

אַרטיקלען וועגן שאָלעם־אַליכעמען פֿון עליע ספּיוואַק און יעשוע ליובאָמירסקי.

הילעל אַלעקסאַנדראָווס פּובליקאַציע וועגן יאַנקעוו דינעזאָנען.

די פֿאָרזעצונג פֿון דער כראָניק פֿון דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אָפּהאַנדלונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט די יובילײ־דאַטעס פֿונעם קאָמפּאָזיטאָר דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש און פֿונעם פֿאָלקס־אַרטיסט מוישע גאָלדבלאַט.

**עס וועלן אויך געדרוקט ווערן די שטענדיקע רובריקעס „נאָטיצן אויפֿן קאַלענדאַר“, „פֿאַרשיידנס“, „בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען“, „דאָס באַפֿליגלטע וואָרט“, כראָניק.**

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

זעקסטער יאָרגאַנג

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

נאָיאַבער

11

1966

# אינהאַלט

דאָוויד בערגעלסאָן

# אײנעמס א וועג

דעם הײַנטיקן נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ עפענען מיר מיט דאָוויד בערגעלסאָנס באַוווּסטער דערציילונג „אײנעמס א וועג“.

דערמיט הייבן מיר אָן דרוקן א סעריע ווערק פון די אָנהייבער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, געווידמעט די העראָישע יאָרן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און בירגערקריג.

דער לייענער וועט באַקומען די מעגלעכקייט אופצושטעלן אין זיקאָרן די בעסטע שאַפונגען פון אונדזערע פאָרגענגער — ווערק, וועלכע גייען אַרײַן אין גאָלדענעם פאָנד פון אונדזער ליטעראַטור.


ינמיטן דאָרף, אַפן שטיבל פון שטאַב, האָט פון גאַנצפרי אָן געפלאַטערט א שטיק רויטער שטאָף. דער שטאָף האָט, ווי א פרישער קימפעט־פאַרהאַנג, געהאַט פיל פרייד אין זײַנע קנאַקנדיקע כוואַליעכלעך און אין אַלע אומרויִקע קנייטשן, וואָס אין זײַנע פאָכנדיקע עקן. לעבן שטאַב איז געהאַנגען א שילד:

„דער נ־סקער פּאָלק פון די אופגעשטאַנענע“.

דער פּאָלק איז אָנגעקומען אין דאָרף אַרײַן באַנאַכט. אַף מאָרגן זײַנען פרײַוויליק צו אים צוגעשטאַנען פיל אָרטיקע. קיינעם איז דאָ נישט אײַנגעפאַלן זיך נאָכצופרעגן אַף די איבעריקע פּאָלקן, צי זײַנען זיי נישט קיין אויסגעטראַכטע, צי געפינען זיי זיך נאָענט פונדאַנען אָדער ווײַט. דאָס וואָרט נ־סקער איז געווען אָנגעשריבן מיט גאַנץ גרויסע אויסיעס. עס האָט געוועקט דערעכערעץ, עס האָט וועמען געשראָקן, וועמען געפרייט.

פון טײַך האָט געבלאָזן א ווינטל גלײַך אַפן שטיבל פון שטאַב, און נישט אַזוי אַפן שטיבל, ווי אַפן רויטן שטיק שטאָף, וואָס פלאַטערט פרײַ און זיכער אַפן דאַך.

באַטאָג איז דאָס מויל באַם ווינט געוואָרן פײַכט און פול מיט צעפוילטן אָסיען און מיט א רייעך פון צווינטער. ווידער איז געוואָרן קויטיק, טונקל און נאַס אין דרויסן.

פון מיטן דאָרף גוואַדזשען שטיוול צום שטאַב, און נאָך מער שטיוול גוואַדזשען אינעם זײַטיקן געסל, וואָס באַרג־אַראָפּ צום טײַך־צו. קערפּערס זײַנען דאָרט אַראָפּגעזעצט צו דער ערד, פּלײצעס — אָנגעבויגן. געניטע, פאַרקאַשערטע הענט, פינגער אָנגעשמירט מיט פעטס שײַערן מיטגעבראַכטע האַרמאַטן, גרייטן זיי צו א נײַער שלאַכט. און אַנטקעגן אין א בלאָטיקן הויף, אַרום א פּאָר פאַרקאַזאַרמעוועטע שטיבלעך פּוצט מען מיט אומענדלעכן כיישעק קאַזיאָנע פערד, מע באַטראַכט אַף זיי די אָנגעמוליעוועטע ערטער, וואָס זעען אויס ווי ציטערנדיק וווּנדפלייש, באַזעצט מיט פליגן, און מע פרעגט מעווינישבאַ אַבען, דעם באַלעגאָלישן יאַט, וואָס שנירעוועט דעם רויטן גאַרטל אַף די לענדן:

— אַבע! — לאַדט מען אים אײַן. — אַנו, כאַפּ נאָר א קוק... מיט וואָס באַשמירן, אַבע?

■

אַבע, יעכיִעל־מוישע דעם באַלעגאָלעס באָכער, איז איינער פון די ייִדן אין פּאָלק און וויל דאָ נישט אויסריידן צו קיינעם קיין איבעריק וואָרט. מער ווי אַלץ איז ער צופרידן, ווען מע לאָזט אים צורו. ערגעץ טיף אין זיך רופט ער אָט דעם

גאַנצן אויפֿלעם אַרום זיך נישט אַנדערש, ווי „צעבריקעווע־טע“. ער דרייט זיך אַרום צווישן זיי אַ דרימלענדיקער און פּוילער, ווי אַ פּאָסטעפּאַסניק, און אַלץ, וואָס ער הערט דאָ, גייט אים דורך איין אויער אַרײַן און דורכן צווייטן — אַרויס.

— וואָס גייען זיי מיך אָן! — טראַכט וועגן זיך אַבע. — מײַן דײַגע?

אינדערפֿרי האָט געטראָפֿן אַ מײַסע.

איינער פֿון דער כעוורע האָט עפּעס צוגענומען באַם פּויער, באַ וועלכן ער איז אײַנגעשטאַנען. דער פּויער האָט געמאַכט אַ גוואַלד, דאָס דאַרף איז זיך צוזאַמענגעלאָפֿן. מע האָט דעם גאַנעוו באַזוכט און געפֿונען באַ אים אַן אויסבאַהאַלטענעם דאָקומענט פֿון אַ פּעטליוראָווע̄ץ, וואָס האָט זיך אומיסטן אין פֿאָלק אַרײַנגעדרייט. ביז גאָר אופֿגעדרודלט זײַנען פֿון דעם געוועזן אויך אַלע יענע אָרטיקע פּויערים־יונגען, וואָס האָבן אָקאָרשט נעכטן באַקומען ביקסן. און פּלוצעם, אין אַ רעגע פֿון פּליסיקער סאַקאָנע, האָט מען פֿון הינטער איינער אַ כאַטע דערהערט אַ שאָס. מע האָט זיך אַהין אַ לאָז געגעבן און געפֿונען דעם שולדיקן אַ טויטן. געזאָגט האָט מען, אַז דערשאָסן האָט אים איינער פֿון שטאַב — דער וואָיענקאָם, וואָס איינציקע אין פֿאָלק רופֿן אים פּאַשעט לייזערקע.

אַבע איז געוועזן פֿון יענע געציילטע, וואָס האָבן אַליין געזען, ווער עס האָט געשאָסן, נאָר אַז מ׳האָט וועגן דעם באַ אים געפֿרעגט, האָט ער באַלעגאָליש אַ צי געגעבן מיט די אַקסלען און האָט זיך פֿויל אַוועקגעדרייט אין אַ זײַט:

— מײַן דײַגע?..

עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט נישט וועלן אומזיסט אַוועקלייגן דאָ זײַן האַרץ: אַז סאַ־כאַקל איז ער נאָר צוליב דעם אַרײַנגעטראָטן אין פֿאָלק, ער זאָל ענדלעך פּאָטער ווערן פֿון אַוועק־לייגן אומזיסט זײַן האַרץ, וואָרעם אַבע, קאָן מען זאָגן, האָט אַלע זײַנע יאָרן געטאָן אומזיסטיקע און איבעריקע אַרבעט צוליב אַנדערע און האָט דערפֿאַר נישט באַקומען קיין שום לוין. אין דעם איז באַשטאַנען זײַן געשיכטע — אַ געשיכטע פֿון אַ באַאַוולטן, פֿאַר וועמען קיינער שטעלט זיך קיינמאָל נישט אײַן.

אָנגעהויבן האָט זיך פֿאַר אַבען די דאָזיקע אומזיסטע אַרבעט פֿון דעם, וואָס ער האָט אינעם שטעטל סטאַווישטש אַלע זײַנע יאָרן אומזיסט גערופֿן „טאַטע“ יעכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלע, מיט וועמען זײַן מוטער די אַלמאָנע האָט אַמאָל כאַסענע געהאַט, און אַליין איז ער דאָרט יעדן יאָמטעוו געגאַנגען אין דער באַלעגאָלישער שול און האָט דאָרט אומזיסט געזאָגט „יִזקער“ נאָך זײַן עמעסן טאַטן, וועמען ער, אַבע, האָט נישט געקענט אַפֿילע נישט אין כאָלעם. געדענקט אַבע, ווי אין פּאָליש פֿון דער שול פֿלעגט ער אומזיסט אָפּוואַרטן גאַנצע שאָען, ביז מע וועט אָנהייבן זאָגן „יִזקער“, און ווי ווײַסעכוורע פֿלעגט אים דאָרט קיינמאָל נישט רופֿן באַ זײַן עמעסן נאָמען.

— יעכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלעס נאַדן, — פֿלעגט מען אים רופֿן.

אָדער פּאַשעט:

— דער נאַדן.

נאָר שטאַרק דערצאַרענען אים האָט מען דאָך מוירע געהאַט, ווײַל כאָטש ער האָט שטיל און געטרײַ געהאָרעוועט אױף יעכיעל־מוישען, ווי אױף אַן אייגענעם טאַטן, האָט ער דאָך פֿײַנט גע־האַט צו האַלטן פֿאַרלייגט די הענט, ווען מע רייצט אים שטאַרק אױף אָדער מע טוט אים בייז. אַבע האָט געהאַט אַזעלכע אַקסלען, וואָס אַז זיי גיבן זיך אַ דריי, איז יעדן קלאָר, אַז זיי, די אַקסלען, האַלטן פֿונעם גזעזץ:

— וואָס עמעס איז עמעס.

— וואָס מײַנס איז מײַנס, און וואָס דײַנס איז דײַנס.

טאַקע דערפֿאַר, אַרויסגייענדיק פֿונעם געזעץ — „וואָס דײַנס איז דײַנס“, האָט אַבע מילכאָמע־צײַט אָפּגעדינט דרײַ מיט אַ האַלבן יאָר אױף די פֿראָנטן, אָפּגעדינט אַזוי קאָשער, אַז קאָשערער קאָן נישט זײַן. און די מילכאָמע, קאָן מען זאָגן, האָט אים גאָרנישט ניט בעסער געמאַכט און גאָרנישט אויסגעלערנט, ווײַל ווי פֿאַר דער מילכאָמע, אַזוי נאָך איר האָט אַבע נאָך אַלץ שטיל און פֿאַרשלאָפֿן געהאָרעוועט אױף יעכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלע, געפֿירט זײַנע פֿאַרשוינען פֿון סטאַווישטש אין דער ווײַטלעכער גרויסער שטאָט, וואָס ליגט אין טאָל. און זײַן איינציקער פּריִ־ערדיקער כיסאָרן איז איצט באַ זײַנע פֿיר און צוואַנציק יאָר נאָך אַלץ געוועזן אַ כיסאָרן — ער איז געוועזן אַן אַכזער אױף די פֿערד, מיט וועלכע ער פֿאָרט. דער באַלעגאָלישער שטיפֿטאַטע האָט זיך געקלאָגט פֿאַר זײַן מוטער:

— ער יאָגט, ער יאָגט, דער באָכער דײַנער. ער שינדט פֿון די פֿערד די פֿעל.

נאָר דאָס האָט ער זיך עפּשער געגומען דערפֿון, וואָס צו אַלע אַנדערע ברוִים איז אַבע געוועזן גוט און ווייך. אַלע האָבן אים אומזיסט אויסגענוצט, האָט ער אויסגעלאָזט זײַן האַרץ צו די פֿערד. אַליין אָבער האָט ער נאָך אַלץ נישט געוווסט, אַז אַלע נוצן אים אומזיסט אויס, און ווער ווייסט

ווי לאַנג דער דאַזיקער „נישט וויסן" וואָלט זיך געוווען אוועקגעצויגן, ווען נישט די דינסט פון יענעם זעלבן אײַנפאָר־הויז, וווהין אבע פאָרפאָרט אין דער גרויסער שטאָט מיט זײַנע פּאַרשוי־נען. די דאָזיקע מויד איז אים דאָרט אין אײַנפאָר־הויז פון מאָל צו מאָל געוואָרן אַלץ מער אײַגן און אײַנגעבאַקן אין האַרצן, ביז זי איז סאָפּקאָלסאָף געוואָרן זײַן קאַלע.

אבען איז די מויד זייער געפעלן געוואָרן, שוין מיט דעם אַליין, וואָס צו אַלעמען איז זי געוועזן א בייזע, א באַרויגעזע, און צו אים איז זי אַדראַבע — צו אים איז זי געוועזן א ווייכע, א צוגעלאָזענע. אבע האָט זיך געקאָנט וועטן: אַנו, זאָל עמעצער אַן אַנדערער פּרוּוון צו איר צו־שטיין, וועט ער פון איר האָבן א וויסטן סאָף, און אַנטקעגן אים, אבען, האָט זי גאַרנישט, אפילו אַז ער שטייט צו איר צו אין הויז פון אײַנפאָר, ווו עס שטייען די פערד. אַז ער פּאַקט זי דאָרט אין א טונקל ווינקל, בייס זי גייט אַרויס נאָך א קאָך־טעפּל, בלײַבט זי דאָרט א ווײַלע שטיין און לאָזט אים, ער זאָל טאָן באַ איר אין בוזעם אַלץ, וואָס ער וויל.

עס מאַכט זיך: מיט פריִען גרויען פרימאָרגן קומט ער אָן מיט זײַן פור אַהין אין שטאָט און טרעפט זי דאָרט איינע אַליין הינטערן אײַנפאָר־הויז, בייס זי איז אָנגעבויגן איבער א פרישׁ־אויסגעגאָסענעם צעבער, לעבן איר — א פּאָר אָנגעפלויגענע ראָבן, א פּאָר צוגעלאָפענע כאַזיי־רים, וואָס דער איבערגעקערטער צעבער שמעקט זיי.

— אַטשו, — שרײַט זי בייז אויף די כאַזיירים, — אַטשו!

און אַליין איז זי א באָרוועסע, מיט א פולן בוזעם, די הענט פאַרקאַשערט, די פיס נאַקעט, איר פאַרשלאָפן פּאָנעם, וואָס מיט די שמאָלע אויגן, איז מאַט און פעכקע. און שמעקן שמעקט עס ווי מיט פרישן היי. פון שטענדיקער בייזקייט רעדט זי זייער ווייניק, נאָר אַז זי דערזעט אים, אבען, אָנקומען מיט זײַן פור, טוט זי א זאָג זייער געשווינד:

— זע נאָר, אבקע!.. ווי קומסטו אַהער? האַ, אבקע?

אבען האָט אָנגעהויבן ציִען צו איר אין שטאָט אַרײַן אַזוי, אַז אפילו ווען ער האָט זיך געפונען אין דער היים, און אפילו אין שטאַרקסטן שלאָף האָט ער טאָמיד געדענקט איר רייעך — א רייעך, ווי פון פרישן שטרוי, וואָס האָט סאַכאַקל איין נאַכט אונטער פערד געגנעכטיקט. און דער דאָזיקער רייעך האָט ווי פון זיך אָנגעהויבן לערנען אבען, אַז ער קען עפּעס אופטאָן אויך פון־זײַנטוועגן אַליין, און אַז ביז איצט איז — א קרענק אויף זיי, א כאָליערע אויף יענע אַלע מענטשן, וואָס ער האָט ביז הײַנטיקן טאָג, אַכוץ דער מויד פון אײַנפאָר־הויז, געזען אַרום זיך. צוליב זיי האָט ער אַלע זײַנע יאָרן אוועקגעלייגט זײַן געזונט, און זיי צוליב אים — גאָרנישט.

— א בראַנד אויף זיי!

פאַרקערט, זינט מע האָט זיך דערוווּסט, אַז אבע נעמט די דאָזיקע מויד פון אײַנפאָר־הויז, האָבן אַלע אָנגעהויבן לייגן אויף אים מער קאָוועד. און אָט אפילו די מאַמע זײַנע — זי האָט אָנ־געהויבן דערגיין די יאָרן איר מאַן יעכיעל־מוישע דעם באַלעגאָלע, מע זאָל וואָס גיכער דעם באָכער כאַסענע מאַכן. און טאַקע פונדאַנען האָט זיך געגומען די געשיכטע, וואָס אבע איז נישט ווילנדיק אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין אָט דעם פאָלק אַרײַן — א פאָלק, וואָס רופט זיך „דער ב־סקער פאָלק פון די אופגעשטאַנענע" און באַשטייט דורכויס פון אַזעלכע מענטשן, וועלכע ער, אבע, רופט ערגעץ טיף אין זיך נישט אַנדערש, ווי מיטן נאָמען „צעבריקעוועטע".

די וואָך, ווען יעכיעל־מוישע דער באַלעגאָלע האָט אבען אופגערופן ווי א כאָסן, איז געוועזן די לעצטע, איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאַגראָמען, און אבע האָט דענסטמאָל מיט פאַר־לאָפענע אויגן געקוקט, ווי באַקאַנטע באַלעגאָלעס גייען צו זיי אין שטוב אויף „קידעש", און קיינעם פאַלט דאָרט שוין מער נישט אײַן אים, אבען, דאָס היטל איבער די אויערן אָנצורוקן און דערבײַ ווי געוויינלעך צו זאָגן:

— שינדסט די פעל פון די פערד, האַ? אבע, ביסט אַן אכזער אויף די פערד, אבע.

מע טרינקט צו אים לעכאַים, מע ווינטשט אים, די כאַסענע זאָל זײַן אין א גוטער שאָ און מע ווינקט צו אים מיט איין אייגל וועגן דער נאַכט, וואָס נאָך דער כאַסענע, מע טרינקט אויך צו זײַן שטיפפאָטער יעכיעל־מוישען. און יעכיעל־מוישע איז שוין שיקער. שיקער איז יעכיעל־מוישע אויך אויף מאָרגן, נאָר צו דער קאַלע אין דער גרעסערער שטאָט, וואָס אין טאָל, זאָגט ער, קאָן מען איצט דעם באָכער נישט פירן. ער קומט אַלעמאָל פון מאַרק, ווו ער הערט זיך אָן מיט שרעקלעכע זאַכן, און קריגט זיך מיט זײַן ווײַב:

— פיר אים אַליין! — שרײַט ער צו אבעס מוטער. — פיר אים אַליין, דעם באָכער דײַנעם. דו הער בעסער, וואָס מע זאָגט אין מאַרק, הער בעסער: פּעטליורעס היצלעס, זאָגט מען, שנײַדן ייִדן אויף אַלע טראַקטן.

עס קומען אַרײַן אין שטוב באַקאַנטע באַלעגאָלעס, און אויך זיי זאָגן:

— וווהין פאָרן?

— א סאַקאָנע... א גרויסע סאַקאָנע.

אבע האָט זיך אזוי ארומגעדרייט א וואָך און צוויי, און זײַנע געפילן זײַנען געוועזן אזעלכע, ווי גלײַך מ'האָט אים געקוילעט, נאָר נישט דערקוילעט. אלע מענטשן ארום אים זײַנען אָדער באוויַבטע, אָדער נישט קיין באוויַבטע, און ער, אבע, איז א באזונדערער. אז ער איז א באָכער, קאָן מען מער נישט זאָגן, ווײַל מע האָט אים שוין „אופגערופן“. נאָר קיין באוויַבטער איז ער אויך נישט, ער איז עפּעס א „צווישן“. מע לאַכט דעריבער פון אים אין מארק, מע זאָגט צו אים:

— א קרענק אין דײַנע ביינער, אבע, אפילע כאַסענע האָבן קענסטו אויך נישט ווי געהעריק.

און באלעגאַלישע הענט רוקן אים שוין ווידער זײַן היטל איבער די אויערן:

— יאָגסטו? הא, יאָגסט... ביסט אַן אכזער אף פערד, אבע.

און צו דער קאַלע, דער מויד פונעם אײַנפאָר־הויז, ציט. איר רייעך — א רייעך פון פרישן שטרוי, וואָס האָט סאַכאַקל איין נאַכט אונטער פערד געװעלגערט, — געדענקט זיך אַן אופהער, אפילע אין שטארקסטן שלאָף.

אבע האָט סאָפּקאָלסאָף אליין אָנגערוקט אף זיך זײַן בראַשקן היטל, ער האָט אָנגעטאָן זײַן גרויען שינעל, וואָס איז אים פארבליבן פון מילכאָמע־צײַט, פארגארטלט אף זיך דעם רויטן באלעגאַלישן גארטל און האָט זיך אוועקגעלאָזן איינער אליין צופוס צו זײַן קאַלע.

„א בראַנד אין זיי! — האָט ער געטראַכט וועגן יענע אלע מענטשן, וואָס ווילן אים אהין נישט פירן, ווי עס קומט א כאָסן. — כ'האָב זיי אין דער ערד. זאָלן זיי ברענען“.

און דער פארדראָס אף אלע ארומיקע מענטשן, אף וועלכע ער האָט אלע יאָרן אומזיסט גע־האָרעוועט, האָט איצט דערגרייכט אין אים ביז דער העכסטער מאַדרייגע.

די ערשטע פופצן וויאָרסט איז ער דורכגעגאַנגען בעשאָלעם. קיינער האָט אים אפן וועג נישט אָפּגעשטעלט, קיינער האָט בא אים נישט געפרעגט, ווער ער איז און וווהין ער גייט. נאָך פאר־נאַכט, ווען ער איז צוגעקומען צום גרויסן טראַקט, וואָס ציט זיך פארבײַ דעם גרויסן באליאַסנער וואַלד, האָט ער דערהערט פון טיפן וואַלד א ווידערקאָל פון א שיסערײַ. דאָס ווידערקאָל האָט געהאַט אַן א שיר רעציכעדיקע כוואַליעס. דער וואַלד האָט אויסגעזען זייער כמורנע און בייז. אבע האָט אָפּגעוואַרט א רעגע און האָט דערהערט א צווייטן שאָס מיט א ווידערקאָל, און ווידער מיט אַן א שיר רעציכעדיקע כוואַליעס. גיין ווײַטער אקעגן נאַכט, האָט זיך געדאַכט, איז זייער גע־פערלעך.

אבע האָט דעריבער אראָפּגענייגט אַן א זײַט, קעדיי איבערצונעכטיקן דאָרט אין פעלד באַם פיליפּאָווער שמיד אין שטיבל. מענדל דער שמיד איז געוועזן אין דער היים. זײַן ווײַב ראָכע אויך. אבען האָבן זיי געקענט נישט וויניקער, ווי זיי קענען אלע פארבײַפאָרנדיקע באלעגאָלעס. אבע האָט גענעכטיקט בא זיי אפן אויוון, און געדאַכט האָט זיך אים, אז ער געפינט זיך ערגעץ זייער טיף אין דער נאַכט.

אין דרויסן האָט אַן עלנטער בוים געגאָגט אַן אופהער מיט זײַנע צעפלאָכטענע צווײַגן, גע־שטאַנען איבערגעבויגן אינמיטן פעלד און האָט געטרוישט, געוועקט דעם שמידס שטיבל.

ווײַטער פון פעלד — דער וואַלד, נאָך ווײַטער — דער העמשעך פון נאַכט און פון פּעטליור־רעס טשיפיקעס, וואָס שלאָגן זיך מיט אופגעשטאַנענע פּאָלקן און קוילען אויס יידן. אבע איז געשלאָפן פעסט.

נאָר באַנאַכט האָבן דעם שמידס שטיבל א מענטשן פופצן רײַטער ארומגערינגלט מעשונע־שטיל, ווי צוליב א מאַנעווער, און די לעוואָנע איז דאַן יאָ געוועזן און נישט געוועזן — די לעוואָנע איז מיט איר שײַן געשפּרונגען ווי איבער בערג, אײַליק אריבערגעיאָגט פיל לויפנדיקע וואָלקנס און געבלייכט און געגילדט דאָס פעלד.

דעם שמידס ווײַב — א ייִדענע, וואָס האָט אלע אירע יאָרן געזאָגט „א וויסטער, א פינצטע־רער כאָלעם“, געזאָגט און ניט געוווּסט די טײַטש, האָט איצט די ערשטע דערהערט פון שלאָף, ווי מע קלאַפּט. זי האָט פארהויבן גלײַך פון שלאָף א פּאַרהענגל און דערזען: א וויסטער, א פינצ־טערער כאָלעם בלאָסט זיך איר אנטקעגן אין דער נאַכט — אין א האַלבער ראָד שטייען רײַטער ארום איר שטיבל, נאַכטיקע פּענעמער, שטומע בליקן; בא אלעמען שטעקן ביקסן פון הינטער די פּלייצעס; בא איינעם ווײַל דאָרט ניט אײַנשטיין זײַן פערד — איינער הארגעט שטארק זײַן פערד.

— מענדל! — האָט די ייִדענע שטארק געוועקט דעם מאַן. — א גרויסער בראָך!

— וואָס שלאָפסטו, מענדל? זע! זיי קריכן שוין אראָפּ פון די פערד. מענדל! וועק גיכער אבען, יעכיעל־מוישעס באָכער. ווײ און ווינד, מענדל!

אבע האָט זיך געפונען אין קיך אפן אויוון און איז דאָרט געשלאָפן פארהילצערט, ווי נאָך גרויסע ווייטעקן, וואָרעם צווישן ארומיקע מענטשן זײַנען פאראַן אזעלכע ווערעמדיקע, פּאַסקוד־נע — ער, אבע, האָט צוליב זיי אלע יאָרן אוועקגעלייגט זײַן געזונט, און זיי צוליב אים גאָרנישט — נעכטיקע טעג.

— אַבע! — האָט אים דער שמיד שטאַרק געוועקט. — אַבע!

אַבע האָט אַראָפּגעלאָזט פֿון אויוון אַ פּאָר פֿאַרלאָפֿענע באָרוועסע פֿיס און האָט זיך גלײַך אײַנגעהויקערט אַף צו שלאָפֿן ווײַטער זיצנדיק.

— אַבע, שטיי נאָר אויף!

אַבע האָט ווי כאַראָטע געקריגן, וואָס ער האָט זיך אופֿגעזעצט, און האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט. סאָפּקאָלסאָף האָט מען אים דערוועקט. אין האַלבן שלאָף האָט ער זיך דורכגעשלעפּט ביז צו דער טיר, זיך דורכגעשלײַכט מיט שנאָרכענדיקן אָטעם, מיט דרימלענדיקע פֿיס און מיט פֿאַרקלעפּטע אויגן, ווי אַף פּאָטער צו ווערן. נאָר אין דרויסן האָט ער אַ שמועס געטאָן מיט עמעצן, אַ שמעק געגעבן די לופֿט, אַ טראַכט געטאָן, אַ שווײַג געגעבן און האָט זיך אומגעקערט אין שטיבל האַלב־וואַכעדיק מיט אַ ניכטער קאָל:

— רעב מענדל, זיי ווילן די קוילנוואַרפֿער, די פֿיליפּאָווער פּויערים, זאָגן זיי, האָבן אײַך געגעבן פֿאַריכטן קוילנוואַרפֿער.

— ווער וויל?

— זיי, אין דרויסן... באָלשעוויקעס, זאָגן זיי, זײַנען מיר, פֿון די פּאָווסטאַנצעס פֿון נ־סקער פּאָלק.

— וואָס זאָגן זיי?

— זיי וועלן צעטראָגן די שטוב — זאָגן זיי.

מיט דער ייִדענע האָט געוואָרפֿן:

— מענדל, גיב זיי, גיב זיי, אַ גרויסער אומגליק, מענדל!.. ווײ און ווינד.

אַבע איז אַוועק מיט דעם שליסל פֿון קוזניע אָפּגעבן די קוילנוואַרפֿער, נאָר איצטיקס מאָל האָט ער זיך אין דרויסן מער געזאַמט און זיך אומגעקערט מער וואַכעדיק:

— רעב מענדל, זיי ווילן אײַער פֿערד־און־וועגעלע אויך, זיי שפּאַנען שוין אײַן דאָס פֿערד. מיר דאַרפֿן, זאָגן זיי, פֿירן די קוילנוואַרפֿער — מיר נעמען ניט פֿונונדזערטוועגן, זאָגן זיי, — פֿאַרן פּאָלק נעמען מיר.

— בעט, אַבע, — האָט געפּלאַטערט די ייִדענע, — אַ גרויסער בראָך. בעט, זיי זאָלן לאָזן דאָס פֿערד.

אַבע איז צום דריטן מאָל אַרויס אין דרויסן און זיך געזאַמט לאַנג, לאַנג — אַ גוזמע. איצטיקס מאָל איז ער אַרײַן אין שטוב געשווינד, מאָלע־גדולע. אָן אָטעם, מיט ציטערנדיקע הענט, האָט ער אָפּגיך געשלעפּט אַף די באָרוועסע פֿיס זײַנע שטיוול.

— וואָס איז, אַבע? — האָט מען זיך באַ אים געבעטן. — רייד אויס אַ וואָרט... וואָס זאָגן זיי? פֿון גרויס גליק האָט אַבע נישט געקאָנט ריידן.

— זיי נעמען מיך מיט... — האָט ער זיך פֿאַרכלינעט, אָנציִענדיק מיט אַלע קויכעס די שוועער־קריכנדיקע שטיוול. — אָט באַלד... צו מײַן קאַלע נעמען זיי מיך... ווי איך בין אַ ייִד. זיי גייען, זאָגן זיי, אַף דער שטאָט... ווײַנט נישט, ראָכע, איך וועל אָפּהיטן אײַער פֿערד... איר מעגט זיך פֿאַרלאָזן... ווי איך לעב אַף דער וועלט... כ׳וועל עס שוין היטן...

## II

פֿון דענסטמאָל אָן געהערט אַבע צו די דאָזיקע עטלעכע הונדערט מענטשן, וואָס טראָגן ביקסן און האָבן אַ שטאַב מיט אַ שילד, אַף וועלכער עס איז אָנגעשריבן „דער נ־סקער פּאָלק פֿון די אופֿגעשטאַנענע“. שוין אַ וואָכן צוויי זינט ער נעכטיקט דאָרט, ווו זיי נעכטיקן, און טאָגט דאָרט, ווו זיי טאָגן. אים האָט מען גלײַך ווי אַלע געגעבן אַ ביקס, טראָגט ער זי גלאַט אַזוי, קעדיי קיינער זאָל נישט באַמערקן, אַז צוגעשטאַנען איז ער צו דער כעוורע נאָר דערפֿאַר, וואָס מע האָט אים צוגעזאָגט אינגיכן קומען אין דער גרויסער שטאָט, וואָס אין טאָל, צו זײַן קאַלע. ווי נאָר ער קומט אַהין אין שטאָט, איז אָן עק — אויס מעכוטן...

אין די לאַנגע נעכט איז אַבע דעריבער דאָ אין דאָרף געשלאָפֿן פֿעסט, ווי אַן אומזיסטיקער פּעפּער — אַ שטומער רעמעז, אַז נאָכגעשלעפּט אַהער האָט ער זיך האַלב מיט אַ מיין, האַלב אַזוי־זיך, ווי פֿון פּוסט־און־פּאַס. ער האָט דאָ די גאַנצע צײַט פֿויל אַרומגעשנאָרט צווישן דער כעוורע „צעבריקעוועטע“, געקוקט, ווי פֿון נאָענטן צעראַבירטן שטעטל קומען אַהער אין דאָרף אַנטלאָפֿענע ייִדישע יאַטן, ווי מע גיט זיי דאָ ביקסן, און אַז עמעצער פֿון די דאָזיקע יאַטן הייבט זיך אָן באַ אים צו פֿרעגן געניוי, צי דער פּאָלק וועט נאָך לאַנג דאָ אין דאָרף שטיין, ענטפֿערט ער קאַלט:

— מײַן דײַגע?

גלײַך אַ מער וואַרעמער ענטפֿער איז שוין געניוג אַף אָנצוקניפּן אים נעענטער אָן אָט דעם

פֿאָלק. ער האָט דאָ געקוקט, ווי א זײַטיקער, און דער אוילעם, האָט זיך אים געדאכט, איז א מאָדנע ווארעמער, א היימישער. אים, אבען, גיט מען דאָ ברויט גיט מען, און אויך פֿלייש, אז מע קאָכט, רופֿט מען אים, ער זאָל נעמען א כיילעק, און אין טאָך איז ער דאָך א זײַטיקער, א פֿרעמדער, די פֿינפֿטע ראָד אין וואָגן...

נעכט האָבן דאָ אלץ געשמעקט מיט שווייסיקע קאזארמעס, מיט לײַבער, וואָס טוען זיך נישט אויס, ליגן אויסגעוואלגערט אף דער פּאָדלאָגע און פֿארשנאָרכן די דאָרפֿיש־אָנגעהייצטע שטיבער. אז די לײַבער צעהיצן זיך טיף אין דער נאכט, פֿארשפּרייטן זיי ארום זיך א ווארגנדיקן רייעך — א געמיש פֿון היגערשער שטײַג מיט טשאדענדיקן לאָמפּ, און דענסטמאָל כאפּן זיך אוף אייניקע פֿון די יאטן, וואָס זײַנען אהער אָקאָרשט צוריק מיט א פּאָר טעג געקומען, און נאָך איידער זיי כאפּן זיך אוף, דערפֿילן זיי, אז עס שטיקט — נישטאָ מיט וואָס צו עטעמען.

און נאָכדעם קאָנען זיי שוין מער נישט אנשלאָפֿן ווערן. זיי לויפֿן אלעמאָל אין דרויסן כאפּן לופֿט, זיי זיצן איינער לעבן צווייטן און ריידן מיט באנאכטיקע קוילעס וועגן פֿאָלק, וואָס איז ארומגערינגלט פֿון אלע זײַטן מיט פּעטליורעס טיילן, וואָס שנײַדן ייִדן, און איז אָפּגעריסן פֿון די איבעריקע רויטארמייִשע פֿאָלקן, און ווייסט נישט, ווו זיי געפֿינען זיך, און ווארט אלץ דאָ אין דאָרף אף א יעדיִע פֿון זיי, אף א פּאָר מענטשן, וואָס דארפֿן זיך דורך פּעטליורעס טיילן אהער דורכרײַסן.

— איז ווער איז דאָ דער עלטסטער, — האָבן די נײַע יאטן געוואָלט וויסן בא אבען, — דער קאָמאנדיר טאראס צי דער וואָיענקאָם לייזערקע?

דערויף האָט אבע קורץ געענטפֿערט:

— מײַן דײַגע?.. איך טו מיט זיי א שידעך?

ווײַל אין טאָך איז דאָ קיין זאך נישט זײַן דײַגע, און ווי נאָר ער קומט מיט דעם פֿאָלק אין שטאָט ארײַן צו זײַן קאלע, איז אן עק — אויס מעכוטן.

נאָר איינמאָל פֿארטאָג האָט אבעס פּעפּעריש לײַב דערפֿילט, ווי מע רײַסט עס צו שטארק פֿון שלאָף, און אז דער, וואָס טוט עס, איז פֿול מיט אימפּעט און איז א בעריע אף אופֿוועקן. אבע ווײל אלעמאָל צוריק אנשלאָפֿן ווערן, כאפּט ער א טרוקענעם קנאק ערגעץ־ווו צווישן די ריפּן, אזוי אז ער מוז זיך סאָפּקאָלסאָף אופֿזעצן. לעבן אים איז געשטאנען דער העל־בלאָנדער רויטארמייער זאזולי, וואָס באדינט דעם שטאב, געקוקט צו אים מיט גוטע אויגן פֿון א פּאסטעך, געשמייכלט מיטן קורצן פֿאריסענעם נעזל און אים געהייסן זיך אָנטאָן:

— גיכער גיי, מע ווארט אף דיר אין דרויסן.

געווען איז דאָס אלץ פֿאר אבען, ווי א כאָלעם, בא גרויען מאָרגנדיקן דרויסן.

געשאָטן האָבן פֿון באנאכט אָן ווײַסע געפּרוירענע גרײַפּעלעך, געפֿאלן שטיל, ווי וואָגלאָזער שניי. געשטאנען זײַנען ארום דעם פֿאָלק־קאָמאנדיר אונטער די שיטנדיקע גרײַפּעלעך אלע פֿון שטאב, געקוקט אפֿן צוגעקומענעם אבען און געשוויגן. לייזערקע, דער וואָיענקאָם, האָט דאן בא אבען געפֿרעגט:

— וועמען קענסטו אין דאָרף ליטשינאָווקע?

אבע האָט דערפֿילט, אז פֿאר א מענטשן, וואָס כאלעשט זיך לייגן צוריק שלאָפֿן, איז דאָס בעסטע צו ענטפֿערן:

— אזוי אז... וועמען דארף איך דאָרט קענען?

דער וואָיענקאָם איז צוגעקומען נעענטער און א קוק געגעבן היימיש, ווי א פֿארשוין, וואָס וויל זיך דינגען א באלעגאָלישע פֿור:

— דעם ליטשינאָווקער סטעלמאך קענסטו?

בא אבען האָט זיך ארויסגעכאפּט:

— וועמען?.. נעכעמיען?

— נו, אָט! — האָט שיר ניט א שמייכל געטאָן דער וואָיענקאָם. — פֿלעגסט זיך מיסטאמע בא אים אָפּשטעלן, ווען דו האָסט געפֿירט פֿארשוינען מיטן טראקט... וועסטו איצט צו אים א שפּאן טאָן. וועסט א קוק טאָן, וואָס טוען אין דאָרף די פּעטליוראָווצעס און וויפֿל זײַנען זיי.

— הא?..

אבע האָט ניט געײַלט פֿארצויגן אף זיך דעם רויטן גארטל. דענסטמאָל האָט דער פֿאָלק־קאָמאנדיר טאראס גענומען מעוויניש צופּײַפֿן און זיך ארויסגערוקט פֿאָרויס. ציִלנדיק אף אבען מיט איין אויג, האָט ער זיך אויסגעגלײַכט און א קאָמאנדעווע געגעבן פֿאָטערלעך, מיט הארץ:

— דעם רעכטן אקסל פֿאָרויס, מארש!

אבע האָט געפֿאָלגט שטום, עלעהיי ער איז נאָך א סאָלדאט און מוז טאָן אלץ, וואָס מע הייסט אים. ער האָט זיך א דריי געטאָן ריכטיק, לויט דער קאָמאנדע, און האָט זיך אוועקגעלאָזן צופֿוס. ער איז נאָך אלץ געווען פֿארשלאָפֿן, נישט געוווסט גאנץ קלאָר, נאָך וואָס מע האָט אים קיין לי־

טשינאָווקע צום סטעלמאַך געשיקט און וואָס דאַרף ער דאָרט טאָן. ער האָט געשפּאַנט מיט די פּעלדער, און וואָס טיפער ער איז אַרײַן אין פּײַכטן, גרוי־וועריגדיקן נעפּל, אַלץ מער איז אים זײַן שליכעס אַרויס פון געדאַנק.

געבליבן איז בא אים נאָר, אַז ער דאַרף אויספעלן אומעטום די דערפער, ווײַל די צײַט איז אַ צײַט פון סאַקאַנע. אויב ער וועט אומעטום אַנלייגן וועג, וועט ער דאָך קיין ליטשינאָווקע האָבן נישט מער ווי אַ מײַל אַנדערהאַלבן. און פון ליטשינאָווקע אין דער גרעסערער שטאָט, וואָס אין טאָל, איז שוין סאַכאַקל אַ מײַל פיר, און דאָרט אין אײַנפאָר־הויז דינט זײַן קאַלע — זי איז אַ בייזע, אַ בארויגעזע, און ער, אבע, קאָן זיך וועטן:

— אנו, זאָל עמעצער אַן אַנדערער פּרווון צו איר צושטיין...

אבע האָט איצט, ווי טאָמיד, קיין באַשלוסן ניט אָנגענומען. ער האָט נאָר געפילט, אַז צוריק גיין ווילט זיך נישט און אַז צו איר, דער קאַלע זײַנער, איז אפילו איצט אין אָט דעם אומקומעניש אַ מעכײַע צו שפּאַנען אַזוי ווי ער שפּאַנט.

מעגלעך, ער וועט זי דאָרט טרעפן הינטערן אײַנפאָר־הויז בא צעהענגען וועש.

אבע איז געגאַנגען מיט גיכע טריט, מיט פרעמדע פעלדער.

אַרום אים — אַ פּוסטער אויסגוס אין דער טיף פון שטרעקעס: נישטאָ דאָרט קיינער, קיינער, ווער עס זאָל זען, ווי זײַן גאַרטל רויטלט זיך פונדערווײַטן.

דער טאָג — אַ וואָלקנדיקער, אַ טונקעלער, אַן אײַנגעשרומפּענער — אַ טאָג, וואָס וואַרט אויף שנײַ, און קיין שניי גייט נישט.

אײַנגעשרומפּן האָבן זיך געדאַכט אויך די שטרעקעס. און ווי נאָר אבע איז אונטערגעקומען מיט די פעלדער צום גרויען אָרעמלעכן דאָרף, אַזוי גלײַך האָט אף אים פון דאָרט אַ קוק געטאָן עפּעס אַ ווינטערדיקס און טויטס — אַ געפּלעפּטע שטילקײַט צווישן שטיבער, אף די גערטנער און אף די געסלעך, גלײַך עמעצער איז נאָרוואָס איצט אינמיטן באַטאָג געשטאָרבן און דאָס גאַנצע דאָרף וואַרט און הערט זיך אײַן: אָט באַלד וועט אָנהייבן קלינגען אין קלויסטער.

נאָך שטילער האָט מען אף אבען אַ קוק געטאָן באַם סטעלמאַך אינעם האַלב־פּויערשן שטיבל.

■

דער סטעלמאַך מיט זײַן ווײַב זײַנען ביידע געזעסן מיט אויסגעצויגענע פּאָדעשוועס אפן סאָפּקעלע, לעבן דער לעבלעכער הרובע, און געדאַכט האָט זיך: אַ טאָנעס אין שטוב. קיין אָנבײַסן קאָכט מען נישט. די פאָרהענגלעך אף די פענצטער זײַנען געווען אַראָפּגעלאָזן, איצט, אינמיטן באַטאָג, די קינדער האָבן זיך געשפּילט בא דער זײַט, שעפּטשענדיק שטיל, דערשלאָגן פון נאָך טאַטע־מאַמעס אָפּטע געשרייען:

— שאַ, שטילער... זע נאָר, ווי דאָס איז פרייילעך איז עס.

און אַז צו אבען האָט מען דאָרט צום לעצט אַ וואָרט אויסגערעדט, איז דאָס געווען אַ קאַלט־בלוטיק וואָרט, אַ שטילס און אַ קלעמענדיקס:

— איז וווהין, האָ? אבע, — האָט געזאָגט דער סטעלמאַך, — צו דײַן קאַלע טראָגט דיך אַ שוואַרציאָר אין אַזאַ אומגליק?

— בלײַב שוין דאָ, פערד איינער! ווערסט לייגן דעם קאָפּ אפן וועג. מע קוילעט אומעטום, אַרום יאַנאָווקע און אַרום גרײַלאָוו.

געקוקט האָט דערבײַ דער סטעלמאַך מיט אומעטיקע אויגן נישט צו אבען, נאָר צו די אַראָפּגעלאָזענע פאָרהענגלעך אנטקעגן.

— הער בעסער וועגן מאַליאַסניק, הער.

אין אבען האָט געגליווערט די אַקשאָנעס.

— איך גיי ווײַטער... איך האָב עס אין דער ערד.

נאָך אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דעם מאַליאַסניק האָט ער געקענט — ער האָט געוווינט אַ וויאָרסט צוויי אַרויס פון דאָרף. דעם מאַליאַסניק מיטן איידעם האָט מען נעכטן געפונען געהאַרגעטע הינטער זייער שטוב, און מאַלי, די שטומע טאָכטער זײַנע, האָט פּלוצעם אָנגעהויבן ריידן — אַזוי זאָגט מען אין דאָרף. זי איז אַנטלאָפן אין אַ נאָענטן וועלדל באָרוועס מיטן זויגקינד אף די הענט. באַנאַכט, זאָגט דער גאַלעך, האָט זי אָנגעקלאַפּט צו אים אין פענצטער: „איך וויל זיך שמאַדן", נאָר אַז ער האָט איר געעפנט, איז זי שוין נישט געווען. איצט דערציילן די פּויערים: באַנאַכט קלאַפּט זי צו זיי אין די טירן: „עפנט, איך בין באָרוועס, מיטן קינד אף די הענט"... און אַז מע עפנט איר, איז זי שוין ניטאָ — זי פאַרשווינדט, זי איז צעדולט...

— און די ראָצכים?.. פראַנק־און־פרײַ — אָט דאָ אין דאָרף זײַנען זיי.

פון צײַט צו צײַט האָט מען באַם סטעלמאַך פאַרהויבן אַ פאָרהענגל פּאַר אַ שפּיץ און זיך אײַנגעקוקט צו די פעטליוראָווצעס, וואָס קלײַבן זיך אנטקעגן אפן פּלאַץ:

— זע: היצלעס, זיי ווערן אלץ מער.

— זע נאַר, ווייפל!!!

האָט אבע אויך אונטערגעקוקט אונטערן פאַרהענגל, נאָר געזען האָט ער נישט מער, ווי היט־לען מיט לאַנגע וואָרעטשיקעס, בריייטע פלודערן פון רויטן און גרינעם זייַד, ווי אף קאָמעדיעס צו מאַכן.

— א כאַליערע, — האָט ער געשאָלטן, — אַן אויסכאַפּעניש אף זיי!

אינמיטן דאַרף באַ דער איינקלאַסיקער שול איז געשטאַנען צוגעבונדן א הונגעריקע ציג — א ווייסע זקיינע, וואָס פעטליורעס אָפּגעטראָטענע טיילן האָבן געבראַכט פון נאָענטן אומגעקומע־נעם גרייַלאָוו. די ציג האָט געפּינטלט מיט פרעמדע אומעטיקע אויגן אנטקעגן פרעמדן דאַרף. און פון אינוויניק, אין די שול־צימערן, האָט פון באַנאַכט אָן זיך געפונען דער פעטליורישער „שטאַב". ער האָט געשיקערט. אויסגעזעצטע שויבן האָבן פון צייַט צו צייַט ארויסגעוואָרפן אין טונקעלן דרויסן שטיקלעך פון דער אינוויייניקסטער הויך־פאַריסענער סימכע — א מעסלעסנלאַנגע סימכע מיט מוידן און מיט טענץ. און ארום־און־ארום — מעשונע טונקל, גלייַכגילטיקע שטיבער, געפרעסט מיט גרינגן פראָסט, אָן א שיר דעכער, ווי שטומע פלעקן אין דער וויַיט, און א פאַר־טראַכטער ציילעם אין ווייַטן עק פון דאַרף — אלץ וואַרט אף שניי, און קיין שניי גייט נישט. אין דרויסן ווערט טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

באַם סטעלמאַך אין שטיבל האָט געצאַנקט א טונקעלער קאַנעץ, לעבן אראָפּגעלאָזענע פאַר־הענגלעך האָבן פענעמער זיך געבלאַסט, ווי אין א טאַנעס. געדרעדט האָט מען אלץ וועגן דעם מאַליאַסניקס טאָכטער מאַלין, וואָס האַלט זיך אוף באַ א פּיַערל אין וואַלד, — באָרוועס, מיטן קינד אף די הענט, און אז מע דערנעענטערט זיך, אנטלויפט זי:

— צעדולט...

— און ברויט, אפּאָנעם, האָט זי... זי בעט אויס...

אבע איז געזעסן אנטקעגן הונגעריק, מיט א צעעפנט מויל פול מיט גאָוער, ווי א געלע־גערטס. מיט פאַרשמאָלטע אויגן האָט ער געקוקט, געקוקט און איז אזוי אנדרעמלט געוואָרן — פון לאַנגן איינהערן זיך, פון טעמפּער מאָרעשכוירע. און ווי נאָר ער איז אנדרעמלט געוואָרן, אזוי גלייַך האָבן זיך דערהערט די פרעמדע טריט, וואָס דערנעענטערן זיך אין דרויסן צום שטיבל, — האַרטע טריט פון פעסטע מאַנצבל־שטיוול. קוילעס האָבן דאָרט א רעד געגעבן, עטלעכע מיט־אמאָל, א שטאַרקער אקסל האָט א פּרווו געטאָן פון דרויסן די טיר, און נאָכדעם האָט מען אָנגע־הויבן שטאַרק צו קלאַפּן, פריִער אין איין פענצטער און באַלד — אין צווייטן. אבע האָט א ציטער געטאָן, געעפנט די אויגן און נישט דערקענט קיינעם ארום זיך. אין שטיבל האָבן זיך פאַרבראָכן א פּאָר הענט — דעם יידנס הענט. די הענט האָבן א רעד געטאָן אָן א קאָל:

— אוי, עס איז שלעכט... ס'איז שלעכט!..

דעם סטעלמאַכס אויגן האָבן זיך פאַרגלאָצט מיט אזא צעטומלטקייט, גלייַך נידעריקער פון זיי, איבערן האַלדז, פירט מען דורך מיט א מעסער. אין דער זעלבער צייַט האָט אבעס לייב דער־פילט, אז דאָ אין שטוב וויל עס מער נישט בלייַבן. דאָ איז דעם ענג, ווי אין א שטייַג, וואָס מע וועט באַלד אף אייביק שליסן. ווען אין דרויסן זאָל זייַן איינער אָדער צוויי, וואָלט ער זיך אף זיי געוואָרפן, נאָר דאָרט ריידן א מענטשן זיבן־אכט:

— האָב זיי א שוואַרציאָר!..

פלינק, מיט א שטומען זייַטיקן שטויס, איז אבע געווען אין פינצטערן הינטערהויז, אָנגעטאַפּט דעם לייטער אין ווייַטן ווינקל און איז ארוף אפן בוידעם, דאָרט איז ער געשטאַנען א ווייַלע אָנגעבויגן און זיך איינגעהערט: מע איז שוין אריין אין שטוב. מע רעדט הויך. שטאַרק הויך. זייַן לייַב האָט פאַראַקשנט זיך געצויגן ווייַטער. דורכן היפשן לאָך ארום קוימען האָט ער אויס־געקוקט דעם דאַך פון דער נאָענטער שטאַל און זיך אהין איבערגעקליבן. דאָ אינעם ווייכן היי, וואָס פּילט אָן דעם שטאַל־בוידעם, איז געווען פיל וואַרעמער, פינצטערער און שטילער. פון אונטן האָט זיך נאָר געהערט, ווי דעם סטעלמאַכס צוויי פערד הערן אוף צו קייַען און הערן זיך איַין, באַגלייַך ווי דאָס, וואָס אפן בוידעם טוט זיך, דערמאָנט זיי אָן די אָפּטרעטנדיקע דייַטשן, באַ וועמען דער סטעלמאַך האָט זיי פאַר א שיבעש אָפּגעקויפט. אבע האָט זיך אזוי לאַנג איַינגעהערט צום אויסגאַנג פון שטאַל, ביז אים האָט אָנגעהויבן ציִען דער האַלדז־און־נאַקן. ער האָט מיד און שלעפעריק דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט, און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן דרימלען, אזוי גלייַך האָבן פיל פּיצעלעך און שטיקלעך שרעק אָנגעהויבן נעענטער צו אים צוטרעטן. זייַן לייַב איז געלעגן צווישן זיי, ווי נאַקעט. ער האָט זיך אופגעכאַפּט. ס'איז געווען טיף אין דער נאַכט. א ביקס האָט ערגעץ טומלדיק אויסגעשאָסן, דערנאָך איז ארום־און־ארום דער שטאַל, ווי פריִער, געווען באַנאַכטיק־שטיל. לינקס, פון יענער זייַט, ווו עס געפינט זיך דעם סטעלמאַכס שטיבל, האָט מען געטאָן א שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר. א ווייַבערש קאָל האָט דאָרט פּלוצעם אויסגע־

שאָסן היסטעריש און ווילד, ווי נישט ווע‎ֶלנדיק נאָכגיין איינעם, וואָס שלעפּט זי מיט געוואַלט אין דרויסן. א ווײַלע האָט דאָרט דאָס קאָל זיך פאַרהאַלטן, זיך אײַנגעגריבלט מיט שאַרפן גרויל אין טויטער באַנאַכטיקער לופט, נאָר באַלד זיך איבערגעריסן, זיך אָפּגעהאַקט מיט א מאָדנע־שטילן ווײַבערשן זיפץ:

— אוי, ווי' צו מיר, ווי!

און ווידעראַמאָל איז די נאַכט פול געוואָרן מיט טויטן גליוווער.

ווידער האָט זיך אבע אופגעכאַפּט אין גרויסער שרעק. געוועזן איז דאָס מיט גרויען טאָגליכט. אים האָט זיך געדאַכט: דער סטעלמאַך קרעכצט, ער בעט א טרונק. נאָר אז ער האָט זיך אומגע־קוקט, האָט ער ארום זיך קיינעם נישט געפונען, און שטאַרק דורשטיק איז גאָר געווען ער, אבע, אליין. ער האָט שטיל אַרויסגעקלעטערט אין דרויסן. איצט, באַם גרויען שלעפעריקן שאַרײַען מיטן ערשטן קרייען פון די הענער, איז געווען די בעסטע צײַט אף מאַכן פּלייטע. ער האָט זיך געשווינד א טראָג געגעבן אראָפּ בערגל, צו דער געפלדיק־פײַכטער בערע, וואָס הינטער דעם סטעלמאַכס לאַנגן גאָרטן, נאָר פלוצעם דערזען, ווי קעגניבער דעם בריקל העצקען אף פערד עטלעכע פעטליורישע רײַטער, העצקען אין א הירטל, ווי אן אויסשפּיר־טייל, וואָס קערט זיך אום אין דאָרף פון נאָך באַנאַכטיקן זוכן. אבע האָט זיך מיטאַמאָל צונויפגעלייגט אינצווייען, א יאָג געגעבן אָן א זײַט און אײַנגעהויקערטערהייט זיך אריבערגעוואָרפן איבער א פּלויט אין א פרעמדן פויערשן גאָרטן. ער האָט נישט געוווסט, צי דער רײַטער־טייל האָט אים געזען, צי ניין.

ער איז געלעגן א ווײַלע און זיך אײַנגעהערט: מע רעדט אלץ הויך אין אָנהייב בערע באַם בריקל, קלאָלעס קלינגען דאָרט, ווי א טויבלעכער מעטאַל, און צו אַנטלויפן איז שוין צו שפּעט. מע הייבט אָן רודערן ארום די הײַזער. א וואָגן רוקט זיך ערגעץ הילכיק, ווי אף ברוקירטן שטיין. און ווײַט־ווײַט אין רעכטן עק פון דאָרף הייבט מען אָן זונטיקדיק צו קלינגען אין קלויסטער. עס איז שוין געווען אינגאַנצן ליכטיק. עס איז קוים־קוים וואַרעם אופגעגאַנגען די זון, געײַלט, געײַלט צו העלער צײַט פון מיטן טאָג, און דער דרויסן האָט זײַן פרעסטל געהאַלטן אין איין נאָכלאָזן.

## III

אבע איז געלעגן אין א פרעמדן פויערשן גאָרטן. אין א גרוב, וואָס איז אַמאָל א קעלער געווען; געזעסן דאָרט פאַרלוירן אף א פּאַראַיאַריק בערגל מיסט און זיך אײַנגעהערט: אין דאָרף טופּען אלץ נײַע און נײַע פערדישע טלאָען, פעטליורישע רײַטער קומען צו.

אין זײַט גרוב איז געווען פאַרדעקט מיט קרומע צווײַגן, מיט דינע ריטלעך, און דורך זיי האָט זיך דער הימל געזען, ווי דורך א זיפּ — א ריינער אָנהייב־ווינטערדיקער הימל, א נײַ־אויס־געבלויטער און א לויטערער, וואָס ציט צום פרישן דרויסן, נאָר דער טאָג אליין דערמאָנט שטאַרק אָן אלץ, וואָס איז פאַרגעקומען באַנאַכט, — א לאַנגע נאַכט. אבע זיצט דאָ אין גרוב אָן א היטל. ער ווייסט נישט, ווו ער האָט זײַן היטל פאַרלוירן. ער געדענקט אָן אופהער דעם סטעלמאַכס צוויי פערד, וואָס זײַנען העפקערדיק פאַרבליבן דאָרט אין שטיבל: באַנאַכט, ווען עס וועט פינצטער ווערן, וועט ער פּאַקן איינס פון אָט די פערד און וועט שטיל אוועקיאָגן צוריק אהין, אין דאָרף, צו די באָלשעוויקעס.

פאַרנאַכט האָט אבע שטיל אָנגעהויבן אַרויסקלעטערן פון גרוב.

אין גרינגן פרעסטל האָט געשמעקט מיט שאָלעכץ פון קאַלטע עפּל און מיט נײַעם שפּעטע־נעם פעלץ.

אינמיטן דאָרף אנטקעגן שטיל געוואָרענעם קלויסטער האָבן אויסגייענדיק דערייכערט צוויי הײַדאַמאַקישע אײַזערנע קיכן, געזעצט מיט דאַמף פון פעטן מאַרכביין און פון זיך כיילעוו. הײַדאַ־מאַקעס זײַנען געשטאַנען אינמיטן דאָרף אפן פּלאַץ, זיך געוואָרגן אין אייגענעם רייעך — א רייעך פון אויסגעוועפּטן יאַדאָפאָרם און פון שווייס, זיך געשטופּט צו א גרויער שפּילנדיקער האַרמאָש־קע, ארום וועלכער עס טאַנצן פּאָרן. אינמיטן דאָרף האָבן זיי געמיסטיקט מיט שאָלעכץ פון יאָדערן, מיט קאַטשאַנעס פון קרויט און אופגעהויבן א גרויס געלעכטער באַ יעדן פּרווו, וואָס א דאָרפס־מויד מאַכט אַרויסצוטרעטן פון איר פּאָטערס הויז. פּלוצעם האָבן זיך דאָרט דערהערט קוילעס:

— יאָג אים, יאָג אים!

— לאָז נישט דורך.

אין א צעשאָטענעם געמיש האָט די ערשטע פּאָר פּיס אוועקגעיאָגט צו א פרעמדער פור, וואָס באַווײַזט זיך אינמיטן וועג אין עק פון דאָרף:

— כאַפּ! האַלט! האַלט!

און נאָך זיי האָבן זיך געלאָזט אנדערע — אלע. מע האָט אויסגעשאָטן פון די שטיבער און פון די הויפן, באשטיוולטע קני האָבן בערייש געשווינדלט פון איבער פלויטן. און אלץ איז גע־לאָפן אהין, צו דעם פרעמדן פארהאלטענעם וואָגן:

— לאָז נישט!

— זיי האָבן געוואָלט אנטלויפן.

די מאכנע ארום דער פור איז געוואקסן, ווי א רירעוודיק געשווילעכץ, זיך געשנירלט און געריינגלט, רעציכעדיק האָט מען דאָרט איבער אקסלען און איבער קעפ ארייַנגעזידלט אין סאמע מיטן פון דער מאכנע, ארייַנגעשטויסן מיט די פויסטן, און זיך אלץ געריסן צו צוויי פרעמדע, וואָס זייַנען אין טיפן מיטן פון דער מאכנע שוין געווען שטארק הייזעריק און מיד פון ווערן זיך, פון שרייַען מיט גרילצנדיקע, האלב־דערוואָרגענע קוילעס און מיט טייַנעס.

עס איז געוואָרן שפעט; עס איז אופגעגאנגען די לעוואָנע, דעמלט האָט מען פון מיטן דער מאכנע ארויסגעפירט א פאָר מידע אויסגעשפאנטע פערד, מע איז אוועק מיט זיי אראָפּ אין דאָרף ארייַן, ווי נאָך א רויִקן פסאק. די ארומיקע מענגע מענטשן־קרייַזן האָט זיך פאנאנדערגעשאָטן, איז זיך נישט פאנאנדערגעגאנגען, נאָר זיך צעקראָכן, אויסגערונען. אין גאנצן דאָרף איז מען שוין געשלאָפן, און נאָר אבע איז דאָרט איינער אליין געשטאנען; געשטאנען אָן א היטל, אין זייַן גרויען אָפגעריבענעם שינעל, הארט באם פארטראכטן ציילעם, וואָס אין אָנהייב דאָרף, און האָט געקוקט מיט באנאכטיקע אויגן.

אנטקעגן, אפן אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען דאָס געשלעג, איז געבליבן נישט מער, ווי אָן אויסגעשפאנטער לײדיקער וואָגן מיט א שטעקנדיקן דישל, מיט צעוואלגערטע פערדישע שלייעס. ארום וואָגן האָבן זיך געפאָרקעט צוויי פרעמדע: א פולבלעכער, אין א קורץ לייַבל און אין נייַע שטיוול, א רירעוודיקער, ווי א יונגער אויסגעפראוועטער סאָלדאט, וואָס פאָלגט און רעדט וויייניק. ער האָט אלעמאָל צוגעלייגט א זשמעניע צו דער נאָז און האָט געקוקט אנטקעגן דער לעוואָנע, צי עס גייט נאָך בלוט. דער צווייטער — א מיטלוווקסיקער, אין א שווארצן שינעל — האָט אלץ נישט אופגעהערט קורצזיכטיק צו פאָרקען אינעם שטרוי פון וואָגן.

— ס'איז דאָ, — האָט ער שטיל געזאָגט, — אלץ איז דאָ.

דער דאשעק פון זייַן סטודענטיש היטל איז געווען פארפאָרן אין א זייַט. זייַן צעטראָגן פאָנעם האָט אויסגעזען אזוי, ווי עס וואָלט וואָכנלאנג קיין צייַט נישט געהאט צו לאָזן זיך ארומגאָלן, און פאר זייַנע שווארצינקע גלאנציקע שווארצאפל איז געווען ווינציק פלאץ אין די קליינע שמאָלע אויגן. זייער אויסדרוק איז געווען:

— נישטאָ קיין צייַט... נישטאָ קיין צייַט...

— איז וואָס, — האָט ער אלץ געפרעגט באם פולבלעכן, — איז וואָס וועט זייַן?

אבע האָט זיך דערנעענטערט צו זיי פאמעלעך פון הינטערן ציילעם, זיך געגאנוועט א טריט נאָך א טריט, נאָר אלץ אָן מוירע. ביידע זייַנען זיי דאָרט געווען געיאָגטע, ווי ער, אבע, זייַן לייַב האָט זיך צו זיי געצויגן און נישט געפילט קיין סאקאָנע. ער איז שוין געווען נאָענט, געשטאנען, ווי א בער, מיט אויסגעקייַלעכטע הענט און געקוקט מיט באנאכטיקע אויגן. און פלוצעם האָט זייַן בליק פון קעגניבער דעם וואָגן באגעגנט דער פולבלעכער אין לייַבל און אין די גאנץ נייַע שטיוול, באגעגנט רויִק, אָן שוידער. אבע איז אָפגעטראָטן צוריק צום ציילעם, נאָר יענער האָט זיך אלץ דערנעענטערט, צוגעקומען פאמעלעך מיט אָן אָנגעבויגענעם שטערן, ווי אף א שטויס צו געבן. מיט שטארק גרויע אויגן האָט ער א ווייַלע זיך אייַנגעקוקט אין אבעס פאָנעם.

א פויזע.

זייַן קאָל האָט א פרעג געטאָן בא אבען אף יידיש זייער שטיל, גלייַך ער בעט זיך בא אים, ער זאָל אים פארגלייבן זייַן סאָד:

— דאכט זיך, א ייִד?.. צי ניין?

אבע האָט אָן מוירע אראָפּגעשלונגען. ער האָט א פאָנפע געטאָן צו זיך אין נאָז:

— נו, יאָ...

אָפגעוואָרט א ביסל און צוגעגעבן:

— וואָסי דען?

די שטארק גרויע אויגן האָבן באמערקט, אז ער איז אָן א היטל.

— ווי קומט מען עפעס אהער?

אבע האָט אָנגעהויבן דערציילן, נאָר איצט זייַנען שוין לעבן אים געשטאנען ביידע פרעמדע, זיי האָבן זיך א שעפּטשע געטאָן, א קוק געגעבן אף אבען, זיך ווידער א שעפּטשע געגעבן און ווידער א קוק געגעבן אף אבען.

— און צו די באָלשעוויקעס, — האָבן זיי בא אבען געפרעגט, — צו זיי איז ווייַט? צו די אופגעשטאנענע...

— צום נ־סקער פאָלק? וואָסי דען?

— מיר דארפֿן...

— אַזוי, אַז... אַ וויאָרסט פֿופֿצן, זאָג איך.

— נישט מער?

אבע האָט אומשולדיק אופֿגעהויבן די אַקסלען:

— מענטש איינער, איך קום דאָך פֿון זיי...

ווידעראַמאָל אַ שטום קוקעניש אַף אבען, אַ שטיל שעפּטשען און באַנײַס אַ קוקעניש.

— אַ פּאָר פֿערד קאָן מען קריגן?

אבע האָט געזאָגט:

— בעסער — צופֿוס.

— ניין, מיר מוזן האָבן.

— וואָס זשע? — אבע האָט מיט אַ באַלעגאָלישן ווונק זיך אַ זײַטל געטאָן אַפֿן וואָגן. — מע פֿירט דאָרט עפּעס?

— מע מוז האָבן פֿערד.

אבע האָט זיך גענומען קראַצן.

— פֿאַראַן דאָ באַם סטעלמאַך אין שטאַל אַ פּאָר פֿערד... ערשט אָט דאָ באַנאַכט האָט מען געהאַרגעט דעם סטעלמאַך...

— נו?..

— מוז מען דעם וואָגן פֿריִער אַוועקשלעפּן אַרום־און־אַרום דאָרף צום בריק, וואָס באַ דער בערע, און איך האָב מוירע... און הונגעריק בין איך... נישטאָ עפּעס צו קײַען?

אבען האָט מען געגעבן ברויט, און צום בריקל אַ קוק געבן גיין איז אַוועק יענער, וואָס אין לײַבל און אין די שטיוול. דערנאָך האָבן אַלע אינײנעם אַהין געשלעפּט דעם וואָגן: דער פּולבלעכער פּאַרשוין און דער קײַענדיקער אבע האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אין די שלייעס, און דער צעטראָגע־נער אינעם סטודענטישן היטל האָט אונטערגעשטופּט. באַ דער שײַן פֿון דער לעוואָנע האָט אבע אַרויסגעפֿירט און אײַנגעשפּאַנט דעם סטעלמאַכס פֿערד. און דער, וואָס אין סטודענטישן היטל, האָט אַלץ געוואָלט, ס׳זאָל זײַן גיכער, גיכער.

— איז עפּשער טאַקע אַף אײַך וואַרט מען? — האָט געפֿרעגט אבע.

— ס׳אי דען?

— כ׳האָב געהערט זאָגן: מע וואַרט אַף אַ פּאָר מענטשן פֿון די רויטאַרמייִשע פּאָלקן...

ביידע פֿרעמדע האָבן זיך דורכגעקוקט. פֿונעם שמועס, וואָס זיי האָבן צווישן זיך געפֿירט, האָט אבע בלויז געהערט, אַז איינער פֿון זיי, דער פּולבלעכער, הייסט גריטשקאָ און אַז דער צווייטער, אין דעם שוואַרצן שינעל, הייסט ציטרון. זיי האָבן באַ אבען געפֿרעגט:

— ווער איז דער קאָמאַנדיר דאָרט... באַ אײַך אין פּאָלק?

— דער קאָמאַנדיר? טאַראַס הייסט ער. וואָסי דען?

— גאָרנישט, ס׳איז רעכט... פֿאָר!

מע האָט זיך אַלע דרײַ אַרײַנגעוואָרפֿן אין וואָגן און מע איז שטיל אַוועק מיטן זאַמדיקן וועג אַרויף אַ באַרג. איצט איז שוין דער אָוונט אײַנגאַנצן געוווען טונקל. מע האָט באַלד נאָכן באַרג אויסגעמיטן דעם ברייטן וועג און מ׳איז אַוועק מיט אַ זײַטיקן, אַ שמאָלן, וואָס פֿאַרלירט זיך אין דער ברייטער שטרעקע, ווי אין אַ סטעפּ. דאָרט האָבן די פֿערד אָנגעהויבן אונטערצולויפֿן, און ביידע פֿרעמדע האָבן זיך ווי אײַנגעהויקערט און אַנשוויגן געוואָרן.

אבע איז געזעסן אין וואָגן אָן אַ היטל, די פּיס באַלעגאָליש אונטער זיך, און האָט פֿויל אָנ־געטריבן. ער האָט אַלץ געדענקט דאָס דאָרף, וואָס הינטער די פֿלייצעס, און דעם סטעלמאַכס האַלב־פּויעריש, האַלב־ייִדיש שטיבל, וואָס דאָרט אַנטקעגן דער איינקלאַסיקער שול. אים האָט באַנק געטאָן:

„געוווען באַדאַרפֿט כאָטש אַרײַנגיין אַהין צום סטעלמאַך, כאָטש אַ קוק טאָן“...

אים האָט באַנק געטאָן דער סטעלמאַך, אָט אַזוי, ווי עס טוט באַנק אַ שטילער ייִד אַ פֿעטער, אַזעלכער, וואָס זאָגט קיינמאָל נישט קיין גוט וואָרט, נאָר מע ווייסט דאָך, אַז ער איז געטרײַ, און מע פֿילט זיך לעבן אים געשיצט... און אויך דער מאַליאַסניק פֿונעם הויז אונטערן בלעך, וואָס אַרויס דאָרף, האָט שטיל און באַנאַכטיק באַנק געטאָן.

אבע האָט אַלץ געקוקט אַנטקעגן צום קליינעם וועלדל, וווּהין מע דערנעענטערט זיך. הויך איבערן וועלדל האָט איצט נאָך ליכטיקער ווי פֿריִער געשײַנט די לעוואָנע. אונטן, צווישן די ביימער, האָט זיך געדאַכט, לויפֿט אַרום עפּעס אַ שטאַרק רויטלעכס און רירעוודיקס, ווי אַ קליין ציטעריק פֿײַערל, נאָר אַ קאַלטס, ווי דאָס פֿראָסטל, וואָס שטאַרקט זיך אין דער שפּעטער נאַכט אַרײַן, ווי די קאַלטע שײַן, וואָס גיסט זיך פֿון אויבן, פֿון דער לעוואָנע. וואָס מער מע האָט זיך

דערנעענטערט, אלץ מער האָט זיך עס אָפּגערוקט, אָט דאָס קאַלטע רירעוודיקע פּײַערל. אבע האָט זיך אין דעם אײַנגעקוקט, ביז ער האָט שיר־שיר אָנגעהויבן דרימלען. מע איז שוין געווען גאָר נאָענט לעבן וועלדל, און פּלוצעם האָט אבע, זיצנדיק אפן וואָגן, זיך א וואַקל געטאָן און דערפּילט א ציטעריקן גרויל. ער איז טיף אין זיך נאָך אלץ מיט אלע כּושים געשלאָפן. אים האָט זיך געכאַלעמט: אין אָנהייב וועלדל אפן ליידיקן אויסגעהאַקטן אָרט, צווישן די וואָרצלען, וואָס גײַען זיך אנטקעגן דער לעוואָנע, וואַרפט זיך איבער א שאָטנדל פון איין אָרט אפן צווייטן, און א געשטאַלט, ווי אין א קליידל.

א מאָדנע גרינגס און שוועבנדיקס, טוט דאָרט א יאָג באָרוועס, מיט א קינד אף די הענט, שווימט ארויס פון צווישן די ביימער, וואָס אין איין זײַט, און פארשווינדט גלײַך צווישן די ביי־מער, וואָס אנטקעגן.

— טפּרו! — האָט אבע, אופכאַפּנדיק זיך, פּלוצלינג אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און איז גע־שווינד אראָפּ פון דער פור.

— וואָס איז? — האָבן דערשראָקן, ווי פון שלאָף, א פרעג געטאָןביידע פרעמדע. — וואָס האָט געטראָפן?

נאָר ארום־און־ארום איז געווען שטיל. די לעוואָנע־שײַן האָט זיך געגאָסן פון אויבן אפן וועלדל, און אין דער גאָרער טיף פון וועלדל — נישט קיין מינדסטער שאָרך אפילע, נישט קיין פּײַער און נישט קיין ריר פון א בוים אָדער פון א צווײַג. אבע האָט אָקאָרשט איצטער אופגעוואַכט. ער האָט זיך ארומגעקוקט.

— נייך, גאָרנישט... — האָט ער געענטפערט.

און, פארגייענדיק פון פאָרנט פאר די פערד, האָט ער געמאַכט אזא אויסזען, גלײַך באַם שפּאַן האָט זיך עפּעס צעריסן און ער פארבינדט שטארק מיט קויעך און מיט א סאַך קניפּן, קעדיי עס זאָל מער נישט פּלאַצן. ער האָט פּלוצלינג דערפילט, אז מיט די צווײ, וואָס זיצן אפן וואָגן, איז ער ווי פון לאַנג שוין זייער היימיש — דאָס זײַנען נישט די פארשוינען פון זײַן שטיפפאָטער, וואָס ער פלעגט פירן, און די פור אליין איז אויך עפּעס גאָר אן אנדערע — זי איז קיינעמס נישט און זי איז אַלעמענס.

— א בראַנד אין זיי, — האָט ער געזאָגט, — היצלעס, האַ? אָט יענע, וואָס אין דאָרף... מירן גיין אף זיי, האַ? מירן גיין אף זיי מיט אונדזער גאַנצן פאָלק.

## IV

אף מאָרגן אינדערפרי.

רויטער שטאָף האָט הויך אפן שטיבל פון שטאַב געפלאַטערט פון גאַנצפרי אָן, ווי א פריי־שער קימפּעט־פאָרהאַנג זיך געווינטלט מיט אָן א שיר קנייטשלעך אין די קאַנאַקנדיקע כוואַליעכ־לעך, און אין יעדן קנייטשעלע א פרייד:

— אָן עק צום שטיין.

אנטקעגן, אין גרויסן בלאָטיקן הויז ארום די פארקאַזאַרמעטע שטיבלעך, ווו מע רייניקט די קאַזיאָנע פערד, האָט ארומגעבלאָנדזשעט אבע.

ארומגעבלאָנדזשעט שלעפעריק נאָך א קורצן גאַנצפריִענדיקן דרימל, געשטאַנען היימיש, זוי אן אָרטיקער, וואָס קאָן גלײַך מיט אלע ארומיקע דאָ זאָגן א דייע, און אלץ גייט אים דאָ אָן נאָך פיל מער, איידער עס גייט אים אָן זײַן קאַלע, וואָס דאָרט אין שטאָט אין טאָל... צו איר, צו דער קאַלע, איז שוין עפּעס אזוי ווײַט, פיל ווײַטער, ווי סע האָט זיך געדאַכט. נאָר אים, אבען, אָרט עס נישט.

אבע האָט שטייענדיק אזוי געשפּיגן זויערלעך און בייז. אין א ווײַטן ווינקל איז א הירטל קאַזיאָנע פערד געשטאַנען מיט פארשמאַלטע, דרימלענדיקע אויגן, זיך גענעצט סײַ באַטאָג סײַ באַנאַכט אפן רעגן. צו דרײַ פון אָט די פערד האָט אבע געהאַט א נאָענטע שײַכעס: איינס איז געווען א קליינס, א פארזשמורעטס, דעם יִידישן שמידס פון הינטער דעם דאָרף באַם ווײַטן טראַקט, און צוויי זײַנען געווען דעם סטעלמאַכס: גרויסע, מיט שטאַרק קורצע, אייביק צאַפּלענ־דיקע עקן, מיט אָפּגעשווירענע פארמוליעטע העלדזער און מיט דאַרע שטעקנדיקע קלובעס. אבע האָט אף זיי געקוקט אומעטיק, ווי אף יעסוימים.

— שטיי, דו!

מיט א בייזלעכן פאַנפע האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איינעם פון די פערד, אים באַפרײַט א פארפלאָנטערטן פוס פון שטריק און נישט געשלאָגן מיטן פוס אין בויך, ווי עס קומט אין אזעל־כע פאַלן.

קוקנדיק פארטראכט, האָט ער שוין געפילט, אַז אויך אַלע אַנדערע פערד, וואָס דאָ אין הויף, זײַנען אים פיל מער אייגן, ווי די פערד פון זײַן שטיפטאטן יעכיעל־מוישע. אויך ער האָט צו זיי, ווי אַלע מענטשן דאָ אין פאָלק, זייער א נאָענטע שײַכעס.

— אבע, — האָט אים פון הינטן געדופן זאזולי, — גיי! מע רופט דיך אין שטאב ארײַן, אבע!

אבע האָט זיך אהין אוועקגעלאָזן מיט א באשעפטיקט פּאָנעם פון א שוטעף. ער האָט געוווּסט, אַז אין שטאב זיצן נאָך אַלע פון פאַרטאָג אָן, פארזאמלט ארום גריטשקאָן און ציטרונען, וועלכע ער האָט נעכטן אין אָוונט ארויסגעראטעוועט. ער, אבע, איז דאָ פונקט אזא כאַשעווע, ווי זיי.

אין שטאב האָבן אַלע שמייכלענדיק זיך געצויגן מיט א פּאָנעם פון נאָך אויסהערן א לאַנגע, אָנגעלייגטע מײַסע.

— אבען, — האָט מען געזאָגט, — דעם ערשטן פּאַיאָק!

— מאָלאָדיעץ!.. אבע!

אבע האָט געקוקט ברויגעזלעך, ווי גלײַך עמעצער וויל אים דאָ זאָגן:

— האָסט דאָך גאָר געוואָלט נישט מער, ווי צו דײַן קאַלע האָסטו דאָך געוואָלט.

ער איז געווען גרייט צו ענטפערן:

— איז וואָס זשע, אַז איך האָב געוואָלט איז וואָס?

ער האָט געקוקט מיט נישט־גלויבן אפן פּאַיאָק:

— איז ווען גייען מיר מיטן פאָלק אפן דאָרף?.. — האָט ער א פרעג געגעבן. — אף ליטשי־נאָווקע, הייסט עס, ווען גייען מיר?

1923



לע אַן סואַן

# באַגעגעניש

דער רעגן פּלייצט. דער רעגן פּלייצט.
די לופט איז שאַרף און קיל.
און ריי נאָך ריי, און ריי נאָך ריי
מיר גייען אַלע שטיל.

א בליץ צינדט אָן די בייזע נאַכט
דאָרט ווײַט ערגעץ, העט־ווײַט.
מיר גייען שטיל. מיר גייען שטיל.
און לאַנגזאַם גייט די צײַט.

איין טרוים בא אונדז, נאָר איין פאַרלאַנג:
א צווייגל פײַער בלויז!
דער רעגן פּלייצט. דער רעגן פּלייצט.
קיין דאַך. קיין פונק. קיין הויז.

נאָר אומגעריכט איך האָב דערהערט
גאָר נאָענט, דאָרט אין טאָל,
איך האָב דערהערט א לײַכטן טראָט,
א מיידלש־הארציק קאָל.

און ס׳האָט דער כווישעך זיך צעזייט.
מיט פרײַנט איך האָב מאַרשירט!
דאָס מיידל איז פאַרשווונדן גיך,
ווי פונקט א שטראַל פון ליכט.

נאָר ס׳האָט אין הארץ בא מיר געקלאַפּט
איר שטים אין יענער נאַכט:
פאָרויס, מײַן פרײַנט! פאָרויס, מײַן פרײַנט!
איך גיי מיט דיר אין שלאַכט.

איך פיל איר אָטעם נאָך לעם זיך,
כאָטש זי איז שוין אוועק.
ס׳איז אונדזער וועג איצט אף צאָנג־טראָפּ,
אף מיזרעך — זייער וועג.

ווי נאָענט־ליב איז דײַן געשטאַלט,
כאָטש כ׳ווייס ניט, ווי דו הייסט.
ביסט א סאָלדאַט, דו טראָגסט א ביקס.
אין שלאַכט ארײַן דו גייסט.

ביסט אזוי ווײַט פון מיר, ביסט ווײַט,
אין פײַער ביסט אצינד.
דאָס איז דער אָטעם פון דײַן מויל,
צי דאָס איז גאָר דער ווינט?

עס צאַפּלט אוף די ביקס אין האַנט,
דײַן שטים וועקט אוף די נאַכט:
איך גיי מיט דיר!
איך גיי מיט דיר!
איך גיי מיט דיר אין שלאַכט!

טאַ כאַ

# ווען וואָס דערציילן ניט די בריוו

ווען רויִק־שטיל די מאַרקע זעצט זיך
אין ווינקל פון קאָנווערט,
עס הייבן אָן באַ איר צו וואַקסן פליגל...

א שפּראָץ אויף טאָג דער בריוונטרעגער גייט.
אין ווייטן דאָרף עס קרייט
דער ערשטער האָן.




דער בריוונטרעגער
האָט דערגרייכט די בערג —
דאָס ערשטע שטערנדל
עס צינדט זיך אָן.
א דונער קנאַלט. א מאַבל פאַלט.
דער בריוונטרעגער גייט
און גייט
און גייט.
ער טראָגט דורך וואַלד־געדיכטעניש
זײַן זיסן יאָך.
נאָך זײַנע שפּורן, טרעפט אמאָל,
א הונגעריקער טיגער גייט אים נאָך.
און וויפל מאָל — א באַמבע טוט א זעץ,
און ערד מיט הימל מישן זיך צונויף.
ס'איז שוואַרץ די נאַכט, —
ער גייט
און גייט —
אַהין, וווּ ס'פלאַקערט שוין די שלאַכט,
מע וואַרט אויף אים, מע וואַרט!
זיי רוען ניט.
ערשט דעמאָלט רוען זיי,
די פליגל פון די מאַרקעס,
ווען מידע הענט פון זעלנער
דערפילן זייער ברי.
און וואָס געשען מיט זיי אין וועג —
דערציילן ניט די בריוו...

וואַן דיי

# מיר וועלן נאָך קומען צוריק

מיר זײַנען געגאַנגען,
געגאַנגען,
געגאַנגען...
נאָר דעמאָלט, ווען ס'האָט זיך די
נאַכט —
שוין די דריטע! — פאַרענדיקט,

מיר זײַנען אַרײַן אין די דזשונגל
און דאָרטן גערוט
און געלאָשן דעם דאָרשט
מיט קוואַליקן וואַסער,
וואָס שורשעט ווי זײַד,
און מורמלט, ווי מוטערס א וויגליד.

און ווידער
מיר זײַנען געגאַנגען,
געגאַנגען,
געגאַנגען...

דאָס קוויטעלע באַן
און דאָס קוויטעלע מאַי,
ווי שטערן געדיכט,
באַגלייטן מיט טרויער אין בליק.
אָ, ווארט אַף אונדז, בלימעלעך, ווארט!
מיר וועלן נאָך קומען
צו אײַך מיט געזאַנגען.
איז ווארט, ניט פאַרוועלקט,
מיר וועלן דאָך קומען צוריק,
מיר וועלן דאָך קומען צוריק!

# גוטמאָרגן, היים מײַנע!

איך טראָג אַהיים, אַפן קאָראָמיסל,
צוויי קוישן רײַז.
איך טראָג צו זיך אַהיים —
אין דערפל זיענג־סאַ.
און אַף מײַן ברייטער הוט פון פּאַלמע־בלאַט
איך טראָג דעם ערשטן זונען־שטראַל.
די לופט איז קיל.
דער וועג איז שטיל.
אַף רעכטס און לינקס זיך וויגן
גרינע שטענגעלעך מאַיִס.
אָט זע איך שוין די שטרוי
פון אונדזער דאַך,
אַף איר עס פינקלט נאָך דער טוי.
גוטמאָרגן, היים מײַנע,
מײַן דערפל זיענג־סאַ!
ווער שטייט לעם אונדזער שוועל?
ווער קוקט אַף מיר און קוועלט?
ס'איז מײַן געליבטער.
ער!

ייִדיש — מ. טייף



# וועטעראַנען פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע דערציילן

ניט לאַנג צוריק, אין איינעם א געוויינלעכן וואָכעדיק־אָנגעשטרענגטן ארבעטס־טאָג, האָט עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" געברויזט מיט ענערגיע און פרייד. ס׳איז געווען צו באַוווּנדערן, וויפל יונגן טעמפּעראַמענט עס האָבן אַרײַנגעבראַכט אין די רעדאַקציע־צימערן די פאָרשטייער פון דער אַלטער באָלשעוויסטישער גוואַרדיע, וועלכע זײַנען געקומען צוגאַסט צו די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

אין אָנהייב פון דער באַגעגעניש האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס אויסגעדריקט די טיפע פרייד פון די שרײַבער און פון דער רעדאַקציע צו טרעפן זיך מיט דער גרופּע וועטעראַנען, וואָס האָבן געפירט אַן אַקטיווע רעוואָליוציאָנערע ארבעט אין ווײַסרוסלאַנד.

מיר מיינען, אַז אונדזערע לייענער וועט זײַן אינטערעסאַנט צו דערוויסן זיך, וועגן וואָס עס איז געגאַנגען א רייד בעשאַס דער דאָזיקער באַגעגעניש.

## דער גרויסער עָרעוו

עס הייבט זיך אויף פון זײַן אָרט א הויכער, גרײַז־גראָווער מאַן — עדוארד מאַרטינאָוויטש מעדנע. ער איז א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון 1903, געווען איינער פון די ערשטע אָנפירער פונעם וויטעבסקער גובקאָם פון דער פאַרטיי. דער פאָרזיצער פון דער באַגעגעניש זאָגט אים: „עדוארד מאַרטינאָוויטש, ס׳וועט אַוודאי אײַך זײַן באַקוועמער ריידן זיצנדיק". נאָר דער 85־יאָריקער וועטעראַן, געוועזענער ריגער ארבעטער, זעצט זיך ניט, ער שטייט און קוקט מיט ליבשאַפט אַף זײַנע אַלטע קאַמף־כאַווערים. אָט וואָס ער דערציילט:

— איך דערמאָן מיך לענינס ווערטער, אַז ווען עס וואָלט ניט געשען די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע, וואָלט אוממעגלעך געווען די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע פון 1917. אינעם פינפטן יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע, בין איך געווען אין ריגע. אין מײַן זיקאָרן האָבן זיך באַזונדערס פאַרקריצט די פּראָטים פונעם באַרימטן ריגער פּראָצעס פון די 36 — דעם פּראָצעס איבער דער שלאַכט־אָרגאַניזאַציע פונעם ריגער קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי.

דאָס איז פאָרגעקומען אין אַפּרעל 1905. א מיליטערישער פּאַטרול, צוזאַמען מיט אַגענטן פון דער אָכראַנקע, האָט באַנאַכט אַף איינעם פון די פינצטערע ריגער געסלעך אַרעסטירט פיר מענטשן פון אונדזער קאַמף־דרוזשינע: יאַן בושמאַן — א לעט, ראַיעפּיק — א ייִד (מע פלעגט אים רופן „פײַל־אויסן־בויגן") און נאָך צוויי. דער פאַרהער איבער די אַרעסטירטע איז פאָרגעקומען אונטערן פרײַען הימל, אַף די זאַמדיקע געסלעך, איבער וועלכע מע האָט זיי פריִער געפירט אין טורמע. בײַם דעם פאַרהער האָט מען זיי אוממענטשלעך געפּײַניקט, געפאָדערט טייקעפדיקע ענטפערס. ראַיעפּיק, וועמען מע האָט פאַרהערט דעם ערשטן, האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. א שאָס — און ער איז געפאַלן טויט. בושמאַן האָט אויך געשוויגן, האָט מען אים אויך דערשאָסן אַפן אָרט. דערזען, אַז זייערע כאַווערים ליגן טויטע, האָבן די איבעריקע צוויי ניט אויסגעהאַלטן און גענומען ענטפערן אַף די פראַגן... אָט אַזוי איז צונויפגעשטוקעוועט געוואָרן א מאַטעריאַל צום ריגער פּראָצעס פון די 36.



ווען מע האָט געבראַכט די צוויי הרוגים אין מאָרג, האָט

---

דעם רעפּאָרטאַזש וועגן דער באַגעגעניש מיט די אַלטע באָלשעוויקעס האָבן צוגעגרייט כ. מאַלטינסקי און ס. פּרײַ.

זיך ארויסגעוויזן, אז בושמאן
לעבט, ער איז שווער פארוווּנ־
דעט... מע האָט אים אין אזא
צושטאנד אוועקגעזעצט אַף דער
באשולדיקונגס־באנק.

פאר די דרײַ הונדערט
מענטשן, וועלכע זײַנען בײַגע־
ווען אין געריכט־זאל, האָט בו־
שמאן באוויזן די וווּנד אין זײַן
האלדז און הויך אַף א קאָל
דערציילט וועגן די ווילדע רע־
ציכעס פון דער אָכראנקע אין
יענער גרויליקער נאכט. דער
פּראָקוראָר האָט נאָך דער דאָזי־
קער ארויסטרעטונג שוין ניט
דערוועגט זיך צו פאָדערן פאר
בושמאנען טויט־שטראָף. נאָר
זיבן מענטשן פון אונדזער
שלאכט־אָרגאניזאציע זײַנען
דאָך צוגעמישפּעט געוואָרן צום
טויט.

דער אומפארשעמטער פּראָ־
צעס, די אכזאָריעס פון דער
אָכראנקע האָבן ארויסגערופן
גרויס צאָרן צווישן די ריגער
ארבעטער. די אטמאָספער איז
געוואָרן אזוי אָנגעגליט, אז די
צארישע מאכט איז געווען גע־
צווונגען צו מילדערן דעם אור־
טייל. די טויט־שטראָף האָט
מען פארביטן אַף 15 יאָר קאַ־
טאָרגע. איך האָב באקומען 5
יאָר. עס געדענקט זיך, ווי מע
האָט אונדז געשמידט אין קייטן
און ארויסגעפירט פון טפיסע.
ווען מיר האָבן זיך געזעגנט מיט
די קאמפּס־כאווירים, האָבן מיר
געגעבן א שבוּעה זײַן גרייט צו
די ווײַטערדיקע שלאכטן.

דאָס איז איינער פון די פּיל־
צאָליקע עפּיזאָדן, מיט וועלכע
עס איז פול געווען דאָס רומפור־
לע פינפטע יאָר, דאָס יאָר פון
גרויסן ערעוו, וואָס האָט גע־
שטארקט און רײַף געמאכט די
קויכעס צו די אָקטיאבער־
שלאכטן.

## פּראַוודיסטן

זוסיע בעלענקי, א
פּארטיי־מיטגליד פון 1916, איז
שוין איצט אַלט 72 יאָר. ער
געדענקט גוט די פּראַטים פון



זײַן אָנטייל אין דער צוגרייטונג
פון דער אָקטיאבער־רעוואָליו־
ציע.

אין מאָהילעוו האָט אין
1912—1914 געפירט א ברייטע
באָלשעוויסטישע ארבעט א
גרופּע פארשפּרייטער פון דער
צײַטונג „פּראַוודא“. וועגן דער
דאָזיקער גרופּע ווערט דער־
ציילט אינעם ערשטן באנד
פארצייכענונגען וועגן דער גע־
שיכטע פון דער קאָמוניסטי־
שער פּארטיי פון ווײַסרוסלאנד
(ז. 175).

— איך בין אַלט געווען סאַ־
כאקל צוועלף יאָר, ווען איך בין
אָנגעקומען ארבעטן אין מאָהי־
לעווער לעדער־זאוואָד, —
דערציילט ז. ה. בעלענקי. —
אין 1912 בין איך געווען איי־
נער פון יענע, וועלכע האָבן
פארשפּרייט צווישן די זאַ־
וואָד־ארבעטער די „פּראַוודא“.
צוערשט פלעג איך פּאַרלייענען
פאר די ארבעטער די ארטיק־
לען וועגן די שטרײַקן, די
לייטארטיקלען פון וו. איליין
(וו. לענין) וועגן די לענער
געשעענישן. די ארבעטער
פלעגן מאמעש שלינגען יעדעס
וואָרט.

אין הארבסט 1912 איז אין
דער דירע פון מײַן שוועסטער
ריווקע מושקאָוויטש (זי האָט
געוווינט אין עק שטאָט, אין
„קאָבילי ראָוו“) פאָרגעקומען די
ערשטע באראטונג פון די באַ־
פולמעכטיקטע צו פארשפּרייטן
די באַליבטע ארבעטער־
צײַטונג — „פּראַוודא“. עס איז
באשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַן
אָרגאניזאציע „אומלעגאַלע
גרופּע פון פּראַוודיסטן אין מאָ־
הילעוו“. מע האָט אויסגעוויילט
א ביוראָ פון דרײַ מענטשן —
אווראָם טשערניצקי, ייִסראָעל
טשערנאָגלאַז און איך.

די ביוראָ האָט אויסגעטיילט
באפולמעכטיקטע אַף צו פאַר־
שפּרייטן די „פּראַוודא“ אין די
וויכטיקסטע אונטערנעמונגען
פון שטאָט און איינצײַטיק אָר־
גאניזירט א געהיימע ארבע־
טער־ביבליאָטעק. אונדזער בי־
בליאָטעק האָט פארמאָגט הע־
כער 1000 ביכער אין רוסיש
און ייִדיש, צווישן זיי די ווערק
פון מארקס און ענגעלס, לענינס
ביכער „א טראָט פאָרויס, צוויי
טריט צוריק“, „צוויי טאקטי־
קעס“ און „וואָס דארף מען
טאָן?“, ביכער פון לאפארגן און
אווגוסט בעבעלן, ארגאָס בוך
וועגן דער פאריזשער קאָמונע
און אויך קינסטלערישע ליטע־
ראטור — שאָלעם־אַלייכעמס
„דער מאבל“, מענדעלעס און
פּערעצעס ווערק. כוץ דעם,
האָבן מיר געהאט אזא יעקאר־
האמציִעס, ווי קאָנפיסקירטע
נומערן פון דער „פּראַוודא“,
דערונטער די נומערן, ווו עס
זײַנען געווען געדרוקט די
ארויסטרעטונג פונעם באָלשע־
וויסטישן דומע־דעפּוטאט פּע־
טראָווסקי אין צוזאמענהאנג
מיט די מאסן־קאטאסטראָפעס
אַף די אײַזנבאנען און דאָס
לייטארטיקל „פּאַראַסטעטע גע־
ווער“ — וועגן דעם בייליס־
פּראָצעס. די קאָנפיסקירטע
„פּראַוודא“־נומערן פלעגן מיר
באקומען באַם פּעטערבורגער
סטודענט זאלמענסאָן — אונד־
זערן א לאנדסמאן. ער פלעגט
זיי ערגעץ קריגן און ארויסשיקן
דורך פּאָטשט אַפּן אדרעס פון
מענטשן, וועלכע האָבן קיין שום
כשאַד ניט ארויסגערופן בא
דער פּאָליציי. דורך די פּויע־
רים, וועלכע פלעגן קומען אין
שטאָט אַף פארדינסטן אָדער
ברענגען צו פירן האָלץ צו
פארקויפן, פלעגן מיר פאַר־

שפרייטן די „פראוודא" אין דארף. די „פראוודא" האָט מיט אונדזער הילף געפונען א וועג אויך צו די סאָלדאטן פונעם מאַהילעווער גארניזאָן.

אדאנק דער ענערגישער טעטיקייט פון דער גרופּע פּראוודיסטן האָבן די ליקווידאטאָרישע צייטונג „לוטש" און די בונדישע צייטונג „די צייט" געהאט א קנאפּע ווירקונג אַף די מאַהילעווער ארבעטער.

## די ליכטיקע שיין פון דעם עמעס

דער באקאנטער ווייסרוסישער שרייבער איליא דאַבילאָוויטש גורסקי איז א געוועזענער ארבעטער פון פּעטראָגראַדער אָבוכאָווער זאַוואָד, א מיטגליד פון פּארטיי פון 1919. ער האָט זיך געטיילט מיט זיינע זיכרוינעס וועגן לענינס ארויסטרעטונג אין אָבוכאָווער שטאָלגיסעריי אין 1917.

— עס איז גוט באקאנט די אָבוכאָווער שוך: אין 1901 האָבן דאָ די ארבעטער באגעגנט די צארישע פּאָליציי מיט א האָגל שטיינער. 800 ארבעטער זיינען דערפאַר ארויסגעשיקט געוואָרן פון פּעטראָגראַד און 29 — אַף קאַטאָרגע. ערעוו די אָקטיאבער־טעג האָבן צוויי



טויזנט ארבעטער פון דעם דאָזיקן זאוואָד זיך פאַרשריבן אין דער רויטער גווארדיע.

אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט אַף אונדז איבערגעלאָזט לענינס ארויסטרעטונג אַף א מיטינג אין אָבוכאָווער זאוואָד אין דער צווייטער העלפט מיי 1917. דאָס איז פאָרגעקומען אין איינעם פון די גרעסטע צעכן, וווהין עס זיינען זיך צונויפגעקומען טויזנטער מענטשן. אַפן מיטינג זיינען ביי־געווען אויך ארבעטער פון אנדערע אונטערנעמונגען פון דער ניעווער זאַסטאווע.

איינער פון די ערשטע איז אַפן מיטינג ארויסגעטראָטן דער עסער יאקאָוולעוו. דער אוילעם האָט אים ניט געהערט.

אומגעריכט, ווי א כוואליע, איז איבער דעם האמוין אדורך א גערויש:

— לענין!

אלעמענס בליקן האָבן זיך א קער געטאָן צו די גרויסע זאַוואָד־טויערן, פונוואנען עס איז מיט שנעלע טריט געגאנגען א מענטש פון מיטעלן וווקס אין א שווארצן מאנטל און אין א גרינלעך היטל. דאָס איז געווען וולאדימיר איליטש. אים האָט ארומגערינגלט א גרופּע אָבוכאָווער ארבעטער־באָלשעוויקעס.

לענין איז ארויף אַף דער טריבונע, צעשפּיליעט דעם מאנטל, אראָפּגענומען דאָס היטל.

— זע קאַרשט, ער פילט זיך דאָ מייסע־באלעבאָס, — האָט א בורטשע געטאָן איינער פון די מענשעוויקעס.

— ווואדע א באַלעבאָס! — האָט אים אָפּגעענטפערט אן עלטערער ארבעטער. — א באַלעבאָס, וואָס זאָרגט זיך פאר דער צוקונפט פון רוסלאַנד.

וולאדימיר איליטש האָט עטוואָס פארזשמורעט די אויגן, אויסגעשטרעקט די לינקע האנט, אָנגעשפּארט זיך מיט דער רעכטער אין דער פּאַרענטשע און גענומען ריידן מיט פּאַשעטע פארשטענדלעכע ווערטער. ער האָט דערקלערט

די אייגנארטיקייט פון דער פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד און די נאָענטסטע אופגאבן פונעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאריאַט אין קאַמף קעגן דער בורזשואזיע.

א מענשעוויק האָט גענומען קלאַפּן מיט א פוס איבער א קופּע אייזערנע פּרענטעס. דאָס איז געווען א סיגנאל — עס האָט זיך דערהערט א טומל אויך אין אנדערע ערטער.

— נידער, — האָט א כריפּע געטאָן א הייזעריקע שטים.

— שטערט ניט! — האָבן פון אלע זייטן זיך געטראָגן געשרייען.

— דו זאָג בעסער, ווי דו ביסט געפאָרן אין א פארפּלאָמבירטן וואגאָן! — האָט היסטעריש געקוויטשעט דער מענשעוויק און געקלאַפּט מיט די אייזן־פּרענטעס.

— וואָס טראכסטו אויס? — האָבן מיט צאָרן אים געענטפערט אנדערע שטימען.

וולאדימיר איליטש האָט מיט א שמייכל געוואַרט, ביז עס איז שטילער געוואָרן. ווען ער האָט גענומען ריידן וועגן דער נויטווענדיקייט צו קאָנפיסקירן די פּריצישע ערד, האָבן די מענשעוויקעס ווידער אָנגעהויבן טומלען. אין צעך איז אריינגעפאָרן א לאָקאָמאָטיוו און גענומען פייפן, שטערנדיק לענינען צו ריידן. צום לאָקאָמאָטיוו האָט מיט אימפּעט זיך א לאָז געטאָן א גרופּע ארבעטער און געצווונגען דעם מענשעוויק, וואָס איז געזעסן אלס מאשיניסט, ער זאָל אופהערן פייפן.

לענין האָט גערעדט וועגן דער מילכאָמע, גערופן די ארבעטער צו קעמפן קעגן איר. די מילכאָמע, וואָס עס פירט די צייטווייליקע רעגירונג, — האָט געזאָגט איליטש, — איז א פארברעכערישע. מע דארף מאכן צו איר א סאָף.

אין די לעגענדארע טעג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָלוציע זיינען

די ארבעטער פונעם פּעטראָגראַדער אָבוכאָווער זאַוואָד געווען א זיכערער אָנשפּאַר פון די באָלשעוויקעס. די אָבוכאָווער האָבן זיך איבערצײַגט, אז די באָלשעוויקעס זאָגן דעם עמעס, ווען זיי דעמאַסקירן די פאַררעטערישע פּאָליטיק פון די מענשעוויקעס און עסערן. און דער עמעס, זאָגט דאָס פאָלק, שטראַלט מיט א ליכטיקער שײַן.

## מיט לענינס מאַנדאַט

**אַווראָם ביילינען**, וואָס איז זעכציק יאָר א מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, רופן זײַנע פרײַנט און באַקאַנטע „דער סאָלדאַט פון דער רעוואָליוציע“. ער איז שוין א בען־שמונים. ריידן רעדט ער געלאַסן, וועגט און מעסט יעדעס וואָרט, נאָר אז איר הערט זיך צו, פילט איר, ווי פון אים שלאָגט מאַמעש דער הייסער אָטעם פון די ברויזנדיקע רעוואָליוציע־יאָרן.

ביילין דערציילט וועגן א וויכטיקן עפּיזאָד פונעם קאַמף קעגן די סאָנים פון דער סאָוועטנמאַכט אין די ערשטע טעג נאָכן זיג פונעם גרויסן אָקטיאַבער. געשען איז עס אין נעוועל.

— אין 1916, — הייבט ביילין אָן זײַן ארויסטרעטונג, — בין איך, א זעלנער פון דער צאַרישער ארמיי, פאַרווונדעט געוואָרן אפן פראָנט. ווען איך בין ארויס פון שפּיטאָל, האָט מען מיך אריבערגעפירט אין 169־טן שיסער־פּאָלק, וואָס איז אײַנגעשטאַנען אין נעוועל. אין זעלבן יאָר האָבן מיר אָרגאַנעזירט אין דער שטאָט א באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז די ערשטע צײַט באַשטאַנען דורכויס פון מיליטער־לײַט און האָט געהייסן — מיליטעריש־באָלשעוויסטישער קאָמיטעט. איך בין אויסגעווילט געוואָרן אלס זײַן פאָרזיצער. נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע פון 1917 האָבן מיר שוין אין לעגאַלע באַדינגונגען פאַנאַנדערגעוויקלט א רעוואָליוציאָנערע ארבעט אין נעוועל און אין דער אומגעגנט, באַזונדערס אין די ראַיאָנען, ווו עס זײַנען געשטאַנען מיליטער־טיילן.



אלס פאָרזיצער פונעם מיליטעריש־באָלשעוויסטישן קאָמיטעט בין איך אָפט געפאָרן קיין פּעטראָגראַד, ווו אין צק פלעגן די כאַווערים סווערדלאָוו, ראַשאַל[1], קאָלאָנטײַ איבערגעבן מיט מיר די געהעריקע אָנווײַזונגען. נעוועל איז געווען א גרויסער אײַזנבאַן־קנופּ אף דעם וועג קיין פּעטראָגראַד. די קאָנטררעוואָליוציע האָט זיך געסטאַרעט צו פאַרכאַפּן אָט דעם וועג. אונדז איז ניט לײַכט אָנגעקומען צו האַלטן אים אונטער אונדזער קאָנטראָל. אין אווגוסט 1917 האָבן די טיילן פון קאָרנילאָווס „ווילדער דיוויזיע“ געפּרוּווט זיך דורכרײַסן דורך נעוועל קיין פּעטראָגראַד, נאָר מיר האָבן זיי פאַרהאַלטן. די העכערע אָפיצערן האָבן מיר אַרעסטירט, די מיליטער־טיילן אנטוואָפנט און אָפּגעשיקט קיין האָראָדאָק (הינטער וויטעבסק).

באַלד נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, דעם 10 נאָיאַבער, האָבן מיר געשאַפן אין נעוועל א קריגס־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט. אין צוויי טעג ארום, דעם 12 נאָיאַבער, האָבן מיר באַקומען פון קרילענקאָ (דעמלט דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די באַוואָפנטע קרעפטן) א טעלעגראַמע, אז דער 17־טער קאָרפּוס, וועלכן קערענסקי האָט אראָפּגענומען פונעם רומענישן פראָנט און געשיקט צו הילף דער איצט שוין געוועזענער צײַטווײַליקער רעגירונג, גרײַפט אָן אף פּעטראָגראַד. קרילענקאָ האָט באַפוילן, מיר זאָלן אָננעמען אַלע מיטלען אף צו פאַרהאַלטן דעם קאָרפּוס.

צווישן די מיטגלידער פון אונדזער קאָמיטעט זײַנען געווען דרײַ אַלטע מיליטער־לײַט — שטאַבס־קאַפּיטאַן פּיאָדאָראָוו, פּאָרוטשיק רומאַנאָוו און פּאָרוטשיק טאָמאַך. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דער 17־טער קאָרפּוס האָט אין רומעניע קיין אָנטייל אין די שלאַכטן ניט גענומען, ער פאַרמאָגט 60 טויזנט סאָלדאַטן, א סאַך ארטילעריע און קאַוואַלעריע. אויב ער זאָל זיך אַרײַנרײַסן אין פּעטראָגראַד, קאָן ער מיט זיך פאָרשטעלן אַן ערנסטע סאַקאָנע פאַר דער רעוואָליוציע.

מיר האָבן טייקעף זיך פאַרבונדן דורכן דירעקטן דראָט מיט וויטעבסק, מיטן גובקאָם פון דער פּאַרטיי. דער וויטעבסקער רעווקאָם (פאָרזיצער קרילאָוו) האָט דערהאַלטן פון קרילענקאָ אַן ענלעכע טעלעגראַמע. לויטן באַשלוס פון גובקאָם דאַרפן קרילאָוו, איך און דער מאַטראָס יאַקאָוולעוו טייקעף ארויספאָרן קיין פּעטראָגראַד

[1] **ראַשאַל סעמיאָן גריגאָריעוויטש** — איינער פון די אָנפירער פון די רעוואָליוציאָנערע מאַטראָסן פון באַלטישן פלאָט. אין 1917 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אלס פאָרזיצער פון קראָנשטאַדטער קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס. אין נאָיאַבער 1917 איז ס. ראַשאַל באַשטימט געוואָרן אלס קאָמיסאַר פונעם רומענישן פראָנט, ווו ער איז דערהאַרגעט געוואָרן דורך ווײַסגוואַרדייער.

און זיך דערשלאָגן אָן אויפנעם באַ לענינען.

אין געווינלעכע באַדינגונגען געדויערט דער וועג פון נעוועל ביז פעטראָגראַד אַכט שאָ, מיר זײַנען געפאָרן אַנדערהאַלבן מעסלעס. אין וועליקיִע לוקי האָט מען זיך צוגעטשעפּעט צו קרילאָוון, אַז זײַן פּאָנעם איז צו רויט, ער איז מיסטאָמע קראַנק אַף טיפוס. קיין שום דערווידערונגען האָבן ניט געהאָלפן, מע האָט אים אַראָפּגעזעצט פון באַן. זײַנען מיר געבליבן זאַלבעצווייט. קיין פעטראָגראַד זײַנען מיר געקומען אינדערפרי. אַף יעדן שריט און טריט האָט מען אונדז אָפּגעשטעלט און קאָנטראָלירט די דאָקומענטן. דערקליבן זיך צו סמאָלני, האָבן מיר באַוויזן קרילענקאָס טעלעגראַמע. צו אונדז איז אַרויס דער כאַווער ראַשאַל און אַרײַנגעפירט אונדז צו קרילענקאָן.

— מיר נייטיקן זיך אין אײַער הילף, — האָבן מיר אים געזאָגט.

— דאָס איז איצט אוממעגלעך, — האָט ער געענטפערט.

— וואָס הייסט, אוממעגלעך? — האָב איך זיך אָנגערופן. — אַף אונדז גייט דאָך אַן אַרמיי פון 60 טויזנט סאָלדאַטן.

— פון 64 טויזנט, — האָט מיך פאַריכט קרילענקאָ. — די „ווילדע דיוויזיע" האָט איר פאַרהאַלטן? וועט איר אויך דעם 17־טן קאָרפּוס אָפּשטעלן.

— מיר ווילן שמועסן וועגן דעם מיט לענינען.

ווען מיר זײַנען אַרײַן אין לענינס קאַבינעט, איז וולאַדימיר איליטש געזעסן אַף א שטול און געהאַלטן אַף די קני א ביכל. אָפן ביכל איז געלעגן א בויגן פּאַפּיר, אַף וועלכן ער האָט געשריבן. באַם פענצטער איז געשטאַנען סווערדלאָוו און געלייענט עפּעס א קסאָוויאַד. ניט ווײַט פון אים האָבן שטיל געשמועסט צווישן זיך דזערזשינסקי און קאָלאָנטײַ. פאַרענדיקט שרײַבן, איז לענין אויפגעשטאַנען, איבערגעגעבן דאָס פאַרשריבענע פּאַפּיר סווערדלאָוון און געזאָגט:

— גיט א קוק, אויב קיין אויסבעסערונגען זײַנען ניט נייטיק, שיקט עס אָפּ.

לענין האָט זיך באַגריסט מיט אונדז און געבעטן זיצן.

— פונוואַנען זײַט איר געקומען? — האָט ער געפרעגט.

— פון נעוועל. מיר האָבן דערהאַלטן א טעלעגראַמע פון קרילענקאָן.

— און א טעלעגראַמע מיט מײַן אונטערשריפט? — האָט געפרעגט לענין.

— ניין, ניט דערהאַלטן, — ענטפערן מיר.

ער ווענדט זיך צו קאָלאָנטײַ:

— ווען האָבן מיר געשיקט די טעלעגראַמע?

— ווײַזט אויס, נעכטן אין אָוונט, — האָט זי געענטפערט.

— נו, איך הער אײַך, כאַווײרים.

— מיר ווילן, כאַווער לענין, איר זאָלט פאַראָרדענען, מע זאָל אונדז געבן הילף. מיר זײַנען ניט זיכער, אַז מיר וועלן קאָנען אָפּשטעלן אַזאַ גרויסן מיליטער־טייל, ווי דער 17־טער קאָרפּוס. מיר האָבן אייגענע קויכעס: אַן אויטאָמאָביל־ראָטע, דרײַ האַרמאַטן, א היפּשע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, א סאַך מיטפילנדיקע סאָלדאַטן און אַרבעטנדיקע, נאָר דאָס איז קנאַפּ...

— טוט א טראַכט, וואָס מיר קאָנען פאַר זיי טאָן, — האָט לענין זיך געווענדט צו קרילענקאָן.

אינמיטן דעם שמועס האָט וולאַדימיר איליטש א פרעג געגעבן באַ קאָלאָנטײַ: „די כאַווײרים האָבן שוין געגעסן?" איך: „מיר זײַנען זאַט" (כאָטש אינדערעמעסן האָבן מיר פון אינדערפרי אָן נאָך אין מויל ניט געהאַט). לענין צו קאָלאָנטײַ: „אין סטאָלאָווע מוז נאָך עפּעס זײַן. גיט א קוק". איך: „באַרויִקט זיך ניט, כאַווער לענין. מיר זײַנען געקומען בלויז בעטן הילף"...

— איך בין איצט זייער שטאַרק פאַרנומען, — האָט לענין זיך פאַר אונדז ווי פאַרענטפערט און ווידער געזאָגט צו קרילענקאָן:

— מע דאַרף זיי העלפן.

דאָס זעלבע האָט ער געזאָגט סווערדלאָוון, דערנאָך אויסגעקערעוועט דאָס פּאָנעם צו אונדז:

— איר וועט זײַן אַזוי גוט און וועגן אַלץ ענדגילטיק דערריידן זיך מיט סווערדלאָוון און קרילענקאָן. אַלץ, וואָס מעגלעך, וועלן זיי טאָן.

דערנאָך געזאָגט צו קאָלאָנטײַ:

— מע דאַרף געבן די כאַווײרים א ביסל ליטעראַטור און אומבאַדינגט צופירן זיי אַף א מאַשין צום וואָקזאַל. זיי האָבן קיין צײַט ניט.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט לענינען און פאַרלאָזט זײַן קאַבינעט.

פאַרן אָפּפאָרן האָט מען אונדז אָנגעקאָרמעט, צוויי מאַטראָסן האָבן געהאָלפן פּאַקן די ליטעראַטור. סווערדלאָוו און קרילענקאָ האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז עס וועט געטאָן ווערן אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך.

אין צוויי טעג אַרום זײַנען קיין נעוועל אַראָפּגעקומען מיט אַן עשעלאָן מאַטראָסן ראַשאַל און דיבענקאָ. דער 17־טער קאָרפּוס איז דורך נעוועל ניט דורכגעגאַנגען. מיר האָבן דערנאָך באַקומען פונעם קריגס־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט פון סמאָלני א דאַנק־טעלעגראַמע, געכאַסמעט פון לענינען...

מיט שמייכלענדיקע אויגן קוקט אַף די פאַרזאַמלטע אוראַם ביילין:

— איר ווילט אוודאי וויסן פּראַטים פון דער אָפּעראַציע. ביטע, איך וועל דערציילן. דיבענקאָ און ראַשאַל האָבן אונדז געזאָגט: „מיר זײַנען געקומען צו אײַך מיט די סאַמע אויסגעפּרווטע מאַטראָסן, איז לאָמיר

בעסער מאכן א פרווו צו פארכאפן דעם קאָרפוס־קאָמאנדיר פאָן שילינג מיט זײַן שטאב...“

דעם פאָרשלאָג האָבן מיר גערן אָנגענומען. דעם 16 נאָיאבער באנאכט האָבן מיר אַף דער סטאנציע „טיאָמני ליעס“, שוין גופא אין נעוועל, ארומגערינגלט דעם שטאב־וואגאָן פונעם קאָרפוס און ארעסטירט פאָן שילינגן, זײַן טאָכטער און דעם גאנצן שטאב. דער קאָרפוס־שטאב האָט געהאט פיר דערהארגעטע (די יונקערס האָבן געשטעלט א ווידערשטאנד), מיר — צוויי שווערפארוווּנדעטע. לעסאָף האָבן מיר דעם גאנצן 17־טן קאָרפוס אָפּגעשיקט קיין קאלוגע און רעאָרגאניזירט אים.

— אָט אזא איז געווען מײַן באגעגעניש מיט לענינען, — האָט פארענדיקט זײַן דערציילונג דער ערשטער פאָרזיצער פון נעוועלער רעווקאָם, וועטעראן פון דרײַ רעוואָליוציעס אווראָם ביילין. א געוועזענער סטאָליער פונעם ווײַסרוסישן שטעטעלע מסטיסלאוול, האָט ביילין געהאט דאָס גליק צו קעמפן לויט לענינס מאנדאט.

## א מאטאָנע איליטשן

דער פארטיי־מיטגליד פון 1911 ש מ ו ע ל כ א ו ו ק י ן האָט אין אָנהייב פון זײַן ארויסטרעטונג פאָרגעלייענט פאָלגנדיקן בריוו לענינס:

„צו די ארבעטער פון דער סטאָדאָלסקער געוואנט־פאבריק אין קלינצי.

טײַערע כאווירים!

א הארציקן דאנק אײַך פאר דער באגריסונג און פאר דער מאטאָנע. איך וועל אײַך זאָגן בעסאָד, אז קיין מאטאָנעס דארף מען ניט שיקן. איך בעט אײַך זייער וועגן אָט דער געהיימער באקאָשע געניויער דערציילן אלע ארבעטער. בעסטע דאנקען, גרוסן און ווונטשן.

אײַער וו. אוליאנאָוו (לענין).

8 נאָיאבער 1922“.

אָט דער בריוו לענינס איז ברייט באקאנט, ער געפינט זיך אלס עקספאָנאט אין צענטראלן לענין־מוזיי אין מאָסקווע. ניט אלע ווייסן אָבער, בא וועלכע אומשטענדן וולאדימיר איליטש האָט אים געשריבן.

1922... די פארטיי האָט קאָנצענטרירט די הויפּט־אופמערקזאמקײַט אַף די פראגן פון ווירטשאפטלעכער בויונג. מע האָט געמוזט ליקווידירן דעם כורבן, לאָזן אין גאנג די פאבריקן און זאוואָדן. צום פינפטן יאָרטאָג פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איז אין קלינצי אופגעשטעלט געוואָרן א גרויסע אונטערנעמונג — די סטאָדאָלסקער געוואנט־פאבריק. די שטימונג בא די ארבעטער איז געווען א געהויבענע — מע האָט געזען, אז דאָס לעבן גייט צוביסלעכווײַז ארײַן אין די קאָלייען, אז די פארטיי מיט לענינען בעראָש פירט א ריכטיקע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. דער ווילשטאנד פון די ארבעטנדיקע פארבעסערט זיך.

אַף א קאָנפערענץ פון די טעקסטיל־ארבעטער לעקאָוועד דער אופשטעלונג פון דער פאבריק איז באשלאָסן געוואָרן אָנצורופן די פאבריק אַף לענינס נאָמען און פונעם ערשטן אויסגעוועבטן שטאָף אופנייען פאר איליטשן אן אָנצוג אלס מאטאָנע.

מיר האָבן גוט געוווּסט לענינס באשיידנקײַט, דאָך האָבן מיר, די טוער פונעם פארטייקאָמיטעט, אונטערגעהאלטן דעם פאָרשלאָג פון די ארבעטער. אונדז האָט זיך זייער געוואָלט דערפרייען לענינען מיט די ערשטע דערפאָלגן.

ניט לאנג געטראכט, האָבן מיר אַף דער קאָנפערענץ אויסגעוויילט א דעלעגאציע פון צוויי עלטערע אומפארטייִשע כאווירים — טשיסטיקאָוו און קוזנעצאָוו — און געשיקט מיט זיי צו לענינען די מאטאָנע צוזאמען מיט א בריוו. אינעם



בריוו האָבן די ארבעטער געשריבן:

„אונדזער טײַערער איליטש!
צום פינפטן יאָרטאָג פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע האָבן מיר, די ארבעטער פון סטאָדאָלסקער געוואנט־פאבריק, באשלאָסן אָנצורופן אונדזער פאבריק אַף דײַן נאָמען. אין צוזאמענהאנג מיט דעם שיקן מיר דיר אַף יאָמטעוו אונדזער הארציקע באגריסונג און א באשיידענע מאטאָנע — אן אָנצוג.
מיר וועלן זײַן גליקלעך, אויב דו, אונדזער לערער און פירער, וועסט אָנטאָן דעם אָנצוג, וועלכן מיר האָבן אויסגעוועבט און אופגענייט מיט אונדזערע אייגענע הענט. טראָג אים, איליטש, געזונטערהייט און וויס, אז מיר זײַנען שטענדיק מיט דיר!

קלינצי, 3 נאָיאבער 1922“.

די צײַט איז דעמלט געווען א שווערע, לענין האָט קיין מעגלעכקײַט ניט געהאט אופצונעמען אונדזערע דעלעגאטן. ער האָט אָבער געבעטן, זיי זאָלן איבערגעבן אונדז זײַן בריוו.

די ארבעטער פון קלינצי האָבן גוט פארשטאנען, אז די בעסטע

מאטאַנע לענינען וועט זײַן גע־
טרײַע מי און דערפֿאָלגן אין
דער אופֿשטעלונג פֿון דער
ווירטשאַפֿט.

— נאָך וועגן איין קלײנעם
עפּיזאָד מוז איך דערציילן, —
זעצט פֿאָר שמועל כאַווקין.

— זומער 1938 איז מיר
אויסגעקומען צו זײַן אין גאָר־
קי־לענינסקיע, הינטער מאָסק־
ווע. אַלס א מיטגליד פֿון דער
קאָמיסיע פֿון פּאַרטיי־קאָנטראָל
באַם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון
אַלקפּ(ב) האָב איך, צוזאַמען
מיטן טוער פֿון צק כאַוועץ ווי־
נאַגראַדאָוו, געהאַט אַן אופֿטראַג
צו באַקאַנען זיך מיטן צושטאַנד
פֿונעם הויז, אין וועלכן עס האָט
געלעבט וולאַדימיר איליטש
לענין.

דאָס הויז איז ארומגערינגלט
מיט א פּאַרק, ווו לענין פֿלעגט
נאָך אָנגעשטרענגטער ארבעט
אָפּרוען. מיט ציטער אין הארצן
האָבן מיר געעפֿנט די טיר פֿון
לענינס צימער. אַלץ, וואָס מיר
האָבן דאָ געזען, האָט אונדז
וועגן פֿיל זאַכן דערמאָנט: דאָס
בעט, דאָס שאַפֿקעלע, אַף וועל־
כער עס זײַנען געשטאַנען רע־
פֿועס, דער שרײַבטיש — אַף
אים איז געלעגן אַן אָפֿן בוך
מיט איליטשס באַמערקונגען
און א קאַלענדאַר מיט דער דאַ־
טע 21 יאַנוואַר 1924 — די
טרויעריקע דאַטע, ווען עס האָט
אופֿגעהערט קלאַפּן לענינס
האַרץ.

אין דעם הויז האָט געלעבט
וולאַדימיר איליטשס ברודער
דמיטרי און לענינס שאָפֿער
גיל. דער כ׳ גיל האָט מיר
דערציילט, אַז קעדיי צו פֿאַר־
שפּאָרן האַלץ, פֿלעגט וולאַדי־
מיר איליטש פֿאַרבאָטן צו באַ־
הייצן ווינטער דאָס גרויסע
הויז. ער מיט זײַן מישפּאָכע
פֿלעגן זיך אַף ווינטער אריבער־
קלײַבן אין דעם קלענערן
פֿליגל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון
דרײַ קליינע צימערן מיט א
קיכעלע...



אַנטיילנעמער פֿון דער באַראַטונג. פֿון רעכטס אַף לינקס: סאָניע פּרײַ, לודוויג רעזאווזקי, סאָניע זאַוואָדניק.

## אונדזער ווילער גאַסט

מיט גרויס פֿאַרגעניגן האָבן
די פֿאַרזאַמלטע אויסגעהערט די
אינהאַלטסרײַכע דערציילונג
פֿון ס אָ פֿ י א ס ע ר ג ײ ע וו נ א
ש א מ א ר ד י נ א. זי איז א
מיטגליד פֿון דער פּאַרטיי פֿון
1919, א געבוירענע פֿון מינסק.
יאָרנלאַנג האָט זי געאַרבעט
האַנט־באַ־האַנט מיט די אָנגע־
זעענסטע טוער פֿון ווײַסרוס־
לאַנד — מיט קנאָרינען, טשער־
וויאַקאָוון, אדאַמאָוויטשן, כאַ־
דאַשן, בײַלינען.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז
ס. ס. שאַמאַרדינא געווען פּראָ־
קוראָר פֿון דער רעפּובליק. לויט
דער נאַציאָנאַליטעט א רוסישע,
האָט זי גוט געקענט די אָרטי־
קע שפּראַכן און פֿלעגט אין די
געריכט־זאַלן און אַף פֿאַרזאַמ־
לונגען ארויסטרעטן אַף ווײַס־
רוסיש און ייִדיש. אין 1924
האָט סאָפֿיא סערגייעוונא באַ־
גריסט אין ייִדיש דעם ערשטן
צוזאַמענפֿאָר פֿון די ייִדישע
פּויערטעס פֿון ווײַסרוסלאַנד.

— אין די ערשטע רעוואָליו־
ציע־יאָרן, — דערציילט
זי, — בין איך געווען אַף
פּאַרטיי־ארבעט אין סיביר.
בײַסן אומקערן זיך אין מײַן
היימשטאָט מינסק האָב איך אין
וועג מיט ציטער אין הארצן
געקוקט דורכן וואַגאָן־פֿענצטער
אַף די גרינע פֿעלדער, פֿאַרבײַ־
לויפֿנדיקע סאָסנעס און יאָד־
לעס, אַף די כּיִעסדיקע ווײַסע
ווײַסרוסישע בערעזעווע וועלד־
לעך. אַף איינער א סטאַנציע,
געדענק איך, האָב איך א פֿאַר־
גאַפֿטע זיך אײַנגעקוקט אין די
געזיכט־שטריכן פֿון א ייִדישער
זקיינע. די זון האָט באַשײַנט
אירע פֿאַרהאָרעוועטע צעקניי־
טשטע הענט, און מיר האָט זיך
געדוכט, אַז אָט די אַלטע קלוגע
פֿרוי איז נאָרוואָס אראָפּ פֿון
רעמבראַנדטס א צויבער־
בילד...

אין מינסק האָט מיר אָפּגע־
גליקט: איך האָב אָנגעהויבן
ארבעטן אין פֿרויען־אָפּטייל.
דער סעקרעטאַר פֿון דער
צענטראַל־ביוראָ פֿון דער פּאַר־
טיי איז דאַן געווען ווילהעלם
קנאָרין. דאָס איז געווען א
מענטש מיט אַן אײַזערנעם
ווילן, געפּאָרט מיט א שטענדיק
מילדן שמייכל און מיט אומגע־
הײַערן אָפּשײַ צו כאַוויירים. ער
האָט געקאָנט צו דער צײַט
פֿאַרהיטן א כאַוועך פֿון א
טאָעס, נאָר אַזוי, אַז דעם כאַ־
וועך פֿלעגט זיך דוכטן, אַז ער
האָט זיך זעלבסט פֿאַרהיט
פֿון דעם טאָעס. קנאָרין
האָט געוועקט אין מענטשן
איניציאַטיוו, גלויבן אין די
אייגענע קויכעס און מעגלעכ־
קײַטן. ער איז מאַמעש געווען

פאַרליבט אין דער יוגנט, האָט געשטיצט יעדן אינטערעסאַנטן און נוצלעכן פּאַרטראַכט פון די קאָמיוגיסטן. איך דערמאָן זיך די פּאַקל־פּראָצעסיע אינעם באַנאַכטיקן מינסק ערעוו דעם ערשטן מײַ. אין די קאָלאָנעס יוגנטלעכע האָבן מאַרשירט די פּאַרשטייער פון דער עלטערער גוואַרדיע ווילהעלם קנאָרין, אַדאַם סלאַווינסקי, יאַנקל לע־ווין, יאָזעף אַדאַמאָוויטש.

וו. קנאָרין האָט ליב געהאַט אַ קלוגן שפּאַס, ער פלעגט אים פאַרשטיין און גוטמוטיק אָפּנע־מען אַפילו אין דעם פאַל, ווען דער שפּאַס איז געווען גע־ווענדט קעגן אים גופא. מיט גרויס ליבע האָט צו קנאָרינען זיך באַצויגן יאָזעף אַדאַמאָ־וויטש — אַ יונגער קאָמוניסט, אַן אַרבעטער, וואָס איז אין 1924 אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן הויכן פּאָסטן פון פּאַרזיצער פון דעם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן פון ווײַסרוסלאַנד.

סאָפיא שאַמאַרדינאַ גייט אַריבער צו אירע זיכרוינעס וועגן מענטשן, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער סאָוועטן־מאַכט מיט דער הילף פון קונסט און ליטעראַטור.

— צום אַלעמערשטן וויל איך דערמאָנען וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקין. איך האָב זיך מיט אים באַפרײַנדעט אין 1913, ווען איך בין נאָך געווען אַ יונג מיידל. וועגן מאַיאַקאָוו־סקיס באַדײַטונג פאַר דער סאָ־וועטישער ליטעראַטור און אויך פאַר דער וועלט־ליטעראַטור דאַרף איך ניט ריידן — אַלע ווייסן דאָס זייער גוט און קיין נײַס וועל איך ניט צוגעבן. איך וויל אָבער זאָגן אַ פּאָר ווער־טער וועגן זײַנע שיינע מענט־שלעכע שטריכן. איך דערמאָן זיך אַזאַ פאַל. אויף זײַנעם אַן אָוונט אינעם קאַרל מאַרקס־קלוב אין מינסק האָט אים אַ באָכערל באַוויזן אַ העפטל לי־דער. די לידער זײַנען גע־ווען שוואַכע, אומבאַהאָלפענע. מאַיאַקאָווסקי האָט געזאָגט דעם באָכערל, אַז עס וואָלט עפּשער געווען בעסער, ווען ער פאַר־נעמט זיך מיט עפּעס אַנדערס. איך האָב אויפמערקזאַם געמאַכט מאַיאַקאָווסקין, אַז ער איז צו האַרב צו אַ יונגן אַרבעטער־דיכטער. מאַיאַקאָווסקי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ כאַ־ראַטע־בליק און געענטפערט: „איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ פּיזשאָן"... ער האָט זיך גע־לאָזט אָניאָגן דאָס באָכערל מיטן העפט, נאָר שוין ניט געפונען אים.

עס איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז אָט דער טריבון פון דער רעוואָלוציע איז ניט געווען קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי, נאָר ווער האָט אים ניט גע־האַלטן פאַר אַ קאָמוניסט? ער האָט מיר דערציילט, אַז אַנומלטן האָט מען אים צוליב עפּעס אַן איניען אַרויסגערופן אין צקק. און דאָרט האָט מען זיך געוווּנדערט, ווען מע האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז ניט קיין פּאַרטיי־מיטגליד.

דער צווייטער פּאָעט, מיט וועלכן איך בין געווען באַ־קאַנט, — איז פּערעץ מאַרקיש. סאַראַ גרויסער דיכטער און מענטש דאָס איז געווען! איר געדענקט דאָך זײַן עפּאָפּיי „ברידער". איך קען פיל אויס־צוגן אירע אויף אויסווייניק. אין מײַן זיקאָרן האָבן זיך פאַר־קריצט מאַרקישעס לידער וועגן זײַן קינדהײַט, וועגן דער אַל־טער היים, וועגן זײַן מוטער. ווי מערקווירדיק עס האָט זיך אין פּערעץ מאַרקישעס שאַפן צו־נויפגעגאָסן דאָס נאַציאָנאַלע מיטן פּאַטאָס פונעם פּראָלעטאַ־רישן אינטערנאַציאָנאַליזם. די דערינערונגען וועגן מײַנע באַ־געגענישן מיט אָט דעם ייִדישן פּאָעט זײַנען באַ מיר אַ טײַ־ערער אויצער. מיט פּיעטעט באַ־צי איך זיך צו זײַנע ביכער, וועלכע ער האָט מיר געשענקט.

## מיט דער זעצער־ווער־סטאַטקע אין האַנט

עס טיילט זיך מיט זײַנע זיכ־רוינעס דער אַלטער אונטערער־דישער טוער, איינער פון די אַקטיווע אָנטיילנעמער פונעם אַקטיאַבער־אויפשטאַנד אין ווײַסרוסלאַנד לייב סטראַנ־גין. אַ הויכקוואַליפיצירטער פּאָליגראַפיסט, איז ער נאָך דער דײַטשישער אָקופּאַציע אין 1918 באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר פונעם דרוק־וועזן אין מינסק און אין דער אומגעגנט, אין 1922 — אַלס אָנפירער פו־נעם דרוק־ און פאַרלאַג־וועזן אין ווײַסרוסלאַנד. אין די שפּע־טערדיקע יאָרן האָט ל. סטראַנ־גין אָנגעפירט מיט דער ייִדי־



לייב סטראַנגין אין דער אונטערערדישער דרוקערײַ אין 1918.

שער פֿאַרלאַג־אַרבעט אין מאָסקווע.

— סאַכאַקל הונדערט טעג זײַנען אַוועק נאָכן זיג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. מינסק האָט געיובלט, און די גאַסן האָט זיך נאָך געפֿילט דער גרויסער יאָמטעוו. פּלוצעם האָט אָף ווײַסרוסלאַנד זיך אָנגעוואָרפֿן א פֿינצטערע כמאַרע. דעם 12 יאַנוואַר 1918 האָט דער ווײַס־פּוילישער גענעראַל דאָווב־אָר־מוסניצקי טעלעגראַפֿירט דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פֿונעם סאָ־וועטישן מיִרעוו־פֿראָנט, אַז זײַן קאָרפּוס געפֿינט זיך פֿון איצט אָן אין מילכאָמע־צו־שטאַנד מיט רוסלאַנד. אין א כוידעש אַרום האָבן די גענע־ראַלן פֿונעם קייזער־דײַטש־לאַנד דערקלערט פֿאַר פֿאַר־ענדיקט דעם וואָפֿנשטילשטאַנד, און דעם 16 פֿעוראַל זײַנען זיי אַריבער אין אָנגריף אַפֿן גאַנצן מיִרעוו־פֿראָנט. אין צוויי טעג אַרום, דעם 18 פֿעוראַל, האָט אין מינסק זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פֿון די סאָוועטישע און פּאַרטייִשע אַנשטאַלטן, און שוין דעם 22 פֿעוראַל האָבן אין שטאָט אַרײַנמאַרשירט די דײַטשישע מיליטער־טײלן.

אָנהייב מאַרט איז צו מיר געקומען איוואַן טשעקאַלינסקי, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט אין פֿאַרייִן פֿון די דרוקער און פֿאָטאָגראַפֿן. ער האָט מיר דער־ציילט, אַז אין שטאָט איז גע־שאַפֿן געוואָרן אַן אונטערערדי־שער קאָמיטעט, און האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס.

אָף מאָרגן, ווען איך בין גע־קומען לויטן אַדרעס, האָב איך דערזען, אַז איך געפֿין זיך טאַ־קע אין טשעקאַלינסקיס דירע. אין הויף, הינטערן שטעלכל, זײַנען געזעסן אָף דער פֿריזבע די מיר גוט באַקאַנטע פּאַרטיי־טוער ב. רײַצעס, ש. כאַדאַש, א. קריניצקי (באָמפּי). פֿון זיי טאַקע איז באַשטאַנען דער אונ־טערערדישער פּאַרטיי־קאָמי־טעט. א ביסל שפּעטער איז דער קאָמיטעט פֿאַרברייטערט גע־וואָרן, און אים זײַנען אַרײַן א. סלאַווינסקי, יע. רוסעצקי און איך. מיר האָט מען אָנגע־טרויט די פֿאַרלאַג־טעטיקײַט — דאָס אַרויסלאָזן פֿלוגבלעטלעך און אויפֿרופֿן, סלאַווינסקין — די אָנפֿירונג מיט דער אַרבעט אין דאָרף.

ווען איך בין צוגעטראָטן צום אויספֿילן מײַן אויפֿגאַבע, האָט דער קאָמיטעט געקאָנט אויס־נוצן סאַכאַקל איין שאַפּיראָ־גראַף. מיר האָבן אָף אים אָפּ־געדרוקט דאָס ערשטע פֿלוג־בלעטל. איך האָב גוט געוווּסט אַלע מינסקער דרוקערײַען. בין איך אַוועק אָף באָגאַדעלניע־גאַס, צום אייגנטימער פֿון א דרוקערײַ י. בערנשטיין. דאָס איז געוועזן אַן אָרעמער קו־סטאַר, ער האָט קיינמאָל ניט גענוצט קיין געדונגענע אַר־בעטסקראַפֿט. ער אַליין, זײַן פֿרוי דאָרע, זײַן ייִנגל מוישקע — דאָס איז געוועזן דער גאַנצער „שטאַט“ פֿון זײַן דרוקערײַ.

י. בערנשטיין איז געוועזן גע־פֿערלעך קראַנק — אים האָט געטראָפֿן א פּאַראַליטש. זײַן געזינד האָט זיך געפֿונען אין שווערער נויט. איך האָב גע־זאָגט בערנשטיינס פֿרוי, אַז איך דאַרף אָפּדרוקן א פּראָגראַמקע פֿאַרן קינאָ־טעאַטער „גיגאַנט“, און האָב איר געגעבן צוויי „קערענקעס“ אַן אַדערויף. זי איז באַלד אַוועקגעלאָפֿן אַפֿן מאַרק קויפֿן עפּעס צום עסן און א ביסל האָלץ. פֿאַרבליבן אין שטוב אַליין מיטן כוילע, האָב איך זיך אַרומגעקוקט. די דירע איז באַשטאַנען פֿון צוויי צי־מערן מיט א קעלער. די פֿלאַכע דרוק־מאַשין און די „אַמערי־קאַנקע“ זײַנען געשטאַנען אין קעלער, די קאַסעס — אין איי־נעם פֿון די צימערן.

אינגיכן זײַנען בא מיר שוין געווען אָפּגעדרוקט 3000 עקז. פֿון א פּראָקלאַמאַציע. איך בין אַרויס אין גאַס. ס'איז שוין גע־ווען פֿינצטער. אינעם אָפּגע־


Deutsche Soldaten!

Ein Wort an Euch, Kameraden!

Proletarier aller Länder, vereinigt Euch!

DER ROTE SOLDAT

Organ der Deutschen Kommunisten Gruppe der Ost-Armee

צו אלע ארבעטער אין די אקופירטע

MANIFEST

des Kriegs-Revolutions-Rates der Deutschen Ost-Armee

Unsere Sache ist Eure Sache.
Unsere Niederlage ist Eure Niederlage.
Unser Sieg aber auch Euer Sieg.
Wir sind Brüder einer proletarischen Familie.
Denkt daran!

אומלעגאַלע פֿלוגבלעטלעך, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן בײַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע.

רעדטן אָרט האָבן אַף מיר גע־וואָרט קריניצקי מיט דער כא־ווערטע סאָסנאָוויטש. איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם קויש מיט די פּראָקלאַמאַציעס.

דער קאָמיטעט האָט באַ־שלאָסן צו שאַפן אַן אייגענע אומ־לעגאַלע דרוקעריי. די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר אויספירן אָט דעם באַשלוס איז אַרופגע־לייגט געוואָרן אַף מיר. די שווערסטע פראַגע — וועגן אַ לאָקאַל פאַר דער דרוקעריי — איז גלייך געלייזט געוואָרן — קיין בעסערע דירע, איידער טשעקאַלינסקיס, האָט מען גאָר ניט באַדאַרפט. דאָס הויז שטייט אין עק שטאָט. אַרום אים — אַ סעדל און אַ גאָרטן, פאַרשיי־דענע ווירטשאַפטלעכע ביניאַ־נים. ווער וועט דאָ קאָנען עפּעס זען אָדער הערן?

ערגער איז געווען מיט שריפט. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן נאָך שריפט קיין סאָוועטן־רוסלאַנד. איינוווינער פון דער אָקופּירטער טעריטאָריע האָבן יאָ געמעגט אַריבערפאָרן קיין רוסלאַנד, נאָר זיי האָבן גע־דאַרפט דורך אַ דערלויבעניש פון דער דייטשישער גרענעץ־מאַכט. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אָרשע, ווו עס האָט זיך גע־פונען די דעמאַרקאַציע־ליניע. דערשלאָגן זיך אַ דערלויבע־ניש, בין איך שנעל אַריבער אַף דער צווייטער זייט ליניע, ווו עס איז געווען די אַזויגערופענע „נייטראַלע טעריטאָריע". ביזן סאָוועטישן גרענעץ־פּונקט האָב איך געדאַרפט דורכגיין עט־לעכע קילאָמעטער.

אין סמאָלענסק האָב איך זיך געטראָפן מיטן געוועזענעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון מייַרעוו־פראָנט, פאָרזיצער פון צאָפן־מייַרעווודיקן געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי — א. מיאַסניקאָוו און מיט די כאַווערים קנאָרין, רייינגאָלד, אַליבעגאָוו. איך האָב זיי דערציילט וועגן אונדזער אַרבעט, וועגן די שוועריקייטן מיט שריפט. מיאַסניקאָוו האָט מיר געגעבן אַ בריוו אין דער רעדאַקציע פון „פּראַוודאַ". אין מאָסקווע האָט מיך שוין דער קאָמיסאַר פון דער „פּראַוודאַ"־דרוקעריי באַזאָרגט מיט דער נייטיקער טעכניק.

ווען איך האָב זיך אומגע־קערט קיין סמאָלענסק, האָב איך מיט מיאַסניקאָווס הילף באַקומען פון דער אָרטיקער דרוקעריי מער ווי צוויי פּוד נייַעם טעקסט־שריפט. מיאַסני־קאָוו האָט, כוץ דעם, געשיקט מיט מיר שיפריטע דירעק־טיוון פאַרן מינסקער אונטער־ערדישן קאָמיטעט.

איך בין ווידער אַריבער די דעמאַרקאַציע־ליניע, נאָר, פאַרשטייט זיך, שוין ניט לע־גאַל.

אַלזאָ, שריפט האָבן מיר שוין אויך. פעלן נאָך בלויז זאַץ־קאַ־סעס. איז דאָך כאַדאַש אַ סטאָ־ליער. האָט ער געמאַכט צוויי קאַסעס מיט אַלע נייטיקע קונצן. דער שריפט איז פאַנאַנדערגע־לייגט געוואָרן איבער די קאַ־סעס, און די אַרבעט איז אַוועק אין פולן גאַנג.

וועגן וואָס האָבן געדעדט אונדזערע פלוגבלעטלעך און פּראָקלאַמאַציעס? זיי האָבן גע־רופן דאָס פאָלק צו געבן אַ ווי־דערשטאַנד די אָקופּאַנטן, שאַפן פּאַרטיזאַנישע מאַכנעס, גרייטן זיך צו אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד, קעדיי אופשטעלן די סאָוועטן־מאַכט, געווייצט די פויערים, זיי זאָלן ניט לאָזן דעם סוינע ראַ־בעווען, אַרויספירן אונדזער־טוווע קיין דייטשלאַנד, דער־קלערט די אַרבעטער און פויע־רים, אַז די פּאַרטיי לעבט, קעמפט און האַלט הויך די פאָן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוצ־ציע.

אונדזער ליטעראַטור האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אַף די מאַסן. נאָך איר פלעגט מען קומען קיין מינסק פון אַלע עקן ווייַסרוסלאַנד.

האַרבסט 1918. מיר הייבן אָן אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלע צייַ־טונג. אויסזעצן דעם טעקסט — דאָס איז ניט אַזוי שווער. אָבער דעם זאַץ דאַרף מען דאָך דרוקן, און דער גאַבאַריט פון אונדזער „באָסטאָנקע" איז געווען צו קליין פאַר אַ צייַטונג. נאָר אַז דער באַרג גייט ניט צו מאַגאָ־מעטן, גייט מאַגאָמעט צום באַרג, — מיר האָבן צוגעפּאַסט דעם פאָרמאַט פון דער צייַטונג צו דער גרייס פון דער ראַם פון דער „באָסטאָנקע".

איצט פעלט נאָר אַ קעפּל פאַר דער צייַטונג. נאָך לאַנגע


דער
פרייער ארבעטער
ארגאן פון די קאמוניסטן
זאל לעבן די סאציאלע רעוואלוציע!
זאל לעבן די דיקטאטור פון פראלעטאריאט!
צום יום טוב.

ערשטער נומער פון דער צייטונג „דער פרייער ארבעטער", נ. 1, פונעם 7טן נאָוועמבער 1918.

אמפערנישן האָבן מיר באַשלאָסן זי אָנרופן „אונטערערדישע פּראַוודאַ". בלייַבט איבער איין אופגאַבע — קריגן שריפט פאַרן קעפל.

איך האָב אַמאָל געאַרבעט אין פּאַרינס דרוקערייַ, וואָס געפינט זיך אַף פּרעאָבראַזשענסקי־גאַס. איך האָב געוווּסט, אַז שאַבעס איז זי פאַרמאַכט, נאָר דאָרט דעזשורעט דער באַלעבאָסטעס א קאָרעוו, מיט וועמען איך בין געווען באַקאַנט.

בין איך אַוועק אַף פּרעאָבראַזשענסקי, אָנגעקלאַפּט אין טיר פון דער דרוקערייַ. עס איז אַרויס דער דעזשורנער. ער האָט מיך דערקענט, באַגריסט זיך. איך האָב אים פאָרגעלייגט שטעלן טיי און איבערבייַסן. „טיי — דייַנע, מעזוינעס — מייַנע. נא דיר געלט, לויף צו אין דער קאָנדיטערסקע און קויף עפּעס אַף צובייַסן".

ער האָט געכאַפּט די „קערענקע" און אַוועק.

איך האָב קעהערעף־אין געפונען די נייטיקע קאַסע מיטן קעפּל־שריפט און אויסגעקליבן די 16 אויסיעס פאַר די צוויי ווערטער „פּאָדפּאָלנאַיאַ פּראַווּדאַ". די אויסיעס האָב איך פאַרשטעקט אין די כאָליעוועס פון די שטיוול. פאַרן וואָרט „פּראַווּדאַ" האָב איך אָפּגעקליבן א גרעסערן ליטער, פאַרן וואָרט „פּאָדפּאָלנאַיאַ" א ביסל א קלענערן. דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אַפן דעזשורנעם. ער האָט זיך אומגעקערט א צופרידענער, מיט א היפּש פּעקל אין האַנט. מיר האָבן אָפּגעטרונקען טיי, געשמאַק איבערגעביסן און צעזעגנט זיך...

די צייַטונג איז דערשינען. דאָס איז געווען א גרויסע דערגרייכונג פונעם אונטערערדישן קאָמיטעט, אָן עמעסער יאָמטעוו פאַר אונדז.

אין אָנהייב נאָיאַבער 1918 איז אויסגעבראָכן די רעוואָליוציע אין דייַטשלאַנד. די אַטמאָספער אין די געגנטן פון ווייַסרוסלאַנד און ליטע, וועלכע זייַנען געווען אָקופּירט דורך די דייַטשן, האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. סאָוועטן־רוסלאַנד האָט אַנולירט דעם בריסקער אָפּמאַך, די רויטע אַרמיי איז אַוועק אין אָנגריף, און די אָקופּאַנטן האָבן געמוזט פאַרלאָזן אונדזער קאַנט.

...פון יענער צייַט איז שוין אַוועק קימאַט א האַלבער יאָרהונדערט. פון מאָל צו מאָל טרעף איך זיך אין מאָסקווע מיט אַלטע כאַווײרים, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער אונטערערדישער אַרבעט בייַס דער דייַטשישער אָקופּאַציע פון ווייַסרוסלאַנד. און מיר ווערן ניט מיד צו דערמאָנען זיך אַלץ נייַע און נייַע פּראָטים, ווי מיר האָבן דעמלט — ווער מיט דער ביקס, ווער מיט דער זעצערווערסטאַטקע און ווער מיט דער פּען אין האַנט — געקעמפט קעגן די באַנגעטן פונעם קייַזער־דייַטשלאַנד.

## די ערשטע קאָמיוגיסטן

נאָך די אַלטע באָלשעוויקעס, וועלכע זייַנען בייַס דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע שוין געווען דערפאַרענע רעוואָליוציאָנערע קעמפער, האָבן זיך געטיילט מיט זייערע דערינערונגען יענע, וועלכע זייַנען מיט קאַרגע פופציק יאָר צוריק געווען צווישן די ערשטע מיטגלידער פונעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד.

נ י ק אָ ל ײַ  אָ ר ע כ ו ו אָ (געוועזענער סעקרעטאַר פון צק פונעם קאָמיוג פון ווייַסרוסלאַנד, איצט א וויסנשאַפט־טוער אין מינסקער אינסטיטוט פון פּאַרטיי־געשיכטע).

— א געבוירענער בין איך פון ווייַסרוסלאַנד. נאָר מייַן ערשטע רעוואָליוציאָנערע שול האָב איך דורכגעמאַכט אין דער שטאָט נאָווגאָראָד. פאַר מיר, דעם 15־יאָריקן יינגל, האָט דאַן, אין 1917—1918, געדינט



אַלס בייַשפּיל דער אַלטער באָלשעוויק, מיטגליד פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג כאַווער יאָנאָוו. א מענטש פון ניט קיין הויכן וווּקס, מיט לאַנגע, אַף הינטן פאַרקעמטע האָר, אין א טונקעלער הוט מיט ברייטע פאַלדן, האָט ער אַפילע אויסערלעך מיר דערמאָנט דאָס געשטאַלט פון א רעוואָליוציאָנער, וועגן וועלכן איך פלעג לייענען אין די ביכער. איך האָב ליב געהאַט צו גיין אַף מיטינגען און הערן יאָנאָווס רעדעס. זייַן הייסע לייַדנשאַפטלעכע פּאָלעמיק מיט די עסערן און מענשעוויקעס איז טיף אַרייַנגעדרונגען אין אונדזערע יונגע הערצער און געהאָלפן אונדז באַנעמען דעם טאָך פון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן.

איך געדענק, ווי אַנומלטן, אין 1918, איז אינעם קלאַס, וווּ איך האָב געלערנט, אַרייַנגעקומען די לערערן פון פראַנצויזיש. א רעאַקציאָנער־געשטימטע, איז זי נערוועז אַרומגעגאַנגען צווישן די פּאַרטעס, שילטנדיק די באָלשעוויקעס דערפאַר, וואָס זיי האָבן אייַנגעפירט די נייַע קלאָלים אין דער רוסישער אָרטאָגראַפיע. זי האָט פּלוצעם אויסגעשריען צו אונדז:

— עפּשער זייַנען צווישן אייַך אויך פאַראַן באָלשעוויקעס? אַנו, ווער איז פון אייַך א באָלשעוויק, זאָל ער אויפשטיין.

דער קלאַס איז פאַרשטילט געוואָרן און געוואַרט. איך האָב

זיך אופגעשטעלט... פאר מײַנע אויגן האָט געשוועבט דאָס געשטאַלט פונעם באַלשעוויק יאַנאַוו...

אינגיכן האָב איך זיך אומגעקערט אהיים — קיין ווײַסרוסלאַנד. אין 1919 בין איך אַרײַנגעטראָטן אין קאָמיוג. אין א יאָר ארום — אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך האָב אָנגעהויבן ארבעטן אין צק פון קאָמיוג.

טאָמיד זײַנען אונדזערע אייצעגעבער געווען די אַלטע באַלשעוויקעס. מיט זייער פּרינציפּיעלקײַט, פרײַנטשאַפט, פּאַשעטקײַט און באַשיידנקײַט האָבן זיי פאַר אונדז געדינט אַלס מוסטער.

יעפים סאַדאָווסקי (מיטגליד פונעם שרײַבער-פאַרבאַנד פון ווײַסרוסלאַנד).

— ווען איך שפּאַן איצט איבער די גאַסן און פּראָספּעקטן פון מײַן שיין צעבליטן מינסק, זע איך פאַר זיך יענע העלדישע קעמפער, וועמעס נעמען עס טראָגן אָט די גאַסן. אין ברודער-קייווער, וואָס שטייט אין מינסקער פּאַרק אַף גאָרקיס נאָמען, שלאָפן מיט אַן אייביקן שלאָף אנס דאומאַן — דער געוועזענער שטאַב-שעף פון דער צענטער שיסער-דיוויזיע, און יוסעף פלאַקס — דער ערשטער מינסקער קאָמיוגיסט, געוועזענער שעף פונעם פּאָליט-אָפּטייל פון דער 8-טער שיסער-דיוויזיע. אנס דאומאַן איז געווען א לעט. ער איז פרי געוואָרן א פּראָפעסיאָנעלער רעוואָליוציאָנער, געזעסן אין די צאַרישע טפיסעס, פאַרזוכט דעם טאַם פון קאַטאָרגע. די צענטע דיוויזיע, ווו דאומאַן איז געווען שטאַב-שעף, האָט געהערט צו דער עלפטער ארמיי, וועלכע האָט אין 1920 באַוויזן וווּנדער פון העלדישקײַט אַפן מײַרעוור-פראָנט. די רויטאַרמייער האָבן זייער ליב געהאַט דעם קאָמאַנדיר אנס דאומאַן, זײַנס א וואָרט איז פאַר זיי געווען א געזעץ.

אין אווגוסט 1920 איז די צענטע דיוויזיע נאָך שווערע שלאַכטן אַרײַן אין בריסק. דער דיוויזיע-שטאַב האָט באַשטימט אָפּשטעלן זיך אין דער פעסטונג. דאומאַן האָט צוזאַמען מיט די שטאַב-קאָמאַנדירן פּלאַנירט די ווײַטערדיקע שלאַכט-אָפּעראַציעס. פּלוצעם האָט א זעץ געטאָן דעם סוינעס א סנאַריאַד, און דאומאַן איז שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן.

דער העלד האָט געפונען זײַן אייביקע רו אין מינסקער שטאָט-פּאַרק.

יוסעף פלאַקס איז אומגעקומען אין עלטער פון צוואַנציק יאָר. כאָטש ער איז געווען יונג, האָט ער שוין געהאַט א גרויסע רעוואָליוציאָנערע ביאָגראַפיע. ער איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון קאָמיוג אין ווײַסרוסלאַנד. ווען דער סוינע איז אָנגעפאַלן אַף דער יונגער סאָוועטן-רעפּובליק, איז יוסעף פרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער ארמיי. א פּרעכטיקער רעדנער, א מענטש מיט א גײַסטיק רײַכער נעשאָמע, איז יוסעף פלאַקס באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון פּאָליט-אָפּטייל פון דער אַכטער דיוויזיע, וועלכע האָט אויך געהערט צו דער עלפטער ארמיי. געפאַלן איז ער אין שלאַכט מיט א העלדנטויט.

יוסעף פלאַקס רוט אין איין ברודער-קייווער מיטן אַלטן באַלשעוויק אנס דאומאַן.

מיט זייערע נעמען זײַנען אָנגערופן צוויי שיינע גאַסן אין דער הויפּטשטאָט פון סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד.

יאַנקל באַטוויניק (א קאָמיוגיסט פון 1920, מיטגליד פון דער פּאַרטיי פון 1922. שעף פון דער הויפּט-פאַרוואַלטונג פאַר ענערגעטיק באַם מיניסטאָרן-ראַט פון ווײַסרוסלאַנד).

— אין די צוואַנציקער יאָרן איז אין מינסק געווען בלויז איין קליינינקע עלעקטראָסטאַנציע, וואָס האָט קוים געזשיפּעט.



די גאָרקיכן, מאַגאַזינען און וווינונגען האָבן פון עלעקטרישער שײַן ניט געוווּסט. די עלטערע כאַווײרים האָבן אונדז דעמאָלט א סאַך דערציילט וועגן גאָעלראָ — דעם לענינישן פּלאַן פון עלעקטריפיצירן דאָס לאַנד.

איך און נאָך אייניקע יאַטן זײַנען אוועק ארבעטן אין דער מינסקער עלעקטראָסטאַנציע. אין יאָרן ארום האָט מען מיך געשיקט לערנען אין ווײַסרוסישן פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, וועלכן איך האָב פאַרענדיקט אין 1936. זינט דעמאָלט בין איך א פּראָפעסיאָנעלער עלעקטריפיקאַטאָר.

סאַראַ פרייד עס איז צו זען, ווי לענינס לעמפּעלע שײַנט איצט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד. העכער א מיליאָן פויערשע געזינדן פון דער רעפּובליק האָבן טעלעוויזאָרס, ראַדיאָלעס, רעפריזשיראַטאָרס, עלעקטרישע וואַש-מאַשינעס. סאָוועטן-ווײַסרוסלאַנד האָט איצט אַן אײַנהײַטלעכע ענערגאָ-סיסטעם, וואָס פאַרבינדט אַלע עלעקטראָסטאַנציעס פון דער רעפּובליק. אין קאַרטוז-בערעזער ראַיאָן פון בריסקער געגנט, ווו עס זײַנען פריִער געווען דורכויסיקע זומפּן און ווו אין דער טרויעריק באַרימטער קאַרטוז-בערעזער טפיסע האָט מען געפײַניקט רעוואָליוציאָנערן, —

אין אָט דעם וויסטן אָרט ארבעט איצט איינע פון די גרעסטע אין סאָוועטנפארבאנד טערמישע עלעקטראָסטאנציעס.

אינעם שטעטעלע סמילאָוויטשי האָבן ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע די גארבער געווייקט די פעלן אין פעסער. שוסטער און שניַידער זיַינען ביכלאל געזעסן אָן א שטאָך ארבעט. איצט פונקציאָנירט דאָ א מעכטיקע עלעקטראָסטאנציע, וואָס באזאָרגט מיט ענערגיע דעם באוווסטן זאוואָד פון אווטאָמאטישע אויסלאָדערס.

מיר, די קאָמיוגיסטן פון די צוואנציקער יאָרן, וועלכע זיַינען דערצויגן געוואָרן דורך דער אלטער באָלשעוויסטישער גווארדיע, ארבעטן צוזאמען מיט היַינטיקע יונגע ספּעציאַליסטן — אונדזערע קינדער און אייניקלעך.



שליסנדיק די באגעגעניש, האָט דער הויפּט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד“ ארן ווערגעליס אָפּגעדאנקט די פארזאמלטע און אויסגעדריקט די זיכערקיַיט, אז די פּילצאָליקע לייענער פון אונדזער זשורנאל וועלן מיט גרויס אינטערעס אופנעמען די טיף־באלערעוודיקע דערציילונגען פון די אלטע באָלשעוויקעס.

די באגעגעניש האָט באוויזן, ווי פרוכטבאר עס איז פאר דער ליטעראטור די ענגע פארבינדונג מיט די וועטעראנען פון דער רעוואָליוציע. פאר די ייִדישע סאָוועטישע שריַיבער איז דאָס א לעבעדיקער קוואל פאר נײַע ווערק וועגן דער גרויסער אָקטיאבער־עפּאָכע.



# איך טראָג מיט פרייד מייַן אַל

• • •

באנאכט, די קינדער שלאָפן שוין. איך שפיר:
א זיסע שטילקייַט, ווי א קוועלכל, פלעפלט.
אַף גרינע ווענט די שאָטנס פונעם מעבל
זיך גיבן ניט קיין ריר.

ס'איז יעדע מינדסטע רעגע אָנגעזאפט
מיט פרייד מיט ברויזנדיקער, ניט געצוימטער.
נאָר כ'ליג די אויגן אָפן, א פארטרוימטער,
און אין מייַן הארצן שטארק דער אומרו קלאפט, —

דער אומרו, וואָס מייַן פרייד און רו צעשטערט
און טריפט אריַין מיט גיפט אין יעדער רעגע.
און איך דערפיל אפסנייַ די כייַע־נעגל,
וואָס ווילן אלץ פארגלייַכן מיט דער ערד.

• • •

ווי האלט עס אויס דער בארג
אזעלכע וואָלקנס שווערע?
ס'איז גרויליק גרויס די לאסט,
ס'איז פראָסט — אוווידאס־
פערעך.

נאָר ס'דויערט גאָר ניט לאנג —
פון כמארעס בלייַבט קיין זיי־
כער.
בלויז אפן שפיץ פון בארג
א וואָלקנדל זיך רייכערט.

און ס'לויכט אפסנייַ דער בארג,
זייַן שיינקייַט ניט פארלוירן.
דער גרינער וואלד אַף אים
ווערט פריש, ווי נייַ־געבוירן.

צופוסנס בארג — דער יאם.
פארברוינטע, אויסגערוטע,
אין כוואליעס טאנצן מיר,
ווי קינדער פון איין מוטער...

• • •

ווען ס'האָבן נאָכן קריג
די ווונדן מייַנע זיך פארהיילט,
כ'האָב ניט געשווירן דיר,

אז כ'וועל דיך אייביק ליבן, —
אַן עפל כ'האָב אַף העלפטן צוויי צעטיילט,
און אין דייַן העלפט זייַנען די קערנדלעך
געבליבן...

• • •

באם ברעג פון יאם, בא אָט דעם ווייַסן שטיין,
כ'בין מיט א פערטל הונדערט יאָר צוריק געשטאנען.
כ'פלעג ווארטן, ביז די פלאמענדיקע זון ט'פארגיין.
דערנאָך פארבייַ די שוימענדיקע כוואליעס שפאנען.

די טרײַע אייביקייַט — אָט ווי זי שטייט און גייט,
האָט, דוכט מיר, ניט געענדערט זיך קיין טראָפּן,
דער זעלבער גרינער בארג באם יאם צוקאָפּן,
די זעלבע גלײַך־פּײַערדיקע זון פארגייט.

מעייווער דאָרט לעיאם, אויב כ׳האָב קיין טאָעס ניט, —
פונדאנען איז מיר שווער זיי צו באמערקן, —
שפּאצירן אום מיט שמאָלן אויגן־שניט
די זעלביקע ברייטפּענעמדיקע טערקן.

אפילע איך אליין, פון ערשטן אויגנבליק,
האָב זיך, מיר שײַנט, ניט איבעריקס געמינערט.
ווי דאן — א זשוואווער באָכער, נאָך א גרינער —
איך זאפּ מיט שטוינונג אײַן דעם יאמס מוזיק.

די שווערע יאָרן קריג, די פּלאָג און ווײ
זיך טראָגן האסטיק דורך פארבײַ, ווי שוואלבן.
פארגעס איך, אז מיט פיס מיט אָנדערהאלבן
באם ברעג פון שווארצן יאם אצינד איך גיי.

• • •

נו, דאכט זיך וואָס —
א וואָלקן איז פארשוווּנדן,
און וויפל פרייד דערוועקן
די זונען־פלעקן
אף די ווענט.

גלײַך ס׳וואָלטן רירעוודיקע הענט
א פריילעך שײַטערל
אין הארץ בא מיר צעצונדן,
און ס׳טוען שוין ניט ווי מיר
מײַנע וווּנדן.

• • •

ווי דו זעסט,
קאָן די גאָלדענע קאלב
ווערן מעגולגל
אין אטאָם פון טויט...
וועט ניט בלײַבן דער שוואלב
קיין בלעטל, קיין שטרויעלע,
קעדיי בויען א נעסט,

ווו צו אויסברוּען אייעלעך,
און דער בין —
קיין איין־איינציקע קוויט...
— — — — — — — — — — — — — —

אוי, ווי לעפּישעוואטע איך בין.
וועט דען בלײַבן די שוואלב מיט דער בין?..

• • •

ניין, איך וויל ניט בעשום־אויפן
מײַן מענטשלעך גליק,
ווי א שעפס פארן שטריק
אין א מארק־טאָג פירן פארקויפן.
ניין, עס וואָלטן די קליינגערס אין טאש
אף קיין טראָפּן מײַן הארץ ניט דערפרייען.
מיט ביליקן פידיען־קוראזש
ניט באוווּנדערן וועסטו ראסייע.

כ׳טראכט נאָר איינס, אז מײַן ערלעכע מי
זאָל אָן אָנהאלט מיר זײַן א פעסטער.
כ׳טרוים, מײַן טאַכטערקעס פידל־שפּיל
זאָל א קלונג טאָן מיט הארץ אין
אָרקעסטער.
כ׳טרוים, מײַן זון זאָל אין ליכטיקן רוים
פירן אין ארקטיקע אָן עסקאדריליע.
זאָל זי וואקסן, ווי א שיינער בוים,
אף סאָוועטישער ערד, מײַן פאמיליע.

• • •

וואָס עלטער ווער איך,
אײַנגעשרומפּן, קלענער,
אַלץ גרעסער זיך צעוואַקסן
מײַנע פּלענער.

גראָד איצטער פּעלט מיר
פראָסטער יונגער קויעך.
פאַרוואָס זשע אױף דער וועלט איז
אַלץ קאַפּויער?

• • •

דער ווינט אױף דער אָסינע טוט א שפּיל
מיט אַלע געלע בלעטלעך מיטאַמאָל.
צערוישן גלעקעלעך זיך אָן א צאָל —
א וואַלדישער, א הארבסטיקער קאַדריל.

כאָטש בלויז א טאָג נאָך גוױוער זײַן דעם
ווינט, —
נאָך קלינגען און זיך האַלטן אױף דער צווײַג.
עס שמײַסט דער ווינט
און רײַסט דאָס לײַב און שינדט
פון יעדן בלעטעלע.
איך קוק אױף דעם און שווײַג...

• • •

איך וואַרט אױף דיר באַטאָג,
באַנאַכט,
מײַן טיר איז פאַר דיר אָפן.
אַזש ביז באַגינען בין איך וואַך.
טויט־מיד איך ווער אַנשלאָפן.

דאַן קומסטו שטיל אַרײַן, מײַן
פרייד,
א צעטעלע לאָזט איבער:
— שלאָף, שלאָף געשמאַק,
געזונטערהייט,
א פעפער ביסט, מײַן ליבער.

• • •

דער יאַם, דער וואַלד — זיי רוישן זאַלבעצווייט.
דאָס שטיפערל,
מײַן קליינער זון מײַן ליבער,
צעליאַרעמט שטאַרקער זיך
און שרײַט זיי ביידן איבער.
און איך, זײַן אַלטער טאַטע, קוועל פאַר פרייד.

• • •

נעמסטו מיך פון אָסיען־וואַלד אַוועק,
טוט זיך פון מיר אָפּ די שכינע.
צווישן יאָדלעס, דעמבן גאָלדיק־גרינע
איז אָן אויצער יעדער זונען־פלעק.

ס׳שפּרייט איר דלאָניע אויס די קלײנען־
בלאַט,
ס׳ליכטן זיך די אָדערלעך די דינסטע.

פונקט אַזעלכע אױף מײַן האַנט געפינסטו, —
קוק זיך צו, ווי ענלעך אַקוראַט.

מענטש צי בוים. ס׳איז שווער צו זאָגן, ווער
דורשטיקער די זונען־בליטן זאַפּן.
אין דער העלקײַט הארבסטיקער איך הער,
ווי עס טיאַכקען אָדערלעך און קלאַפּן.

שמועל גאַרדאָן

# דער פּעטשאָרער שערער

1

צ‏ווײ טעג פֿאַרן ערשטן מײַ האָט אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם וואַלד־ייִשעוו בערעזאָווקע זיך באַוויזן א פֿולבלעכער מיטלוווקסיקער מענטש מיט א צעקנייטשט לעדערן רענצל אין האַנט. דער אָנגעפּאָרענער האָט נאָך ניט באַוויזן אָפּמערקן אין קאָנטאָר פֿון דער וואַלד־ווירטשאַפֿט די קאָמאַנדירונג, ווי אָפּן הויכן ברעג טײַך לעבן שטיבל פֿון זײַן קאָרעוו יעכיִעל דעם זעגער איז שוין געשטאַנען א ריי, גלײַך עס וואָלט אַהער אַראָפּגעקומען פֿון פּעטשאָרע ניט קיין שערער, נאָר א באַרימטער דאָקטער.

איבעריק צופֿרידן דערפֿון, וואָס דער דירעקטאָר פֿונעם בערעזאָווקער „לעספּראָמכאָז" האָט ניט געפֿונען קיין אַנדער אָרט, ווו צו עפֿענען אָף די פּאָר טעג א פּאַריקמאַכערסקע, ווי נאָר בא אים, בא יעכיִעלן, אין שטוב, איז דער זעגער, פֿאַרשטייט זיך, ניט געווען. דער פּעטשאָרער שערער, ווערלווע פּיקוס, איז טאַקע זײַנער א קאָרעוו און א גאַנץ אָנגעלייגטער גאַסט, אָבער אַראָפּגעקומען אַהער איז ער דאָך ניט צוגאַסט. איז פֿאַרוואָס דאַרף עפּעס ער אײנער, יעכיִעל, לײַדן פֿון דעם טומל מיטן הו־הא, וואָס יענער האָט דאָ אופֿגעהויבן אינעם ייִשעוו מיט זײַן פּלוצעמדיקן קומען? מע קאָן דאָך שוין באַלד אין שטוב ניט אַרײַנגיין איבער דער ענגשאַפֿט און דעם האַרמידער.

נאָך א גליק, וואָס ס׳איז ערעוו מײַ און ניט ערעוו אָקטיאַבער. סע סקריפּעט שוין פֿאַרט ניט דער שניי, אָט ווי זאַמדצוקער, אונטער די פֿיס, און דער ווינט איז שוין אויך ניט אַזא, מע זאָל זיך פֿון אים דאַרפֿן אויסבאַהאַלטן אין שטוב, אַזוי אַז ס׳איז אָן סאַקאָנעס, אויב דער אוילעם וועט צוווארטן אין דרויסן, ביפֿראַט אַז ס׳איז הײַנט א זוניקער טאָג, ס׳טריפֿט פֿון די דעכער און דאָס אײַז אָף דער קאָזשווע קרעכצט שוין ביסלעכווײַז אונטער. פֿון באַזאָרגן די שערערײַ מיט הייס וואַסער איז ער, דאַנקען גאָט, אויך פּאָטער. ווען מע זאָל אַפֿילע דאַרפֿן אָנטראָגן צען פּעסלעך וואַסער און צען מאָל שטעלן דעם סאַמאָוואַר, וואָלטן זיך געפֿונען גענוג באַלאָנים, ווײַל די, וואָס האָבן געבראַכט פֿונעם טײַך וואַסער און אָנגעהאַקט שפּענדלעך פֿאַרן סאַמאָוואַר, זײַנען אין דער ריי שוין ניט געשטאַנען. אַפֿילע דאָס באַכערל, וואָס האָט צוגעקלאַפּט צו דער בערעזע פֿאַרן הויז דעם פּרײַזקוראַנט, האָט אויך ניט געוואַרט אין דער ריי.

דעם פּרײַזקוראַנט האָבן שוין קימאַט אַלע געוווּסט אָף אויסווייניק, פֿאַרגעדענקט ניט אַזוי די פּרײַזן, נאָר וויִאַזוי עס הייסן די פֿריזורן און די אָדעקאָלאָנען, כאָטש קיין שטאַרקן כילעק צווישן „פּאָלקע" און „פּאָלובאָקס", צווישן „שיפּער" און „פּאָליאָט" האָט דאָ קיינער ניט אײַנגעפֿונען. כוישעד זײַן דעם פּעטשאָרער שערער, אַז ער קאָן פֿאַרבײַטן די פּרײַזן, האָט אויך דאָ קיינער אַפֿילע ניט געקלערט, און ניט אַזוי דערפֿאַר, וואָס באַנאַנד מיטן היפּש פֿאַרפֿלעקטן שפּיגל איז געהאַנגען א רויט פֿענדעלע, וואָס האָט געגעבן צו וויסן, אַז וולאַדימיר אָסיפּאָוויטש פּיקוס איז א מיטגליד פֿון א קאָמוניסטישער בריגאַדע, נאָר ווײַל דער שערער האָט זיך קלאָל ניט צוגערירט צום געלט, וואָס מע האָט געצאָלט. יעדער אײנער האָט אַליין באַרעכנט, וויפֿל פֿון אים קומט, און אַליין אַראָפּגעלאָזט דאָס געלט אין דער פּושקע, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ. דאָס יאָ: עס זאָל ניט געווען הענגען אָף דער וואַנט דאָס רויטע פֿענדעלע, וואָלטן זיך מיסטאַמע אָפּגעזוכט צווישן אוילעם אַזעלכע, וואָס וואָלטן געוועזן א באַלן זיך דערקונדיקן, צי די פּושקע איז טאַקע בעפּייִרעש אַזוי קונציק פֿאַרשלאָסן און פֿאַרכאַסמעט, מע זאָל פֿון דאָרט ניט קאָנען אַרויסבאַקומען קיין מאַטבייִע.

כאָטש די זון אין דרויסן האָט הײַנט העל געשײַנט, איז בא יעכיִעל דעם זעגער אין שטוב געווען טונקל: ביידע פֿענצטער פֿונעם פֿאָדערשטן צימער, ווו ווערלווע האָט געאַרבעט, זײַנען פֿון דרויסן מאַמעש געווען פֿאַרקלעפּט מיט פּענעמער. יעדערער האָט זיך געשטופּט א קוק טאָן,

וואָס טוט זיך דאָרטן. מע איז גרייט געווען דוירעס זײַן יעדן איינעם, וואָס איז געזעסן פאַרן שפּיגל, פּונקט ווי דאָס וואָלט ער געווען שולדיק, וואָס דער שערער אייסעקט זיך אַזויפיל מיט אים.

וועלוווע איז שוין געווינט צו אָט די אומצופרידענע, אָפּטמאָל אַפילע בייזע בליקן, וואָס מע וואַרפט אַף יענע, וואָס צוואָגן דעם קאָפּ, מאַכן אַ מאַסאַזש. ער לייגט אַף דעם קיין אַכט ניט. ער איז דאָך ניט קיין פאַרקויפער אין אַ קראָם, וואָס מע קאָן אים אונטעריאָגן מיט אַן אומגעדולדיקן בליק צי מיט אַ שטעכיק וואָרט. ביפראַט נאָך, אַז די, וואָס שטייען אויף פון בענקל, לאָזט דער אוילעם אַזוי גיך ניט אָפּ. מע באַקוקט זיי און מע באַטראַכט זיי פון אַלע זײַטן. יעדער איינער זאָגט דערבײַ אַרויס זײַנע מעווינעס. נו, יאָ. ער דאַרף דאָס טאַקע זייער נייטיק, מע זאָל אים דאָ נאָך זײַן אָפּפאָרן באַריידן, אָנטאָן ביזיוינעס דעם קאָרעוו זײַנעם און, כוץ אַלעם, קאָן ער פּאָשעט ניט אַרויסלאָזן פון די הענט אַ שטיקל אַרבעט, וואָס זאָל אים אַליין ניט זײַן געפעלן.

שוין פון דעם אַליין, ווי ער האָט פאַנאַנדערגעלייגט די אינסטרומענטן, אַרופגעצויגן אַף זיך דעם זויבערן אָנגעקראָכמאַלעטן כאַלאַט, האָט דער אוילעם דערזען, אַז ס'איז ניט דער קאַדזשעראַמער שערער, צו וועמען די בערעזאָווקער פלעגן זיך מוזן שלעפּן היפּשע עטלעכע קילאָמעטער ביז צו דער באַן־סטאַנציע. דער קאַדזשעראַמער האָט עפּעס גאָר קיינמאָל דאָס בערשטעלע ניט געביטן, און דער פּעטשאָרער וואַשט נאָך יעדן קליִענט מיט זייף די הענט, טוקט אײַן אַ בלוי פּלעמל די מאַשינקע און דאָס שערל, לאָזט אַראָפּ דאָס גאָלמעסער אין אַ גלעזערנעם סלאָי מיט פּיִאָלעטעווער סולעמאַ, און מיט איטלעכן, וואָס זעצט זיך צום שפּיגל, פאַרפירט ער אַ געשפּרעך פון היימלעכקײַט וועגן, זיי זאָלן זיך ביידע ניט לאַנגווײַליקן. ניט ער, וועלוווע, און ניט דער קליִענט. דעריקער גייט דער געשפּרעך וועגן וואַלד און וועגן טײַך, פּונקט ווי וועלוווע קלײַבט זיך אַהער איבערפאָרן. קיינער וואָלט דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט דערווידערט, ער זאָל איבערפאָרן פון פּעטשאָרע קיין בערעזאָווקע, נאָר ער זאָל בײַטן די פּראָפעסיע — ווערן אַ וואַלד־אַרבעטער — אַף דעם וואָלט דאָ זיכער קיינער ניט אײַנגעגאַנגען. און פריִער פון אַלעמען די פרויען. שוין דערמיט, וואָס ער האָט אײַנגעפירט, זיי זאָלן ניט וואַרטן אין דער ריי, האָט ער בא די פרויען אַזוי אויסגענומען, אַז זיי האָבן אים אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מוסטער די מענער.

— נו יאָ, — האָבן די מאַנצבלען דערויף געענטפערט, — ס'איז אים גרינג צו זײַן אַ גוטער אַף יענעמס כעזשבן.

דערהערט עס, האָט וועלוווע זיי אײַנגעטיילט אַ כיילעק:

— ווי שעמט איר זיך ניט אַזוינס צו זאָגן. מיך וווּנדערט מאַמעש אַף אײַך. ס'איז דען איבערצורעכענען, וויפל אַרבעט עס האָט אַ באַלעבאָסטע ערעוו יאָמטעוו: באַקן, און קאָכן, און וואַשן, און צוקלײַבן, און, כוץ אַלעמען, איז זי דאָך אַ פרוי. וואָס פאַר אַ מאַנצבל וויל עס ניט, אַז זײַן ווײַב זאָל אויסזען יונג, און שיין, און פײַן? האַ? אַ פרוי, זאָלט איר וויסן זײַן, וויפל זי זאָל ניט אַלט זײַן, בלײַבט זי שטענדיק אַ פרוי.

— און אַ מאַנצבל וויל ניט אויסזען יונג, און שיין, און פײַן? מירן איבער זיי בלײַבן אויסגעשטעלט, איר פאָרט דאָך מאָרגן שוין אַוועק.

— דאָס, זעט איר, זאָל אײַך שוין ניט אַרן. ביז מאָרגן אָפּדערנאַכט איז נאָך דאָ גענוג־גענוג צײַט.

און אַז אַ וואָרט איז בא וועלווען אַ וואָרט, האָבן איידעס געזאָגט די צוויי פענצטער פון יעכיִעלס שטיבל. אָפן צווייטן טאָג קאַיאָר האָבן זיי זיך שוין געלויכטן. יעכיִעל האָט זיך דערעדט מיט וועלווען, אַז ער וועקט אים אויף מיטן ערשטן קריי פון די הענער, וועלוווע זאָל באַווײַזן זיך אָפּפאַרטיקן מיט דער קאָמפּלעקס־בריגאַדע, ווו יעכיִעל אַרבעט, ווײַל ס'קאָן זיך גרינגלעך מאַכן, זיי זאָלן זיך אומקערן פון וואַלד שוין צו דער פײַערלעכער זיצונג אָדער גאָר צו דער קינאָ.

ווי פרי וועלוווע האָט זיך ניט געפּעדערט, האָט ער אָבער דרײַ מענטשן פון דער קאָמפּלעקס־בריגאַדע ניט באַוויזן אַרומשערן און אָפּגאָלן ביז זייער אָפּפאָרן אין וואַלד, און גראַדע די, פון וועמען ער האָט, אייגנטלעך, געדאַרפט אָנהייבן: דעם בריגאַדיר, דעם שאָפער און יעכיִעלן, וואָס האָט ביכלאַל געמעגט ניט שטיין אין דער ריי.

— ווייסט איר וואָס? — האָט וועלוווע זיי געזאָגט. — וויבאַלד איר קאָנט זיך לענגער ניט פאַרהאַלטן, איז פאָרט זיך געזונטערהייט אין וואַלד, און איך וועל דאָ פאַרנעמען אַ ריי פאַר אײַך, אַז ווען איר וועט ניט קומען, זאָלט איר זײַן די ערשטע. אָפּגעמאַכט? טאָ האָט מיר אַ גליקלעכן שליטוועגס.

נאָך איידער די לאַסטמאַשין, וואָס איז געקומען אָפּפירן די בריגאַדע אַף דער ווײַטער דעליאַנקע, איז אַרויסגעפאָרן פון יִשעוו, איז שוין בא יעכיִעלן דעם זעגער פול געווען די שטוב מיט מענטשן. צוקוקנדיק, ווי עס וואַקסט די ריי, האָט וועלוווע אָנגעהויבן שטאַרק סאָפעקן, צי

ער וועט פאַרכאַפּן דעם אָוונטיקן צוג. דאָס ווײַב מיט די קינדער וועלן וואַרטן אויף אים אין דער היים. וואָס זשע טוט מען? עפּשער געבן א טעלעגראַם: אַזוי און אַזוי, זאָלן זיי אַף אים היינט ניט וואַרטן. יאָגן פון זיך די נעשאַמע, ווען ער זאָל אַפילע וועלן, קאָן ער עס אויך ניט. ס'איז ניט אין זײַן נאַטור. פּײַן אַרײַנגעפאַלן. נאָר צו וועמען קאָן ער האָבן טײַנעס? דער אוילעם האָט אים נאָך נעכטן געוואָרנט, אַז אַזוי וועט זײַן.

דערזען, אַז דער שערער אײַסעקט זיך היינט אויף אַרום יעדן איינעם, פּונקט ווי נעכטן, — האָט די גאַנצע ריי זיך איבערגעקליבן פון דרויסן אין שטוב אַרײַן, געבנדיק מיט דעם אָנצו־הערן דעם פּעטשאַרער, אַז זיי וועלן אים פונדאַנען ניט אַרויסלאָזן, ביז ער וועט זיי אַלעמען ניט מאַכן גרייט צום יאָמטעוו. קיין איבעריקע בענקלעך זײַנען אין שטוב ניט געווען, האָט מען זיך אויסגעזעצט אַף די פענצטער, זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָדערשטע אין דער ריי, זיי זאָלן עס מאַכן בעקיצער, אַז ניט, וועט מען זיי אַראָפּשלעפּן פון בענקל. געוואָרנט האָט מען וועגן דעם אַזוי, אַז דער פּעטשאַרער זאָל עס אויך הערן. נאָר וועלוועל האָט סײַווי געטאָן זײַנס.

סאָף טאָג האָבן זיך אַרײַנגעוואַלגערט אין שטוב די דרײַ פון דער קאָמפּלעקס־בריגאַדע, וואָס האָט זיך נאַרוואָס אומגעקערט פון וואַלד. עס האָט נאָך פון זיי געשמעקט מיט פראָסט, מיט בענזין, מיט זעגעכץ. אַז עס שטייט פאַר אַזאַ געפאַר, די ריי זאָל פון פאַרנט אויסוואַקסן אַף דרײַ מענטשן — האָט יעדערער דאָ געוווסט, נאָר יעדן האָט זיך געוואָלט, דאָס זאָל געשען נאָך דעם, ווי ער וועט שוין זיצן פאַרן שפּיגל.

ווען יעכיעל, דער צווייטער לויט דער ריי אין דעם דאָזיקן דרײַלינג, האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל, איז פּונקט אַרײַנגעקומען דער דירעקטאָר פון „לעספּראָמכאָז" לעאָניד מיכײַלאָ־וויטש איוועלעוו, א מענטש, וואָס האָט שיר ניט אונטערגעשפּאַרט מיטן קאָפּ די סטעליע.

— ווי גייען דאָ באַ אײַך עפּעס די געשעפטן? ווי האַלט איר מיטן פּלאַן? — האָט ער, א קלונג טוענדיק מיט דער פושקע, געפרעגט באַ וועלוועלן און געוואָרפן דערבײַ א בליק אַף זיך אין שפּיגל.

פּיקוס האָט אָפּגעווישט מיט א סאַלפעטקע דאָס פרײַגעוואָרענע בענקל און זיך עטוואָס פאַרנייגט:

— ביטע, כאַוווער דירעקטאָר.

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס ברוינע פעלצל, האָט איוועלעוו בגרייט א שפּאַן געטאָן צום שטול.

— אַנטשולדיקט, לעאָניד מיכײַלאָוויטש, איצט איז מײַן ריי.

איוועלעוו איז געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען פאַר זיך אָט דעם בלאָנדן שאָפער מיט די ליכטיקע אויגן, וועלכן ער האָט זיך געקליבן היינט לויבן אין זײַן רעדע אַף דער פּײַערלעכער זיצונג און פרעמירן מיט א כוידעשלעכן געהאַלט. ער האָט דעם שאָפער גאָרניט געענטפערט, שווײַגנדיק אָנגעטאָן ווידער דאָס פעלצל, עס פאַרשפּיליעט אַף אַלע העקלעך, פאַ־ריכט דעם קנייטש אין דעם הויכן קאַראַקולנעם היטל און, שוין שטייענדיק אַף דער שוועל, געפרעגט:

— ווער איז דער לעצטער?

— איך, — האָט זיך אָנגערופן אַן עלטערער מענטש אין ברילן, וואָס האָט אַרײַנגעקוקט אין א ביכל.

— בין איך, הייסט עס, נאָך אײַך.

— ניין, נאָך מיר, — דער שאָפער, וואָס איז שוין געהאַט געזעסן פאַרן שפּיגל, האָט זיך אופגעהויבן און זיך געווענדט צו דעם מענטשן אין די ברילן, — ביטע, כאַוווער לערער. איך טרעט אײַך אָפּ די ריי.

— האַ?

— איך טרעט אײַך אָפּ מײַן ריי, נו, מיר בײַטן זיך מיט די ערטער, — און דער שאָפער האָט קימאַט ווי מיט גוואַלד אוועקגעזעצט דעם לערער אַפן פרײַען בענקל.

— מיט אײַן קליענט ווייניקער, — האָט עמעצער א זאָג געטאָן, ווען איוועלעוו איז אַרויס פון שטוב.

— ס'איז, פאַרשטייט זיך, ניט מײַן זאַך, — וועלוועל האָט געוואָרפן א בליק אַף יעכיעלן, וואָס איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פונעם שכײנעסדיקן צימער, — אָבער פונדעסטוועגן, ווי עס זאָל דאַרט ניט זײַן, איז ער דירעקטאָר.

— ניט געדאַרפט געווען זיך מיט אים פאַרפירן, דערצו נאָך ערעוו יאָמטעוו, — האָבן עט־לעכע מענטשן אײַנגעשטימט מיט וועלוועלן, — ער איז פאָרט מער פאַרנומען פון אונדז. ער האָט צײַט זיך זעצן וואַרטן אין דער ריי?

— וואָס האָט עס, וואָלט איך וועלן וויסן, איינס צום צווייטן? — האָט זיי איבערגעשלאָגן דער שאָפער. — דאָס, וואָס ער איז א דירעקטאָר און איז מער פּאַרנומען פון אונדז? קריגט ער דערפאַר, וואָס אים קומט. באקום. אָט, ווען ער זאָל געווען בעטן, מע זאָל אים דורכלאָזן אָן א ריי, וואָלט איך דער ערשטער אים אָפּגעטראָטן דאָס אָרט. אָבער... איר האָט געזען, ווי ער האָט זיך עס א לאָז געטאָן צום בענקל? נו, פונקט, ווי דאָס קומט אים אויך. ע, טײַערער כאַווער, ביסטו אזא, איז זײַ אזוי גוט, און וואַרט באַגלײַך מיט אַלע. דאָ גייען ניט אָן קיין אויסנאַמען. דער כאַווער לערער, ווי מיר וויסן, איז אויך א גאַנץ פאַרנומענער מענטש, פונדעסטוועגן האָט ער זיך קיינמאָל אזוינס ניט דערלויבט.

צווישן די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַפן צאַד פון דעם שאָפער, איז געווען אויך יעכיעל. די איינציקע טײַנע נאָר, וואָס ער האָט געהאַט צו אים, איז געווען, אז מע האָט עס באַדאַרפט מאַכן א ביסעלע איידעלער, ניט געדאַרפט געווען אַרײַנמישן אַהער דעם לערער. צו וואָס? דאָס האָט שוין, אייגנטלעך, אויסגעזען ווי א מין פּאַטש אין פּאָנעם, און איוולעוו וועט אזוינס, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרשווײַגן.

אזוי האָט געטראַכט ניט נאָר יעכיעל. דערפאַר איז פאַר אַלעמען געווען אומדערוואַרט, ווען אין א קורצער צײַט אַרום איז אין שטוב ווידער אַרײַנגעקומען לעאָניד מיכײַלאָוויטש.

— איך האָב נאָך ניט פאַרשפּעטיקט? — ער האָט אויסגעטאָן דאָס פּעלצל און זיך צוגעזעצט וואַרטן. צוזאַמען מיט אים האָט זיך אומגעקערט אין צימער די שווערע שטילקײַט, וואָס איז דאָ געשטאַנען פאַר זײַן אוועקגיין. פון די בליקן, מיט וועלכע דער אוילעם האָט זיך איבערגעוווּנקען, האָט וועלוווע פאַרשטאַנען, אז ווען עמעצער זאָל געווען איצט אָפּטרעטן איוולעוון די ריי, וואָלט שוין קיינער ניט דערווידערט, נאָר קיינער, אַפּאָנעם, וויל עס ניט טאָן דער ערשטער. מע וואַרט, דער אַנדערער זאָל עס טאָן. איז עפּשער זאָל ער גאָר, וועלוווע, זיך אַרײַנלייגן אין שאָלעם. דאַכט זיך, אז יעכיעל פאַרלאַנגט עס טאַקע פון אים. דאָס ווײַפלטע מאָל שוין, ווי ער באַווײַזט זיך אין דער אָפענער טיר און ווינקט אים אונטער. וואָס וועט אָבער נאָכדעם טראַכטן וועגן אים, וועלוווען, אָט דער בלאָנדער יונגערמאַן מיט די ברייט צעעפנטע ליכטיקע אויגן?

נאָר דאָ איז אָנגעלאָפן פון דרויסן יעכיעלס עלטער יינגל און גלײַך צו איוולעוון:

— לעאָניד מיכײַלאָוויטש, דער קינאָ־מעכאַניקער איז הײַנט ווידער ניט געקומען.

איוולעוו האָט אָפּגעלייגט אין א זײַט די צײַטונג, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— דער קינאָ־מעכאַניקער, זאָגסטו? ער וועט קומען. ביז דער קינאָ איז נאָך א וועלט מיט צײַט. אין וועלכן קלאַס גייסטו? — איוולעוו האָט ניט אָפּגעלאָזט פון זיך יעכיעלס יינגל. ער האָט פאַרפירט מיט אים א רייד וועגן דער שול, וועגן די לימודים, וועגן די לערער, ווי ער וואָלט זיך געקליבן בא אים אויסקלאָרן, מיט וואָס האָט עס דער לערער, וואָס איז דאָ געווען, פאַרדינט, אז אים זאָל מען יאָ אָפּטרעטן דאָס אָרט.

אומבאַמערקט זײַנען פון שטוב אַנטרונען עטלעכע מענטשן. יעכיעל האָט א ווונק געטאָן צום שאָפער, נאָר יענער האָט פאַראַקשנט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך איבערגעזעצט נעענטער צום שערער.

ווען לעאָניד מיכײַלאָוויטש האָט אונטערגעשטעלט דעם אָנגעזייפטן קאָפּ אונטערן גאָלמעסער, האָבן זיך איינציקווײַז געגומען אומקערן פון דרויסן די עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך פריִער געהאַט אַרויסגערוקט פון שטוב. מעגלעך, אז איוולעוו האָט עס באַמערקט. זיכער באַמערקט. וועלוווע האָט אָבער ניט געוואָלט, אז דער דירעקטאָר פון „לעספּראָמכאָז" זאָל מיינען, אז דאָס אַרויסגיין און אַרײַנקומען איז פון פריִער א צונויפגערעדטע זאַך און ער, וועלוווע, האָט צו דעם א שײַכעס, האָט ער אָנגעשטעלט אַף די צוריקגעקומענע א פּאָר פאַרכידעשטע אויגן און גע־פרעגט:

— טאַטע ליבער, פונוואַנען? עס איז דאָך א מײַסע אָן א ברעג. כ'האָב מוירע, אז איך וועל אפילו צום מאָרגעדיקן צוג שוין אויך ניט באַווײַזן. אײַ, בין איך דאָ בא אײַך אַרײַנגעפאַלן! מע וועט דאָך אין דער היים בא מיר ניט וויסן, וואָס איבערצוטראַכטן! א שפּילכל עפּעס! א מענטש איז אוועקגעפאָרן אין וואַלד, און ניטאָ.

לעאָניד מיכײַלאָוויטש האָט זיך אויסגעדרייט צו יעכיעלן:

— גייט, ביטע, צו אין קאָנטאָר און זאָגט, מע זאָל דרינגענדיק אָנקלינגען קיין פּעטשאָרע אין וואָלאָדימיר אָסיפּאָוויטשעס פאַבריקמאַכערסקע, אז ער איז דאָ בא אונדז פאַרוואָלגערט מיט אַרבעט און מיר לאָזן אים ניט אָפּ, ער וועט קומען מאָרגן.

— ס'איז גרינג צו זאָגן אָנקלינגען צו אונדז אין פאַבריקמאַכערסקע. פונוואַנען קומט צו אונדז א טעלעפאָן? גרעסערע מעיוכאָסים פון אונדז זיצן אין פּעטשאָרע אָן א טעלעפאָן.

איוולעוו האָט ווידער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו יעכיעלן:

— איז זאָגט, מע זאָל אָנקלינגען אין „פּעטשאַרספּלאוו“, אָדער נאָך בעסער, אין שטאָט־סאָוועט. מע וועט זיך דאָרטווי־ניט־איז אַן אייצע געבן. ווארט. מע דאַרף ניט. איך וועל אַליין אהין אָנקלינגען.

2

דער לעצטער קליענט, ארום וועלכן וועלווע פּיקוס האָט זיך געייסעקט, ווען דער הימל איז שוין געווען געדיכט באזעצט מיט שטערן, איז געווען טאַקע ער, וועלווע אַליין. ארומגעראַזירט זיך, האָט ער איבערגעווישט די אינסטרומענטן, צונויפגעלייגט זיי אינעם לעדערנעם רענצל און אוועק אין קלוב.

זוכן אינעם איבערגעפּולטן קלוב אַן אָרט איז וועלווען ניט אויסגעקומען. ער איז נאָר אהין אריין, האָט מען אים באַלד פאַרגעלייגט א פּלאַץ. ווען ער האָט זיך אוועקגעזעצט, האָט ער מיטאַמאָל באַמערקט, אַז די ארומיקע קוקן זיך צו אים עפּעס מאָדנע צו, שעפּטשען זיך איבער. נאָר ווי וועלווע האָט זיך ניט צוגעהערט, האָט ער קיין וואָרט ניט געקאָנט אופכאַפּן.

„טאטע ליבער, ווער זיצט עס דאָרט אין פּרעזידיום לעבן דעם דירעקטאָר?“ — וועלווע איז אזש אונטערגעשפּרונגען, אזוי אומדערוואַרט איז פאַר אים געווען דאָס, וואָס אַף דער בינע, לעבן לעאָניד מיכײַלאָוויטשן, זיצט דער בלאָנדער שאָפער. א שקאַצישקייט פונדעסטוועגן פון א מענטשן. נעמען און זיך אוועקזעצן סאמע אויבנאָן. ער איז דאָך ניט אזא נאַר, אָט דער שאָפער, ער זאָל קלערן, אַז דאָס, וואָס איז הײַנט געשען צווישן אים מיט איוולעוון, איז פאַר אַלעמען א סאָד. וואָס זשע? טוט ער עס, הייסט עס, בעקיוון. פאַר אזעלכס איז ער ווערט, מע זאָל אים אײַנטיילן א כײלעק, ער זאָל עס האָבן צו געדענקען.

די פײַערלעכע זיצונג וועט זיך אזוי גיך ניט ענדיקן, און דעם פילם, וועלכן מע וועט דעמאָנסטרירן נאָך דער זיצונג, האָט וועלווע געזען נאָך פאַרדרײַיאָרן. איז וואָס האָט ער דאָ צו זיצן? וועלווע האָט זיך אופגעהויבן און איז שטילערהייט ארויס פון קלוב. די לעוואָנע האָט אים ווי אונטערגעהיט. קוים האָט ער צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר, האָט זי אים אוועקגעפירט מיט דער באַלויכטענער סטעזשקע צום הויכן ברעג טײַך און פון דאָרטן פאַרנאַרט אין וואַלד. זי האָט זיך געגומען ווי שפּילן מיט אים אין באַהעלטערלעך: זיך פאַרקײַקלט צווישן די פאַרשנייטע קרוינען פון די ביימער, ארונטערגעקראָכן אונטער א פאַרבײַשווימענדיקן וואָלקן, און אז זי איז ווידער צוגעקומען צו דעם הויכן ברעג טײַך, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט שפּיגלען אין א פּאַלאַנקע. וועלווע האָט זיך אויך פאַרקוקט אַף דעם בלויען וואַסער צווישן אײַז. ער האָט דאָרט דערזען צוויי שלאַנקע סאָסנעס און א שטיק אויסגעשטערנטן הימל. אין וואַלד איז דער שניי נאָך געווען געגוג שטײַף — מע האָט צו אים ניט געדאַרפט קיין ליזשעס. עס האָט שוין אָבער געשמעקט מיט פרילינג. די שטילקײַט אין וואַלד איז אויך געווען א פרילינגדיקע — מע דאַרף זיך נאָר קאָנען צו איר צוהערן. טאַקע בעפּײַרעש א גרויס פאַרזען פון יעכיעלן, וואָס ער האָט זיך באזעצט קימאַט אין סאַמע צענטער פון יישעווו. ווען ער, וועלווע, אשטייגער, זאָל זיך דאָ דאַרפן באזעצן, וואָלט ער זיכער אויסגעקליבן אָט דאָס דאַזיקע ערטל אין וואַלד. אויב שוין יאָ זיך פאַרקלײַבן אין א „לעספּראָמכאָז“, איז כאָטש האָבן האַנאָע פון דער טײַגע... וועלכע פאַרגעניגנס האָט מען דאָ נאָך, אז ניט קיין טעאַטער, ניט קיין רעסטאָראַנדל, און קינאָ, דאַרף מען פאַרשטיין, איז דאָ אויך ניט אזא אָפּטער גאַסט. מיט דער צײַט וועט דאָס אַלצדינג זײַן, אָבער דערווײַל איז דאָס גאַנצע פאַרגעניגן פאַרט דער וואַלד.

ווען ער, וועלווע, זאָל זיך דאָ באזעצן, וואָלט ער יעדן טאָג געגאַנגען אַף יאַגד אָדער געזעסן מיט א ווענטקע באַם טײַך. שײַעך צו זאָגן, אוודע וועגט דאָס גאַלמעסער מיט דער שער־מאַשינקע עטוואָס ווייניקער פון דער זעג „דרוזשבאַ“. אומשלעפּן זיך מיט דער זעג א טאָג, זומער אין דער היץ צי ווינטער אין דער קעלט, איז געוויס ניט פון די לײַכטע זאכן, פונדעסטוועגן, אזוי טראַכט בא זיך וועלווע, כאָטש ער איז שטענדיק אין דער וואַרעם, שטענדיק אונטער א דאַך, וואָלט דאָ, מיסטאמע, קיינער מיט אים זיך ניט געביטן. ס'א פּאַשעטער כעזשבן: אז מע עטעמט זיך אָן א טאָג מיט אזא דופטיקער לופט, פילט מען גאַר ניט די מידקײַט. אָט האָט ער אנומלטן געקויפט א פלאַט „פייגלשע שטימען“. אז ער הערט זי, איז ווי מע זאָל אים ארײַנפירן אין א וואַלד. ווי מיד ער זאָל ניט זײַן, טוט זיך די מידקײַט פון אים אָפּ. איז אויב די פלאַט פאַרמאָגט אין זיך אזא קויעך, הײַנט וואָס פאַר א קויעך שטעקט אין די געזאַנגען, וואָס מע קאָן זיך אָנהערן אין וואַלד פאַר א טאָג טאַקע פון די לעבעדיקע פייגל. און אז געזאַנג איז א סגולע קעגן מידקײַט, ווייסט ער נאָך פון דער אַרמיי. מע דאַרף גאָר בעטן יעכיעלן, ער זאָל פאַרשרײַבן אַף א מאַגניטאָפאָן א זומערדיקן אינדערפרי דאָ אין וואַלד.

פון דעם טײַך האָט זיך דערטראָגן א טויבער רויש. דאָס האָט געריזלט אונטערן אײַז דאָס לעבעדיקע וואסער, געפּרווט דאָרט די קויכעס. נאָך א וואָך, נאָך צווײ, און דאָס שוימיקע פּרי־לינגדיקע וואסער וועט נעמען טראָגן פונדאַנען אין דער פעטשאָרע דאָס פארגרייטע געהילץ. צו יענער צײַט וועט שוין דאָ קימאַט א קײַלעכיקן מעסלעס שײַנען די זון. זי באווײַזט זיך ניט אָפּ־טוקן אין דער פעטשאָרע, ווי זי קלעטערט שוין צוריק אפן הימל. אין אָט די ליכטיקע נעכט, ווען דאָס געהילץ גייט פון דער טײַגע, קאָן וועלוועס שאָענלאַנג אָפּשטיין אפן ברעג פון דער פאנאנדער־געגאָסענער פעטשאָרע און פארגאפט, ווי א קינד, קוקן, ווי מע ארבעט אפן טײַך. די מענטשן שפּרינגען פלינק און געשיקט איבער די שווימענדיקע קלעצער, קריכן אינעם אײַז־קאַלטן וואסער צורעכט מאכן די באָנעס, שרײַען און טיוקען אפן געהילץ, ווי אף לעבעדיקע באשעפענישן. ני־דעריק איבער דער פעטשאָרע טראָגן זיך אום און בלײַבן הענגען טומלדיקע ווערטאָליאָטן.

א פּאָר וואָכן נאָך... נאָר דערווײַל איז פאָרט ווינטער. דעם ערשטן מײַ זאָל מען דארפן אופ־הייבן דעם קאָלנער און טראָגן וואָליקעס! אלע יאַמטויווים פאלן דאָ אויס ווינטער. „ווי? טאקע אלע יאַמטויווים?‟ — האָט וועלוועס באַ זיך איבערגעפרעגט און דעם גאנצן וועג צוריק אין יִישעוו געהאלטן אין איין אונטערזינגען איינס און דאָס זעלבע לידל, וואָס האָט זיך מיטאמאָל צו אים צוגעטשעפּעט, ניט פּאָטער צו ווערן:

ערשטער מײַ איז ווינטער,
אָקטיאַבערסקע איז ווינטער.
אָבער און ווי־י־דער ווינטער,
אָבער און ווי־י־דער ווינ־טער...

3

צוקומענדיק נעענטער צו יעכיעלס שטוב, האָט וועלוועס דערזען שטיין אונטער די באַלויכ־טענע פענצטער א מאשין מיט אן אָנגעצויגענעם ברעזענטענעם דעכל.

— ווו זײַט איר עס פלוצעם פארפאלן געוואָרן? — האָט אים באגעגנט דער בלאָנדער שאָ־פער. — א שאָ, אז איך וואַרט דאָ אף אײַך.

— אף מיר?

— גיכער, כאָווער, גיכער. נעמט די קלומקעס, מיר פארשפּעטיקן צום צוג.

— צו וועלכן צוג, צו וואָס פאר א צוג? — האָט וועלוועס פארוואונדערט געפרעגט. — דער קאָטלאַסער גייט דאָך ערשט מאָרגן.

— דאָס איז פון קאָדזשעראָם, אָבער פון טאַלי האָט איר נאָך הײַנט צווײ צוגן, דעם וואָר־קוטער און דעם לענינגראַדער. מיט איין וואָרט, איך האָב א באפעל פונעם דירעקטאָר אײַך אָפּ־פירן אף זײַן מאשין קיין טאַלי.

— וויפל דארף מען פאָרן אהין?

— פאר אָנדערהאלבן שאָ זײַנען מיר דאָרט. ווו זײַנען אײַערע קלומקעס?

אז די מאשין איז ארויסגעפאָרן פון יִישעוו און דער ווינט האָט גענומען פויקן איבערן ברעזענטענעם דעכל, האָט וועלוועס זיך אָנגערופן צום שאָפער:

— אָט דאָס איז אײַער דירעקטאָרס עקיפּאַזש? כע... באַ אונדז אין פעטשאָרע זעט מען שוין קימאַט ניט אזא געשפּאַן.

— באַ אונדז איז נאָך דערווײַל בערעזאָווקע, ניט פעטשאָרע.

— דאָס פארשטיי איך אליין, אָבער פונדעסטוועגן, א דירעקטאָר פון א „לעספּראָמכאָז‟...

— וואָס מאכט איר פון אלץ א וועזן? און אז א דירעקטאָר, איז וואָס?

— גאָרניט... איך זע, יונגערמאַן, אז איר זײַט פון די, וואָס מאכן ביכלאַל אלץ אוועק מיט דער האַנט. יאָ דירעקטאָר, ניט דירעקטאָר. נו, מײַלע, אײַער זאַך. נאָר צו וואָס, זאָגט מיר, דארף מען נאָך דערצו שפּרינגען יענעם אין פּאָנעם?

— אשטייגער?

— איר זײַט א קינד, צי וואָס? איר פארשטייט אליין ניט, אז נאָכדעם, ווי מע באליידיקט אזוי א מענטשן, זעצט מען זיך ניט אוועק לעבן אים סאַמע אויבנאָן אף דער בינע? ס'איז, ווי זאָל איך אײַך זאָגן...

— נו, זאָגט, זאָגט. שעמט זיך ניט. איך וועל אף אײַך קיין פאריבל ניט האָבן.

— דאָס זע איך.

בא וועלוועס האָט זיך מיטאַמאָל פאַרקליבן אַ כעס, אַז דער גאַנצער אײַנפאַל מיטן אָפּפירן אים אַף דער ווײַטלעכער סטאַנציע שטאַמט גאָר ניט פונעם דירעקטאָר, נאָר פון אָט דעם אַזעס־פּאַנעמדיקן יונגנמאַן. שוין אין דעם אַליין, וואָס אים פירט אַף דעם דירעקטאָרס מאַשין ניט דעם דירעקטאָרס שאָפער, שטעקט עפּעס. וועלוועס וועט אים אָבער גאָרנישט ניט פרעגן. האָט ער אים וואָס צו זאָגן, דער יונגערמאַן, וועט ער עס אים זאָגן. ער איז ניט פון די שטאַרק שמעוודיקע, און פון די שרעקעוודיקע אַוודע און אַוודע ניט.

די מאַשין האָט זיך געטראָגן באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, פּאַנאַנדערשנײַדנדיק מיט די שאַרפע סנאָפּעס שײַן פון די פאַרעס דעם פאַרוויעטן וואַלד אַפּצוויייען. די לעוואָנע איז זיי עטלעכע מאָל איבערגעלאָפן דעם וועג. דער ווינט האָט פאַרהויבן אַ פּאָלע פונעם ברעזענט און צוזאַמען מיט דער קעלט אַרײַנגעשמיסן אין דער מאַשין פינקלענדיקע גרײַפּעלעך שניי.

— מירן באַלד פאַרבײַפאָרן די דעליאַנקע, ווו עס אַרבעט אײַער יעכיעל. ביימער זײַנען דאָרט — גוואַרדייצעס. איינס אין איינס. אַלע רעכטפּלאַנגאָווע.

וועלוועס האָט מער פון יויצע־וועגן, ווי פון נײַגער, געכאַפּט אַ קוק אין פענצטערל אַף די „רעכטפּלאַנגאָווע" מיט די זילבערנע „עפּאָלעטן". ער קאָן אַוודע קלערן, דער שאָפער, אַז דאָס, וואָס ער דערציילט אים וועגן דער טײַגע, איז פאַר אים, וועלוועס, אינגאַנצן אַ נײַס. נו, מיילע, ס'איז שוין, אַפּאַנעם, אַוועק אַזאַ מאָדע, אַז יינגערע זאָלן לערנען עלטערע. נעמען, צום בײַשפּיל, זײַן שאָכנס באַכערל. די שול נאָך ניט פאַרענדיקט, און וויל שוין אַלעמען לערנען, ווי צו לעבן אַף דער וועלט. זיך אָנגעשטעקט פון אַזעלכע־אָ, ווי דער דאָזיקער, וואָס האָבן פאַר קיינעם קיין דרעך־כערעץ ניט. דערציילן אים וועגן דעם שאָכנס באַכערל? ע, גלײַכער זיך ניט אָנהייבן מיט אים, זיי האָבן מעסוקן פײַנט מוסער, אָט די כעוורע.

און כאָטש וועלוועס האָט בא זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער וועט דעם דאָזיקן יונגנמאַן מער גאָרניט זאָגן, גאָרניט פרעגן, און האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דער שאָפער דערציילט, ווי גלײַך ער איז צום ערשטן מאָל אין טײַגע און אַלץ איז פאַר אים, וועלוועס, אַ גרויסע נײַס, דאָך האָט ער ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס האָט עפּעס לעאָניד מיכײַלאָוויטש געהייסן, אַז איר זאָלט מיך אָפּפירן צום באַן?

— אײַך איז ניט געפעלן, ווי איך פיר די מאַשין?

— כאָלילע. איך פרעג עס אַנטקעגן דעם, וואָס דער דירעקטאָר האָט ניט געשיקט זײַן שאָפער. ער זשאַלעוועט אים צי וואָס?

— דער שאָפער פון דער דאָזיקער מאַשין איז אַליין דער דירעקטאָר.

— ווי?

— איר קלײַבט זיך דערפון אויך מאַכן אַ וועזן? — און אָנבייגנדיק זיך נעענטער צום פענצטערל, ווי ער וואָלט דערזען אַ שטרויכלונג אַפן וועג, האָט דער שאָפער געזאָגט: — ווען מענטשן וואָלטן ווייניקער געכאַפּעט איינער דעם אַנדערן און אָפטער געזאָגט דעם עמעס אין די אויגן...

וועלוועס האָט עס אַ הייב געטאָן פון אָרט. צו וואָס האָט ער עס אים מיטאַמאָל געזאָגט?

דער שאָפער האָט ווי ניט באַמערקט וועלוועס דרייען מיטן קאָפּ, ס'איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן וועלוועס און רעדט זיך דורך מיט זיך אַליין:

— אַלע האָבן מיסטאָמע געמיינט, אַז איוועלעוו וועט מיך אופּעסן, — ער האָט געוואָרפן אַ זײַטיקן בליק אַפן שערער, — איר האָט זיך דאָך, מיסטאָמע, אויך ניט געריכט?!

— אַז וואָס? — האָט וועלוועס ניט פאַרשטאַנען.

— אַז לעאָניד מיכײַלאָוויטש וועט פאַר אַ קלוב מיט מענטשן דערלאַנגען מיר די האַנט און זאָגן אַ דאַנק.

— לעאָניד מיכײַלאָוויטש? אײַך?

— איר זײַט געווען אין קלוב, ווען איוועלעוו איז אַרויסגעטראָטן? ער האָט דאָך איבערגע־דערציילט אַלץ, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין דער פאַבריקמאַכערסקע, און פאַרענדיקט האָט ער דער־מיט, אַז ווען מע וואָלט ווייניקער כאַנפענען און אָפטער זאָגן דעם עמעס אין די אויגן, וואָלטן אַ סאַך זאַכן אַנדערש אויסגעזען. אײַך האָט ער אויך דערמאָנט.

— מיך?

איז אָט פאַרוואָס מע האָט אין קלוב זיך איבערגעוווּנקען און זיך געשעפּטשעט, ווען ער, וועלוועס, איז אַרײַנגעקומען.

— וואָס האָט ער אַזעלכס געקאָנט זאָגן וועגן מיר? איך בין דאָך ניט מער ווי אַ גאַסט. נעכטן געקומען, הײַנט אַוועקגעפאָרן.

— יעכיעל אײַערער האָט אײַך גאָרנישט ניט דערציילט?

— ניין. וואָסי?

— ווען לעאָניד מיכּייַלאָוויטש האָט אָנגעקלונגען אין פּעטשאָרער שטאָטסאָוועט, האָט ער אײַך זייער געליבט.

— וואָס פונדעסטוועגן האָט ער וועגן מיר געזאָגט אין קלוב, אײַער דירעקטאָר?

וועלוווע האָט ניט אויסבאַהאַלטן, אַז אים גייט אָן אַ סאַך מער, וואָס האָט געזאָגט וועגן אים איוולעוו אין דער רעדע אפן פייַערלעכן אָוונט, ווי אין טעלעפאָן דעם פּעטשאָרער שטאָטסאָוועט. ער איז ניט אָפּגעשטאַנען פונעם שאָפער:

— ס'איז בא אײַך געווען אַ פאַרמאַכטע פייַערלעכע זיצונג, וואָס איך טאָר ניט וויסן, וואָס אַזעלכס האָט מען דאָרט גערעדט וועגן מיר?

— איר ווילט, איך זאָל עס אײַך איבערכאַזערן?

— זעלבסטפאַרשטענדלעך.

געזאָגט און באַלד כאַראָטע געהאַט. ער האָט זיך ניט גערירט, אַז דער שאָפער וועט איבער־כאַזערן וואָרט אין וואָרט אַלץ, וואָס איוולעוו האָט גערעדט אין קלוב וועגן „כניפע" און וועגן „דעם עמעס אין די אויגן". ווי ער זאָל וועלן אײַנקנעלן מיט אים, אַז דאָס האָט אַ שייַכעס צו אים, צו וועלוון.

וואָלט דער שאָפער עס אים איצט ניט אויסגעטייַטשט, וואָלט וועלווע איצט אויך מיסטאַמע זיך ניט אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז וועגן אים. פייַן, זייער פייַן. געגומען און אַרופגעוואָרפן די גאַנצע שולד אַף אים. ער, וועלוווע, הייסט עס, איז דער הויפּט־מעכוטן. ווי האָט ער עס אים פאַר־טייַטשט, דער שאָפער? ווען ער, פּיקוס, זאָל ניט געווען פאַרלייגן איוולעוון דאָס בענקל, וואָלט... נו גוט, זאָל זייַן, אַז ער, וועלוווע, איז עס געווען דער „יעיצערהאָרע". פאַרוואָס האָט אָבער איוולעוו זיך אַזוי אַ לאָז געטאָן צום בענקל? ווו איז אין דער דאָזיקער רעגע געווען זייַן „יעיצער־טאָוו", וואָס זאָל אים אָפּהאַלטן דערפון? אָנגעוואָרפן דאָס גאַנצע געוויכט אַף איין וואָגשאָל, אַז די אַנדערע זאָל זיך אופהייבן. פייַן, האַ? קעדיי זיך אַליין דערהייבן, דאַרף מען, הייסט עס, יענעם דערנידעריקן? דאָס מוז ער אים זאָגן, דעם שאָפער, און וועגן דעם יעיצערהאָרע מיטן יעיצערטאָוו אויך. זאָל ער עס טאַקע אים, דעם דירעקטאָר, איבערדערציילן:

— ווו איז עס אין דער דאָזיקער רעגע, וואָלט איך געוואָלט וויסן, בא אײַער דירעקטאָר מיטאַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן דער יעיצערטאָוו? מע האָט אים פונקט אין דער דאָזיקער רעגע צוגע־גאַנוועט?

— איך בין ניט קיין אָבעכעס, — האָט דער שאָפער זיך צעשמייכלט, — און מיט די וואָגשאָלן, דאָ זעט איר, האָט איר שוין אַ טאָעס, און אַ גרויסן טאָעס, אויב איר ווילט וויסן.

אָסער, אויב וועלוווע הייבט אים אָן צו פאַרשטיין, דעם דאָזיקן יונגנמאַן. ס'ערשטע מאָל אין לעבן באַגעגנט וועלוווע אַ מענטשן, וואָס אין די אויגן קאָן ער מאַכן פון יענעם דער טייַוול ווייסט וואָס און אונטער די אויגן לאָזט ער אפן זעלבן מענטשן קיין שטויבעלע ניט פאַלן. פּאַשעט טשיקאַווע וויסן, וואָס האָט דער דאָזיקער יונגערמאַן גערעדט, אַשטייגער, וועגן אים, וועלוון. לויט דעם, ווי ער האָט אים דאָ אַרייַנגעזאָגט, דאַרף ער אים אונטער די אויגן מי־יעדייע ווי לויבן.

אַ מאָדנע געפיל איז געווען איצט בא פּיקוסן. ס'האָט זיך אים מיטאַמאָל פאַרוואָלט וויסן, וואָס טראַכט וועגן אים אָט דער ווילד־פרעמדער מענטש, מיט וועמען ער וועט אין אַ קנאַפּער האַלבער שאָ אַרום זיך צעשיידן און עפּשער מער קיינמאָל אין לעבן זיך ניט באַגעגענען.

דער שאָפער לאָזט אים אָבער ניט לאַנג זיך פאַרטראַכטן. ער שלאָגט אים איבער:

— איז ווען האָבן מיר אײַך דאָ ווידער צוגאַסט?

— ווען? — האָט וועלוווע איבערגעפרעגט און אַ קוק געטאָן אפן יונגנמאַן, גלײַך פון אים, פון אָט דעם שאָפער, וואָלט געווען אָפּהענגיק, וואָס דאַרף אים וועלוווע דערוף ענטפערן.

בא דער שייַן פון דער לעוואָנע, וואָס האָט זיך געשטעלט אינמיטן וועג ניט אַהין — ניט אַהער, האָט פּיקוס ווידער דערזען אפן שאָפערס פּאָנעם דעם זעלבן שמייכל אין די העלע אויגן, וואָס מיט אייניקע מינוט פריִער, ווען יענער האָט אים אַ זאָג געטאָן: „אַף אופּוועקן אין יענעם דעם יעיצערטאָוו דאַרף מען אַמאָל האָבן דעם יעיצערהאָרע". רופט ער אים, הייסט עס, צוגאַסט, טאָמער וועט מען נאָך אַמאָל דאַרפן דאָרט בא עמעצן אופּוועקן דעם יעיצערטאָוו. אַ פייַנע גע־שיכטע. אַבי ער, וועלוווע, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געהאַט אַ שעם פון אַ מענטש אַ דימענט, אַ מענטש אָן אַ גאַל, האָט גאָר שטענדיק געטראַכט, אַז ער איז עס דער יעיצערטאָוו. לאָזט זיך אויס, ער האָט געלעבט אין טאָעס, און ווי עס זאָגט דער דאָזיקער בערעזאָווקער יונגערמאַן, אין אַ גרויסן טאָעס.

# אין א ווינטערדיקן פארנאכט

Wין עטלעכע וואָכן, ווי נאָסן באָרכי רעדט ניט מיטן שאָכן, מיט סאביר מאָרדאנאָוון. און רעדט ער ניט מיט אים, איז רעדט ער שוין ניט פארייִנוועגס מיט קײנעם פון סאבירס הויזגעזינד.

צעקריגט האָבן זיי זיך דאָס מאָל אויך איבער עפּעס א קלייניקייט. נאָסן געדענקט שוין באלד אַלײן ניט איבער וואָס. נאָר ער זאָל דער ערשטער מאכן א טראָט אף זיך איבערבעטן — אזוינס איז נאָך דערוויַיל ניט געווען. אפילע פארן אייגענעם ווייַב האָט ער אין אזעלכע פאלן ניט געמאכט קיין אויסנאַם. געווען צייַטן, אז ער האָט כאדאָשימלאנג מיט איר ניט גערעדט. סאָפּקאָלסאָף איז עס איר דערעסן געוואָרן, און זי איז זיך מיט אים צעגאנגען. פון דעמלט אָן ווינט באָרכי אײנער אַלײן.

סאביר מאָרדאנאָוו האָט א פּאָר מאָל געפּרוווט מאכן שאָלעם צווישן דעם געגעטן פּאָרפּאָלק: ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי נאָסן פּאָרעט זיך אין קיך בא דער פּליטע. וואָס ער זאָל ניט צושטעלן קאָכן — ברענט עס בא אים צו, און ער האָט נאָכדעם אָן ארבעט שטיין און שייַערן די טעפּ. א ביטערער ראכמאָנעס, נעבעך.

לייע האָט אָבער אפילע הערן ניט געוואָלט וועגן צונויפגיין זיך ווידער מיט נאָסענען:

— גאָט באהיט. איך האָב דאָך מיט אים שיר ניט פארגעסן ריידן. אז ווי נאָר עפּעס, בלאָזט ער זיך אָן און קאָן אזוי אָפּשווייַגן א יאָר נאָכאנאנד. וואָס איך בין פון אים אויסגעשטאנען — בין איך ווערט, מע זאָל מיר באם לעבן שטעלן א דענקמאָל. איך דארף אייַך דערציילן? אַלײן ווייסט איר ניט?

פארשטייט זיך, אז סאביר האָט געוווסט. געוווסט עפּשער נאָך מער פון איר. פונדעסטוועגן איז ער ניט אָפּגעטראָטן. ווען ער זאָל זי ניט געווען באגעגענען און ווו ער זאָל זי ניט געווען באַגעגענען, פלעגט ער זיך אוועקשטעלן איר אויסרעכענען די מייַלעס פון איר געוועזענעם מאן: ערשטנס, איז ער א שיינער מאנצבל, א שטאלטנער, א וווקסיקער, מיט א פּאָר גרויסע שווארצע אויגן און מיט א כיין־גריבעלע אפן קין. צווייטנס, איז ער פונדעסטוועגן אָן אינזשעניער, א גוטער פארדינער און ניט קיין אויסברענגער. דאָס אײנציקע, וואָס ער פארגינט זיך אמאָל, איז אויסרייכערן א פּעקל „קאזבעק" אָנשטאָט די צוועלפקאָפּעקענע פּאפּיראָסן „פּריבוי", וואָס ער רייכערט א גאנץ יאָר. אפילע דאָס צימער, אין וועלכן לייע האָט אָפּגעוווינט מיט נאָסענען היפּשע עטלעכע יאָר, האָט סאביר איר פאָרגעשטעלט אזוי, פונקט ווי פאר דער צייַט, וואָס זי איז פון דאָרטן אוועק, האָט זיך עס צעוואקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. וואָס אָנבאלאנגט נאָסנס כאראקטער, איז דאָך ווידער דאָס זעלבע, קיין מאלאָכים זייַנען ביכלאל ניט פאראן אף דער וועלט, און אז סע לאָזט אים אָפּ, איז ער דאָך גאָר ניט אזא שלעכטער. לייע האָט אים ניט, סאבירן, וואָס צו דערמאָנען די געשיכטע מיטן איבערשטעלן דעם טעלעפאָן. ער געדענקט גאנץ גוט, וויאזוי נאָסן האָט זיך אייַנגעשפּארט — אײנמאָל ניין, ער וועט ניט לאָזן, מע זאָל דעם טעלעפאָן, וואָס שטייט בא אים אין צימער, אריבערטראָגן אין קאָרידאָר, אז אלע זאָלן זיך מיט אים קאָנען ניצן. אָבער ווען נאָסן איז אין דער היים, דערלויבט ער דאָך זיך ניצן מיטן טעלעפאָן, און אז סע טרעפט, מע קלינגט אָן און מע בעט צורופן עמעצן צום טעלעפאָן, גייט ער, נאָסן, און רופט צו. סאביר מאכט זיך דערבייַ ווי פארגעסן, אז דער זעלבער נאָסן באָרכי, בייס ער פירט א בארויגעז, שרייַט ארייַן אין טרייַבל, אז מע קאָן אזש הערן אף דער גאס: „ניטאָ אין דער היים".

פון אָט די אלע פּרוון סאבירס איבערבעטן לייען מיט נאָסענען האָט זיך גאָרנישט ניט אויסגעלאָזט. אינגיכן איז זי אוועקגעפאָרן ערגעץ אין מיטל־אזיע.

נאָך דעם, ווי לייע איז אוועקגעפאָרן, האָט נאָסן, ווי בעקיוון, געטאָן אלץ, אז זייַן שאָכן זאָל אופהערן געפינען אין אים מייַלעס. ער האָט זיך מיט אים ניט געקריגט און ניט געזוכט קיין געלעגנהייַט זיך מיט אים צו קריגן. ער האָט פּאָשעט, אָן א שום פארוואָס און אָן א שום פארווען געקאָנט אופהערן מיט אים צו ריידן. סאָפּקאָלסאָף איז עס דעם געלאסענעם, באיאָרטן סאביר מאָרדאנאָוון אויך דערעסן געוואָרן, און ער האָט געפּאָלגט דאָס ווייַב מיט די קינדער: א מאָך געטאָן אפן שאָכן מיט דער האנט. וואָס? ער וויל ניט ריידן? נו, איז דארף מען ניט. און סאביר האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט: מער מאכט ער ניט דעם ערשטן טראָט אף זיך איבערצובעטן מיט נאָסענען. ער האָט אפילע אויסגעמיטן אריַינקומען אין קיך, ווען נאָסן איז דאָרט געווען. די קינדער האָבן אים שוין דערפאר ניט איין מאָל אפילע געזאָגט: „פארוואָס דארפסטו זיך אויסבאהאלטן פון אים? זאָל ער זיך אויסבאהאלטן פון דיר. ער פּראָוועט דאָך בארויגעז".

אז מע ווינט אָפּ מיט א מענטשן אזויפיל יאָר אין איין דירע, ווייסט מען שוין יענעמס גענג און זיטן קימאַט ווי די אייגענע. די מאַרדאַנאָווס האָבן שוין אַזוי געקענט זייער שאָכן, אַז זיי האָבן פּאַרפריִער געוווּסט, וויפל צײַט אַן ערעך קאָן דויערן בא אים דער בארויגעז, און פּאַרפריִער גע־וווּסט, ווען וועלן זיך בא אים אָנהייבן באַווײַזן סימאָנים פון קריזיס. דער ערשטער סימען, אז סע האַלט באַם קריזיס, איז — לאָזן עטוואָס אָפן די טיר פון צימער, ווען ער גייט אין קיך.

דאַרף פונקט טרעפן, אַז סאַבירס יינגערע טאָכטער, עלווירע, זאָל ניט באַמערקן, ווי נאָסן איז ארײַנגעקומען אין קיך, און זאָל א פרעג טאָן בא דער מוטער:

— ווו איז עס ערגעץ דער געגעטער אינדיק, וואָס מע זעט אים ניט?

פּאַר נאָסענען איז דאָס געווען איבערגענוג. דער בארויגעז, וואָס האָט שוין געהאַלטן באַם אויסוועפּן זיך, האָט פונסנײַ זיך צעפלאַקערט, מיט נאָך א גרעסער פײַער. נאָסן האָט וועגן דעם געשטעלט צו וויסן מיט א שטאַרקן קלאַפּ פון דער קיך־טיר און מיט אַרײַנשרײַען אין טעלעפאָן:

— דערוויסט זיך, איך בעט אײַך, וויפל מענטשן קאָן מען צושרײַבן אין אַזאַ צימער, ווי בא מיר. וואָס עפּעס פּלוצעם? ס׳א סאַך צו ריידן. איך האָב באַשטימט בײַטן דאָס צימער. איך וועל באַדײַ גיין אין אַן ערגערן צימער, אבי אַרײַנזעצן אהער א כאַליאַסטרע פון א פינף־זעקס מענטשן. נישקאָשע, זיי וועלן מיך האָבן צו געדענקען. איר ווייסט ניט, ווו קריגט מען בלאַנקען פּאַר א מעלדונג אַף די סטענדן? און וויפל קאָסט אָפּדרוקן אין ביולעטען א מעלדונג וועגן בײַטן דאָס צימער?

סאַבירן און זײַן ווײַב ווייניק געקימערט דעם שאָכנס סטראַשען. זיי קענען נאָסענען ניט פון נעכטן, זיי זאָלן גלייבן, אַז ער וועט פּאַרלאָזן א צימער מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן אין סאַמע רעכטן צענטער שטאָט, דערצו נאָך אין א דירע, אין וועלכער עס ווינט כוץ אים בלויז איין מישפּאָכע. ווידער, איז ער ניט דער מענטש, וואָס זאָל אויסברענגען געלט אַף מעלדונגען און ביולעטענען. אפילע ווען אין עטלעכע טעג ארום האָט דער טעלעפאָן אָנגעהויבן אָפּט קלינגען און נאָסן האָט בא יעדן קלונג געגנוי זיך פּאַנאַנדערגעפרעגט וועגן די דירעס, וואָס מע לייגט אים פּאַר, האָט סאַביר סײַווי געהאַלטן, אַז ס׳איז אַן אונטערגעשטעלטע זאַך, אַז דאָס שרעקט ער זיי בלויז. אָבער אַז ס׳האָבן אָנגעהויבן גיין מענטשן און נאָסן האָט זיי אַרומגעפירט ווײַזן די קיך, די אַנטרעסאָלן, דאָס וואַנע־צימער, זיי צורײדן, מע זאָל זיך מיט אים בײַטן, און דערבײַ בעקיוון הויך געפרעגט, וויפל מענטשן דאַרפן זיך אהער אַרײַנקלײַבן, ווי דאָס וואָלט פּאַר אים געווען דער סאַמע איקער, — האָט סאַביר זיך אָנגערופן צום ווײַב:

— ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, לײַע איז טאַקע ווערט, מע זאָל איר באַם לעבן שטעלן א דענקמאָל. דו הער נאָר, צו וואָס א מענטש קאָן זיך עס דערטראַכטן.

ווי פאַרדײַגעט און צעטראָגן סאַביר מאַרדאַנאָוו ניט געווען פון דעם שאָכנס אופטו, האָט ער עס אָבער ניט אַרויסגעוויזן. פאַרקערט, אַרײַנקומענדיק אין קיך, בייס נאָסן פלעגט אויסרע־כענען פּאַר די צוקינפטיקע שכיינים די מײַלעס פון דער דירע, האָט סאַביר באַזונדערס העפלעך מיט זיי זיך געגריסט און ניט איין מאָל אפילע צוגעגעבן פון זײַן זײַט:

— די דירע איז בא אונדז ווירקלעך זייער א גוטע.

די מעלדונגען אַף די סטענדן בײַט מען יעדע פיר־פינף טעג, און יעדע וואָך דערשײַנט א נײַער נומער פון דעם ביולעטען, וועלכן עס גיט אַרויס די ביוראָ, וואָס פאַרנעמט זיך מיט בײַטן דירעס. אַזוי אַז אין א פּאָר וואָכן אַרום האָט דער טעלעפאָן שוין א סאַך זעלטענער געקלונגען. אויב עמעצער פלעגט איצט אָנקלינגען וועגן דער דירע, איז עס מערסטנטייל געווען איינער פון די, וועמען עס איז ביכלאַל שווער צו בײַטן די ווױנונג: זי איז אַפן ערשטן שטאָק, אין א הויז פון פּאַנעלן, מיט א געמיינזאַמען טואַלעט און וואַנע־צימער, עס ווױנען אין איר א סאַך שכיינים... נאָסן האָט עס שוין געוווּסט, און די ערשטע פראַגע, וועלכע ער פלעגט פאַרגעבן, איז געווען:

— אַף וועלכן שטאָק, אין וואָס פּאַר א הויז און וויפל שכיינים?

געפרעגט האָט ער וועגן דעם בייז און אָפּגעהאַקט, ווי ס׳וואָלט אים די גאַנצע צײַט געקלונ־גען איין און דער זעלבער מענטש.

באַזונדערס בייז און אופגערעגט איז ער געווען יענעם טאָג, ווען ער האָט געטראָפן בא זיך אין פּאָטשט־קעסטל א בריוו מיט אַן אָנפראַגע, צי וואָלט ער ניט אײַנגעגאַנגען בײַטן זײַן צימער אַף א צימער אָן באַקוועמלעכקײַטן, אויב מע וועט אים, נאָסענען, פאַרשטייט זיך, דערפאַר געבן די געהעריקע קאָמפּענסאַציע.

פאַרנאַכט, פאַרענדיק זיך אין קיך בא דער פּליטע, האָט נאָסן דערהערט קלינגען דעם טע־לעפאָן.

„דאָס קער ער שוין מיסטאָמע קלינגען, איך וועל אים באַלד געבן אַזאַ קאָמפּענסאַציע, אַז ער וועט א צענטן פאַרזאָגן מיר מאַכן אַזעלכע פאַרשלאָגן“. — נאָסן האָט בייז א כאַפּ געטאָן דאָס

טרײַבל און עס שיר ניט ארויסגעלאָזט פון האנט: א מילדע פרויען־שטים האָט ווי ארײַנגעזוונגען אין טרײַבל:

— א גוטן אָוונט אײַך, נאטאן ראפאילאָוויטש.

— א גוטן אָוונט. ווער רעדט עס? — האָט נאָסן, זיך פארהיקענדיק, געפרעגט.

— איר קענט מיך ניט. זאָגט מיר, זײַט אזוי גוט, וווּהין טוט איר אהין די ברעקלעך פון טיש און ביכלאָל די שפּײַז, וואָס בלײַבט בא אײַך איבער?

— וואָס?

— נאָכן עסן בלײַבן בא אײַך איבער ברעקלעך אפן טיש?

— ווער רעדט עס פונדעסטוועגן?

— ניט וויכטיק, איר קענט מיך ניט.

די שטים איז אים ווירקלעך געווען אומבאקאנט. דאָך האָט אים אזוי פארשלאָגן דער אָטעם, אז ער האָט קוים ארויסגעבראכט:

— איך הער אײַך.

— אין דרויסן איז הײַנט א געפערלעכע קעלט, און מאָרגן, זאָגט מען, וועט דער פראָסט דערגיין ביז דרײַסיק גראַד. ס'איז א ראכמאָנעס, נעבעך, אף די פויגלען. אויב מירן זיי אין אָט די פראָסטיקע טעג ניט אונטערהאָדעווען, וועלן זיי אויסגיין פון הונגער, זאָגט וועגן דעם אויך אײַערע שכיינים.

— איך האָב ניט קיין שכיינים.

— איז אײַערע באקאנטע. זאָלן זיי ניט ארויסווארפן די שפּײַז, וואָס בלײַבט איבער נאָכן עסן, נאָר עס אָפּגעבן די פויגלען. איר וועט ניט פארגעסן?

— גוט, אָבער....

— איך פארשטיי, — האָט די פרויען־שטים ווידער ארײַנגעזוונגען אין טרײַבל, — אײַך וווּנדערט, פונוואנען וויים איך אײַער טעלעפאָן, אײַער נאָמען און פאָטערנאָמען. איך האָב עס אויסגעלייענט אינעם ביולעטען, ווו ס'איז געווען אָפּגעדרוקט די מעלדונג, אז איר בײַט דאָס צימער. איך האָב געקויפט אין צײַטונג־קיאָסק עטלעכע ביולעטענען, פרישע און אלטע, און בא וועמען ס'איז דאָ א טעלעפאָן, צו דעם קלינג איך. א גוטן. א דאנק פאר דער אופמערקזאמקײַט.

ס'איז צוגעפאלן דער אָוונט. נאָר דער אײַנגעפרעסטער שניי האָט זיך אלץ נאָך געלויכטן מיט זײַן באטאָגיקער העלקײַט, ווי ס'וואָלטן זיך צו אים נאָך ניט צוגעריררט די שאָטנס פון די פארווייטע ביימער, וואָס האָבן געציטערט פון קעלט.

פון אָנשטרענגונג האָבן בא נאָסענען אזש ווי געטאָן די אויגן: ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין צווייגל אף די ביימער, קיין באלקאָנדל אף די הײַזער און דערווײַל ניט דערזען דאָרט קיין איין פויגל. עס איז אים שוין געווען טשיקאווע: א גאנצן טאָג טראָגן זיי זיך דאָ אום, שפּרינגען, וויגן זיך אף די צווײַגלעך, נישטערן אינעם שניי, זעצן זיך אויס אף די קארניזן, קלאַפּן מיט די שנעבעלעך אין שויב, און ווי נאָר ס'נעמט ווערן טונקל, אזוי אנטרינען זיי. ער האָט זיך פריִער קיינמאָל ניט פארטראכט, ווו ווערן זיי עס צו נאכט פארפאלן. פון ווען אָן ער זוכט זיי, און קאָן זיי ניט געפינען. ער זאָל וויסן דעם טעלעפאָן פון דער פרוי מיט דער מילדער שטים, וואָלט ער איר אָנגעקלונגען און געפרעגט, ווו זאָל ער איצט זוכן פויגלען. זי וועט זיך פארכידעשן, וואָס א מענטש, וועלכער האָט שוין אָפּגעלעבט עטלעכע און דרײַסיק יאָר, פארגיט אזעלכע פראָגן?

ענדלעך האָט ער אף א צווײַגל פון א ביימל אנטקעגן זײַן פענצטער דערזען זיצן א פייגעלע. דוכט זיך, ס'קוקט אף אים, בעט זיך, ער זאָל עס ארײַנלאָזן אין שטוב. נאָסן עפנט די פאָרטקע. א קאלטער שטראָם לופט רײַסט זיך ארײַן אין היימלעך־ווארעמען צימער, נאָר נאָסן פארמאכט ניט די פאָרטקע. ער קריכט ארוף אפן פענצטער און מאכט צום פייגעלע מיט דער האנט: „נו, פלי ארײַן. האָב ניט קיין מוירע. וואָס שאָקלסטו מיטן קעפל? ווילסט מיך ניט פאר קיין שאָכן?“

ער האָט ארויסגענומען פון סערוואנט דעם אָנגעהויבענעם באטאָן ברויט, אָנגעקרישלט א הויפן ברעקלעך און א ווארף געטאָן דעם פייגעלע דורך דער אָפענער פאָרטקע.

פונוואנען האָבן זיך מיטאמאָל גענומען אזויפיל פויגלען? נאָסן איז געשטאנען אפן פענצטער, דעם קאָפּ ארײַנגעשטעקט אין דער פאָרטקע, און פון צײַט צו צײַט געשאָטן הויפנס ברעקלעך. די פויגלען זײַנען געזעסן אפן שניי און ארופגעקוקט צו אים. נאָסן האָט צעפירט מיט די הענט באוויזן, אז ער האָט שוין מער אפילע קיין ברעקל ניט. נאָר זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט. א פייגעלע האָט זיך אופגעהויבן פון דער ערד און, דורכפליִענדיק פארבײַ דעם פענצטער, א צוויטשער געטאָן, געגעבן אים, הייסט עס, צו וויסן, אז זיי ווארטן נאָך.

„וויבאלד איר ווארט, וועל איך זיך ארָאפּכאפּן אין קראָם“, — און נאָסן איז אראָפּגעשפּרונגען פון פענצטער.

אומדערוווארט האָט ער זיך מיטאמאָל דערזען שטיין הינטער דער טיר פון דעם שאָכנס צי־

מער. אַפּטרעטן איז שוין געווען שפּעט. פון יענער זײַט טיר האָט זיך דערהערט סאַביר מאָרדאַנאָווס שטים: „גייט אַרײַן!" און גיכע, זיך דערנעענטערנדיקע טריט.

צי דען האָט ער טאַקע אָנגעקלאַפּט צו זיי?

אין דער ברייט צעעפנטער טיר האָט נאָסן דערזען סאַבירס ייִנגערע טאָכטער, עלווירען.

— ביטע, גייט אַרײַן.

— אַנטשולדיקט, — נאָסן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, — אין דרויסן איז הײַנט אַ מעסערקענע קעלט. מאָרגן, זאָגט מען, וועט זײַן נאָך אַ גרעסערער פראָסט. אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אויף די פֿויגלען. האָב איך אײַך געוואָלט בעטן, איר זאָלט ניט אַרויסוואַרפן די ברעקלעך, גיט עס אָפּ די פֿויגלען.

אין דער אָפענער טיר איז שוין געשטאַנען סאַבירס גאַנץ הויזגעזינד.

— קינדער, איר האָט געהערט, וואָס נאָסן ראַפאַילאָוויטש האָט געזאָגט; איז וואָס זשע שטייט איר? — האָט סאַביר אַ געשריי געטאָן. — באַ אונדז דאַרף, דוכט זיך, זײַן אַ ביסל הירזש. שיט עס שוין אַרויס די פֿויגלען. אין דרויסן ברענט טאַקע הײַנט דער פראָסט ווי מיט פֿײַער. וואָס שטייען מיר אויף דער שוועל? קומט אַרײַן!

— אַ דאַנק. איך דאַרף זיך אַראָפּכאַפּן אין קראָם.

— נאָטאַן ראַפאַילאָוויטש, — עלווירע האָט גענומען נאָסענען אונטערן אָרעם און אים אַרײַנגעפירט אין צימער, — נאָטאַן ראַפאַילאָוויטש...

סאַביר האָט אַ ווונק געטאָן דער טאָכטער, זי זאָל זיך כאָלילע ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין איבעריק וואָרט, און זיך אָנגערופן צום ווײַב:

— נאָטאַן ראַפאַילאָוויטש האָט, דוכט זיך, ליב מאַרינירטע שוואָמען. און עפּעס צום אויסטרינקען וועט זיך מיסטאָמע אויך געפינען, איז גרייט צום טיש.

— וואָרט. דוכט זיך, דער טעלעפאָן קלינגט. נאָטאַן ראַפאַילאָוויטש, דער טעלעפאָן אײַערער, דוכט זיך, קלינגט.

אַרויסגייענדיק, האָט נאָסן געלאָזט עטוואָס אָפן די טיר, ווי ער זאָל מוירע האָבן פאַרהערן עפּעס פון דעם, וואָס עלווירע וועט באַלד זאָגן וועגן אים. פאַרוואָס גייט אים גראָדע אָן, וואָס וועט זאָגן וועגן אים עלווירע און ניט עמעצער אַנדערש פונעם הויזגעזינד?

דער טעלעפאָן האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען.

נאָסן האָט אַראָפּגענומען דאָס טרײַבל און דערהערט די שוין באַקאַנטע מילדע פרויען־שטים:

— נאָטאַן ראַפאַילאָוויטש? אַנטשולדיקט מיר. איך האָב, דורכקוקנדיק די ביולעטענען, געפונען פאַר אײַך אַ זעלטענעם וואַריאַנט צום בײַטן. פאַרשרײַבט דעם אַדרעס.

— אַ גרויסן דאַנק. נאָר איך בײַט שוין ניט דאָס צימער. וואָס? איר זײַט, זאָגט איר, צופרידן דערפון? אַלדאָס בעסטע. אַ גרויסן דאַנק אײַך.

אונטערן פענצטער זײַנען נאָך אַלץ געזעסן אויסגעזעצט אין אַ קרײַז די פֿויגלען.

ער האָט אַ מאַך געטאָן צו זיי מיט דער האַנט — און אַרויס אין קאָרידאָר. די טיר פון סאַביר מאָרדאַנאָווס צימער איז געשטאַנען, ווי ער האָט זי געלאָזט: עטוואָס אָפן.

# א צופאַל אין מעטראָ

צעבײַטנדיק אין קאַסע פון מעטראָ אַ צענקאָפּעקענע מאַטבייע אויף צוויי פיאַטאַקעס, האָט עפֿראַיִם כיגער זיך פלוצעם געכאַפּט, אַז די קאַסירשע פון „גום"[1] האָט אים ניט געגעבן קיין אויסגאָב. די עלאַסטישע שקאַרפּעטן קאָסטן צוויי רובל מיט זעקס און צוואַנציק קאָפּעקעס, און ער האָט איר דערלאַנגט אַ דרײַערל. פיר און זיבעציק קאָפּעקעס האָט זי אים ניט דערגעבן. מיטן אַלטן געלט באַטרעפט דאָך עס זיבן רובל מיט פערציק קאָפּעקעס. זיבן רובל מיט פערציק קאָפּעקעס!

עפֿראַיִם כיגער איז געווען אויפגעטראָגן ניט אַזוי אויף דער קאַסירשע, ווי אויף זיך. מיט אים זאָל אַזעלכס פּאַסירן! ער, וואָס איז אָפּגעשטאַנען אויפן מאַרינעראָשטשער מאַרק אין גאַלאַנטערייקליוטל ניט איין יאָר, זאָל אַרויסלאָזן פון זינען, אַז בײַסן קויפן אַ רעכט שטיקל סכוירע פאַרגעסט דער קוינע אַלץ מיטאַנאַנדער. וויפל מאָל, אַשטייגער, האָט געטראָפן, אַז ביזוואַנען ער, עפֿראַיִם,

[1] אַן אוניווערסאַלער מאַגאַזין אין מאָסקווע.

וואָס איז געווען אין קלייטל אי דער פּאַרקויפער, אי דער קאַסירער, פלעגט אַרויסנעמען פון טיש־קעסטל אויסגאַב, איז דער קוינע שוין געווען העט־ווײַט.

באַם אָפּזאָגן אים פון דער אַרבעט האָט מען עס אים אויך דערמאָנט, און כאָטש ס'איז שוין היפּשע עטלעכע יאָר, ווי ער איז אָפּגעגאַנגען פון מיסכער, נאָר וויאַזוי ס'פאַלט אַרײַן „אַן איבעריקער גראָשן", געדענקט ער נאָך גאַנץ גוט.

דער פּאַרדראָס, וואָס עפראַיִם כיגער האָט די אַלע יאָרן געטראָגן אין זיך, איז געווען ניט אַזוי אויף די, וואָס האָבן אים אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט און געהייסן גיין אויף אַ זאַוואָד זיך אויסהיילן פון דער קרענק „מאַכן אַן איבעריקן גראָשן", ווי אויף יענע, וועלכע האָבן זיך גענייטיקט אין דער זעלבער רעפּוע נאָך עפּשער מער פון אים, און פונדעסטוועגן זײַנען זיי קימאַט אַלע געבליבן אויף זייערע ערטער. פאַרוואָס דאַרף ער עפּעס זײַן דער אויסנאַם? אויב שוין אַראָפּנעמען, איז אַלעמען, וואָרעם אַלע זײַנען פון איין טייג, קיין שום כילעק ניטאָ צווישן די, וואָס שטייען אויפן מאַרק אין אַ קלייטל, און די, וואָס אַרבעטן אין אַזעלכע געשעפטן, ווי „צום" און „גום". גענוג געווען איין מאָל אין דעם פאַרגעסן, ער זאָל דערפאַר דאַרפן באַצאָלן מעזומאָנים זיבן רובל מיט פערציק קאָפּעקעס.

דאָ האָט עפראַיִם אומגעריכט אָנגעטאַפּט אין קעשענע פונעם מאַנטל עפּעס אַ האַרטע זאַך. ער האָט נאָך ניט באַוויזן פאַנאַנדערצוּוויקלען דאָס גראָבע שטיקל פּאַפּיר, אין וועלכן ס'איז געלעגן אַ מעסערל אויף שיילן קאַרטאָפל, ווי אויף זײַן פּריש אויסגעראַזירט פּאָנעם מיט די בלויטלעכע אָדערן איז אָנגעלאָפן אַ טונקל וואָלקנדל, דער פּאָדערשטער גאָלדענער צאָן אין מויל האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט יאָמטעוודיק פינקלען.

— נו, איז וואָס? — האָט עפראַיִם כיגער, אָפּגייענדיק אָן אַ זײַט, געזאָגט צו זיך. — דאָס מעסערל קאָסט דאָך צוויי און דרײַסיק קאָפּעקעס, און צוויי און פערציק קאָפּעקעס איז קיין געלט ניט? ס'איז דאָך פיר רובל מיט צוואַנציק קאָפּעקעס.

כאָלילע, עפראַיִם כיגער איז ניט געווען פון די, וואָס טרייסלען זיך איבער אַ גראָשן. אַז מע האָט געדאַרפט, האָט ער געקאָנט אַ וואַרף טאָן מיט אַ טויזנטער און קיין אָדערל אויפן פּאָנעם זאָל באַ אים דערבײַ ניט אַ צוק טאָן, נאָר דער זעלבער עפראַיִם כיגער, אַז ער האָט דערזען אין גאַס זיך וואַלגערן אַ קאָפּעקע, פלעגט ער זי אויפהייבן מיט יענער פּראַקטיקײַט, מיט וועלכער זײַן פרומער טאַטע פלעגט אויפהייבן אַ שיימע, און אַז באַם ציילן דעם פידיען פלעגט ניט שטימען דער כעזשבן — מעג זײַן אַפילע אויף אַ קאַרב, — האָט ער זיך ניט געפוילט פונסנײַ זיך שטעלן ציילן.

ווי איינער, וואָס דערפרייט זיך, ווען עס זוכט זיך פלוצעם אויף די זאַך, וואָס ער האָט פאַרלוירן, אַזוי האָט כיגער זיך דערפרייט, וואָס עס שטימט ניט דער כעזשבן און וואָס ער קאָן ווידער אַ פרעג טאָן באַ זיך מיט אַ ניגן: נו?

ניט ווײַט פון זיך האָט עפראַיִם דערזען אומדרייען זיך אַ יונגנמאַן. דער מענטש האָט, ווײַזט אויס, געזוכט אַן אָרט, וווּ ער זאָל קאָנען אויפעסן דעם פּיראָזשאָק, וואָס ער האָט געהאַלטן מיט צוויי פינגער אין אַ שמאָל פּאַסיקל פּאַפּיר. ער האָט עפּעס מאָדנע אַ קוק געטאָן אויף כיגערן, גלײַך ער זאָל אים וועלן אויסריידן, לעמײַ האָט ער, עפראַיִם, אונטערפירנדיק דעם כעזשבן, פאַרגעסן אַרײַנרעכענען די פינף קאָפּעקעס, וואָס ער האָט אויסגעגעבן פּונקט אויף אַזאַ־אָ פּיראָזשאָק, אַרויסגייענדיק פון „גום". פאַר עפראַיִמען איז שוין אָבער געווען ניט וויכטיק, וויפל האָט אים די קאַסירשע ניט דערגעבן. וויכטיק איז דער קלאַל, און דער קלאַל איז אַזאַ — דאָרט, וווּ עס לאָזט זיך, דערגייט מען ניט, און אַלע, וואָס האָבן צו טאָן מיט מיסכער, זײַנען פון איין טייג געקנאָטן.

אַראָפּגעלאָזט אין אויטאָמאַט דעם פּיאַטאַק, איז עפראַיִם אַרויף אויפן עסקאַלאַטאָר. דער פּאָדערשטער גאָלדענער צאָן האָט שוין באַ אים ווידער יאָמטעוודיק געפינקלט.

אין דעם לאַנגן דורכגאַנג פונעם אונטערשטן וועסטיביול האָט ער זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט באַ די טישלעך, לעם וועלכע עס זײַנען געזעסן די פאַרשפּרייטער פון די לאָטערייבילעטן און געהאַלטן אין איין דערמאָנען די פאַרבײַגייער, אַז איבערמאָרגן איז דער טיראַזש און פאַר דרײַסיק קאָפּעקעס סאַכאַקל קאָן מען געווינען אַ „מאָסקוויטש".

זינט מע האָט אײַנגעפירט אָט די לאָטערייעס, איז, דאַכט זיך, נאָך ניט געווען דער פאַל, עפראַיִם זאָל זיך אַראָפּלאָזן אין מעטראָ און, פאַרבײַגייענדיק די דאָזיקע טישלעך מיט אײַנגעהאַלטענע, פּאַמעלעכע טריט, זיך ניט צוקוקן צו די פּאַרקויפער פון די לאָטעריי־בילעטן, דעריקער צו די, וועלכע ער פלעגט זומער אין די היצן טרעפן דאָ באַ די טישלעך אָנגעטאָן אין שוואַרצע אָדער בלויע גאַרניטערס, אין האַרט אָנגעקראַכמאַליעטע העמדער מיט געשטריקטע אויסבינדער, און ווינטער — אין פוטערנע מאַנטלען מיט אָפּגעקראָכענע קאַראַקולנע קאָלנערס און הויכע קאָטיקאָווע היטלען. זייערע ראַזירטע פּענעמער, וואָס האָבן ווי פאַרגעבן אַ רעטעניש: „אַנו, טרעפט, וויפל איז מען עס אַלט", די פּענסנע אויף די פאַרשוויצטע נעזער, די פינגערלעך אויף די

הענט און ביכלאַל דאָס גאַנצע האַלטן זיך זייערס האָט ניט איבערגעלאָזט בא עפֿראַיִמען דעם מינדסטן ספֿק, ווער מע איז און וואָס מע איז.

אַז די פּאַרקופּער פֿון די לאָטעריי־בילעטן אַף די מעטראָ־סטאַנציעס באַשטייען מערסטנטייל פֿון מענטשן, וואָס האָבן ביז דער פּענסיע געהאַט צו טאָן מיט מיסכער, האָט עפֿראַיִם ניט געקווענקלט. ער וואָלט זיך אַפֿילע אונטערגענומען זאָגן, ווער בא וואָס איז געווען באַשעפֿטיקט. אייִן זאַך נאָר, אין די קראָמען און קלייטלעך האָט ער זיי שטענדיק געזען פֿאַרהאַוועט, און דאָ זיצן זיי זיך עפּעס מאָדנע רויִק און זאָרגלאָז. דער קוקט אַרײַן אין אַ צײַטונג, יענער אין אַ בוך, און אַ דריטער גיט זיך גאָר אָפּ מיט דער „ספּידאָלע“, וואָס שטייט אַפֿן טישל: כאַפּט אַרײַן אַ מאַטש צי אַ קאָנצערט.

מער פֿון אַלץ האָט עפֿראַיִמען געכידעשט אין אָט די מענטשן זייער רויִקײַט און זאָרגלאָזיקייט. נו, טאַקע, ווי קאָן מען עס שטיין בא אַ געשעפֿט און זיך אָפּגעבן מיט זײַטיקע זאַכן? מיט מוזיק גאָר. אַפֿן מאַרינעראָשטשער מאַרק, ווו ער איז, ניט הײַנט געדאַכט, געשטאַנען אין דעם קלייטל פֿון כימיקאַטן, האָט ניט ווײַט פֿון אים אין אַ גאַלאַנטעריי־קלייטל געאַרבעט איינער אַ רעב יאָסל מילבער. פֿלעגט אָט דער יאָסל, אַפֿילע באַם מעסטן די טאַשמעס און סטענגעס, זיך ניט באַגיין אָן אַ ניגן. נאָר יענער איז דאָך געווען אַמאָל אַ מעשוירער בא אַ כאַזן.

בא זײַן גאַנצער זיכערקײַט, אַז די פֿאַרשפּרייטער פֿון די לאָטעריי־בילעטן זײַנען אַזעלכע, ווי ער שטעלט זיך זיי פֿאָר, האָט עפֿראַיִם פֿונדעסטוועגן נאָך מיט קיינעם פֿון זיי ניט פֿאַרפֿירט קיין רייד, ווער מע איז, וואָס מע איז און וואָס האָט זיי געבראַכט דערצו, זיי זאָלן אָפּזיצן אַ טאָג אונטער דער ערד, אין אָט דעם מעסוקענעם הו־האַ, אַנשטאָט פֿאַרברענגען ערגעץ אַף דער פֿרײַער לופֿט און שפּילן אין ביינדלעך צי אין דאַמקעס. מעגלעך, ווײַל צײַטנווײַז האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער לעבט אין טאָעס, אַז גראָדע די, וועגן וועמען ער טראַכט, אַז זיי זײַנען מאַקריוו מיט דער פֿרישער לופֿט, האָבן גאָר קיינמאָל אין לעבן ניט געהאַט צו טאָן מיט מיסכער, ווי עס זאָל ניט זײַן, איז בא עפֿראַיִמען שוין פֿון לאַנג געווען אַ כיישעק זיך אַראָפּלאָזן אַהער, אין מעטראָ, אַף אַ צוויי־דרײַ טעג און באַווײַזן, וויאַזוי מע דאַרף האַנדלען. אָט די לאַנגע קעסטלעך, וואָס דרייען זיך, דאָס איבערטאַשן אַ בינטל בילעטן, ווי אַ טעשל קאָרטן, דער קוינע זאָל אַליין אַרויסשלעפּן אַ בילעט, איז אַ קנאַפּע סגולע צום פֿאַרקויפֿן. פֿאַרקויפֿן לאָטעריי־בילעטן דאַרף מען אויך קאָנען.

בא איינעם פֿון די טישלעך האָט עפֿראַיִם דערזען אַ רעדל מענטשן, האָט ער זיך אויך אַ לאָז געטאָן אַהין.

דער הויכער, עטוואָס אײַנגעהויקערטער מענטש, וואָס איז געשטאַנען באַם טישל און אין איין אָטעם אויסגערעכנט די געווינסן, וואָס מע קאָן אויסשפּילן פֿאַר דרײַסיק קאָפּעקעס, האָט אַ שפּאַן געטאָן צו עפֿראַיִמען, ווי צו זײַנעם אַן אַלטן באַקאַנטן, און, גריסנדיק זיך מיט אים, אַרײַנגערוקט עפֿראַיִמען אין האַנט אַ טעשל לאָטעריי־בילעטן.

— דאָ האָט איר דרײַסיק שטיק. דרײַסיק מאָל דרײַסיק איז נײַן קערבלעך. פֿון די דרײַסיק בילעטן וועלן צוואַנציק געווינען. בא מיר איז אַ מאַזלדיקע האַנט. נאָך ניט געווען דער פֿאַל, מע זאָל בא מיר קויפֿן אַ בילעט און ניט געווינען.

דער אוילעם אַרום טישל האָט פֿריילעך צוגעקוקט, וואָס וועט זײַן ווײַטער. עפֿראַיִם האָט באַמערקט, אַז ער איז דאָ דער איינציקער, וואָס האַלט ניט די הענט אין די קעשענעס, און דאָס איז געוויס די סיבע, וואָס דער פֿאַרקויפֿער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן גראָדע צו אים.

— אַז איך דאַרף ניט קיין בילעטן, איך בין שוין מיט זיי באַזאָרגט מער, ווי מע דאַרף, — האָט עפֿראַיִם זיך אָנגערופֿן און געפּרווווט באַפֿרײַען די האַנט, קעדיי וואָס גיכער זי באַהאַלטן אין קעשענע: די איינציקע סגולע, מיט וועלכער מע קאָן, ווײַזט אויס, זיך ווערן קעגן אָט דעם מעשונעדיקן מענטשן.

דער פֿאַרקויפֿער איז אָבער ניט אָפּגעטראָטן פֿון אים:

— איך קאָן די בילעטן נעמען בא אײַך צוריק, נאָר זעט, איר זאָלט נאָכדעם ניט האָבן כאַראַטע. בא מיר איז אַ מאַזלדיקע האַנט. פֿון די דרײַסיק וועלן פֿינף און צוואַנציק זיכער אויסשפּילן. פֿאַרגעדענקט מײַנע ווערטער.

— צו וואָס אָט דאָס אײַנריידן מיך, אַז איך האָב סײַווי ניט בא זיך קיין געלט. אויסגעגעבן ביז אַ קאָפּעקע, — עפֿראַיִם האָט אוועקגעלייגט די בילעטן אַפֿן טישל.

— איר זײַט בא מיר אַ באַטועך, איר וועט מיר מאָרגן אָפּגעבן, און אויב איבערמאָרגן, וועל איך אויך ניט אײַנגעבן אַף אײַך אין געריכט. אָט דאָ איז מײַן שטענדיק אָרט, — און דער פֿאַרקויפֿער האָט אַרײַנגערוקט דאָס טעשל בילעטן עפֿראַיִמען אין קעשענע.

עפֿראַיִם האָט אַרויסגענומען די בילעטן, נאָר שוין ניט געאײַלט זיך אַוועקלייגן זיי צוריק אַפֿן טישל. מיט אים איז פּלוצעם געשען אַזוינס, אַף וואָס ער האָט זיך לאַכלוטן ניט געריכט. ער

האָט אָנגעהויבן גלייבן, אז בא אָט דעם מענטשן מיט די לעבעדיקע אויגן איז ווירקלעך א מאזל־דיקע האנט. דער אוילעם זאָל ניט געווען זיך אזוי צוקוקן צו אים, צו עפראָיִמען, וואָלט ער, מעגלעך, גענומען נישטערן אין די קעשענעס און געמאכט דעם אָנשטעל, אז ער האָט פאָשעט פארגעסן אָן דעם געלט, וואָס ליגט בא אים אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע. אָבער פאר די אויגן פון אזויפיל מענטשן האָט עס אים פאָשעט ניט געפאסט. אוועקלייגן אָבער די בילעטן צוריק אָפן טישל האָט זיך די האנט ניט גערירט. פון די דרײַסיק לאָטעריי־בילעטן וועט דאָך איינער געוויס אויסשפילן, און עפשער וועט עס טאקע זײַן דאָס גרויסע געווינס. איז ווי לאָזט מען עס אזעלכס ארויס פון דער האנט. דער גוטעריאר ווייסט אים, אָט דעם מענטשן, מיט וואָס האָט ער עס אים אזוי פארקישעפט. דער פארקויפער האָט ווי אינגאנצן פארגעסן אָן עפראָיִמען און זיך שוין א לאָז געטאָן צו א צווייטן.

— נו, און טאָמער זעץ איך אײַך אָן? — האָט עפראָיִם, ניט ארויסלאָזנדיק די בילעטן פון האנט, געפרעגט. — פונוואנען ווייסט איר, עפשער בין איך גאָר ניט קיין היגער, עפשער בין איך גאָר אן אָנגעפאָרענער?

— גאָט מײַנער, וואָס באומרוּיִקט איר זיך אזוי? אז איך בין רויִק, איז וואָס האָט איר זיך צו זאָרגן? האָט מיר א גוטן טאָג. — און ער האָט ווידער גענומען אף א קאָל אויסזינגען, וואָס מע קאָן אויסשפילן פאר דרײַסיק קאָפּעקעס.

„ער קער זײַן ניט מיט אלעמען, — האָט עפראָיִם כיגער, ארײַנזעצנדיק זיך אין צוג פון מעטראָ, א טראכט געטאָן. — ווי גיט מען עס נײַן קערבלעך און מע פרעגט ניט בא יענעם ניט קיין נאָמען, ניט קיין אדרעס. נו, נו. אזעלכן וואָלט ניט געשאדט א ביסל אָנלערנען, און עפראָיִם וועט אים טאקע אָנלערנען, זאָל יענער האָבן א ביסל אגמעטנעפעש. סע שאדט ניט".

שיפרען, דעם ווײַב זײַנעם, האָט עפראָיִם קיין וואָרט ניט דערציילט וועגן דער גאנצער געשיכטע, און אז זי האָט אים אפן אנדערן טאָג געפרעגט, וווהין אײַלט ער עס אזוי פרי, האָט ער טאקע ניט געוווסט וואָס איר צו ענטפערן. די פּאָטאָ־אטעליע, ווו ער ארבעט די לעצטע יאָרן פאר א רעטושאָר, עפנט זיך עלף אזייגער און איצט איז ערשט אָנהייב נײַן. מאָדנע. ער האָט זיך דאָך געלייגט שלאָפן מיטן געדאנק אָנלערנען יענעם מענטשן, וואָס זשע איז פלוצעם אזוינס געשען, וואָס ער אײַלט אין מעטראָ? א גאנצע נאכט איז בא אים געווען דאָס געפיל, ווי עמעצער וואָלט אים נעכטן נאָכגעגאנגען, פארשריבן זײַן אדרעס און שטייט איצט בא זײַן שטוב און וואַרט... ער וויל, הייסט עס, זען, וווהין וועט עפראָיִם זיך לאָזן פונדאנען.

בא דעם טישל אינעם גרויסן און טומלדיקן וועסטיביול, ווו ער האָט נעכטן געהאט א העזעק אף גאנצע נײַן רובל, האָט עפראָיִם געטראָפן זיצן א מיטליאָריקן פולבלעכן מאנצבל מיט א פאָר גרויסע ברילן אף דער פליישיקער נאָז. עפראָיִם האָט זיך דורכגעשפארט דורך דעם שטראָם מענטשן, וואָס האָט געפלייצט אנטקעגן, און א פארשוויצטער, אן אויסגעמאטערטער זיך דערקליבן צוריק צום דורכגאנג. פארבײַגעגאנגען דאָרט אלע טישלעך און ניט געפונען דעם נעכטיקן פארקויפער, האָט ער זיך ווידער אראָפגעלאָזט מיטן עסקאלאטאָר אין דעם אונטערשטן וועסטיביול און זיך געווענדט צו דעם אין די ברילן:

— איר קענט מיר ניט זאָגן, ווו איז עס דער מענטש, וואָס איז דאָ נעכטן געזעסן?

— דער אָפּטאָוויק, וואָס פארקויפט צו דרײַסיק בילעטן מיטאמאָל?

— יאָ, יאָ, ער.

— מיסטאָם אויסגעפארקויפט נעכטן די גאנצע סכוירע און זיך געמאכט הײַנט אן אָפּרוטאָג, כע, כע. א טשיקאַוועך פארשוין. אף וואָס, אשטייגער, דארפט איר עס אים אזוי?

— איך בין אים געבליבן שולדיק א כויוו פאר די בילעטן.

— וואָס?! — דער מענטש אין די ברילן האָט זיך אזש אופגעהויבן פון אָרט. — ער פארקויפט, הייסט עס, בילעטן אין קרעדיט? און צו וויפל האָט ער אײַך גערעכנט א בילעט?

— ווייסט איר, הייסט עס, ניט, ווו ער איז? — האָט עפראָיִם אים הארב איבערגעשלאָגן.

— ס'איז מאָסקווע. א מענטש איז דאָ, ווי א נאָדל אין א סטויג היי. נעכטן איז ער געזעסן דאָ, אף „ארבאט", און הײַנט קאָן ער זיצן ערגעץ אין „טשעריאָמושקי" צי אין „סאָקאָל"[1], עס פעלן אויס סטאנציעס אין מעטראָ? ס'קאָן גרײַלעך טרעפן, ער זאָל גאָר זיצן ערגעץ אין א סקווער צי אף א וואָקזאל. הײַנט איז דאָך דער לעצטער טאָג פארן טיראזש, — און, באהאלטנדיק א שמייכל אונטער די גראָבע ברילן־גלעזלעך, צוגעגעבן: — אויב ער האָט צעטיילט די סכוירע אין קרעדיט, וועט ער זיכער קומען. זײַט רויִק. ער וועט אײַך אליין אָפזוכן.

דער ערשטער טאָג האָט אָפּגעקאָסט עפראָיִמען אפן אלטן געלט צוויי מיט א האלבן רובל. פינף מאָל האָט ער אין מעשעך פון טאָג זיך אראָפגעלאָזט אין מעטראָ. ער איז אפילע דורכגע־

[1] נעמען פון מעטראָ־סטאנציעס.

פאַרן עטלעכע סטאַנציעס, זיך אומעטום נאָכגעפרעגט אף זײַן קרעדיטאָר. ער האָט אָנגעגעבן וועגן אים אַלע סימאָנים: ווי ער זעט אויס, אין וואָס ער איז אָנגעטאָן, געגנוי אויסגעדערציילט, פאַרוואָס זוכט ער אים אַזוי אַרום. די פאַרשפּרייטער פון די לאָטעריי־בילעטן האָבן אים אויסגעהערט, געקניטשט מיט די אַקסל, ברייט צעפּירט די הענט, וואָס דאָס האָט געדאַרפט באַטײַטן: „ווײַט אַלע סימאָנים זײַט איר ביידע ניט מיט אַלעמען". דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן אים געזעט: זוכן אף דער סטאַנציע „אַרבאַט". מאָרגן, איבערמאָרגן הייבט מען אָן פאַרשפּרייטן בילעטן פונעם נײַעם אַרויסלאָז, און עפראַיִם וועט אים דאָרטן זיכער טרעפן.

— נו יאָ, כ'האָב טאַקע מער ניט וואָס צו טאָן, נאָר אַרומשלעפּן זיך איבער דער מעטראָ. אַ נײַע אָנשיקעניש אף מיר.

„די נײַע אָנשיקעניש" האָט אים שוין אָפּגעקאָסט אַפּן אַלטן געלט מער פון אַ צענערל: ניט געוועזן קימאַט דער טאָג, ער זאָל זיך ניט אַראָפּלאָזן אין מעטראָ. און יענער איז ווי אין וואַסער אַרײַן. ניטאָ, און שוין.

„דער גוטעריאַר ווייסט אים, — האָט עפראַיִם ניט איין מאָל אַ טראַכט געטאָן. — דאָס רעכנט ער זיך מיט מיר אָפּ, אַפּאַנעם, אַזוי דערפאַר, וואָס כ'האָב געזאָגט, אַז איך האָב קיין געלט ניט בײַ זיך. אומזיסט אָבער קלערט ער, אַז ער וועט בײַ מיר קריגן נײַן קערבלעך. האַלעווײַ פּאַק איך אים נאָר. איך וועל בײַ אים אַראָפּרעכענען ביז אַ קאָפּעקע אַלץ, וואָס כ'האָב איבער אים אויסגעגעבן אף דער מעטראָ. הײַנט די צײַט, וואָס איך האָב איבער אים געפּאַטערט? נישקאָשע, איך וועל אים אַלץ אַרײַנשטעלן אין כעזשבן".

עס איז דורך אַזוי אַ כוידעש, און צוויי, און דרײַ. פאַר דער צײַט איז שוין געווען אַ נײַער טיראַזש, נאָר יענע דרײַסיק לאָטעריי־בילעטן האָט עפראַיִם פאַרהיט ביז איינעם. ער איז אפילע ניט געגאַנגען אָפּנעמען די צוויי רובל, וואָס צוויי בילעטן פון דעם גאַנצן טעשל האָבן אויסגעשפּילט. סאָפּקאָלסאָף האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אף דער גאַנצער געשיכטע, ביפראַט אַז פון די גילדענע בערג, וואָס יענער האָט אים צוגעזאָגט, האָט זיך אויסגעלאָזט גאָרנישט מיט ניט. אפילע קיין רעכט פלעשל ווײַן קאָן מען פאַרן געוווּנענעם געלט ניט קויפן.

פון צײַט צו צײַט אָבער פלעגט עפראַיִם זיך דאָך אַראָפּכאַפּן אף דער סטאַנציע „אַרבאַט", ניט געײַלט דורכגיין פאַרבײַ די טישלעך און פונסנײַ באַרעכענען, ווײַל איז ער נאָך געבליבן שולדיק, ווײַל יעדער מאָל האָט ער אַראָפּגערעכנט פונעם כעזשבן די פינף קאָפּעקעס הויצאָעס אף מעטראָ. דאָס ווײַב זײַנס, שיפרע, האָט פון אָנפאַנג געהאַלטן, אַז בלויז דער פאַרשפּרייטער פון די בילעטן איז ניט מיט אַלעמען, איצט האָט זי שוין ניט געסאָפעקט, אַז אויך איר עפראַיִם איז ניט אינגאַנצן באַם זינען.

— ניין, דו הער נאָר. די מעטראָ איז בײַ אים, לעהאַוודל, געוואָרן ווי אַ מין מאָקעם־קאָדעש. ער לאָזט ניט דורך קיין שאַכרעס און קיין מײַרעוו. מעשוגענער דו איינער. געווען דאָרט צוויי־דרײַ מאָל, און גענוג. ווײַל איז עס דער שיר זיך אומטראָגן איבער דער מעטראָ און זוכן דאָרט דעם נעכטיקן טאָג, האָ?

ס'איז געווען אַ שטילער זומערדיקער פאַרנאַכט. דער גרויסער איזמײַלאָווער פּאַרק איז שוין פול געווען מיט אָוונטיקע שפּאַצירערס, נאָר עפראַיִם מיט שיפרען האָבן זיך נאָך ניט געקליבן אַהיים גיין. זיי זײַנען געלעגן אף דער אויסגעשפּרייטער סאָלדאַטסקער פלאַשטש־פּאַלאַטקע, וואָס עפראַיִם האָט געבראַכט מיט זיך פון דער מילכאָמע, און האָבן אַרופגעקוקט צו דער געל־רויטער קרוין פון דער שלאַנקער סאָסנע, אונטער וועלכער זיי זײַנען געלעגן. נאָר אָט איז די פאַרגייענדיקע זון אַריבערגעשפּרונגען אף אַ צווייטן בוים, און די סאָסנע, און דאָס הויכע גראָז אַרום איר, איז צוריק געוואָרן טונקל־גרין.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, שיפרע? — האָט עפראַיִם זיך אָנגערופן צום ווײַב. — איך הייב, דאַכט זיך, אָן גלייבן אין זייערע נעוויִעס.

— אין וועמעס נעוויִעס?

— פון דער ביוראָ פּאָגאָדי. שוין דער דריטער מאָנטיק, ווי זיי טרעפן. סאַראַ טאָג עס איז הײַנט געווען! האָ? אַז מע איז אָפּ אַזאַ טאָג אף דער פרײַער לופט, זעט זיך נאָכדעם ניט אָן די גאַנצע וואָך. אַ כאָכעם, הערסטו, איז געווען דער, וואָס האָט אײַנגעפירט, אַז די באַלמעלאָכעס פון די אַטעליעס און רעמאָנט־וואַרשטאַטן זאָלן זיך אָפּרוען מאָנטיק. דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ אין אַ זונטיקדיקן טאָג? קאָפּ אף קאָפּ, מיסטאָמע. און אין אַ וואָכעדיקן טאָג, אָט ווי הײַנט, אַשטייגער, קאָנסטו זיך אויסקלײַבן, וועלכע סאָסנע דו ווילסט נאָר. גליקלעכע מענטשן, הערסטו, זײַנען טאַקע די, וואָס וווינען לעבן אַ פּאַרק. אַז איך וועל אימירצעהאַשעם איבערגיין אף פּענסיע, וועט מען דאַרפן אַ טראַכט טאָן וועגן בײַטן די דירע נעענטער צו אַ פּאַרק. ווי זאָגסטו, שיפרע?

— דו מוזט טאקע נייטיק האָבן די טשוווע באַלד, צי עס דולדעט א ביסל, וואָרעם בא מיר האָט שוין איבערגעטריקנט דער גומען, אזוי וויל איך א טרונק.

— האָסט דאָך עס געקאָנט פריִער זאָגן. דאָ ניט ווייַט האָבן מיר א קיָאסק מיט וואסער, — און עפראַיִם האָט גענומען זיך אַנטאָן.

— ניטאָ וואָס צו לויפן, — האָט אים שיפרע אָפגעשטעלט, — טרייסל אויס די פּלאשטש־פּאלאטקע, און מירן שוין גיין אהיים.

ווען זיי האָבן זיך ארופגעקליבן אפן שטעגל, וואָס האָט געפירט צו דער צענטראַלער אליי, איז די זון שוין אינגאנצן פארגאנגען.

— א גוטע־וואָך, — האָט עפראַיִם כיגער זיך אָנגערופן צום ווייַב און א צופרידענער זיך געלאָזט גיין גיכער. נאָר ניט ווייַט פונעם קיָאסק האָט ער זיך מיטאמאָל אָפגעשטעלט: ער האָט דערהערט א באקאנטע שטים.

— אוי, איך קאָן שווערן, אז ס'איז ער!

— ווער ער?

— נו, דער, פון די בילעטן.

דער מענטש, וואָס איז געשטאנען בא א טישל לעבן קיָאסק, האָט אים אויסגעזען צו זייַן נידעריקער און מער איַינגעהויקערט פון יענעם אָף ארבאַט. דערצו האָט ער נאָך געטראָגן ברילן, וואָס האָבן זיך געהאלטן אין איין אראָפּגליטשן פון דער פארשפּיצטער לענגלעכער נאָז. דאָס קאָל אָבער און דאָס ארויסזינגען אין איין אָטעם, וואָס מע קאָן אויסשפּילן פאר דרייַסיק קאָפּעקעס, האָט פּאָרט דערמאָנט עפראַיִמען דעם פארקויפער אין מעטראָ.

— נו, פראַיִם, ס'איז ער? וואָס האָסטו זיך אוועקגעשטעלט קוקן? האָסט קיינמאָל ניט געזען, ווי מע פארקויפט בילעטן? — שיפרע האָט א שלעפּ געטאָן דעם מאן פארן ארבל. — נו, קום שוין.

שיפרע האָט ניט באוויזן צו מאכן א טראָט, ווי דער פארקויפער פון די בילעטן האָט א כאַפּ געטאָן פון טישל א פּעקל בילעטן און עס איר ארייַנגערוקט אין האנט:

— איר האָט דאָ דרייַסיק שטיק. צוואנציק פון זיי וועלן זיכער אויסשפּילן. בא מיר איז א מאזלדיקע האנט.

— טפו זאָלט איר מיר ניט ווערן! — האָט עפראַיִם אויסגעשריִען. — ס'איז דאָך שוין באלד א האלב יאָר, ווי איך זוך אייַך ארום.

— מיך? — דער מענטש האָט זיך אויסגעקערעוועט צו עפראַיִמען. — אָך, שאָלעם־אליכעם!

— אזוי האנדלט עס א סויכער? ארייַנגערוקט א פּארטיע סכוירע אין קרעדיט און נעלעם געוואָרן. ווו זייַט איר עס געווען?

— אין שפּיטאָל. כ'האָב, ניט פאר אייַך געדאכט, ניט פאר קיינעם געדאכט, זיך אויסגע־גליטשט און אָפּגעלעגן עטלעכע כאדאָשים אין גיפּס. זייַט איר, הייסט עס, מייַן באלכויוו.

— נייַן, איצט זייַט איר שוין מייַן באלכויוו. איר ווייסט, וויפל איך האָב צוליב אייַך אויס־געגעבן אָף דער מעטראָ? די ערשטע צייַט בין איך דאָך יעדן טאָג געפאָרן אייַך זוכן.

— און צוויי מאָל א טאָג איז ער ניט געלאָפן? — האָט שיפרע זיך אָנגענומען פארן מאן און אוועקגעלייגט דאָס פּעקל בילעטן צוריק אפן טישל, — איר ווייסט דען, וואָס מיט אָט דעם מענטשן האָט זיך אָפּגעטאָן?

— כ'ווייס, מע האָט מיר דערציילט. כ'לעבן, ניט קעדיי געוועזן זיך אזוי באומרויִקן. איך, אשטייגער, בין געווען אינגאנצן רויִק. אָט האָבן מיר זיך דאָך אָפּגעזוכט.

— נו יאָ. זאָגט כאָטש א דאנק דער ביוראָ פּאָגאָדי. איז וואָס טוען מיר, שיפרע? — האָט עפראַיִם, פינקלענדיק מיטן פּאָדערשטן גאָלדענעם צאָן, זיך אָנגערופן צום ווייַב. — זאָל איך אראָפּרעכענען די הויצאָעס פאר דער מעטראָ, צי זאָל דאָס מאָל מייַנס איבערגיין?

דעם מענטשן איז עפּעס ווי אינגאנצן ניט אָנגעגאנגען דאָס געלט. ער האָט, ניט איבערציילנ־דיק, ארייַנגעלייגט דעם כויוו אין קעשענע, געגעבן א כאַפּ פון טישל די בילעטן, וואָס שיפרע האָט אוועקגעלייגט, און זיי ווידער איר ארייַנגעשטופּט.

— בא מיר איז, זאָלט איר וויסן זייַן, א מאזלדיקע האנט. איר האָט דאָ צוואנציק געווינסן.

— נו יאָ, — האָט עפראַיִם זיך צעלאכט, — פון דרייַסיק בילעטן האָבן קוים אויסגעשפּילט צוויי און דערצו די סאמע גרעסטע געווינסן, א קארב אָף א בילעט.

— דאָס מאָל קאָוויר איך אייַך, אז ס'וועלן אויסשפּילן אלע צוואנציק. אויב איר האָט ניט בא זיך קיין געלט, קאָן איך אייַך אָנטרויען.

— ע, דאָס ניט! — איז עפראַיִם אזש אונטערגעשפּרונגען. — צוויי מאָל שטראָפט מען ניט. דאָס איז ניט סאָכריש, ניט מענטשלעך, — און צו שיפרען: — עפּשער איז בא דיר גאָר א מאזלדיקע האנט? פּרווון, האַ? — און אָפּצאָלנדיק דעם מענטשן די נייַן קערבלעך פארן בינטל

בילעטן, האָט עפֿראַיִם זיך צו אים אָנגערופֿן: — אַז איר וועט זײַן אין אונדזערע קאַנטן, אױף סרעטענקע, איז כאַפּט זיך, זײַט אַזוי גוט, אַרײַן צו מיר אין פֿאָטאָ־אַטעליע. איך מוז אײַך אָפּ־פֿאָטאָגראַפֿירן און אַרויסהענגען אין פֿענצטער אײַער בילד, די באַלכויוועס אײַערע זאָלן וויסן, ווו צו זוכן דעם מענטשן, וואָס האַנדלט, ווי באַם פֿאָלגעם קאָמוניזם, אױפֿן וואָרט. זאָגן אײַך אַ סאָד?

— דעהײַנע?

— איך האָב דאָך געמיינט, אַז איר זײַט פֿון יענע, נו, פֿון יענע, וואָס זײַנען ביזן אַריבערגיין אױף פּענסיע, געשטאַנען אין אַ לאַריאָק.

— און פֿונוואַנען האָט איר גענומען, אַז איך בין ניט פֿון יענע? — די ברילן באַ דעם מענטשן האָבן זיך נאָך נידעריקער אַראָפּגעגליטשט, און עפֿראַיִם האָט פֿאַר זיך דערזען די זעלבע לעבעדיקע אויגן, וואָס דעמלט אױף דער סטאַנציע „אַרבאַט“. — איך בין טאַקע געשטאַנען אין אַ לאַריאָק.

— זאָגט כאָטש „ניט הײַנט געדאַכט“, — האָט שיפֿרע צוגעגעבן.

— וואָס עפּעס? — איז עפֿראַיִם אױף איר אָנגעפֿאַלן. — און אַז אַ לאַריאָק, איז וואָס? נו, טאַקע, וואָס?

שיפֿרע האָט פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט איר מאַן. וואָס האָט זי עס אַזעלכס געזאָגט, וואָס ער איז אַזוי אױפֿגעזאָטן געוואָרן? ער האָט עפּשער מוירע, זי זאָל, כאָלילע, זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט. נאָר דאָ האָט שיפֿרע דערהערט אַזוינס, אַז זי האָט ניט געגלייבט די אייגענע אויערן. עפֿראַיִם, וואָס האָט פֿון זיך אַליין, דאַכט זיך, אויסבאַהאַלטן, אַז ער איז געווען אַמאָל באַשעפֿטיקט אין אַ לאַריאָק, האָט פּלוצעם זיך אָוועקגעשטעלט אויסדערציילן פֿאַר אַ ווילד־פֿרעמדן מענטשן, ווער איז ער געווען, וואָס איז ער געווען און וואָס האָט ער געטראַכט וועגן די, וואָס האָבן צו טאָן מיט מיסכער. געריידט האָט ער וועגן ד׳עם אַזוי, אַז שיפֿרען האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן — איר עפֿראַיִם קלײַבט זיך בעטן מעכילע באַ אָט דעם נײַעם באַקאַנטן זײַנעם פֿאַר אַלץ, וואָס ער האָט ביז אַהער גערעדט און געטראַכט וועגן די מענטשן, וואָס זײַנען באַשעפֿטיקט אין האַנדל. נאָר עפֿראַיִם כיגער האָט שוין גאָר געהאַלטן אין דערציילן וועגן דעם, וויאַזוי מע האָט אים אָנ־הייב מילכאָמע, טאַקע דאָ, אינעם איזמײַלאָווער פּאַרק, געלערנט פּויזען אױפֿן בויך, וואַרפֿן גראַ־נאַטעס, גיין אין אַטאַקע. בייסן דערציילן האָט עפֿראַיִם זיך אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין זײַן טונקל־גרינער סאָלדאַטסקער פּלאַשטש־פּאַלאַטקע.

# דער סאַניטאַר

נאָסן ראָזאָווסקין

עס האָט זיך שטיל געעפֿנט די טיר און אַ שמאָל פּאַסיקל שײַן פֿונעם נאַכט־לעמפּל אין קאָרידאָר האָט זיך פֿאַרקליבן צו אירמען אױפֿן קישן. אין פּאַלאַטע איז אַרײַנגעפֿאָרן דאָס הויכע שפּיטאָל־וועגעלע אױף די ווייכע גומענע רעדער.

פֿאַר די אָנדערהאַלבן כאַדאָשים, וואָס אירמע ליגט אין שפּיטאָל, האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפֿן, אַז דאָס וועגעלע קײַקלט זיך אַרײַן אַהער, אין פּאַלאַטע, אויך שפּעט אין דער נאַכט. ס׳איז ניט געווען קענטיק, אַז דעם קראַנקן, וואָס מע האָט איצט געבראַכט, זאָל מען פֿירן פֿונעם אָפּעראַציע־צימער. אירמע האָט עס פֿאַרשטאַנען פֿון דעם, ווי די סאַניטאַרן האָבן געהאָלפֿן דעם כוילע אַריבערקלײַבן זיך אױפֿן בעטל ניט ווײַט פֿונעם פֿענצטער. צוגעווונטשן דעם נײַיִנקן אַ גוטע נאַכט, האָבן זיי אַרויסגעפֿירט דאָס וועגעלע צוריק אין קאָרידאָר און שטיל צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר.

אין פּאַלאַטע האָט זיך ווידער אײַנגעשטעלט אַ געדיכטער כוישעך, אין וועלכן ס׳האָבן פֿון מאָל צו מאָל זיך אַרײַנגעריסן דורך די אַראָפּגעלאָזענע טיולענע גאַרדינען געל־בלאָווע פֿלעקן פֿון דעם זיך לײַכט וויגנדיקן לאָמפּ אין דרויסן.

דאַכט זיך, אַז קיינער, אויסער אירמען, האָט זיך אין פּאַלאַטע ניט אױפֿגעכאַפּט, און אויב עמעצער האָט זיך יאָ אױפֿגעכאַפּט, איז אויך ניט אױף לאַנג; מע איז באַלד ווידער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף. אירמען, אָבער, וועמען מע האָט אָפּערירט נאָך מיט אַ כוידעש צוריק, האָבן די

שמערצן אָפּגעלאָזט בלויז אַף אַזויפֿיל, ער זאָל צוויי־דריי שאָ אין מעסלעס קאָנען כאַפּן א דרעמל. אינגיכן איז אים פאַרגעשטאַנען ווידער זיך לייגן אַפן אָפּעראַציע־טיש: דער רענטגען האָט אויסגעפונען בא אים נאָך א שפּליטער. צוואַנציק יאָר איז דער שפּליטער זיך רויִק אָפּגעלעגן אין די לונגען און אַפן איין־און־צוואַנציקסטן זיך פּלוצעם געלאָזט פּילן, דערצו אַזוי, אַז צייטנווייז איז מאַמעש ניט אויסצוהאַלטן.

אַז ס'שטייט אירמען פאַר א נייע אָפּעראַציע, האָט אים דערווייל נאָך קיינער פון די דאָקטוירים ניט געזאָגט. נאָר אירמע, וועלכער איז קימאַט די גאַנצע מילכאָמע געווען א סאַניטאַר, האָט זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין דאָס איבערווינקען זיך פון די דאָקטוירים, זייערע פאַרשטעלטע רייד.

דערציילנדיק די קראַנקע אין פּאַלאַטע וועגן דעם שפּליטער, וואָס מע האָט בא אים געפונען אין די לונגען, האָט אירמע זיך באַמיט זיין רויִק, ווי ער וואָלט גרייט געווען יעדע מינוט זיך לייגן אַפן טיש. אינדערעמעסן, האָט ער מיט זיין קלוימערשטער רויִקייט געוואָלט צוגרייטן די קראַנקע צו דעם, וואָס זיי שטייט פאָר, זיי זאָלן זיך אופהערן שרעקן פאַרן וועגעלע.

קימאַט אַלעמען, וואָס מע האָט געבראַכט צו פירן אין דער דאָזיקער פּאַלאַטע, האָט אירמע באַגעגנט מיט אַלציינע ווערטער:

— איר ווייסט, וואָס פאַר אַן אָפּעראַציע איך האָב אריבערגעטראָגן? א־א! און אינגיכן שטייט מיר ווידער פאָר זיך לייגן אַפן טיש. איך האָב אָבער אָט אַף אַזויפֿיל־אָ ניט מוירע. מע פילט דאָך גאָרנישט ניט. נו, טאַקע גאָרניט. איך בין א שטיקל מיווין אַף כירורגן, זאָג איך אייך, כ'ווייס ניט, צי אין מאָסקווע זיינען פאַראַן א סאַך אַזעלכע כירורגן, ווי דאָ אין שפּיטאָל. ערן־וואָרט.

אין די דאָזיקע מינוטן איז אירמע געווען ענלעך צו א פּאָטער, וואָס אַז דאָס קינד זיינס וואָגט זיך אָפּ איינעמען א רעפּוּע, נעמט ער זי פריִער אַליין איין, און ווי ביטער די רעפּוּע זאָל ניט זיין, ווייזט ער עס פאַרן קינד מיט גאָרנישט ניט אַרויס. פאַרקערט: ער שמייכלט אַפילע אונטער.

מיינסטנס האָט אירמע פאַרפירט אַזעלכע געשפּרעכן מיט יונגוואַרג. די דאָקטוירים און די מעדיצין־שוועסטער האָבן שוין וועגן דעם געוווּסט און בא דער מינדסטער מעגלעכקייט געזען אריינלייגן די יינגערע כאַלאָיִם צו אירמען אין פּאַלאַטע. אירמע האָט שוין פון לאַנג זיך געהאַט אָנגעשטויסן וועגן דעם, דאָך האָט אים געצויגן א קוק טאָן אַפן נייעם כוילע, כאָטש ס'האָט זיך געקאָנט אַרויסווייזן, אַז דער ניי־אָנגעקומענער איז גראָד ניט קיין יונגער. וויפל מאָל האָט מען שוין אין פּאַלאַטע געבראַכט מענטשן א סאַך עלטערע פון אים, פון דעם פּופּציקיאָריקן אירמע סאַנדלער. אים האָט זיך פּאַשעט געוואָלט א קוק געבן אַף א מענטשן, וועלכן מע האָט אינמיטן דער נאַכט אריינגעפירט אַף א וועגעלע און ער לאָזט זיך אינגאַנצן ניט הערן. אַפילע קיין קרעכץ ניט געטאָן.

אָפּגעזוכט אין דער פינצטער די צעטראָטענע לייוונטענע שטעקשיך, איז אירמע אראָפּגעקראָכן פון געלעגער און אַף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום בעטל באַם פענצטער. דער געלבלעכער פּלעק פונעם פאַנאַנדערגעוויגטן לאָמפּ אַפן סלופּ האָט זיך א פּאָר מאָל פאַרהאַלטן אַפן קישן, און אירמע האָט דערזען, אַז דער קראַנקער קוקט אַף אים.

— איר שלאָפט ניט?

ווי אָפּגעשוואַכט ס'איז ניט געווען דעם קראַנקנס קאָל, האָט אירמע דערקענט, אַז ס'איז נאָך גאָר א יונגער באָכער.

— עפּשער דאַרפסטו עפּעס? שעם זיך ניט. ס'איז א שפּיטאָל, אין א שפּיטאָל שעמט מען זיך ניט.

ער האָט זיך צוגעזעצט אַפן בענקל לעבן בעט, פאַריכט אַפן קראַנקן די קאָלדרע און געפרעגט:

— וווּ טוט דיר וויי?

דער באָכער האָט געוויזן מיט דער האַנט אַפן בויך.

— אַפּענדיציט? ניין? וואָס זשע דען? דיר, זע איך, איז שווער צו ריידן. נו, שלאָף, — אירמע האָט זיך אופגעהויבן. — דו טראַכט ניט וועגן דער אָפּעראַציע, מע פילט דאָך גאָרנישט ניט, נו, טאַקע אינגאַנצן ניט. אָט האָט מען מיך יענעם כוידעש אָפּערירט, און די טעג שטייט מיר ווידער פאָר זיך לייגן אַפן טיש. בא מיר איז א ביסל א שווערערע אָפּעראַציע, ווי בא דיר, און זעסט, כ'האָב ניט מוירע אָט אַף אַזויפֿיל־אָ ניט. דאָ זיינען אַזעלכע דאָקטוירים! מיט איין וואָרט, ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן. נו, שלאָף, א גוטע נאַכט.

ער איז אַרויס אין קאָרידאָר. באַם טישל מיטן טונקעלן לעמפּל אונטערן גרינעם אַבאַזשור האָט געדרעמלט די דעזשורנע שוועסטער.

— וואָס שלאָפֿט איר עפּעס ניט? — האָט זי געפֿרעגט אירמען, וואָס האָט זיך צוגעשפּאַרט אָפֿן דיוואַן.

— ווער איז דער באָכער, וואָס מע האָט אַרײַנגעלייגט צו אונדז אין פּאַלאַטע?

— זייער אַ שווערער כוילע, — די דזשורנע, אַ יונג מיידל מיט פּײַכטע פּולבלעכע ליפּן און זומערשפּרענקעלעך אונטער די אויגן, האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט אויסגעגעבן אַ סאָד, — מע האָט אים געוואָלט גלײַך אָפּערירן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בא אים איז זייער אַ שוואַך האַרץ.

— בא אַזאַ יונגן באָכער?

— אָט דער יונגער באָכער האָט איבערגעטראָגן אַזוינס, — די שוועסטער האָט זיך אומגע־קוקט צו דער פֿאַרמאַכטער טיר פֿון פּאַלאַטע און ווי פֿון ווײַטעק צוגעשלאָסן די אויגן. — איך האָב געהערט, ווי ער האָט דערציילט דעם דאָקטער: די דײַטשן האָבן אינמיטן דער נאַכט אונטער־געצונדן זייער דאָרף, בלויז ער אײנער האָט זיך געראַטעוועט. קימאַט אײנגאַנצן אַ נאַקעטער איז ער אַרויסגעשפּרונגען פֿון פֿענצטער אָפֿן פֿראָסט און זיך געלאָזט לויפֿן דורכן וועלדל אין שכיי־נעסדיקן כוטאָר. זעקס יאָר איז ער אַלט געווען. קיין זאַך אין לעבן גייט ניט דורך גלאַט. מיט דער צײַט רופֿט זיך עס אָפּ.

— יאָ, — האָט אירמע שטיל געזאָגט, אַרײַנעמענדיק אין האַנט דאָס געקרײַזלטע בערדל. — וואָס וועט מען פֿונדעסטוועגן טאָן?

— מע וואַרט אָפֿן פּראָפֿעסאָר. ער דאַרף באַלד קומען. גייט צו זיך אין פּאַלאַטע.

...דורך דעם שמאָלן פֿאַרשטויבטן פֿענצטערל פֿונעם קאָלווירטישן שפּײַכלער שפּירט אירמע אָנגעשטרענגט נאָך די צוויי דײַטשישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אַרויסגעטריבן אָפֿן באַשטאַן די פֿרויען און קינדער פֿון דאָרף. איטע שטייט אויך ביז די קני אינעם פֿינקלענדיקן שניי און וואַרפֿט אינעם געפֿלאַכטענעם קויש געלע דיניעס. זייער דרײַיאָריק טעכטערל, מילקע, ציט אויס די הענטלעך צו די דיניעס, נאָר אין דער רעגע דערהערט זיך אַ שאָס. אַלע לאָזן זיך לויפֿן. עמעצער ברעכט די טיר פֿון שפּײַכלער. אירמע האַלט זי צו מיט די לעצטע קויכעס. מיטאַמאָל אי־טעס שטים:

— אירמע, עפֿן!

אָף דער שוועל דערזעט ער איטען און די צוויי דײַטשן.

— אירמע, — זאָגט זי, — גיב זיי אָפּ דאָס גאָלדענע זייגערל מיטן בראַסלעטל, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען צו דער כאַסענע. גיי ווײַז זיי, ווו עס ליגט.

ער קריכט אָפֿן בוידעם, די דײַטשן יאָגן אים אונטער. איטע טרײַבט אים אויך אונטער, שרײַט אַרוף צו אים:

— וואָס דויערט עס דאָרטן בא דיר אַזוי לאַנג?

ער צעוואַרפֿט דאָס אָנגעוואַלגערטע ברוכוואַרג אָפֿן בוידעם און שלעפּט אַרויס פֿון אונטער די שלייעס און כאָמוטן אַ גרויסע קאַן מיט פֿריש אָנגעמאָלקענער מילך. דער שוים האָט זיך נאָך ניט אויסגעבלעזלט. איטע רײַבט אָן אַ שוועבעלע, טוט עס אַ וואָרף אין דער קאַן, און אַ פֿלאַמ־פּײַער כאַפּט אַרום די גאַנצע שטוב.

— ווו איז אונדזער מילקע? — שרײַט איטע.

— אָט איז זי דאָך, בא מיר אָף די הענט.

זיי לויפֿן זאַלבעדריט איבערן פֿאַרשנייטן פֿעלד, און דער פֿלאַם יאָגט זיי נאָך. אָט־אָט יאָגט ער זיי אָן...

די שײַן פֿון דער פּירלאָמפּיקער ליוסטרע, וואָס עמעצער האָט אָנגעצונדן אין פּאַלאַטע, האָט אַזוי אַ זעץ געטאָן אירמען אין פּאַנעם, אַז ער האָט נאָך שטײַפֿער צוגעשלאָסן די אויגן, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אַז ער קאָן ווירקלעך דערזען באַלד פֿאַר זיך דאָס פֿלאַמפּײַער, וואָס האָט זיך נאָך אים נאָכגעיאָגט איבערן פֿאַרשנייטן סטעפּ.

— אָף וועמען האָט איר עס אַזוי געשריִען?

ווען אירמע האָט זיך ענדלעך באַפֿרײַט פֿונעם שווערן כאָלעם און זײַנע אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער שײַן, וואָס האָט געפֿלייצט פֿון אונטערן באַלקן, איז דער דאָקטער, וואָס האָט אים אופֿגעוועקט, שוין געשטאַנען באַם בעטל פֿון דעם נײַעם כוילע.

— איך האָב שטאַרק געשריִען פֿון שלאָף? — האָט אירמע, אָנבייגנדיק זיך צום שכײנעס־דיקן בעטל, געפֿרעגט.

— שטילער, דער פּראָפֿעסאָר גייט.

דער פּראָפֿעסאָר האָט ניט געמאַכט קיין אײַנדרוק פֿון אַ מענטשן, וואָס מע האָט אינמיטן נאַכט אופֿגעהויבן פֿון בעט. ער איז אַרײַן אין פּאַלאַטע מיט אַ האַרטן טראָט, וואָס לאָזט

לייכט דערקענען א מיליטערמאַן, און מיטן זעלבן רויִקן בליק, ווי שטענדיק. אירמען האָט זיך אָבער אויסגעדוכט, אַז דער פּראָפעסאָר איז גאָר ניט אַזוי רויִק, ווי ער וויל עס ווײַזן פאַר דעם כוילע. שוין צו הויך און האַפערדיק האָט ער זיך אָנגערופן צום באָכער: „טשעפּוכאָ!" — דאָס האָט באַדאַרפט באַטײַטן אַן ערעך דאָס אייגענע, וואָס אירמע האָט פריִער געהאַט געזאָגט דעם באָכער: „ס'איז גאָלע גאָרניט, מע פילט אפילע ניט".

אים אָבער, אירמע סאַנגלדערן, וועט דער פּראָפעסאָר ניט פאַרבלענדן די אויגן מיט זײַן האָפערדיקן „טשעפּוכאָ". דעם באָכער שטייט טאַקע, ווײַזט אויס, פּאָר א שווערע און געפּער־לעכע אָפּעראַציע.

בא דער שײַן פון דער ליוסטרע האָט דער קראַנקער באַם פענצטער שוין ניט אויסגעזען אירמען צו זײַן אַזוי יונג. עפּשער דערפאַר, ווײַל ער האָט שוין געוווּסט, אַז דער באָכער האָט באַוויזן האָבן צו טאָן מיט די דײַטשן. די מעדיצין־שוועסטער זאָל עס אים ניט געוווען דערציילן, וואָלט ער איצט אַזוי זיך ניט צוגעקוקט צום באָכער און ניט באַמערקט די קנייטשן אַפּן שטערן און בא די מויל־ווינקלען. אירמע האָט דערזען אין אים עפּעס ענלעכס מיט זיך. ער, אירמע, אַז סע כאַפּן אים אָן די ווייטעקן, מאַכט ער אויך בלויז צו די אויגן.

קיינער אין פּאַלאַטע איז שוין ניט געשלאָפן, ווען מע האָט דעם קראַנקן אַרויסגעפירט אַפּן הויכן וועגעלע. אין דער טיר האָט ער, קוים מע האָט געהערט, זיך אָנגערופן צו דער שוועסטער:

— צו מיר דאַרף קומען א מיידל. קירע רופט מען זי.

— גוט, גוט, — האָט די שוועסטער צו אים געשמייכלט מיט די פּײַכטע, פּולבלעכע ליפּן, — מיר וועלן צו אײַך אַלעמען אַרײַנלאָזן. אַלץ וועט זײַן גוט. אַליין דער פּראָפעסאָר וועט אײַך אָפּערירן!

אירמען איז געווען ניט צו דערקענען. ער האָט אַרומגעשפּרײַזט הין און צוריק איבערן לאַנגן קאָרידאָר און אַז עמעצער פון די קראַנקע האָט געפּרוווט פאַרפירן מיט אים א געשפּרעך, האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַף דער טיר פונעם אָפּעראַציע־צימער:

— פון ווען־אַן מע האַלט אים דאָרט.

ניט בלויז דאָס, וואָס די אָפּעראַציע דויערט אַזוי לאַנג, איז געווען די סיבע, וואָס אירמע האָט זיך אומגעדרייט איבערן קאָרידאָר מיט שטילע, אומרויִקע טריט, ווי ער פּלעגט זיך אומ־דרייען אונטער די פענצטער פון די פעלד־שפּיטאָלן, בייס מע האָט דאָרט אָפּערירט שווער־פאַרוווּנדעטע. ער, אירמע, איז דאָך געווען קימאַט ווי זיכער, אַז דאָס יונגוואַרג ווייסט וועגן דער מילכאָמע בלויז פון דעם, וואָס די עלטערע דערציילן, פון די ביכער און קינאָ, און אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועט מען מיסטאַמע קוקן אַף אים, אירמען, ווי אַף א מענטשן פון ווײַטע צײַטן, אָט ווי ער, אשטייגער, וואָלט געקוקט אַף א סאָלדאַט פון סוואָראָוווס צײַטן. און אָט האָט ער זיך געטראָפן מיט א באָכערל, וואָס קען גאָר אַליין דערציילן, וואָס איז אַזוינס מילכאָמע. דער דאָזיקער באָכער, וואָס האָט פאַרן לייגן זיך אַפּן אָפּעראַציע־טיש אָנגערופן דעם נאָמען פון א מיידל, האָט אירמען דערמאָנט אין די פאַרוווּנדעטע שלאַכטלײַט. וויפל מיידלעך וואָלט ער, אירמע, דער געוועזענער סאַניטאַר, געקאָנט איבערגעבן א גרוס פון זייערע געליבטע.

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג. פון אומדרייען זיך הין און צוריק איבערן קאָרידאָר, פון קימאַט א גאַנצע נאַכט אויף זײַן, פון אָנשטרענגונג האָט אירמע זיך דערפילט שרעקלעך מיד און אָפּגעשוואַכט. איז ער אַרײַן אין פּאַלאַטע און זיך צוגעשפּאַרט אַפּן בעטל, אײַנהערנדיק זיך צום מינדסטן שאָרך פון יענער זײַט טיר. יעדן איינעם, וואָס איז אַרײַנגעקומען, האָט ער געפרעגט:

— נו?

עס איז דורך נאָך א היפּש שטיקל צײַט, און דאָס בעטל באַם פענצטער איז אַלץ געשטאַנען ליידיק. אין דער נאָגנדיקער שטילקײַט האָט אירמע דײַטלעך דערהערט א הייזעריקע פאַר־שמאַכטע שטים:

— מיר האָבן פאַרגעסן מיטנעמען מיט זיך די צירונג.

אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט ער זיך אָפּגעכאַפּט. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן טרעפט מיט אים, ער זאָל צוויי מאָל נאָכאַנאַנד זען איינעם און דעם זעלבן כאָלעם. דאָס נעמט זיך, אַפּנים, דערפון, וואָס ער האָט עטלעכע מאָל געטראַכט וועגן דעם באַנאַכטיקן כאָלעם, ווי גע־וואָלט אָפּקלײַבן פון דעם, וואָס איז אים צו כאָלעם געקומען, דאָס ווירקלעך פאַרלאָפענע. און דאָס, וואָס איז פאַרלאָפן אין דער ווירקלעכקײַט, האָט אויסגעזען, ווי מע האָט אים דער־ציילט, אַזוי.

פון דעם קאָלווירטישן גראַזש האָט מען אַרויסגעפירט די לעצטע גרופּע מענטשן. צווישן זיי איז אויך געווען זײַן שווער־און־שוויגער, צי ווײַל זיי האָבן פון אָנפאַנג ניט געגלייבט, אַז מע קלײַבט זיך זיי אַרויסשיקן, ווי די דײַטשן האָבן געזאָגט, אַף א נײַ אָרט, צי פון צעטומלטקײַט,

נאָר זיי האָבן מיט זיך גאָרנישט ניט מיטגענומען און דערמיט זיך אויסגעטיילט פון אַלע איבע־ריקע, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט קלומפּעלעך און רענצלעך אין די הענט.

די דײַטשן וואָלטן עס עפּשער ניט באַמערקט, ווען די שוויגער זאָל זיך ניט געווען פּלוצעם ווענדן צו דעם עלטסטן:

— ווי איז מיר, מיר האָבן דאָך אין אײַלעניש פאַרגעסן מיטנעמען די צירונג, — און, אַנווײַזנדיק אויף דער דריטער שטוב פון בּרעג גאַס, צוגעגעבן: — מיר וועלן זיך די מינוט אומקערן.

דער עלטסטער האָט ארויסגענומען פון קאָבורע דעם רעוואָלווער און אויסגעשריִען:

— מאַרש, נאָר שנעלער!

די שוויגער האָט אָנגעכאַפּט איר אַלטן פאַר דער האַנט, און זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן.

אין א פערטל שעה ארום האָט פונעם קוימען פון דער דריטער שטוב, וואָס פון ברעג גאַס, א וואָליע געטאָן צום בלויען פרימאָרגנדיקן הימל א געדיכטער שוואַרצער רויך.

ווען די דײַטשן האָבן אופגעריסן די טיר פון שטוב, האָבן זיי אינעם אײַנגעהייצטן אויוון געטראָפן דערברענגען שווער־און־שוויגערס פאַרמעגן, וועש און בגאָדים, אָפן דיל האָבן זיך גע־וואַלגערט שטיקלעך פאָרצעלײַ און גלאָז פונעם צעהאַקטן אויף פּיץ־פּיצלעך געפעס. פונעם שפּײַכלערל, וואָס איז ביזן באַלקן געווען פאַרשאָטן מיט ווייץ, האָט זיך געטראָגן א שווערער רייעך פון קעראָסין.

שווער־און־שוויגער זײַנען ווי נעלעם געוואָרן.

פאַרזיכטיק און געהיט זײַנען די דײַטשן אריַין אין שטאַל און דערזען: די פּיס עטוואָס אָפּגעטיילט פון דער ערד, איז געהאנגען דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק.ביידע אין ווײַסן.

אין פעלד, אונטער אַן ארומגעצאַמט בערגל ערד, ליגן זיי. דאָרט ליגט אויך איטע מיטן דרײַיאָריקן טעכטערל זייערס מילקען, אַלע, וועמען מע האָט אין יענעם זומערדיקן טאָג צעשאָסן...

„ווי מעכטיק עס איז דעם מענטשנס זיקאָרן, — האָט אירמע, ליגנדיק אָפן בעטל מיט ברייט צעעפנטע אויגן, געטראַכט, — עס ווערט גאָרניט פאַרפאַלן. פאַרגעסט ער אין עפּעס, איז קומט די נאַכט און דערמאָנט אים און וועגן דעם מיט שווערע פאַרפלאָנטערטע כאַלוימעס. דער זיקאָרן איז געגליכן צו א מין מאַגניט, וואָס האַלט אין איין ארויסשלעפּן פון די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך אָזעלכס, וואָס אָפט לאָזט זיך ניט גלייבן, אַז דאָס האָט געקאָנט וווּ־ניט־איז געשען, און דער מענטש איז דעמלט גרייט זיך וווּקשטעלן אַמפּערן מיטן אייגענעם זיקאָרן".

„דער זיקאָרן בא דעם מענטשן, — האָט אירמע ווײַטער געטראַכט, — לאָזט זיך אויך פאַרגלײַכן צו אַן עלעקטרישן דראָט. א לײַכטן דריי געטאָן דעם אײַנשליסער, און ווי לאַנג דער דראָט זאָל ניט זײַן, צינדן זיך אויף אים אָן די ווײַטסטע לעמפּלעך. דערמיט, וואָס דער באָכער האָט פאַרן לייגן זיך אויף דער אָפּעראַציע אָנגערופן דעם נאָמען פון זײַן מיידל, האָט ער זיך צוגערירט צו אָט דעם דאָזיקן אײַנשליסער. נאָר ניט אַלע לעמפּלעך האָבן זיך אָנגעצונדן". וויפל אירמע שטרענגט זיך ניט אָן, קאָן ער פאָרט ניט פעסטשטעלן, ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס ער, דער לעבן געבליבענער סאָלדאַט אירמע סאַנדלער, האָט ביז איצט נאָך ניט אויסגעפילט דעם לעצטן פאַרלאַנג פון די טויט־פאַרווונדעטע שלאַכטלײַט, וועלכע ער האָט ארויסגעטראָגן פון אונטערן פײַער: דער אָפּגעטעמפּטער זיקאָרן זײַנער, צי עפּשער האָבן די טויט־פאַרווונדעטע אוי־סער די נעמען פון זייערע מיידלעך מער גאָרנישט ניט געזאָגט.

אין פּאַלאַטע און אינעם קאָרידאָר איז אַלץ נאָך געווען אַזוי נאַגנדיק שטיל, ווי פריִער. אירמע האָט זיך אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט און ניט געפילט, ווי ס'האָבן זיך בא אים צו־געמאַכט די אויגן. ער איז פאַרזונקען געוואָרן אין א טיפן שלאָף. אפילע דער שנײַדנדיקער ווײ־טעק אין די לונגען האָט אים ניט אופגעוועקט.

ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, איז דער באָכער שוין געווען אין פּאַלאַטע. בא זײַן געלעגער איז געזעסן א מיידל מיט א קינדערש פריש פּאָנעם און מיט א הויך אופגעשלאָגענעם קאָפּ ברוינ־לעכע, ווי צוגעסמאַליעטע, האָר. ווײַזט אויס, דאָס איז זי, קירע. אירמע האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז, אייגנטלעך, אַזא טאָקע דאַרף זי זײַן: א שיינע, א יונגע, מיט בלויע פאַרטרוימטע אויגן. בא אירמען וואָלט אויך געקאָנט זײַן אַזא טאָכטער, א ביסל אַן עלטערע נאָר, אַן ערעך אין איינע יאָרן מיט אָט דעם באָכער. אירמע קוקט זיך צו צום מיידל. ער וויל דערגיין, צי ווייסט זי, אַז דער באָכער האָט פאַר דער אָפּעראַציע אָנגערופן איר נאָמען. ער מוז עס איר זאָגן. אומבאַדינגט מוז ער עס איר זאָגן. ווען ער ווייסט, ווו עס וווינען די מיידלעך, וועמען די טויט־פאַרווונדעטע שלאַכטלײַט האָבן מיט אים, דעם לעבן געבליבענעם, איבערגעגעבן א לעצטן גרוס, וואָלט ער, דוכט זיך, צופוס צו זיי אוועק. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מילכאָמע, אַז ער פלעגט באַגע־

געגען א מיידל מיט אן אומעטיק פּאָנעם, האָט זיך אים געגלוסט צוגיין און פרעגן, צי האָט זי ניט געהאַט קיין באַכער אין דעם מיליטערישן טייל, וווּ ער האָט געדינט.

פאַרן טאָג זײַנען בא דעם באַכערס בעטל איבערגעוווען א סאַך יינגלעך און מיידלעך. די מיידלעך האָבן אַלע אזוי ליב אָראָפּגעשאַרט די האָר פון זײַן שטערן, אזוי צאַרט זיך צוגערירט צו זײַן בלייכער האַנט אַף דער קאָלדרע, אז אירמע האָט שוין ניט געוווּסט, ווער פון זיי איז קירע. פון די רייד, וואָס דאָס יונגוואַרג האָט געפירט צווישן זיך בא דעם באַכערס בעטל, האָט אירמע זיך בלויז געקאָנט אָנשטויסן, אז די אַלע מיידלעך און יינגלעך אַרבעטן אין איין זאַוואָדיר־שער בריגאַדע.

פאַרנאַכטלעך איז ווידער געקומען צו גיין דאָס מיידל מיטן קינדעריש פרישן פּאָנעם און מיט די בלויע פאַרטרוימטע אויגן, וואָס לויט אַלע סימאָנים איז דאָס געווען קירע. באַם בעטל לעבן פענצטער איז דעמאָלט געזעסן א מיטלוועקסיק מיידל מיט קורץ אונטערגעשוירענע געקרייזלטע האָר און מיט קישעלעך אונטער די אויגן, ווי בא א מענטשן, וואָס שלאָפט זיך קיינמאָל ניט אויס. נאָר ווען זי האָט געקוקט אַפן באַכער, האָט זיך איר פּאָנעם געענדערט: די אויגן האָבן אַנדערש געלויכטן און די באַרויגעזלעך אָנגעבלאָזענע ליפּן האָבן געשמייכלט. ס׳איז געווען צו זען, אז זי איז שטאַרק פאַרליבט אינעם באַכער, און ס׳איז איבער אירע קויכעס צו בלײַבן זיצן באַם בעטל, ווען אהער איז געקומען דאָס שלאַנקע שיינע מיידל, קירע. דאָס מיידל באַם בעטל האָט אָפּגעטראָטן דער אַרײַנגעקומענער דאָס בענקל און ארויס פון פּאַלאַטע.

איטלעכס מאָל, ווען אירמע האָט זיך אופגעכאַפּט באַנאַכט, האָט ער באַם בעטל געטראָפן עמעצן זיצן. די שײַן פון דעם לאָמפּ אין דרויסן איז געווען צו שוואַך, מע זאָל זען, ווער עס זיצט. אירמע איז געווען זיכער, אז ס׳איז קירע, און האָט זיך באמת ניט ארויסוויַיזן, אז ער איז אוף. ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך צוגעהערט צו זייער שעפּטשען. אים איז ניט אָנגעגאַנגען, וועגן וואָס זיי ריידן. ס׳איז אים ליב געווען אָט דאָס שטילע איבערשעפּטשען זיך, ווי ס׳איז ליב דאָס צוויטשערן פון פויגלען באַגינען אין סאָד, דאָס מורמלען פון א טײַכל, דער לײַכטער רויש פון צײַטיקן ווייץ אין פעלד. די טויט־פאַרווונדעטע, וואָס זײַנען געבליבן ליגן אַפן שלאַכטפעלד, האָבן אויך געטרוימט צו זיצן מיט זייערע געליבטע און זיך שעפּטשען. און מילקע זײַנע, וואָס ליגט אין סטעפּ אונטערן ארומגעצוימטן בערגל... צי טוען אמאָל א טראַכט וועגן דעם די באַכערים און מיידלעך, וועלכע זיצן אין די אָוונטן ארומגענומען און שעפּטשען זיך. דעם דאָזיקן באַכער באַם פענצטער דאַרף מען וועגן דעם ניט דערמאָנען, אָבער איר, דעם מיידל, וואָס זיצט איצט לעבן אים, קירען?.. ניין, אירמע מוז עס איר זאָגן, ער וועט איר נאָך הײַנט זאָגן, וואָס דער באַכער האָט פאַרטרויט דער שוועסטער, ליגנדיק אַפן וועגעלע, און אז דאָס מיידל זאָל עס פאַרשטיין, וועט ער איר דערציילן וועגן די פאַרווונדעטע אכצן־נײַנצניאָריקע סאָלדאַטן און וועגן וואָס זיי האָבן געשעפּטשעט...

אירמע האָט ניט באַמערקט, ווען דאָס בענקל בא דעם באַכערס בעטל איז געבליבן שטיין ליידיק. אין פענצטער האָט זיך שוין געזען דער טונקל־ווײַסער צווײַט פון די עפּלביימער אינעם אַנטקעגנדיקן סעדל. דער דרויסן האָט ווי געוואָרט אַפן ערשטן קלונג פון טראַמוויַי, וואָס זאָל אָנזאָגן, אז סע שאַרײַעט שוין אַף טאָג.

ס׳איז דורך אזוי א שאָ. מעגלעך, אפילע צוויי. נאָר ווי שטײַף אירמע האָט ניט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן, האָט דער שלאָף אים שוין מער ניט געגומען. איז ער ארויס אין קאָרידאָר. די פענצטער זײַנען דאָרט געווען אָפן, און מע האָט געקאָנט זען, ווי עס פאַרבט זיך איבער באַם האָריזאָנט דער באַנאַכטיקער הימל.

לעבן טישל, באַם אויסגעלאָשענעם לאָמפּ אונטערן גרינעם אבאזשור, האָט געדרעמלט די דעזשורנע שוועסטער. אַפן דיוואַן איז געזעסן דאָס מיידל מיט די קורץ אונטערגעשוירענע געקרײַזלטע האָר.

דאָס איז זי גאָר אָפּגעזעסן די נאַכט בא דעם קראַנקן?

— איר וואָלט זיך צוגעלייגט. ברענגען אײַך א קישן? — האָט אירמע זי געפרעגט און זיך צוגעקוקט צו איר, ווי ער וואָלט זיך ריכטן דערזען אין איר עפּעס אזוינס, וואָס ער האָט פריער ניט באַמערקט.

— א דאַנק, — האָט דאָס מיידל געענטפערט, — מע דאַרף שוין באַלד גיין צו דער אַרבעט.

— וואָס הייסט, צו דער אַרבעט? איר זײַט דאָך א נאַכט ניט געשלאָפן!

— נו, איז וואָס?

זי האָט עס געזאָגט אזוי, ווי זי וואָלט וועלן פרעגן: „אײַך איז דען קיינמאָל ניט אויסגעקומען אָפּזיצן א נאַכט מיט א געליבטער און גלײַך נאָך דעם גיין אַף דער אַרבעט?“

— און וווּ אַרבעט איר, אויב ס׳איז ניט קיין סאָד.

— אַפן זייגער־זאַוואָד.

— בא אונדז אפן מאשינבוי־זאוואָד ארבעטן אויך מיידלעך; אין קאָלווירט, ווו איך האָב געלעבט פאר דער מילכאָמע, זייַנען געווען מיידלעך טראקטאָריסטן און שאָפערן. האָבן צו טאָן מיט זייגערס איז, פארשטייט זיך, מער אן ארבעט פאר א מיידל, ווי זיך וואָזיען מיט טראקטאָרס.

דאָס מיידל האָט אים, דוכט זיך, ניט געהערט, כאָטש זי האָט די גאנצע צייַט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט מיסטאם געוואַרט עפּעס אנדערש דערהערן פון אים, נאָר אירמע האָט פאָרגעזעצט פירן דעם זייַטיקן געשפּרעך:

— איז ארבעט איר, הייסט עס, אפן זייגער־זאוואָד. איצט וועל איך כאָטש וויסן, צו וועמען האָבן טייַנעס, אויב מייַן זייגער וועט נעמען מאכן קונצן. ס'זאָל אזוי ניט טרעפן, ווי עס טרעפט. נו, און ער ווו ארבעט? — האָט ער, ווי אויסנארנדיק בא איר א סאָד, געפרעגט.

— ווער? ליאָניע? מיר זייַנען מיט אים אין איין בריגאַדע.

— אַך, אזוי, איך האָב טאקע אנדערש ניט געקלערט. נו, און ווער איז... — ער האָט ניט פארענדיקט און זיך אליין פארלאָפן דעם וועג. אָנשטאָט זיך נאָכצופרעגן אפן מיידל מיט די בלויע פארטרוימטע אויגן האָט ער געפרעגט: — און אייַך ווי רופט מען?

— קירע.

— קירע?

אפּאָנעם, אז פאר דער מעדיצין־שוועסטער, וואָס האָט געדרעמלט באם טישל, איז עס אויך געווען אומדערוואַרט. זי האָט, פונקט ווי אירמע, פארכידעשט אָנגעקוקט דאָס מיידל.

— יאָ, קירע, — האָט דאָס מיידל שוין עטוואָס צעטומלט איבערגעכאַזערט. — פארוואָס האָט עס אייַך אזוי פארוווּנדערט?

אירמע האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ אָן א זייַט, פארקוועטשט אין האַנט דאָס געקרייַזלטע בערדל און, קוקנדיק ערגעץ ארופצו, גענומען איר פּלוצעם דערציילן וועגן די פארווונדעטע, וואָס ער האָט ארויסגעטראָגן פון שלאכט.

מיטאמאָל האָט ער זיך אופגעהויבן, דורכגעפירט מיט דער האַנט איבער איר קורץ אונטער־געשוירענעם קאָפּ האָר און, ארייַנקוקנדיק איר אין די אויגן, געזאָגט:

— ווען מע האָט ליאָניען געפירט אף דער אָפּעראַציע, האָט ער אָנגערופן אייַער נאָמען. איר זאָלט עס קיינמאָל ניט פארגעסן. קיינמאָל ניט, — און ווי איינער, וואָס האָט זיך ענדלעך באפרייַט פון א שווערער לאַסט, וועלכע ער האָט לאַנג געטראָגן אין זיך, איז ער מיט האסטיקע טריט אוועק אין פּאַלאַטע. די האַנט איז בא אים געווען פייַכט. ער האָט ניט געוווּסט, צי פון דעם, וואָס ער האָט זיך מיט איר צוגערירט צו קירעס פּאָנעם, צי פון די אייגענע טרערן, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן פון די צוויי מיידלעך, וועלכע ער האָט געלאָזט זיצן אין קאָרידאָר.

העכער א כוידעש איז ליאָניע אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל, און ס'איז קימאט ניט געווען דער טאָג, קירע זאָל אים ניט באזוכן. געוויינלעך פלעגט זי קומען אין אָוונט, נאָך דער ארבעט. אָפּזיצן א פּאָר שאָ און אוועקגיין. נאָר אין דעם טאָג, ווען מע האָט אירמען צום צווייטן מאָל אָפּערירט, איז זי ניט אוועק פון שפּיטאָל, זי איז א גאנצע נאכט ניט אָפּגעטראָטן פון זייַן בעטל.

פון יענער נאכט אָן פלעגט זי, קומענדיק אין שפּיטאָל, מער אָפּזיצן בא אירמעס געלעגער, ווי בא ליאָניעס, און כאָטש זי האָט געוווּסט, אז די דאָקטוירים האָבן פארווערט אירמען צו ריידן, האָט זי אים קימאט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט, ווען ער פלעגט נעמען איר דערציילן וועגן דער מילכאָמע, דערציילן דאָס, וואָס זי האָט ביז איצט געוווּסט בלויז פון ביכער, פון קינאָ. אירמע האָט געהאַט צו דערציילן און דערציילן, שאָען גאנצע. און זי האָט פאר פינף מינוט באוויזן אויס־דערציילן אלץ וועגן זיך, ווער זייַנען אירע עלטערן, ווו האָט זי זיך געלערנט, וויפל זי פארדינט.

פארוואָס האָט זי פארשוויגן, אז ליאָניע איז ניט מער ווי איר מייַסטער און אז זי קומט צו אים אהער בלויז ווי א טרייַע שילערן צו איר לערער, האָט זי, אייגנטלעך, אליין ניט געוווּסט. מעגלעך דערפאר, וואָס אירמע וואָלט איר ניט געגלייבט, זיכער ניט געגלייבט. עפּעס קוקט ער אף איר אלע מאָל אזוי, ווי ער זאָל זיך בעטן ניט אויסזאָגן אים, אז די סיבע, פארוואָס ליאָניע האָט פאר דער אָפּעראַציע אָנגערופן גראדע איר נאָמען, האָט געקאָנט זייַן אן אנדערע, אז ניט אין איר גאָר איז ער פארליבט.

און עפּשער האָט זי עס פארשוויגן דערפאר, ווייַל זי האָט שוין איצט אליין אין דעם ניט געגלייבט.

---

# ערגעץ בליט שוין

• • •

אין שנייִקע הויפנס
פארזינקען די טריט,
נאָר כ׳פיל אין מײַן הארצן,
אז ערגעץ שוין בליט.

פון עפּעס גאָר נאָענט,
פונדאנען גאנץ ווײַט, —
מיט ערשטלינגען בלומען
די ערד ווערט באנײַט.

די שפּירונג פון בליונג
מיך פילפאך באלוינט,
דערפאר טאקע זעלטן
איך טראכט וועגן טויט.

• • •

פאר וואָסער א גרויסן פארדינסט
געבוירן בין איך אף דער וועלט,
אף דער וועלט מיט איר זעלטענעם
גרינס,
אף דער וועלט פון אומענדלעכן העל,

אף דער וועלט, ווו באטאָג אי באנאכט
באוועגן זיך וועלטן אין רוים,
פאר וואָסער א גוואלדיקן טאט
בין איך אזוי גוואלדיק באלוינט?!

• • •

איך ווייס ניט, וואָס זאָל איך גאָר
וועלן,
אז אף אזויפיל ליב איך האָב,
ביסט אף אזויפיל מיר געפעלן,
אז דאָס אליין איז שוין א גאָב.

כ׳האָב מוירע זיך מיט דיר צו גריסן,
כ׳האָב מוירע ווענדן זיך צו דיר,
אין מינדסטן שטרעבן צו געניסן,
מיר דאכט, אז עפּעס איך פארליר.

און אָפט עס הייבט מיך אָן פארדריסן,
דאָס לעבן פעלט זיך, אוי, א שאָד;
נאָר כ׳וויל ניט, דו זאָלסט פון
דעם ויסן,
דערצייל איך עס דער וועלט בעסאָד.

• • •

אפילע די זון, וואָס אימשטאנד איז געוועזן
דאָס טויטע צום לעבן דערוועקן,
אין אייביקן גאנג, אין וועלטישן ברעזן
באדעקט איז געוואָרן מיט פלעקן.

און דו, מײַן געשאנק, און דו, מײַן געווינס,
איך זע גאָר אף דיר קיין כיסאָרן,
דײַן יעדער געדאנק, דײַן יעדער פארדינסט
נאָך מערער מיר שײַנט מיט די יאָרן.

• • •

ווען אומדערווארט באנאכט כ׳דערוואך
און זעץ זיך אוף און עפן אוף די אויגן,
כ׳בין איבערצײַגט, דו שלאָפסט ניט אין
דער נאכט,
דיר דאכט, דו האָסט צו מיר זיך אָנגעבויגן.

אניט וואָס דען האָט אופגעהויבן מיך פון שלאָף
און כ׳בענק נאָך דיר אזוי און שטרעב און האָף:
ביסט וואך אצינד — און ס׳איז צו דיר
מײַן וועזן אויסגעשטרעקט.
ביסט וואך אצינד, ווײַל שלעפערדיקערהייט
וואָלסט פונדערווײַטנס מיך ניט אופגעוועקט.

## פאַרהאַרעוועטע הענט

פון א קליינעם פענצטערל אין קאַסע
די קאַסירשע גיט געהאַלט אַרויס.
אין דער ריי די יונגע כעוורע שפּאַסן,
ס'איז דער טומל דאָ, ווי שטענדיק, גרויס.
ס'רעכענען די צענערלעך די רויטע
און דעם מינץ פאַרהאָרעוועטע הענט,
שטייפע, פון דער אַרבעט טונקל־הויטיק
און פון פייער — פלאַמיק־הייס
פאַרברענט.
הענט אַזוינע ערלעכע באַקומען
זייער לוין — אַף אָפּטראָגן אַהיים,
הענט, וואָס האָבן פייערדיקע בלומען
אויסגעקלעפּט פון אויסגערוטער ליים.

## בא דער אַרבעט

ווי אין אויוון ציגל זעצן,
ווי פאַרברוינען זיי, איך ווייס.
כ'ווייס, ווי ס'ריפּטל ברויט צו שעצן.
ווי געזאַלצן ס'איז דער שווייס.
אַלץ אין לעבן אויסגעהאַלטן,
פיל מעלאָכעס אויסגעפּרוווט.
נאָר זיך קיינמאָל ניט פאַרהאַלטן,
ווען די אַרבעט מאָנט און רופט.
יעדע רעגע איז מיר טייער,
ווען דעם אויוון איך צעהייץ.
ריר ניט אָן מיך בא דעם פייער,
אין דער אַרבעט בין איך הייס.

## ליים

אומעטום צעביילטע, קאַלטע ליים,
וואָס אויסגעווינטיקט איז און אויסגעמישט פון רעגנס,
ס'איז באַרג און טאָל און ערד אַליין, —
די פלאַסטן זיינען יאָרנלאַנג געלעגן.

נאָר אויב צעשניידן, אופהייבן דעם פלאַסט,
אַריינהויכן אין אים די ליכטיקייט פון לעבן,
אים געבן זון און פייער, ווי עס פּאַסט,
די וואַרעמקייט פון האַרץ אים געבן, —

איז ווערן ווערט די ליים א מאָנומענט —
ביין, ניט פון געטלעכער — פון מענטשישער באַשאַפונג,
און קוקן ווערן קינדס־קינדער און גאַפן,
ווי שטאַרק עס איז דער קוי'ך פון מענטשנס הענט.

## פרילינג

כ'שאָב אַראָפּ פון פעלד דעם
ווינטער,
העל צעשטראַלט זיך דער אַרום.
פאַר די אויגן טוט א ציטער
ווייס, ווי שניי, א פרילינג־בלום.
אַף א פּיסעלע א דינינקס,
ווי א פעדעמל א צאַרטס,
שמייכלט כיינעוודיק דער פרילינג
און זיך טוליעט צו מיין האַרץ...

## פאַרטאָג

איך שטיי א באזונטער פון ליכטיקע שטראלן,
ס'פארשמעקט מיר פון בוי־פלאץ מיט פייַכטע
בעטאָנען.
צעגיסט אין מייַן הארצן דאָס פרייליכע שאלן
אף זוניקע סטרונעס דער אָנהייב פון טאָגן.
עס פליט דער פארטאָג, ווי א בלוי־ווייַסער
פויגל,
אף פארביקע פליגל פון גאָלדענע שטאָפן,
און צוויי האלבע הימלען ער טראָגט אין די
אויגן,
עס ווערן פיר זייַטן פון וועלט פאר מיר אָפן.
איך וואקס פון פונדאמענט אריַין אין די הימלען
מיט שניי־ווייַסע ווענט פון די מויערן נייַע,
דעם טאָג איך פאראנקער אף שטיין־הארטע ציגל
מיט קרעפטיקע הענט און מיט זוניקן פייַער.

---

# כראָניק

## ליטעראַרישע אָוונטן, באגעגענישן מיט די לייענער

סאָף אָקטיאבער זייַנען אין קעשענעוו, טשערנאָוויץ און אין מינסק פאָרגעקומען באגעגענישן מיט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד“. די אָוונטן האָבן אָרגאניזירט די פארוואלטונגען פון די רעפּובליקאנישע שרייַבער־פארבאנדן צוזאמען מיט דער רעדאקציע און רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאל.

דער אָוונט, געווידמעט דעם 5־יאָריקן יובליי פון „סאָוועטיש הײמלאנד“, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון מאָלדאוויע דעם 21 אָקטיאבער, האָט צוגעצויגן א גרויסן אוילעם לייענער און קולטור־טוער. אין אים האָבן אָנטיילגענומען יידישע און מאָלדאווישע שרייַבער. מיט א וואָרט וועגן דער ארבעט פון זשורנאל פאר די פארגאנגענע 5 יאָר איז ארויסגעטראָטן ארן ווערגעליס.

אין א יאָמטעוו פון פרייַנטשאפט צווישן דער ווייַסרוסישער און דער יידישער ליטעראטור איז פארוואנדלט געוואָרן דער אָוונט אין מינסק. דער קלוב אף דזערזשינסקיס נאָמען אף קאָמסאָמאָלסקע־גאס, 30 איז געווען פולגעפּאקט מיט מענטשן.

אין דער פרייַנטלעכער באגעגעניש צווישן דער רעדקאָלעגיע און די אווטאָרן פון „סאָוועטיש היימלאנד“ מיט די לייענער האָבן זיך דאָ באטייליקט בא 20 אָנגעזעענע יידישע און ווייַסרוסישע שרייַבער: פּעטרוס בראָווקא, יאנקא בריל, ארן ווערגעליס, ריגאָר באָראָדולין, גענאדי בוראווקין, הירש בעריאָזקין, אווראָם גאָנטאר, מאָטל גרוביאן, אנאטאָלי וועליוטין, אלעקסיי זאריצקי, מאקסים טאנק, מוישע טייף, מיקאָלא כוועדאָראָוויטש, מענדל ליפשיץ, מישע לעוו, כאַיִם מאלטינסקי, פּעטרוס מאקאל, יאזעפּ סעמיאזשאָן, ריווקע רובין, אלעקסיי רוסעצקי, הירש רעלעס, יאנקעוו שטערנבערג אא.

א גרויסן אינטערעס בא די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד“ האָט ארויסגערופן דער ליטעראַרישער אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 23 אָקטיאבער אינעם אקטאָווון זאל פון טשערנאָוויצער אוניווערסיטעט, אין וועלכן עס האָבן זיך באטייליקט א גרופּע מאָסקווער און טשערנאָוויצער יידישע און אוקראַיִנישע שרייַבער.

# טיר־און־טויער זײַנען אָפֿן

— קומט געזונטערהייט! — זאָגט שטיל די מאַמע. זי באַגלייט אונדז ביז דער טיר, מיך און דעם טאַטן, פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען געסט.

צום אַלעמערשטן לאָזן מיר זיך גיין אין דער עקספּעדיציע. איך גיב אָפּ די „קאַסע", דאָס געלט, וואָס איך האָב אויסגעלייזט בעמעשעך פֿון דעם נעכטיקן טאָג, און באַקום אַ פּאַק פֿרישע צײַטונגען, ערשט פֿון דער מאַשין אַראָפּ. איך בין שוין אַלט דרײַצן יאָר. אַרבעט איך אין אַ קיאָסק. פֿאַרקויף צײַטונגען. דער טאַטע וויל ניט, איך זאָל שלעפּן אַזאַ מאַסע, מאַסטעט ער אײַן דעם שווערן פּאַק אויפֿן רעכטן אַקסל און טראָגט אָפּ אין קיאָסק. דאָרט וואַרט מען שוין אויף מיר. די ריי האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ גאַנצן קוואַרטאַל. כמורע, פֿינצטערע פּענעמער. אין שפּיץ, באַם סאַמע פֿענצטערל, שטייט איינער, זייער אַ לאַנגער, מיט אַ שמאָלער קײַלעכדיקער פּליצע.

דער טאַטע גייט שוין ניט, ער לויפֿט. איך נאָך אים. איך שליס אויף די טיר. דער טאַטע וואַרפֿט אַראָפּ דעם פּאַק פֿונעם אַקסל. ער צערײַסט דאָס שטריקל, ציט אַרויס אַ צײַטונג און עסט זיך אײַן אין איר מיט די אויגן. דער טאַטע איז מײַן ערשטער קוינע. ער נעמט אַ צײַטונג און צאָלט מיר ערלעך אויף פֿאַר איר. יעדן טאָג אַזוי. נאָר הײַנט... הײַנט האָט דער טאַטע פֿאַרגעסן מיר אָפּצוצאָלן. ער שטייט אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט מיט אַ פֿאַרביסענער אונטערשטער ליפּ, ווי ער וואָלט עפּעס ניט געקאָנט באַ זיך פּועלן. ער גיט מיר אַ ווײַז די צײַטונג:

— פֿאַרשטייסט, ליילעלע? טאָמער וואָס, גלײַך אַהיים.

דער טאַטע גייט אַוועק אײַלנדיק אויף דער אַרבעט.

אין פֿענצטערל פּויקן אומגעדולדיקע פֿינגער. איך קלעטער אַרויף אויפֿן הויכן טאַבורעט און עפֿן דאָס פֿענצטערל. איך דערפֿיל דעם באַריר פֿון אַ טרוקענער הייסער דלאָניע. די ערשטע צײַטונג ווערט באַ מיר אַרויסגעריסן. פֿאַרוואָס נעמט קיינער ניט די צווייטע? איך קוק אַרויס דורכן פֿענצטערל, איך זע נאָר אַ שאַרפֿן קנאָפּ, וואָס גייט אויף און אָפּ אויף אַ לאַנגן דאַרן האַלדז. דער קנאָפּ וויל ניט אָפּטרעטן פֿונעם פֿענצטערל. ער לייענט די צײַטונג פֿון אויבן אַראָפּ.

איבער דער ריי גייט דורך אַ געמורמל. מע ווייסט שוין. מע האָט שוין, ווײַזט אויס, איבער־געלייענט אינעם לאַנגנס פּאַנאַנדערגענומענע הענט די מוירעדיק גרויסע אויסיעס אויף דער ער־שטער זײַט, סאַמע אויבן. מע שטופּט אים אָפּ, מע שפּאַרט זיך איינס איבערן אַנדערן צום פֿענצ־טערל. איך דערלאַנג און דערלאַנג דורך דעם די הײַנטיקע צײַטונג, און מיר איז אַ ראַכמאָנעס אויף די מענטשן, וואָס באַקומען זי פֿון מיר. יעדערן זאָג איך „פּאָזשאַלויסטאַ"[1], ווי שטענדיק, ווי געוויינלעך.

— דער רעוואָליוציע דאַרף מען דינען מיט איידלקייט, — אַזוי האָט מיר פֿאַרזאָגט דער טאַטע, איידער איך האָב דאָס ערשטע מאָל געעפֿנט דאָס פֿענצטערל פֿונעם קיאָסק.

עס טריקנט מיר דער גומען. די צונג איז ווי אַ הילצערנע. זי פֿאַרפֿילט דאָס גאַנצע מויל. נאָר זאָל מען מיך שנײַדן אויף שטיקער, וועל איך ניט אויפֿהערן צו איבערכאַזערן מײַן „פּאָזשאַ־לויסטאַ". מיט דעם דין איך דער רעוואָליוציע.

מיט די צײַטונגען האָב איך זיך גיך אָפּגעפּאַרטיקט. זאָל איך צוגיין צו דעם טאַטן אויף דער אַרבעט? עס האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַטער קנאַל. איינער און נאָך איינער. פֿאַר די אויגן האָבן אַ שוועב געטאָן לויפֿנדיקע פֿיס. מיט אַ טראַסקערײַ האָבן זיך פֿאַרמאַכט לאָדן, טירן און טויערן. און שוין. האַלבער טאָג. זומער. עס שײַנט די זון. און איך שטיי איינע אַליין אויף דער ברייטער גאַס, דער שענסטער אין אונדזער שטאָט, וואָס איז מיטאַמאָל בלינד און טויב געוואָרן.

עס קנאַלט אַלץ נעענטער און אָפֿטער. איך לאָז זיך לויפֿן אַהיים. גיט מיך עמעצער אַ כאַפּ פֿאַר דער האַנט און אַ שלעפּ אַרײַן אין אַ הויף. איך דערזע פֿאַר זיך אַ ריז מיט לאַנגע וואָנצעס. ער לאָזט מיך אָפּ און פֿאַרשליסט דעם ברייטן אײַזערנעם טויער.

---

[1] ביטע.

— די מאַדאַם פונדילער בעט אײַך צום טיש.

וועמען? מיך? איך קוק זיך אום פאַרוווּנדערט און דערזע, אַז אויסער מיר און דעם ריז זײַנען אינעם הויף פאַראַן נאָך מענטשן, עלטערע און ייִנגערע. אויך קינדער — ייִנגלעך און מיידלעך. אַלע זייער שיין אָנגעטאָנענע. הויך ריידנדיק צווישן זיך, נעמען זיי אַראָפּלאָזן זיך ערגעץ אין דער נידער. דער מיט די וואָנצעס שטופּט מיך לײַכט אונטער:

— גיי, גיי מיט זיי. וואָס שטייסטו?

ס'איז געווען אַ געראַמער און אַ ציכטיקער קעלער מיט פאַרגראַטעוועטע פענצטער. אינמיטן איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, מיט אַ ווײַסן סערוועט באַדעקט. די אַראָפּגעקומענע האָבן מיט ראַש צערוקט די גרינגע פּליושענע שטולן מיט די הויכע ווענטלעך. ווען זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעזעצט, ווער אַף רעכטס, ווער אַף לינקס, — האָב איך דערזען אויבנאָן אַן אײַזערנעם בוזעם, אַ באַצויגענעם מיט ווײַסן זײַד. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער בוזעם איז צוגעשמידט צום טיש. ניט ער רירט זיך, ניט ער עטעמט. באַ ביידע זײַטן זײַנע זײַטן האָבן אין פילערנדיקע לײַכטערס געברענט ליכט.

אַף מיר האָט קיינער קיין אַכט ניט געלייגט. האָב איך זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל פון קעלער. דאָרט איז אַפן דיל געזעסן נאָך אַ מיידעלע אין מײַן עלטער. פאַרקוועטשט אין ביידע זשמעניעס די עקן פון אירע געלע צעפּלעך, האָט זי ווי אַ פאַרקישעפטע געקוקט אַהין, צום אויבנאָן פון טיש. איך האָב זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט לעבן איר אַפן דיל. אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן אָן אַ וואָרט צו ריידן.

אַ מיידל אין אַ ווײַסן פאַרטעכל און אַ ווײַסער קרוין מיט שפּיצן אַפן קאָפּ האָט אַרײַנגעטראָגן אַ געבלומטן בלויען פאַלומעסעק. דער בוזעם, ווײַזט אויס, די מאַדאַם פונדילער אַליין, אָט די, וואָס האָט געבעטן צום טיש, האָט גענומען פאַנאַנדערגיסן דעם זופּ אין די טעלער. די שײַן פון די ברענענדיקע ליכט איז מיט יעדן קער פונעם קאָכלעפל געפאַלן אַף אירע הענט, וווּ צווישן דעם בלישטשענדיקן גאָלד זײַנען ווי ווילדשוואָמען געוואַקסן צוגעפּלעטשטע דיקע בראָדעווקעס.

— לעכאַיִם! — האָט עמעצער אויסגערופן באַם טיש. — פאַר אַ פעסטער מאַכט! — „לעכאַיִם“ אַף ייִדיש און דאָס איבעריקע אַף רוסיש.

אינמיטן דעם געפילדער, וואָס האָט זיך אופגעהויבן באַם טיש, האָב איך דערהערט לעבן זיך אַ שאָרך, און אין מײַן דלאָניע האָט זיך אַרײַנגעגליטשט עפּעס גלאַטיקס און קײַלעכדיקס — אַן איי.

— ס'איז אַ רוי איי, — האָט מיר אײַנגערוימט אַפן אויער מײַן נײַע כאַווערטע, — טרינק אויס.

ווי מײַזלעך קלאַפּן מיר ביידע אין דיל. אַ קלאַפּ און אַרומגעקוקט זיך. אַ קלאַפּ און אָפּגעוואַרט. די שאָלעכץ פלאַצט. מיר קאַלופּען אָפּ צו שטיקעלעך פון אויבן. באַ מיר ליגט אין קעשענע אַ בייגל, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן אינדערפרי. צעטיילן מיר אים אַף דער העלפט און פאַרטרינקען מיט פרישע אייער. יעדערע צו דרײַ. אין קוישל זײַנען געבליבן נאָך פיר. נאָר מער גיט זי ניט, דאָס מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי שטעלט אַוועק דאָס קוישל צו זיך אַף די קני און דעקט עס איבער מיטן ווײַסן טיכל.

— ס'איז פאַר מײַן ברודער. ער איז געווען אַף מילכאָמע, מײַן ברודער, ער שפּײַט מיט בלוט, — באַרימט זי זיך פאַר מיר.

אַ זומערדיקער טאָג ציט זיך לאַנג. אויביפראַט, אַז מע איז הונגעריק. איך געדענק ניט, וויִאַזוי איך בין אײַנגעשלאָפן. אופגעכאַפּט זיך און ניט געוווּסט — ס'איז דער זעלבער טאָג צי אַ נײַער. דורך די פאַרגראַטעוועטע פענצטער האָט זיך געזיפּט אַ קאַרגע שײַן. אַזוי איז געווען אויך פריִער. אַפן טיש אָבער, דערמאָן איך זיך, האָבן דאַן געברענט ליכט. דערנאָך זײַנען די פענצטער געווען שוואַרץ, און דאָס מיידל מיט דער ווײַסער קרוין אַפן קאָפּ האָט אַוועקגעשטעלט אַפן טיש אַ גרויסן בליך־לאָמפּ. איז דורכגעגאַנגען, הייסט עס, אַ נאַכט. ס'איז געווען נעכטן.

דער קעלער איז פוסט. נאָר איך און דאָס מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי איז געלעגן צונויפגעקאָרטשעט לעבן מיר אַפן דיל און געשמאַק געשלאָפן. קיין שיסערײַ האָט מען מער ניט געהערט. איך האָב אַ שטויס געטאָן מײַן נײַע כאַווערטע מיטן עלנבויגן. זי האָט זיך אופגעזעצט מיט פאַרמאַכטע אויגן און געזאָגט:

— איך וויל עסן.

דערנאָך אופגעשפּרונגען אַף די פיס, אַ כאַפּ געטאָן אַפן אָרעם דאָס געפלאָכטענע קוישל און אונטערגעהויבן אַן עק פונעם ווײַסן טיכל, צי זײַנען גאַנץ די פיר איבערגעבליבענע אייער.

— קום! — האָט זי געזאָגט. — קום פונדאַנען.

זי האָט זיך געלאָזט לויפן צום אַרויסגאַנג. אַרופגעשפּרונגען אַפן אייבערשטן טרעפּל, געעפנט די טיר און געבליבן שטיין אַ דינינקע, אַ לאַנגפיסיקע, באַגאָסן פון קאָפּ ביז די פיס מיט זון.

— דאָס זײַנען געווען בורזשויעס! — האָט זי מיר פּאַרטרויט אַ סאָד. אירע שיטערע ווײַסע ציינדלעך האָבן געלאַכט. און די געלע צעפּלעך האָבן געלאַכט. און דאָס פּאַריסענע נעזל און די זומערשפּרענקעלעך אויף די קינבאַקן — אַלץ אין איר האָט געלאַכט.

אַפן הויף האָבן מיר געטראָפן נאָר דעם מיט די וואָנצעס. ער האָט געלאָסן אַרויסגעצויגן פון בײדע הויזן־קעשענעס צו צוויי גרויסע רויטע עפּל און שווײַגנדיק אונדז מעכאַבעד געווען. דערנאָך געעפנט דעם טויער און אַרויסגעלאָזט אונדז אויף דער גאַס. מײַן נײַ׳ע כאַווערטע האָט זיך אײַנגעביסן מיט די שאַרפע שיטערע ציינדלעך אין אַן עפּל, פרײלעך אַ פּאַכע געטאָן צו מיר מיט דער האַנט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטערן ראָג. מער האָב איך זי קיינמאָל ניט געזען.

און ווידער בין איך געבליבן אײנע אַליין אין גאַס צווישן פאַריגלטע לאָדן, פאַרשלאָסענע טירן און טויערן. פּוסט. שטיל. נאָר אין דער שטילקײַט הער איך פאַרדומפּענע גוואַלדן, וואָס איך ווייס ניט, פונוואַנען זיי קומען. עס גיט פלוצלינג אַ הילך אַ טרוקענער שאָס. זאָן אָטעם בין איך געקומען צו לויפן אַהיים.

אונדזער טיר איז דאַפקע אָפן. דאָס פענצטער אויך. אָן שויבן. דער טיש ליגט אינמיטן צימער מיט די פיסלעך אַרויף. דער טישטעך, אויף וועלכן מיר האָבן נעכטן געגעסן אָנבײַסן, מיר אַלע, איך, דער טאַטע, די מאַמע, מײַן שוועסטער ריסל, מײַנע ברידער שלוימקע און בערל, איז איצט גאָר פאַרוואָרפן. אַפן אַלמער. זײַנע עקן הענגען אַראָפּ פון דער הייך, ווי פאַרכאַלעשטע הענט.

— מאַמע! — וויין איך אַרויס און פאַרדריק מיט בײדע פויסטן דאָס מויל.

אין דעם באַווײַזט זיך אין דער צעפּראַלטער טיר די מאַמע מיט אַ גרויסן לאַבן ברויט אין די הענט, פון הינטן גייט מײַן שוועסטער ריסל. זיי פרעגן מיך וועגן גאָרנישט. די מאַמע דריקט מיך שווײַגנדיק צו צו דער ברוסט. דערנאָך שטעלט זי אַוועק דעם טיש אויף די פיסלעך. זי גיט אַ זוך מיט די אויגן, און ניט געפינענדיק דאָס, וואָס זי דאַרף, ברעכט זי אָפּ אַ היפּשן קראַיעץ פונעם לאַבן ברויט און דערלאַנגט מיר.

מײַן שוועסטער האַלט מיך אין איין קושן. נאָר די מאַמע שרײַט אויף איר אָן:

— גיכער, אין בעט אַרײַן! נאַ, בינד זיך אַרום דעם קאָפּ. — זי הייבט אויף פון דיל אַ צעריסענעם האַנטעך און דערלאַנגט ריסלען. — ברייטער, ברייטער, נעם אים פאַנאַנדער. נאָר די נאָז זאָל שטעקן. און פויל זיך ניט צו קרעכצן...

דער טאַטע איז געקומען.

— אַ דאַנק דיר, ריבוינעשעלוילעם, — שרײַט אויס די מאַמע. זי פאַרגעסט, אַז מיט גאָט איז זי שוין לאַנג צעקריגט.

— וווּ ביסטו געווען, לייעלע? — פרעגט דער טאַטע. — דאָס בין איך דאָך געגאַנגען דיך זוכן.

— וואָס הערט זיך אין שטאָט? — שלאָגט אים איבער ריסל. — רויִק? דיך האָט קיינער ניט אָפּגעשטעלט?

— און אַז אָפּגעשטעלט, איז וואָס? זיי איז ניט געפעלן געוואָרן, וואָס בײַ מיר וואַקסט ניט קיין לאַנגע באָרד. ניטאָ וואָס צו אָפּשנײַדן. מײלע, אַבי זיך אויסגעדרייט. — דער טאַטע שווײַגט אַ ווײַלע. — עפּשער וואָלט מען באַדאַרפט איבערזיצן נאָך אַ ביסל בײַ מאַריליען? — זאָגט ער שוין ניט אַזוי האַפּעדיק.

— איך וויל ניט, מע זאָל אויף מיר ראַכמאָנעס האָבן. גענוג. דו סט׳געהערט, ווי דער אַלטער מרוק האָט די גאַנצע נאַכט געפּרעפּלט און געציילעמט זיך? איבער די אַנטיכריסטן זאָל אין זײַן שטוב קיין באָמבע ניט טרעפן. — די מאַמע שלעפּט מיט האַסט אַרויס אַן אויסגעליידיקטן שופלאָד פון קאָמאָד און טוט אים אַ שלײַדער אָן דר׳ערד: — אָט איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג. זאָלן זיי קומען, זאָלן זיי קומען נאָכאַמאָל. טיר־און־טויער זײַנען אָפן.

זי בלײַבט מיטאַמאָל שטיל און לאָזט זיך אַראָפּ אַפן איבערגעקערטן שופלאָד. מיר ווערט זייער שרעקלעך. מיר דוכט, מײַן מאַמע זיצט נאָך עמעצן שיווע. זי פאַרגראָבט דאָס ר[illegible] אין די הענט. איר קערפּער נעמט זיך שאָקלען אויף רעכטס און אויף לינקס. די אַקסלען ציטערן:

— קינדער מײַנע! יינגעלעך מײַנע!

— מע גייט! — זאָגט אָן דער טאַטע.

די מאַמע גלײַכט זיך אויס:

— איטשע, זעץ זיך בײַ ריסלען צופוסנס. לייקע, קריך אונטערן בעט.

איך האָב די מאַמע ניט געפאָלגט, ווײַל מיך האָבן די פיס ניט געפאָלגט. איך בין געבליבן זיצן באַם טיש. די מאַמע האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אַפן איבערגעקערטן שופלאָד.

זיי האָבן זיך אַרופגעכאַפּט אויף די דרײַ הילצערנע טרעפּלעך און מיט רעציכע אַ ריס געטאָן צו זיך די טיר, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט פאַרמאַכט. זיי האָבן פאַרפולט מיט זיך דעם גאַנצן

צימער, צוויי יונגע געזונטע מענער אין פירקאַנטיקע שפּיציקע היטלען, מיט זילבער־שנורן באַפּוצטע. באַטראַכט מיט פאַרדראָס די אַרבעט פון זייערע פאָרגייער, דעם כורבן אין שטוב. איינער האָט אַראָפּגעשלעפּט דעם טישטעך פון אַלמער, דער צווייטער האָט אַריינגעקוקט אינעם צימער, וווּ ס'איז געלעגן מײַן שוועסטער ריסל און דער טאַטע איז געזעסן בײַ איר צופוסנס.

— כטאָ טאָ יעסט?[1] — האָט ער אַ רעווע געטאָן. — באָלשעוויק?

— ניע, פאַניע, טאָ מאַיאַ צורקאַ באַלנאַ. סיפּנאַי טיף, פאַניע. — די מאַמע האָט אַ פינטל געטאָן מיט די פינגער פון איין האַנט אין דער צווייטער. — יאַק קוועטאָטשקי.[2]

דער צונויפגעדרייטער טישטעך איז מיט שרעק אָפּגעשליידערט געוואָרן אָן אַ זײַט. די „געסט" האָט ווי מיטן ווינט אַרויסגעטראָגן.

אָפּגעוואַרט אַ ביסל, איז דער טאַטע אַרויס און צוגעמאַכט די לאָדן אינעם צימער, וווּ ס'איז געלעגן ריסל. אינעם גרעסערן צימער איז איין האַלבער לאָדן געווען אינגאַנצן אַראָפּגעריסן און די צווייטע האַלב האָט זיך געהאַלטן אָף אַ האָר. דער טאַטע איז צוריק אַרײַן, צוגעזעצט זיך און, ניט קוקנדיק אָף קיינעם, געזאָגט ווי צום ווענטל פון שטול:

— אָפן בריק ליגן צוויי געהאַרגעטע. אַ רויטאַרמייער און אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף. מע לאָזט זיי ניט מעקאַבער זײַן.

— דאָס מיידעלע קען איך, טאַטע, זי איז מיט געלע צעפּלעך, יע?

האָב איך דאָס געזאָגט צי ניט געזאָגט? ס'איז מיר מאָדנע קאַלט. איך בין מעקאַנע ריסלען. זי ליגט אין בעט. אין צימער בײַ איר איז טונקל. און דאָ שנײַדט מיר די ליכט אין די אויגן. איך וויל, מע זאָל מיר אויך אַרומבינדן דעם קאָפּ. שטײַף־שטײַף... און שלוימקע מיט בערלען, וויל איך, זאָלן קומען. וווּ זײַנען זיי?

מײַן קאָפּ גיט אַ פאַל אָפן טיש. אַ קעלער מיט גראַטעס אָף די פענצטער. אָפן דיל ליגט אַ מעס איבערגעדעקט מיט שוואַרצן. צוקאָפּנס בײַ אים אַ גרויסער בליך־לאָמפּ. צוויי גראָבע הענט, באַזעצטע מיט בראָדעווקעס, האַלטן איבערן מעס אַ גאָפּל מיט אַ מעסער, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן אָפּשנײַדן פון אים אַ שטיקל. עמעצער שרײַט: „לעכאַים!" אַן עק פונעם שוואַרצן טוך הייבט זיך אונטער, און עס קוקט אַרויס פון דאָרטן דאָס מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך. זי גיט שטיפעריש אַ ווונק צו מיר מיט אַן אויג און לאַכט, און לאַכט... „דאָס קינד איז מעסוקן!" — דערטראָגט זיך צו מיר ווי פונדערווײַטנס מײַן מאַמעס קאָל.

אַזוי איז צו אונדז אין שטוב מיט די אויסגעשלאָגענע שויבן און אויסגעליידיקטע שופלאָדן געקומען נאָך אַ גאַסט — די שפּאַנקע, אַ קרענק, פון וועלכער מיר האָבן ביז דאַן ניט געהערט.

אין מײַנע היציקע כאַלוימעס בייס דער קרענק האָבן מיך געפּײַניקט צוויי בענקשאַפטן — נאָכן מיידעלע מיט די געלע צעפּלעך (איר נאָמען האָב איך ניט געוווּסט) און נאָך מײַנע ברידער שלוימקע און בערל, וועלכע זײַנען אוועק פון שטאָט מיט די לעצטע טײַלן פון דער רויטער אַרמיי און זיך שוין קיינמאָל ניט אומגעקערט.

---

[1] ווער איז דאָס? (פויליש).

[2] ניין, פאַניע, דאָס איז מײַן טאָכטער קראַנק. אַ פלעק־טיפוס, פאַניע. ווי קווייטעלעך. (אַ געמיש פון פויליש און ווײַסרוסיש).

בוזי מילער

# צוויי דערציילונגען

די האנדלונג קומט פאָר טיילוויִז
אף דער ערד, טיילוויִז אינדערלופטן.

## I. דער שווארצער קאָטער

„ווי א הונט זיצנדיק" — זאָגט מען אף א קליינינקן מענטשן. „אן עמעסער קאלב" — זאָגט מען אף א גרויסן הונט.

יעדער ווערטל איז א ביסל מעגאזעם. מיר איז ביז איצט ניט אויסגעקומען צו זען א מענטשן, וואס זאָל זײַן ניט גרעסער פון א הונט זיצנדיק, און א הונט, ווי א קאלב.

נאָר איינמאָל האָט זיך מיר געמאכט צו דערזעןביידן מיטאמאָל — אי אזא מענטשן, אי אזא הונט.

וועגן דעם איז עפשער קעדײַ צו דערציילן.

אף דער הייך פון נײַן טויזנט מעטער האָט דער ריזיקער צווייגאָרנדיקער לײַנער „טו־114" זשעדנע געשלונגען די ווײַט מיט א שנעלקײַט פון זיבן הונדערט זעכציק קילאָמעטער א שאָ.

דער לײַנער האָט שוין דורכגעמאכט העכער העלפט וועג. די פאסאזשירן אין די וויכע, באַקוועמע פאָטעלן — צו דרײַ פון איין זײַט דורכגאנג און צו דרײַ פון דער צווייטער — האָבן ווער געדרעמלט, ווער פוילבלעך ארײַנגעקוקט אין א זשורנאל, ווער — אין א צײַטונג. געווען דאָ עלטערע לײַט, וואס האָבן נאָך געדענקט יענע צײַטן, ווען אזעלכע לײַנערס האָבן זיך קיינעם אפילע ניט געכאָלעמט. דעם דאָזיקן וועג פלעגט מען דורכמאכן מיט א שנעלצוג — צוערשט פאר צען, דערנאָך פאר אכט און זיבן מעסלעס. און געווען, פארקערט, אזעלכע, וואס האָבן זיך אפילע ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי קאָן מען עס טרייסלען זיך אין א צוג לאנגע מעסלעסן, אז אָט עסט מען אָפּ פרישטיק אין כאבאראָווסק און מיטיק — דעם זעלבן טאָג — אין מאָסקווע.

באנאנד מיט מיר זײַנען גראָד געזעסן פאָרשטייער פון אָט די ביידע קאטעגאָריעס. וויאטשעסלאוו געאָרגיִעוויטש — א שול־דירעקטאָר אין א ווײַטן דאָרף אפן ברעג פון אמור, א הויכער, פולבלעכער מענטש מיט א היפשער ליסינע און מיט געדיכטע גראָוולעכע וואָנצעס — איז געפלויגן צום ערשטן מאָל. דער צווייטער שאָכן — עדוארד מיכײַלאָוויטש, אן אינזשעניער פון דער כאבאַראָווסקער קאנטישער פארוואלטונג פון דער לײַכטער אינדוסטריע, א ניט־הויכער, טונקלהויטיקער פארשוין מיט אן אויסזען פון א ספּאָרטסמען — האָט שוין אָנגעוווירן דעם כעזשבן — אזויפיל מאָל איז אים אויסגעקומען צו פליִען אין קאָמאנדירונגען אין פארשיידענע שטעט פון לאנד און אויך קיין מאָסקווע. וויאטשעסלאוו געאָרגיִעוויטש איז געפלויגן אף אן אלרוסלענדישער באראַטונג פון דער געזעלשאפט „זנאניע"[1]. ער האָט זיך א ביסל געגרויסט מיטן קאָוועד, וואס איז אים אויסגעפאלן, און האָט זיך אויך קאָנטיק געערגערט: טאָמער וועט אים דאָרט אויסקומען ארויסטרעטן — און געוויס וועט אויסקומען, — זאָל ער כאָטש ניט שווארץ מאכן זיך דאָס פּאָנעם, ס'איז דאָך עפּעס ניט קיין קלייניקײַט: פון א דערפל באם אמור, און מיטאמאָל — מאָסקווע! עדוארד מיכײַלאָוויטש האָט איצט געפירט אין מיניסטעריום צום באשטעטיקן א פּראָיעקט פון א נײַער זאָקן־פאבריק.

— איר וועט מיר אנטשולדיקן מײַן היספּײַלעס, — האָט זיך אָנגערופן וויאטשעסלאוו געאָרגיִעוויטש, — איך פלי מיט אזא קאָמפאָרט צום ערשטן מאָל, און מיר גלייבט זיך נאָך אלץ ניט, אז דאָס איז ניט קיין כאָלעם...

א קורצע ווײַלע האָט ער געשוויגן, דערנאָך צוגעגעבן:

— טוט, אשטייגער, א טראכט, וויפל האָט געדויערט טשעכאָווס רײַזע קיין סאכאלין... נײַן, זאָגט אײַך וואס איר ווילט, דאָס איז פּאָשעט א מין קישעף־טעפּיך פון די רוסישע מײַסעלעך...

[1] געזעלשאפט אף צו פארשפרייטן פּאָליטישע און וויסנשאפטלעכע קענטענישן.

— נו, אויב שוין אזוי, האָט איר דאָ דעם קישעף־טישטעך אויך, — האָט, אָנווייַזנדיק אַף דער סטיוארדעסע, וועלכע האָט פּאַנאַנדערגעטראָגן דעם מיטיק, א שמייכל געטאָן עדוארד מי־כייַלאָוויטש. ער האָט געהאָלפן דעם שאָכן צופּעסטיקן צום שטול דאָס קליינע באַקוועמע טישעלע, אַף וועלכן מע שטעלט אַוועק די געריכטן.

וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש האָט ארויסגענומען גאָפּל־מעסער פונעם דורכזיכטיקן צעלאָפאַן־זעקעלע, פאַמעלעכן געשמירט די שווארצע גרייַפּעלעך רויג אַף א דין שטיקל ברויט, פּאָרטרוג־קען דאָס געבראָטענע פלייש מיט געדיכט־שווארצער קאַווע און דערביַי אַלץ ניט אופגעהערט איבערצוכאַזערן:

— נייַן, ווי איר ווילט אייַך — פאַר מיר איז עס ווי אין א מייַסעלע...

און עדוארד מיכייַלאָוויטש — זייַן אָרט איז געווען באַם אילוּמינאַטאָר — האָט אראָפּגע־קוקט אַף די געדיכטע שניי־ווייַסע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך געשפּרייט אונטערן ליַינער, און גע־שוויגן. עס איז קאָנטיק געווען, אַז זייַן שאָכנס היספּייַלעס האָט ער שוין פון לאַנג איבערגעלעבט. ער האָט גאָר געטראַכט, אַז עס וואָלט ניט שלעכט געווען, מע זאָל קאָנען דורכמאַכן אָט די רייַזע א ביסל גיכער — נייַן שאָ איז פונדעסטוועגן ניט קיין שפּילכל.

וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש האָט פּלוצעם אויסגעשטרעקט די האַנט און פאַרהאַלטן דאָס מיידעלע מיט די דינע בלאָנדע צעפּלעך, וואָס איז פאַרבייַגעלאָפן. זי איז זאַרגלאָז געשפּרונגען אינעם שמאָלן דורכגאַנג און אַפילע ניט געהאַט קיין אַנונג, וואָס פאַר א טיפער טהאָם עס טיילט זי אָפּ פון דער ערד.

— וווהין לויפסטו, שטיפערקע?

דאָס מיידעלע איז שטיין געבליבן, אָנגעשטעלט צוויי גרויסע קאָרע אויגאַנעס אָפן מענטשן, וואָס האָט זי אַזוי אומגעריכט פאַרהאַלטן, געוואָלט אָפּשטויסן זייַן האַנט און לויפן וויַיטער, נאָר עפּעס האָט זי מיטאַמאָל פאַרינטערעסירט.

— זע נאָר, ביסט גאָר פּונקט ווי מייַן זיידע יעווסיי, — האָט זי מיט כידעש אויסגערופן. — אָבער באַ מייַן זיידן זייַנען די וואָנצעס נאָך גרעסערע...

— ווער זשע איז ער, דייַן זיידע?

— דער זיידע יעווסיי? ווייסט ניט — ער וווינט דאָך אין מאָסקווע!

— איז צו אים פליסטו עס?

— יאָ, צו אים פליען מיר.

— ווער איז — מיר?

— איך און מייַן מאַמע. אָט זיצט זי...

— פליסט דאָס ערשטע מאָל?

— אָהאָ! שוין דאָס דריטע! אַלע יאָר פליִען מיר...

דאָס מיידעלע האָט זיך אויסגעריסן און אַוועקגעשפּרונגען ווייַטער.

— איך — דאָס ערשטע, און זי — דאָס דריטע מאָל! — האָט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש שמייכלענדיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און מיט פאַרגעניגן אויסגעטרונקען דאָס בייַכיקע גלעזל גאָלדקאָלירקע אייַז־קאַלטע קרעם־סאָדע, וואָס די סטיוארדעסע האָט אים דערלאַנגט.

— כאַווירים פּאַסאַזשירן! — האָט זיך דערטראָגן פונעם מיקראָפאָן אַן אָנגענעמע פרויען־שטים. — הערט אויס די אָנגאַבן וועגן אונדזער פלוג. מיר פליִען איצט איבער דער שטאָט סווערדלאָווסק. די הייך — נייַן טויזנט מעטער, די שנעלקייַט — זיבן הונדערט זעכציק קילאָ־מעטער א שאָ. די טעמפּעראַטור אַף יענער זייַט באָרט — 55 גראַדוס פראָסט.

ניט ווילנדיק האָט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש א ציטער געטאָן:

— בר־ר... און מיר זיצן דאָ, ווי אין סאָטשי...

אין עטלעכע מינוט ארום האָבן זיך ווידער אָפּגערופן די מיקראָפאָנען:

— כאַווירים פּאַסאַזשירן! מיר לייגן אייַך פאָר אויסהערן אייניקע לידער אין דער אויס־פירונג פון אונדזער סטיוארדעסע נאַדיעזשדאַ וואַסיליעוואַ.

געזונגען האָט די סטיוארדעסע גוט באַקאַנטע עסטראַדע־לידער, וועלכע מע הערט אָפט דורך ראַדיאָ. נאָר דאָ, הויך איבער די וואָלקנס, האָבן זיי געהאַט א באַזונדער מין כיין. אויסגעזונגען איין ליד, א צווייטע, האָט די זינגערן פאַרצויגן נאָך איין לידעלע — וועגן דעם שווארצן קאָטער, וועלכן מע באַשולדיקט געווייַנלעך אין אַלע אומגליקן, נאָר וואָס אינדערעמעסן איז דער סאַמע אומגליקלעכער ער — דער שווארצער קאָטער אַליין...

— ווי מייַנט איר, אָט דער שווארצער קאָטער קאָן אונדז ניט איבערלויפן דעם וועג? — האָט מיט א שמייכל א פרעג געטאָן וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש.

— אַף אַזאַ הייך? — האָט אויך מיט א שמייכל געענטפערט עדוארד מיכייַלאָוויטש.

פאַרענדיקט זינגען, האָט נאַדיע וואַסיליעוואַ זיך באַוויזן אין סאַלאָן. די סטיוארדעסע איז

געווען א הויכע, א שטאַלטנע, די טאַליע — דינער קאָן שוין ניט זײַן, — מיט א רויטן סטויג האָר אפן קאָפּ. א העלפט פון איר פּאָנעם האָבן פאַרנומען די גרינלעך־בלויע אויגן, וואָס זײַנען אזוי קונציק אונטערגעפירט, אז זיי האָבן אויסגעזען שמאָל און לענגלעך און האָבן איר צוגעגעבן אַן עטוואָס ווילדלעכן כיין. ווען זי איז צוגעקומען צו אונדז, האָט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש העפלעך זי אָפּגעשטעלט:

— איר האָט זייער שיין געזונגען. בראַוואָ! — האָט ער א פּאַטש געטאָן אײַך האַנט אין דער אַנדערער.

די סטיואַרדעסע האָט קאָקעטיש א נייג געטאָן דעם רויטן סטויג האָר און א בלענד געטאָן צו אים מיט איר שמייכל.

— נאָר וועגן דעם שוואַרצן קאָטער האָט איר פונדעסטוועגן זינגען ניט געדאַרפט.

— איר האָט מוירע פאַרן שוואַרצן קאָטער? — האָט זי זיך צעלאַכט.

ניט ווײַט פון מאָסקווע, אַן ערעך א שאָ פאַרן אַראָפּשטײַגן, איז באַוווּסט געוואָרן, אז דער מאָסקווער אַעראָפּאָרט נעמט ניט אויף — דאָרט איז א שטאַרקער נעפּל און א רעגן.

— א רעגן? — האָבן זיך פאַרכידעשט די פּאַסאַזשירן. פון כאַבאַראָווסק זײַנען זיי אַרויסגעפלויגן בא א 25־גראַדוסדיקן פראָסט.

— אָט האָט איר אײַך דעם שוואַרצן קאָטער! — האָט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש געשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער לײַנער האָט געמאַכט א קרײַז, געענדערט דעם קורס, און אין צוויי שאָ אַרום איז ער אַראָפּגעשטיגן אין נאָוואָסיבירסק.

אף דעם גרויסן אַעראָוואָקזאַל זײַנען צוגעקומען נאָך קנאַפּע צוויי הונדערט אומגעריכטע און אומצופרידענע פּאַסאַזשירן. יעדערער פון זיי האָט געהאַט זײַנע פּלענער, וואָס זײַנען מיטאַמאָל צעשטערט געוואָרן. מע האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער ספּראַוואָטשנע דערוויסן זיך, וויפל וועט אויסקומען צו וואַרטן.

א יונגע, שיינע, נאָר קאָנטיק זייער אײַנגעמידטע פרוי (זי האָט געהאַלטן באַם פאַרענדיקן איר דעזשורסטווע) האָט זיך דאָך געפּלײַסט צו זײַן העפלעך און אַלעמען געענטפערט איינס און דאָס זעלבע:

— דערווײַל, כאַווײרים, איז ניט באַוווּסט. ווי נאָר עס וועט קלאָר ווערן, וועלן מיר גלײַך מעלדן.

אינגיכן איז אין ספּראַוואָטשנע שוין געזעסן א צווייטע — אויך א יונגע און אויך א שיינע, און אוילעם איז דאָ געוואָרן נאָך מער. דעריקער — יונגעלײַט. זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אז וואַרטן וועט אויסקומען לאַנג, וועלן זיי כאָטש פאַרברענגען די צײַט מיט אָט דער שיינער פרוי...

עלטערע לײַט, פרויען האָבן געדרעמלט אף די שטולן, און די, פאַר וועמען עס האָט קיין שטולן ניט געקלעקט, האָבן געמאָסטן דעם גערעמען זאַל אהין און צוריק, אָפּשטעלנדיק זיך פון לאַנגווײַל בא די פאַרביקע מעלדונגען און פּלאַקאַטן.

פּלוצעם האָבן צו איינעם א ווינקל פונעם גרויסן זאַל זיך א ציִ געטאָן מענטשן; אפילע איינע יונגעלײַט זײַנען פון דער ספּראַוואָטשנע אויך אוועק אהין. איך בין אויך צוגעגאַנגען נעענטער און דערזען:

אף זייער הויכע מוסקולדיקע לאַפּעס, דעם מעכטיקן ברוסטקאַסטן פאָרויס, מיט א פאַרהויבענער ברייטער מאָרדע, איז געשטאַנען א מעגושעמדיק גרויסער הונט. א קוים מערקבאַרער ציטער איז די גאַנצע צײַט דורכגעגאַנגען איבער זײַן גלאַטער, גלאַנציקער פעל פון א מעשונע־מאָדנע העל־רויטיקן קאָליר, מיט א סאַך ווײַסע צעשאָטענע פלעקן. אויך ווי צוויי אזעלכע פלעקן זײַנען געווען זײַנע באַלעכעס, אַנגעשטעלטע אפן אוילעם מיט אַן אויסדרוק פון פאַראַכטונג, וואָס האָט געקאָנט באַטײַטן: וואָס, מישטיינסגעזאָגט, זײַט איר אַלע ווערט און וועמען גייט איר אָן?

צווישן אוילעם האָט מען געשמועסט, אז דער באַלעבאָס פונעם הונט איז עפּעס אַן אַלטער פּראָפעסאָר. אַליין איז ער אוועק מיקויעך בילעטן און דעם הונט געלאָזט מיט אָט דער קליינינקער פרוי.

דער אוילעם האָט געהערט, ווי אוועקגייענדיק האָט דער פּראָפעסאָר איר אָנגעזאָגט: „זע, אַנושקע, אז קיינער זאָל ניט טשעפּען אונדזער דזשעקן".

א יונגע פרוי, וואָס איז געשטאַנען אינעם רעדל, האָט א קנייטש געטאָן מיט די אַקסל און אף א קאָל זיך אָנגערופן:

— דער אַלטער זאָרגט זיך, אז עמעצער זאָל פון אונדז ניט א ביס טאָן זײַן הונט...

דער אוילעם האָט זיך צעלאַכט.

מע האָט זיך געפּרוווט טרעפן: ווער איז זי, אָט די פרוי מיטן הונט — א ווײַב זײַנע צי א טאָכטער?

— פאַר אַ טאָכטער, — האָט עמעצער געזאָגט, — איז זי צו אַלט, פאַר אַ ווײַב — צו יונג.

ערשט איצט, אײַנקוקנדיק זיך, האָב איך אויך דערזען די מיניאַטורע בלאָנדלעכע פרוי, וואָס אין פאַרגלײַך מיטן הונט, וועלכער איז בעעמעס געווען גרויס, ווי אַ קאַלב, האָט זי אויסגעזען נאָך קלענער, ווי זי איז געווען אינדערעמעסן. זי האָט געהאַלטן דזשעקן אױף אַ רימענדל, און אין איר בליק איז איצט, נאָך די שפּאָטישע רעפּליקעס, געווען קימאַט דער זעלבער אויסדרוק פון פאַראַכטונג צו אַלעמען, ווי אין די הינטישע באַלעכעס.

צווישן דעם אוילעם, וואָס האָט פון לאַנגווײַל זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם הונט און זײַן באַ־לעבאָסטע, זײַנען געשטאַנען מײַנע שכיינים וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש און עדוואַרד מיכײַלאָוויטש. איך האָב געהערט, ווי זיי האָבן זיך שטיל דורכגערעדט.

— אױף מיר, — האָט געזאָגט דער אינזשעניער, — מאַכט די דאָזיקע פרוי דעם אײַנדרוק פון אַ מין צוגאָב צו איר הונט. און דערצו איז זי דערמיט, דאַכט זיך, נאָך שטאָלץ.

— און איך האָב אױף איר פּאַשעט ראַכמאָנעס, — האָט געענטפערט וויאַטשעסלאַוו געאָר־גיִעוויטש.

— אַזוי גאָר?

— יאָ. די שטעלע פון אַ מעשאָרעס איז מיר שטענדיק געווען פריקרע, ביפראַט נאָך בא אַ הונט.

דזשעק, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, האָט אַ קערעווע געטאָן די גרויסע מאָרדע עטוואָס צו דער פרוי און עפּעס רוגזעדיק אַ ברום געטאָן. די פרוי איז באַלד, קימאַט אויטאָמאַטיש, אופגעשפּרונגען פון אָרט און האַסטיק זיך אַ נעם געטאָן צו אַ גרויסן קלומעק. זי האָט אַרויסגעצויגן אַ דין טעפּיכל און פאַרזיכטיק עס אויסגעשפּרייט אפן דיל. דער הונט האָט פון אַ זײַט געשפּירט נאָך דער פרויס יעדער באַוועגונג. ער האָט געדולדיק געוואַרט, ביז זי האָט אַקוראַט אויסגעגלײַכט דאָס טעפּיכל, וואָס האָט זיך פון איין זײַט פאַרקנייטשט. און דאַן האָט ער אױף דעם מאַיעסטעטיש זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג, די פאָדערשטע לאַפּעס פאָרויס, די הינטערשטע אונטער זיך, און די מאָרדע אפן הויכן האַלדז מיט אַ פאַרגלי־ווערטן אויסדרוק פון פאַראַכטונג אָנגעשטעלט אױף דעם אוילעם.

די פרוי, וועלכע האָט די גאַנצע אַרבעט — דאָס אַרויסנעמען און אויסשפּרייטן דעם טעפּיך — אָפּגעטאָן מיט אַ געניטער געמאָסטנקײַט, האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט אױף איינעם פון אירע בײַכיקע טשעמאָדאַנעס און געוומען גלײַכגילטיק קוקן פאַרבײַ די מענטשן, פונקט ווי קיינער זאָל דאָ אַרום איר ניט זײַן.

— איך האָב ערגעץ אויסגעלייענט, אַז אין ענגלאַנד זײַנען פאַראַן ספּעציעלע שפּײַז־קראָמען און אַפילו קליידער־מאַגאַזינען פאַר הינט, — האָט שטיל זיך אָנגערופן וויאַטשעסלאַוו געאָר־גיִעוויטש.

— און אַפילו ספּעציעלע בעסאַלמענס, — האָט צוגעגעבן עדוואַרד מיכײַלאָוויטש. — אַנט־קעגן וואָס זאָגט איר עס?

— פּאַשעט, כ׳האָב זיך דערמאָנט.

— און ווי האַלט איר — ס׳איז טאַקע פון די נייטיקע זאַכן?

— פאַרוואָס ניט? — האָט געענטפערט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש. — אַ מענטשלעכע באַציִונג צו הינט, צו באַלעכאַיִם ביכלאַל איז אַ גוטע זאַך, נאָר...

— וואָס נאָר?

— נאָר פריִער וואָלט מען געדאַרפט זען, אַז אין ערגעץ אױף דער וועלט זאָל ניט זײַן קיין הינטישע באַציִונג צו מענטשן...

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ גערודער. די ראַדיאָ האָט געמאָלדן, אַז די פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן איבערגעריסן דעם פלוג קיין מאָסקווע, קאָנען פאַרנעמען זייערע ערטער.

און גלײַך איז אַרום דעם הונט מיט זײַן באַלעבאָסטע שוין קיינער ניט געווען.

מיר זײַנען ווידער געזעסן אױף אונדזערע ערטער אינעם לײַנער. די סטיוּאַרדעסע האָט אױף אַ גרויסער טאַץ פאַנאַנדערגעטראָגן זויערלעכע קאָנפעטלעך. אַראָפּנעמענדיק אַ קאָנפעטל פון דער טאַץ, האָט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש זיך אָנגערופן:

— אין אַלץ איז שולדיק אײַער שוואַרצער קאָטער... מער זאָלן מיר וועגן אים דאָ ניט הערן...

— געמאַכט! — האָט אַ לאַך געטאָן די סטיוּאַרדעסע און איז מיט דער טאַץ אוועקגעגאַנגען ווײַטער.

— מילא, דער קאָטער ווי דער קאָטער, — האָט געזאָגט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש. — וואָס זאָגט איר אָבער אפן הונט? דאָס איז ניט קיין הונט, נאָר אַן אָפּגאָט, ער גייט מיר ניט אַרויס פון קאָפּ.

— אָן אָפּגאָט קאָן מען מאַכן פון וועמען איר ווילט, — האָט באַמערקט דער אינזשעניר, — פון אַ הונט, פאַרשטייט זיך, אויך.

— שרעקלעך איז אָבער ניט אַזוי דער אָפּגאָט, ווי זײַנע געצנדינער, — האָט פאָרטראַכטער־הייט אַ זאָג געטאָן וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש. — דער דאָזיקער הונט האָט מיר דערמאָנט גאָר אַנדערע צײַטן. אינעם דײַטשישן לאַגער, ווו מיר איז אויסגעקומען צו זײַן, זײַנען די פאַשיסטישע הינטשלעגער געווען ווי עמעסע געצנדינער בײַ זייערע הינט, וואָס פלעגן צערײַסן מענטשן אויף שטיקער.

— אָ, — האָט געזאָגט עדואַרד מיכײַלאָוויטש, — די דאָזיקע פרוי שטויסט זיך אַפילו ניט אָן, וואָס פאַר אַן אַסאָציִאַציעס זי מיט איר הונט האָבן בײַ אײַך אַרויסגערופן.

— גאָט באַהיט, — ס׳קאָן גראָד זײַן, אַז דאָס איז זייער אַ ווילדע פרוי, — האָט געענטפערט וויאַטשעסלאַוו געאָרגיִעוויטש.

דער לײַנער האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די געדיכטע וואָלקנס און איבער די ניט־אַניזיכטיקע הימלישע טרעפּ זיך פאַרקליבן אַזוי הויך, אַז עס איז שוין שווער געווען צו אונטערשיידן, ווו זײַנען די וואָלקנס און ווו די ערד...

# II. אין צווייטן סאַלאָן

פון מאָסקווע זײַנען מיר אַרויסגעפלויגן שפּעט אין אָוונט. אונדז איז פאָרגעשטאַנען איבער־צוהיפערן אַ נאַכט, ווײַל דער לופט־לײַנער האָט געיאָגט אויף מיזרעך אַנטקעגן דער זון.

אונדז זײַנען אויסגעפאַלן ניט קיין באַקוועמע ערטער — בײַ די שטאַרק רוישנדיקע מאָטאָרן אין צווייטן סאַלאָן. דערצו נאָך איין אָן ענגער קאַבינע מיט אַ טיש אין דער מיט. אַזאַ טיש איז זייער באַקוועם אויף צו שפּילן אין דאָמינאָ אָדער קאָרטן, נאָר צווישן אונדז האָבן דערויף קיין באַלאָנים זיך ניט געפונען.

דער איינציקער, וועמען עס איז לאַכלוטן ניט אָנגעגאַנגען די אומבאַקוועמלעכקײַט, איז געווען דאָס פּינפּיאָריקע יינגל, וואָס האָט זיך גוט אײַנגעמאָסטעט בײַם אילומינאַטאָר. ער האָט מאַמעש אַרײַנגעשטופּט אינעם גלאָז דאָס קליינע בלאַסע פּענעמל מיטן שוואַרצן טשוביקל און האָט ניט אַראָפּגעלאָזט דעם בליק פונעם שטיק פליגל, וואָס האָט שוואַך אָפּגעגלאַנצט אין דער דרויסנדיקער כאַשכעס.

די פרוי, מיט וועלכער דאָס יינגל איז געפאָרן, — אַ יונגע, זייער אַ כיינעוודיקע, האָט זיך אָנגערופן צום פאָדפּאָלקאָווניק, וועלכער איז געזעסן לעבן איר:

— מיט די ערטער האָט אונדז ניט אָפּגעגליקט.

— אַזוי מיינט איר? — האָט יענער מיט אַ שמייכל זיך אַ קער געטאָן צו איר.

— און איר ווי מיינט?

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט אָפנהאַרציק געענטפערט דער פרוי:

— און איך מיין, אַז מיר האָט אָפּגעגליקט.

די פרוי האָט מאָדנע אַ קוק געטאָן אויף אים און גאָרניט געענטפערט, זי האָט זיך צוגעשפּאַרט צום ווענטל פון דעם שטול און געפרוווט אײַנדרעמלען.

דער קאָרפּוס פונעם לײַנער האָט לײַכט אופגעציטערט פון דער האַסטיקער באַוועגונג.

— אָפּזיצן דאָ ווי אַ סטאַטיק נײַן שאָ נאָכאַנאַנד איז טאַקע ניט פון די לײַכטע זאַכן, — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק, וואָס איז געזעסן פון יענער זײַט טיש, זיך אָנגערופן צו מיר. זײַן גרויסער קאָפּ טונקעלע, עטוואָס געקרויזלטע האָר איז בײַ די שלייפן געווען צוגעכאַפּט פון ערשטער גראָוו־קײַט. ער האָט געהאַט אַ היפּשע אָדלער־נאָז, אַן ענערגיש געצייכנט מויל, נאָר זײַנע העל־בלויע אויגן אָפן טונקל־ברוינעם לענגלעכן פּאָנעם האָבן געקוקט אויף אײַך מיט אַ לוסטיקן בליק, וואָס זעט אויף דורך־און־דורך.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט געפרוווט אַזוי און אַזוי זיך אײַנמאָסטען אויף זײַן אָרט, נאָר דער־פון האָט זיך גאָרניט באַקומען.

— נו, מילע, וועלן מיר שוין זיצן הײַנט ניט אָנגעלענט.

אַריבערבייגנדיק זיך איבערן טיש, האָט ער עס אומגעריכט פאַר מיר אַ זאָג געטאָן אויף אַ ריינעם יידיש. אָפּגעוואַרט אַ ביסל, האָט ער צופרידן אַ שמייכל געטאָן און, ווי וועלנדיק מיך נאָך מער איבעראַשן און אָפּריִער שוין האַנאָע האָבנדיק, שטיל בײַ מיר אַ פרעג געטאָן:

— די פיר קאַשעס געדענקט איר נאָך? די, וואָס מע פרעגט פּייסעך בײַם סיידער.

ער האָט זיך נאָך מער אריבערגעבויגן צו מיר איבערן טיש און, אריינקוקנדיק מיר אין די אויגן, דורכגעזונגען מיט דער אינטאָנאַציע פון די פיר קאַשעס: „פּאַרוואָס, טאַטע, א גאַנץ יאָר, אז מיר ווילן, זיצן מיר גלייך, און אז מיר ווילן, זיצן מיר אָנגעלענט. און די דאָזיקע נאַכט פון פּייסעך זיצן מיר נאָר אָנגעלענט?" — ער האָט אף איין ווײַלע פאַרהאַלטן אף מיר זײַן בליק, ווי איינער רעדט: וואָס? געפּלעפט?

— פונוואַנען קומען צו אײַך די פיר קאַשעס? — האָב איך אים א פרעג געטאָן. — איר זײַט דאָך אַוודע אף א יאָר צען ייִנגער פון דער רעוואָליוציע.

— אף אַלע צוועלף.

— אין סיידער זײַט איר שוין אויך ניט געגאַנגען?

— אַוודע ניט.

— בלײַבט דאָך טאַקע א קאַשע...

— די פינפטע? — האָט ער זיך געשמאַק צעלאַכט און ווידער זיך איבערגעבויגן צו מיר איבערן טיש. — וועל איך אײַך דערוף ענטפערן: „אַוואָדים האָיִנו לעפּאַרע בעמיצראָיִם"...

ער האָט א קוק געטאָן אף מיר און ארופגעלייגט זײַן האַנט אף מײַנער:

— כידעשט זיך ניט, ליבער מענטש, אין סיידער בין איך טאַקע ניט געגאַנגען, און קיין סיידער האָט שוין מײַן טאַטע אויך ניט געפּראַוועט. נאָר א זיידע האָב איך, זאָל לעבן און געזונט זײַן. נאָך קינדווײַז האָב איך באַוויזן ארײַנצוכאַפּן בא אים א פּאָר סיידאָרים מיט די פיר קאַשעס, מיט דאַם, צפאַרדייאַ, מאַרער, מיט האַקל־פּאַקל, און די קינדהײַט, ווי איר ווייסט, פאַרגעדענקט זיך.

אף א ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, האָט ער צוגעגעבן:

— נו, און כוץ דעם, איז מען אַזעלכע זאַכן, ווי דאַם, צפאַרדייאַ, מאַרער, אויך שפּעטער ניט זשעדנע געווען, אַזוי, אז פאַרגעסן עס איז ניט שײַעך... דאָס פּאָר איך טאַקע אצינד פון וויטעבסק, פונעם זיידן, — האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק צוגעגעבן.

— שוין א ייִד אין די יאָרן, מינאַסטאַם?

— שוין קאָרעוו צו נײַנציק. נאָר ער איז בא אַלע געדאַנקען. א ייִד א כאָכעם, ווי עס מאַכט זיך. א זייגערמאַכער, אמאָל געשעמט ווײַט ארום. אצינד, פאַרשטייט זיך, ארבעט ער שוין ניט. ער איז דער פּאַטריאַרך פון אונדזער גרויסער מישפּאָכע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט צוגעמאַכט די אויגן און טריב א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ריכטיקער, א פּאַטריאַרך שוין אָן א מישפּאָכע. די באָבע איז געשטאָרבן אין עוואַקואַציע. מײַן עלטערער ברודער און צוויי פּעטערס זײַנען געפאַלן אפן פראָנט. מײַנע עלטערן, צוויי שוועסטער מיט פּיצלעך קינדער האָט מען אומגעבראַכט אין געטאָ. א טאַכלעס... פון דער גאַנצער מישפּאָכע זײַנען מיר פאַרבליבן צווייען — איך אין כאַבאַראָווסק, דער זיידע אין וויטעבסק...

— ער איז דאָרט אַליין?

— אַן עלטערע פרוי קוקט נאָך אים. כ'האָב אים אצינד נאָכאַמאָל געבעטן, ער זאָל פאָרן צו מיר, זאָגט ער: „קאַלזמאַן מײַנע אַלטע ביינער זײַנען אף אָן אָרט, האַלטן זיי זיך, פּרוּוו זיי א ריר טאָן, וועלן זיי זיך צעשיטן"... דאָס בין איך געווען אין א קאָמאַנדירונג, — האָט פאַרגעזעצט דער פּאָדפּאָלקאָווניק, — בין איך אראָפּגעפאָרן אף צוויי טעג קיין וויטעבסק. נו, און א ביסל האָב איך פאַרבראַכט מיט מײַן זון, ער לערנט זיך אינעם מאָסקווער אוניווערסיטעט.

— דעם זיידן האָט איר שוין לאַנג ניט געזען?

— א יאָר צען. עס האָט זיך עפּעס אַלץ ניט געמאַכט. אז מע דינט אפן ווײַטן מיזרעך, איז ניט אַזוי לײַכט זיך ארויסצוכאַפּן אף מײַרעוו. ס'האָט זיך שוין טאַקע זייער געוואָלט א קוק טאָן אף מײַן געבורטשטאָט, אפן זיידן.

— נו, האָט איר אים געוויס פאַרשאַפט נאַכעס מיט אײַער קומען?

— נאָך א מין! דערזען מײַנע פּאָגאָנעס, האָט ער זיך צו מיר אָנגערופן: „שימענקע, וואָס האָסטו געטאָן מיט אונדזער האַגאָדע?" — „וואָס הייסט?" — האָב איך ניט פאַרשטאַנען. „דו האָסט זי דאָך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ"... „וויאַזוי?" — פרעג איך. „די פיר קאַשעס געדענקסטו נאָך?" — טוט ער צו מיר א מאַך. איך האָב זיי אים אָפּגעקנאַקט, ווי א מיזמער. „נו, און וואָס איך פלעג דיר ענטפערן אף זיי, געדענקסטו אויך?" — „אַוודע, — זאָג איך, — „אַוואָדים האָיִנו לעפּאַרע בעמיצראָיִם"... און ווײַטער האָב איך שוין פאַרגעסן". — „דאָס מאַכט ניט אויס, — זאָגט דער זיידע, — אבי דו געדענקסט דעם איקער. און דער סאַמע איקער איז טאַקע אָט דאָס: „אַוואָדים האָיִנו"... צוזעשט בא פּאַרען, דערנאָך בא טיטוסן, בא די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרס, בא ניקאָלקען און אזש ביז צו היטלערן, יימאַך שמוי וועזיכרוי... דעריבער איז אף אַלע קאַשעס בא אונדז שטענדיק געווען אייִן ענטפער: „אַוואָדים האָיִנו", מיטן טראָפּ אף „אַוואָדים". קנעכט, הייסט עס, זײַנען מיר געווען — ק נ ע כ ט... און איצטער, — טוט ער מיר ווײַטער א זאָג, — מיינסטו, פּראַווע איך שוין ניט דעם סיידער? נאָך א מין פּראַוועז! עמעס, עס איז ניטאָ, ווער עס

זאָל פֿרעגן בא מיר די פיר קאַשעס, פֿרעג איך און ענטפֿער זיך אַליין... נאָר אַצינד, פֿאָלקאָווניק מײַנער, שטעל איך שוין דעם טראָפּ אויפֿן „האִינו", געווען, הייסט עס, קנעכט זײַנען מיר געווען... ווײַל וואָס בין איך אַצינד פֿאַר אַ קנעכט, אַז היטלער יִמַח שמו און אַנדערע מעכאַבלים ליגן שוין טיף אין דער אַדאָמע, מײַן אייניקל איז אַ פֿאַדפּאָלקאָווניק און מײַן אוראייניקל לערנט זיך אין מאָסקווער אוניווערסיטעט! אָט דערפֿאַר טאַקע זאָג איך, שימענקע, אַז דו האָסט איבערגעקערט די גאַנצע פּייסעכדיקע האַגאָדע מיטן קאָפּ אַראָפּ..."

— אַ ציקאַווע זיידע בא אײַך.

— פֿרעגט ניט!

דער פֿאַדפּאָלקאָווניק האָט זיך קלאָר ניט געקליבן ריידן נאָר מיט מיר. בעטעווע אַ מענטש, ווי ס'איז גלײַך צו זען געווען, פֿול מיט שפּרודלדיקער ענערגיע, מיט אינטערעס צו אַלץ און אַלעם אַרום, און אַזאַ, וואָס אין יעדער געזעלשאַפֿט ווערט ער גלײַך היימיש, האָט ער נאָך מיר זיך אַ נעם געטאָן צום יינגל. נאָר אַזוי ווי יענער האָט ניט אָפּגעקערט דאָס פּאָנעם פֿונעם איליו־מינאַטאָר, האָט דער פֿאַדפּאָלקאָווניק אים אַ טאַרע געטאָן פֿאַרן אַקסל:

— מיר זיינען דאָך מיט דיר עפּעס שכיינים, באַכערעץ! איז לאָמיר זײַן באַקאַנט. ווי רופֿט מען עס דיך?

דאָס יינגל האָט אָן כיישעק אָפּגעקערט פֿונעם איליומינאַטאָר דאָס בלאַסע פּענעמל, מיט אַן אומצופֿרידענער מינע, פֿון אונטן אַרויף אַ קוק געטאָן אויפֿן פֿרעמדן מיליטערמאַן, ווי איינער רעדט: „וואָס וויל ער פֿון אים?" נאָר דערזען יענעמס גוטמוטיקן קוק, איז דאָס הערצל באַם יינגל אָפּגע־גאַנגען און אויף זײַנע ליפּן האָט זיך אַפֿילע באַוויזן עפּעס ענלעכס אויף אַ שלאַבעריקן שמייכל. ער האָט שטיל אָנגערופֿן זײַן נאָמען.

— ווי־אַזוי? — האָט איבערגעפֿרעגט דער פֿאַדפּאָלקאָווניק.

די פֿרוי, וואָס האָט די גאַנצע צײַט מיט אַ באַטריבטן אויסזען געדרעמלט, האָט געעפֿנט די אויגן:

— דזשאַליל הייסט ער, דזשאַליל, — האָט זי געזאָגט.

— אַ שיינער נאָמען, — האָט זיך אָפּגערופֿן דער פֿאַדפּאָלקאָווניק. נאָר די פֿרוי האָט דער־פֿילט אין זײַן טאָן, אַז ער איז פֿאַרכידעשט, דערפֿאַר האָט זי צוגעגעבן:

— דער פֿאָטער זײַנער, כאַדזשי סייפּוטדינאָוו, האָט געוואָלט, אַז דאָס יינגל זאָל הייסן נאָכן באַוווּסטן דיכטער און העלד מוסאַ דזשאַליל.

— כאַדזשי סייפּוטדינאָוו איז אַ טאָטער?

— יאָ.

— און די מאַמע?

— אַן אוקראַינערן.

— איר?

— ניין. איך בין אַ מומע.

די פֿרוי האָט זיך עטוואָס אַרויסגערוקט פֿון איר פֿאַרשאָטנטן ווינקל, און איך בין איבעראַשט געוואָרן — די האָר און די אויגן זײַנען בא איר גאָר ניט קיין שוואַרצע, ווי מיר האָט זיך צוערשט אויסגעדאַכט. די האָר — טונקל־בלאָנד, און די אויגן — בלויע, אויסגעזען האָט זי גאָר יונג, ניט געקוקט דערויף, וואָס די מידקייט, וואָס איז געווען אויסגעצויגן אויף איר פּאָנעם, האָט זי איצט געעלטערט.

— אויב אַזוי, לאָמיר זײַן באַקאַנט, דזשאַליל כאַדזשיעוויטש, — האָט דער פֿאַדפּאָלקאָווניק אויסגעשטרעקט דעם יינגל די האַנט, — מיך רופֿט מען גינזבורג, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. און אַצינד, ווײַבאַלד מיר זײַנען שוין מיט דיר באַקאַנט, דערצייל אָקאָרשט, וווהין פֿאָרסטו עס מיט דײַן מומע?

דאָס יינגל האָט מיט אַ בעטנדיקן בליק אַ קוק געטאָן אויפֿן פֿאַדפּאָלקאָווניק, דערנאָך אויף דער מומע, ס'הייסט, מע זאָל אים לאָזן צורו, און שווײַגנדיק זיך אָפּגעקערט צום איליומינאַטאָר.

— קיין באַריידעוודיקער איז ער ניט, — האָט באַמערקט דער פֿאַדפּאָלקאָווניק.

— ער איז פּאַשעט מיד, און אונדז ביידע איז שווערלעך אויפֿן האַרצן, — האָט די פֿרוי גע־זאָגט, — מיר פֿאָרן מיט אים קיין כאַבאַראָווסק.

— צוגאַסט?

— ניין, איך וווין דאָרט.

— שוין לאַנג?

— גאַנץ היפּש.

— וווּ?

— אויף וואָלאָטשײַעווסקע. איר זײַט אויך אַ כאַבאַראָווסקער?

— קימאַט. איך וווין אַף קראַסנאַיאַ רעטשקאַ.

— דאָס איז דאָך מיט דער האַנט צו דערלאַנגען!

מע האָט אַ ביסל געשוויגן.

— איר זעט, — האָט זיך נאָכדעם אָנגערופן דער פּאָדפּאָלקאָווניק, — מיר וווינען מיט אײַך אַ סאַך יאָרן אין איין שטאָט און ווען ניט די הײַנטיקע רײַזע, וואָלטן מיר זיך מיט אײַך, מעגלעך, קיינמאָל ניט געטראָפן.

— ס'איז קיין כידעש ניט, — האָט געענטפערט די פרוי, — די שטאָט איז גרויס און האַלט אין איין וואַקסן.

מע האָט דערלאַנגט עסן. זיך אָפּגעפּאַרטיקט דערמיט, פאַרטרונקען מיט שוואַרצער קאַווע, וואָס האָט פון דער צו האַסטיקער באַוועגונג דריבנע געציטערט אין די בלויע פּלאַסטמאַסעווע טשאַשקעלעך, האָט מען ווײַטער שוין גאָר היימיש פאַרגעזעצט דעם שמועס, דערבײַ האָט די פרוי אים שוין גערופן סעמיאָן גריגאָריעוויטש, ארויסברענגענדיק זײַן נאָמען אַזוי פּאַשעט, ווי זי זאָל אים האָבן געקענט פון ווייסעך־ווען. זי הייסט, האָט זי געזאָגט, אָקסאַנאַ סערגייעוונאַ און גע־בעטן אים פּאַשעט זי רופן קסיושע. ווי מע רופט זי אין דער היים.

פֿראַסט און פאַרטרויליך האָט קסיושע דערציילט איר ניט־פריילעכע געשיכטע. זי פּאַרט פון קאַזאַן. דאָרט האָבן געלעבט אירע אייגענע — די מוטער און די שוועסטער מיטן מאַן. די שוועסטער איז אַ דאָקטער, איר מאַן — אַן אינזשעניער. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט מען אים געשיקט אַף אַרבעט קיין מאַגאַדאַן. די פרוי איז מיטגעפּאָרן, נאָר דאָס קינד — עס איז דעמאָלט קוים דרײַ יאָר אַלט געווען, און דערצו נאָך אַ שוואַכס אין געזונט, האָט מען מוירע געהאַט מיט זיך נעמען אַפן ווײַטן צאָפן, האָט מען באַשטימט עס לאָזן בא דער באָבע. מיט אַ כוידעש צוריק האָט זי, קסיושע, מיט נאָך עטלעכע אירע כאַווערטעס פון דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג, ווו זי אַרבעט, באַקומען טוריסטיש פּוטיאָווקעס אַף קאַווקאַז. צוריקוועגס איז זי פאַרפּאָרן צו דער מוטער און האָט זי געטראָפן אַ קראַנקע. קסיושע האָט גלײַך טעלעגראַפירט אַף דער אַרבעט, מע זאָל איר פאַרלענגערן דעם אורלויב, און איז פאַרבליבן מיט דער מוטער און דזשאַלילן. אין צוויי וואָכן אַרום איז די מוטער אויסגעגאַנגען אַף קסיושעס הענט. געבראַכט די מוטער צו קווורע אין קאַזאַן, פּאָרט זי איצט מיטן פּלעמעניק קיין כאַבאַראָווסק.

— איך האָב אַ טעכטערל אין זײַנע יאָרן, — האָט זי געזאָגט, — וועלן זיי זײַן דערווײַל צוזאַמען. אין אַ יאָר אַרום דאַרפן דזשאַלילס עלטערן פאַרענדיקן די אַרבעט אין מאַגאַדאַן, וועלן זיי, פאַרבײַפּאָרנדיק, אים נעמען מיט זיך.

— און וואָס וועט זאָגן דערויף אײַער מאַן? ער וועט ניט האָבן קעגן? — האָט געפרעגט דער פּאָדפּאָלקאָווניק.

— פאַרוואָס זאָל ער זײַן קעגן? ער איז זייער אַ גוטער.

— ווו אַרבעט ער?

— ער איז אַן עלעקטראָשווייסער אַפן זאַוואָד „ענערגאָמאַש“.

איצט איז קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס די פרוי איז אַזוי פאַרטריבט, פאַרוואָס איר יונגער פּלע־מעניק איז אומעטיק. דאָס לעבן האָט צו פרי געצווונגען זײַן קינדעריש מויעכל זיך פאַרטראַכטן איבער גאָר ניט קיין קינדערישע זאַכן.

— מומע קסיושע, ס'איז נאָך ווײַט? — האָט דזשאַליל מיט אַ סומנע בליק זיך אַ קער גע־טאָן פונעם איליומינאַטאָר.

— ניט זייער, נאָר דו וועסט נאָך באַווײַזן זיך אויסשלאָפן.

— שלאָפן, שלאָפן! — האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן דער פּאָדפּאָלקאָווניק. — מע וועט זיך ניט באַווײַזן אַרומקוקן, ווי די זון וועט אַ זעץ טאָן אין די אויגן. אַזוי, אַז ביז וואָס־ווען דאַרף מען אַ דרעמל טאָן.

די מערהײַט פּאַסאַזשירן האָבן אַזוי טאַקע געטאָן. די שײַן אַף דער סטעליע איז געווען אויס־געלאָשן. אין האַלב־טונקלעניש האָבן זיך געזען צוגעשפּאַרטע אין באַקוועמע פּאָזעס דרעמ־לענדיקע מאַנצבילעך און פרויען. דזשאַלילן האָט קסיושע אײַנגעוויקלט מיטן קעפּל אַף אירע קני און די פיסלעך אים צוגעדעקט מיט אַ שאַלכל. זיצנדיק באַנאַנד מיט סעמיאָן גריגאָריעוויטשן, האָט זי מיט אים שטיל זיך דורכגערעדט. דערנאָך זײַנען ביידע אַנשוויגן געוואָרן.

— לאָמיר טאַקע כאַפּן אַ דרעמל, — האָט ער געזאָגט, — די לעצטע צוויי מעסלעס בין איך קימאַט ניט געשלאָפן.

— איך אויך, — האָט שטיל געענטפערט די פרוי.

זיי האָבן עטוואָס, אַף וויפל דאָס איז מעגלעך געווען, זיך אָפּגערוקט איינער פונעם אַנדערן, זיך צוגעשפּאַרט צו די גלײַכע ווענטלעך פון דער קאַבינע און צוגעמאַכט די אויגן.

איך האָב אויך געכאַפּט א דרעמל.

ווען כ'האָב זיך אופגעכאַפּט — וויפל איך בין געשלאָפן, ווייס איך ניט, — האָב איך באַמערקט: דעם קאָפּ, מיט די איך שלאָף עטוואָס צעשויבערטע האָר, האָט די פרוי געהאַלטן אפן פּאָדפּאָלקאָווניקס אקסל, און ער, ניט ווּיסנדיק, אויך אין שלאָף, האָט צוגעניגט זײַן גראָוולעכן קאָפּ צו אירן. מיט איין האנט האָט די פרוי אין שלאָף אונטערגעהאַלטן דעם קינדס קעפּל.

עפּשער דערפון, וואָס איך האָב לאַנג געקוקט אף זיי, צי עפּשער דערפון, וואָס די קאַבינע האָט זיך מיטאמאָל א צו שטארקן וויג געטאָן, האָבן בײדע, דער פּאָדפּאָלקאָווניק און די פרוי, מיטאמאָל זיך אופגעכאַפּט, און מיט פארנעפּלטע, גאָרניט באַנעמענדיקע בליקן זיך ארומגעקוקט, דערנאָך דערשראָקן זיך געטאָן א רוק אָפּ איינער פונעם אנדערן.

— שרעקלעך ניט באקוועם, — האָט מיט א שולדיקן טאָן א זאָג געטאָן קסיושע.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט פארשלאָפענערהייט עפּעס א מורמל געטאָן, דערנאָך, שוין אינגאנצן קומענדיק צו־זיך, אָנגעוויזן אף דזשאַלילן.

— ער וועט אזוי אינגאנצן זיך צעברעכן, אנו העלפט מיר...

— וואָס טוט איר, מע דארף ניט, — האָט די פרוי געפּרוווּט פּראָטעסטירן, נאָר איר שאָכן האָט געטאָן זײַנס.

ער האָט גענומען דאָס שלאָפנדיקע ייִנגל און עס אוועקגעלייגט אזוי, אז מיטן קאָפּ איז עס איצט געלעגן אף זײַנע קני און מיט די פיסלעך — אף קסיושעס.

— אזוי וועט זײַן בעסער, — האָט מיט א טאָן, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונגען, געזאָגט דער פּאָדפּאָלקאָווניק און דערבײַ היימיש א שמייכל געטאָן: — נו, און ערשט איצט קאָן מען א דרעמל טאָן.

פון מיר האָט דער שלאָף זיך אָפּגעטאָן. כ'האָב געקוקט אף מײַנע מיטרײַזנדע און געטראַכט: ווען איך ווייס ניט, אז ער, דער פּאָדפּאָלקאָווניק, פּאָרט פון וויטעבסק, פון א זיידן, וועלכער פראַווּעט נאָך פייסעך דעם סיידער און פרעגט און פארענטפערט זיך אליין די פיר קאַשעס, אז די דאָזיקע יונגע פרוי פּאָרט פון קאַזאַן, ווו זי האָט געבראַכט צו קוורע איר מוטער, און אז אָט דעם ייִנגלס עלטערן ווּינען אזש אפן ווײַטן צאָפן, אין מאַגאַדאַן, וואָלט איך, קוקנדיק, ווי זיי דרעמלען איצט דאָ אינדרײַען, אף זיכער געמיינט, אז דאָס איז א קליינע גליקלעכע מישפּאָכע.

דער זייגער האָט באַוויזן די מאָסקווער צײַט, דאָרט איז נאָך געווען טיפע נאכט. נאָר דאָ, ווו מיר זײַנען אצינד געפלויגן, איז שוין ארויס די זון, אירע ערשטע שטראַלן האָבן וואַרעם געפינקלט אפן ברייטן שטיק פליגל, וואָס האָט זיך געזען דורכן פארנעפּלטן איליומינאַטאָר...

---

# מײַן אומרו

## א שטערנדל

איך ווייס ניט, ווי דאָס איז געשען,
נאָר מיטאמאָל
כ׳האָב אָנגעהויבן אויסטיילן
איין שטערנדל אין הימל,
א פּיצעלע אזא —
קיין אויסזען און קיין אָנזען ניט,
און עס געגומען ווינקען האָט מיר
מער פון אלע...

כ׳דערקען דעם גרויסן בער,
איך ווייס, ווי סיריוס און וועגא
צו געפינען.

נאָר דאָ: א שטערנדל א קליינס,
וואָס קוים מע זעט עס אָן,
וואָס קיינעם פאלט ניט אײַן,
אז האָבן ס׳קאָן א נאָמען;
צום ערשטן איך באמערק,
און ווי כ׳דערזע עס נאָר,
אף אלע איבעריקע
איך פארגעס צו קוקן...

א שטערנדל א קליינס
זאָל קאָנען אָנפילן דאָס הארץ
מער פון א גאנצן הימל שטערן?!

## כאדגאדיע

פאר ריווקע רובין

א ציגעלע — כאדגאדיע,
א צארטס און ווײַס, ווי קרײַד.
דאָס שטערנדל — אָן הערנער,
דאָס בערדעלע — פון זײַד...

איר אויסגיין זאָלט מעדינעס
און זוכן טאָג און נאכט,
וועט איר דאָך ניט געפינען
אזא־אָ העלע פראכט!

דער טאטע האָט געקויפט עס
אין מארק פאר גילדנס צוויי,
א ליכטיקע מעציע,
וואָס מעקעט אפן היי...

אוועק איז דאָך א שכיטע!
און פרעגט: פארווען? פארוואָס?
א נעפעש, וואָס געוווּסט האָט
נאָר קרײַטעכצער און גראָז,

געוואָרן איז דער אָנהייב,
נאָך וועלכן ס׳איז אוועק
א קייט פון ווילדסטן אויסראָט,
א טשאטע אומקום־טעג:

דער קאָטער האָט געפרעסן,
דאָס פײַער האָט געברענט,
דאָס וואסער האָט פארטרונקען,
דער שויכעט האָט פארלענדט,

דער מאלכאמאָוועס גופע
איז אויך ארײַן אין קאָן
(ניט יענעם בלויז געהאָלפן,
אליין האָט ער געטאָן...)

פונוואנען אזא רוגזע,
אזויפיל האס און גאל?
אָ, ציגעלע צעריסנס
פון קאָטער לעבן שטאל,

צי ווייסטו, אז דער מאבל
פון רישעס און פון בייז,
ווו דו ביסט נאָר דער קאָרבן,
גאָר אף דײַן נאָמען הייסט?..

אָ, ציגעלע — כאדגאדיע,
לאָז הערן דײַן באשייד:
פאר יעטווידן מעכאבל
זײַן אונטערגאנג איז גרייט,

און מעג ער איצטער מאָרדן,
ער׳ט אומקומען אלציינס!
כאדגאדיע איז א קאָרבן,
כאדגאדיע איז די טרייסט...

## א לעוואָנע־נאַכט

צווישן דעם צעקראַכענעם אַף שטיקער ווײַסל
העננט דאָס געלכל גאַנץ און שטײַף.
און איך האָב ניט געזען דאָך גאָר קיין איי,
פונוואַנען איז עס אַלץ געקומען?

די בלויע שיסל אומגעקערט איז מיטן מויל אראָפּ,
און דאָך אַלץ האַלט זיך, גאָרנישט פאַלט ארויס —
דער צווייטער װוּנדער, וואָס מיך פּלעפט,
איז מערקווירדיקער נאָך פון ערשטן.

אָ, זע: די שטיקער ווײַסל האָבן זיך צונויפגעשמעלצט,
זע־זע: דאָס גאַנצע ווידער איז אַף שטיקער זיך צעפאַלן,
נאָר בלויז דאָס געלכל איז, ווי פריִער, גאַנץ און שטײַף;
צי דען איז עס דאָס שטאַנדהאַפטיקע, וואָס אין לעבן?

און סוידעסדיקער ווערט דאָס גרויסע איי — די וועלט, —
וואָס כ׳האָב עס קיינמאָל, קיינמאָל ניט געזען אינגאַנצן
און וואָס אצינד, איך גלייב, זײַן אינגעווייד איך זע —
זײַן געלכל, וואָס איז שטײַף; זײַן ווײַסל, וואָס זיך ענדערט...

איך שטיי און קוק, און קוק... צערונען ווערט די נאַכט,
א פלאַקער שפּאַרט ארויס, ס׳ווערט ראָז די בלויע שיסל.
כ׳באַטראַכט אַלץ פונדאָסניי, און איך דערזע שוין: ס׳הענגט
דאָס געלכל פון באַנאַכט — א שטיקל ווײַסע שאָלעכץ...

• • •

װ אָ ס  איז דער פעלדז?
איז ער דורכויס ניט מער ווי לײַב?
איז דען ניטאָ אין אים קיין פּיצל גײַסט?
ווי קאָן עס זײַן, אזא שטיק אייביקייט
זאָל זײַן אָן לעבן?

איך שטיי בא אים,
זײַן הארטן גליווער איך באַטאַפּ,
און מיטאַמאָל ווערט מײַנע פינגער קלאָר אזוינס,
וואָס קיינמאָל ניט באגריפן האָט מײַן מויעך:

וואָס לײַב? ווען גײַסט?
ס׳קאָן רויק זײַן גוף,
און שטיין קאָן זײַן נעשאָמע...

## מענטש קעגן דער זון

ווי זאָל מען אזוינס פאַרשטיין?
ווי א גרויסע שיסל ביסטו קליין —
און אזויפיל היץ, אזויפיל שײַן!
איז עס מעגלעך דען? ווי קאָן עס זײַן?

פון מײַן קינדהײַט אָן איך זע דײַן גאַנג.
זינט כ׳געדענק זיך, טוט מיר שטענדיק באַנק,
וואָס איך קאָן ניט אָנקוקן דיך גראָד
און די גרעסטע קלאָרקײַט בלײַבט א העלער סאָד...

אין א גרויסן וואָלקן ביסט אריַין.
פון די זײַטן זײַנע פינגערט זיך דײַן שײַן.
און אז וועסט ארויס באַלד פונעם גרויען ציך,
וועסטו כאַטש באמערקן מיך?

## לעבן

איין מאָל געפונען און צוויי מאָל פארלאָרן,
און דאָס געפינס איז צונישט ניט געוואָרן.

ווער קאָן דען וויסן דעם גאנג פונעם צופאַל?
ווער מעג אים טרײַבן און ווער טאָר אים רופן?

אַלצדינג אין לעבן מיט עפּעס זיך קייטלט;
זוימען — נאָך פּיירעס, און פּיירעס — נאָך
קוויטן.

ווער פון זיי ציל איז און ווער איז בלויז מיטל?
וווּ איז דער אָנהייב, דער סאָף און דער מיטן?..

איין מאָל געפונען און צען מאָל פארלאָרן,
און דאָס געפינס איז מער וואָר נאָך געוואָרן.

ווי קומט אזא ווונדער? ווי קאָן גאָר געשען עס,
אַן עמעס — א ליגנער זאָל נערן דעם עמעס

און ס׳זאָלן די הונדערטער, הונדערטער ענדן
ניט קאָנען אַן איינציקן אָנהייב פארלענדן?..

איין מאָל געפונען, קעסיידער פארלאָרן;
טויזנטער סאָפן באזיגט א י י ן געבאָרן.

## אַן אַלטער ניגון

אַן אַלטן ניגון האָט געבראַכט דער ווינט.
האָב איך דערפילט זיך, ווי אמאָל, א קינד,
דערזען, וואָס שוין פארגעסן כ׳האָב געהאַט
אין יאָרן פון פארהאַוועטקייַט און נאַוונאַד.

דערזען זיך ווידעראַמאָל האָב איך דאָרט,
וווּ כ׳האָב ארויסגעבראַכט דאָס ערשטע וואָרט,
דאָרט, וווּ צום ערשטן מאָל איך האָב באמערקט,
אַז עס איז בלוי דער הימל, ברוין — די ערד...

אַן אַלטן ניגון האָט דער ווינט געבראַכט —
אַן אויסגעפײַפטן אין א קוימען באדערנאַכט.
ניטאָ איז מער דער קוימען!.. און דער ווינט
אים אין א ווינקעלע פון מײַן געדעכעניש געפינט...

וואָס טוט מען מיטן ניגון פון אמאָל,
וואָס קלינגט הײַנט ווי אַן איבערגעקרימט קאָל?
אַן אַלטער ניגון בא א יונגן ווינט...
איז צוצוהערן זיך צו אים דען ניט א זינד?

## מענטש

בין איך מער פון דעם, וואָס כ׳בין,
אָדער ווינציקער דערפון?
מעגלעך, ס׳איז מײַן גאַנצער זין,
וואָס עס ציט מיך צו דער זון...

כ׳בין אַן אויסטערליש געוויקס:
מײַנע וואָרצלען — אויף דער ערד.
אַלץ און אַלצדינג, וואָס כ׳געניס,
האָט מײַן אומרו מיר באשערט.

ניט נאָר זון און ניט נאָר ערד,
ניט נאָר וואַסער, שפּײַז און לופט!
כ׳דאַרף אַן אויער, וואָס מיך הערט,
און א שטימע, וואָס מיך רופט.

כ׳בין פיל מער פון דעם, וואָס כ׳בין,
צו דער וואָר א טרוים כ׳פארמאָג.
יעדן טאָג איך ז י ך געפין,
ז י ך א ל י י ן קוים איך דערטראָג...

# מילך

אזוי סטירעדיק די פערזן
אין דער לעבנסליד דער שווערער:
אַט א טאָג — א גוטע שורע,
אַט א נאכט — א שלעכטער גראם.
. . . . . . . . . . . .

אָוונטציַיט. פון פעלד זיך קערן
זאַטע קי מיט פולע איַיטערס;
דוכט זיך מיר: מיַין וויַיטע קינדהיַיט
קומט עס איצט צו מיר אין געסט...

אַלע קי — קיין האָר ניט עלטער,
דוכט, דאָס פאסטעכל — דער זעלבער;
מער ניט, אַלץ ארום איז אנדערש
און אויך איך בין שוין ניט דער...

מרוקען קי און שאָקלען גוידערס,
רינט די סלינע פון די מאָרדעס,
שמעקט מיט מיסט, מיט היי, מיט
בענקשאפט,
מיט פארציַיטיקייט פון ציַיט...

און פון טיַיך שטיַיגט אוף א נעפל,
טוט די טשערעדע פארפלייצן;
און די זעונג־וואָר־דערמאָנונג
ריזלט ווארעם, וויַיס און זיס...

# פרייד

א העלער פלעדערוויש
נעמט אויסווישן די ווינקעלעך פון הארץ.
עס קיצלט, קיצלט זיַין באריר,
אז ס׳ווילט זיך לאכן...

דער טרויער איז אן אַנוואלגער,
דער אומעט — שטויב;
און אז דאָס הארץ ווערט אויסגערייניקט,
ווילט זיך לאכן...

דער נודניק — דער זיקאָרן גיט ניט נאָך:
ער בריַי׳ט א מיַיסע,
אז געוועזן עס איז אמאָל פארדראָס.
עס ווילט זיך ל א כ ן ! . .

# וואלד

די גרינע טונקלקיַיט
איז פול מיט סוידעס,
דאָס פלאָפלען פונעםווינט
זאָגט גאָרנישט אויס.
אַט איז אַלץ שווארץ,
אַט ליַיכט זיך דורך,
אַט ווידער גרויט עס;
ס׳איז יעדע היים דאָ
בא דעם העפקער אינעם שויס...

דאָס לעבן איז געדיכטער דאָ —
פארשלאָפענער און וואכער.
די פלאַטערדיקע פרייד
ווערט פלוצעם דריקנדיקע שרעק.
ס׳איז יעדער שטארקער
קעגן עמעצן א שוואכער,
סע שטייט דאָ יעדערער
עמעץ אן אנדערן אין וועג...

און ס׳קלאפט דאָס ווילדע הארץ —
די הימלאָזע קוקאווקע.
זי אַלע גרויזאמקיַיטן
איבערציילן זיך פארמעסט:
„אין וואלד איז אַלץ צעלאָכעס,
אַלצדינג דאפקע,
דאפקע,
דאפקע,
דאפקע!
מע לייגט די אייער
אין א פרעמדער נעסט...“

# די פאלמע

האָב איך נאָכגעטאָן דער זון
און ארויסגעלאָזן בלעטער, פונקט ווי אירע
שטראַלן. אָן א שפור פון גאָלד דער טאָג...

אירע — רויט און מיַינע — גרין.

איז געקומען ווינטער, און דערזעען האָב איך:
עס איז מיַין מוסטער גאָלדענער פארפאַלן,
און אַליין געבליבן כ׳בין...

וואָרצלען מיַינע — אין א פעסל
סאמע פעטע, פרוכקע שווארצערד.
זעטיק, ווייך. נאָר נאָג און נאָג...
דאָך די ציַיט איז אַט א גרויע,
אַט א וויַיסע, אַט א שווארצע.

ווי זשע זאָל איך אין א וועלט, וואָס בענקט נאָך
ליכט,
שטיין מיט אזא זון־ענלעכן אויסזען
און ניט האָבן און ניט געבן שיַין?

זיַין א שטראַלנדיקע זון
געוועזן כ׳בין אויסן,
און איך מוז א גרינע נאָכקרימעניש זיַין...

יעכיעל פאליקמאן



# דער שווארצער ווינט

(ראָמאַן)

## IV. דורך פײַערדיקע רינגען. טשארנע געדענקט אלץ. א בערלינער מיט א רוסישער פאמיליע

1 דורך די שווערע וואָלקנס, וואָס זײַנען אָנגעשווומען פון דאָרעם און האָבן געזייט א רעגנדל, האָט זיך אויסגעשיילט דער קאיאָר. אונטער די וואָלקנס האָט דאָס הוכקען פון הארמאטן נאָענט אף מײַרעוו און גאנץ ווײַט אף צאָפן און דאָרעם־מיזרעך געקלונגען דומפּ, ווי פון א ריזיקער פאס.

פאר דער נאכט איז די אָפּטרעטנדיקע טיילן ניט געלונגען ווײַט אוועקגיין פון טשערעפּקאָווא. יעדנפאלס האָט דאניעל קרעמעזעס פאָלק, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן אין אריערגארד, זיך געשלאָגן סאכאקל א קילאָמעטער זיבן־אכט מיזרעך־צו פון דעם דאָזיקן דאָרף. דער פאָלק האָט פארצוימט דעם ארײַנגאנג אין א שמאָלן קאָרידאָר — דרײַ קימאט פאראלעלע סטעפּ־וועגן, וואָס זײַנען איצט שנעל פארבלאָטיקט געוואָרן. איבער אָט די וועגן זײַנען כוץ יאסענעווס דיוויזיע אָפּגעטראָטן אויך אייניקע אנדערע טיילן, וואָס דער סוינע האָט אָפּגעשטויסן אהער פון די פלאנגען.

ס'האָט זיך דערנעענטערט די צײַט, ווען דאניעל האָט געדארפט נעמען אָפּציִען אויך זײַן פאָלק פון דער פײַער־ליניע. דערווײַל אָבער האָט ער געגעבן א באפעל די סאפּיאָרן אָפּטאָן דאָס לעצטע רעכט די געפאלענע אין שלאכט.

ניט ווײַט פון וועג, אף א קוקורוזע־פעלד, בישכיינעס מיט א קאָלווירטישן סטאן, וואָס האָט נאָך אלץ געברענט, באם ראנד פון א סילאָס־גרוב איז דאניעל שווײַגנדיק געשטאנען און האָט צוגעקוקט, ווי די הארוגים ווערן אויסגעלייגט גוף צו גוף אפן נאסן צעמענטירטן דנאָ. צווישן די גימנאסטיאָרקעס און שינעלן האָבן זיך דורכגעוואָרפן ציווילע קליידער, — נעכטן זײַנען דאָ בײַגעשטאנען דעם סוינעס ערשטן קלאפּ פון צאָפן און אײַנגעהאלטן אָט די וועגן פארן צוריקמארש פון דער דיוויזיע גאָרטשאקאָווס באטאליאָן און דער טשערעפּקאָווער פארניכטונג־אָטריאד. דאניעל האָט באזונדערס אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעקוקט אין איין ווינקל פון דער גרוב. דאָרט זײַנען געלעגן דרײַ דערשאָסענע פרויען: די מוטער, וועלכע האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזן איר זון

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 10.

אין אָטריאַד, די באָבעשי (דאָס האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „האַ, דערלעבט?״) און דעם פּאַמ־פּאַכאַז פּאַטיוטשענקאָס ווײַב. טימאָפּיי פּאַטיוטשענקאָ און זײַן זון, דעמיאַן, זײַנען אויך געשטאַנען לעבן דער גרוב. דער זון האָט בלויז פֿון מאָל צו מאָל געשטאַרקט דעם טאַטן, בײַ וועלכן ס׳האָט אַ כריפּ זיך געריסן פֿון ברוסט: „געגנוג, באַטקאָ, געגנוג״... דאַניעל האָט דאָס געהערט און געשטיקט אין זיך אַ טיפֿן וויטעק: צי דען וועט מען באַלד ברענגען צו טראָגן אויך טשאַרנען און אוועקלייגן זי באַנאַנד מיט די דרײַ פֿרויען?

אין אַ דער שווערער מינוט זײַנען, קוואַציענדיק מיט די שטיוול אין ליימיקן צעווייקטן באָדן, צוגעקומען דער קאָמיסאַר פֿון דיוויזיע זאַגאָרויקאָ און דער קאָמאַנדיר פֿון טשערעפּקאָווער אָטריאַד. מע איז שווײַגנדיק געשטאַנען עטלעכע מינוט בײַ דער גרוב מיט די היטלען אין האַנט. דערנאָך האָט זאַגאָרויקאָ גענומען דאַניעלן אונטערן אָרעם, אַ רוף געטאָן דעם קאָמאַנדיר פֿון אָטריאַד און אָפּגעגאַנגען מיט זיי אַ צוואַנציק שפּאַן אין אַ זײַט.

— באַקענט זיך, מאַיאָר קרעמעז, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז דער קאָמיסאַר פֿון אײַער פּאָלק — דער עלטערער פּאָליטרוק וויכאָרעוו. ער האָט אַ צוויי צענדליק היגע מיט זיך, דעם רעשט פֿון דעם פֿאַרניכטונג־אָטריאַד, וועלכער האָט זיך דאָ געשלאָגן. שליסט זיי אײַן אין באַשטאַנד פֿון פּאָלק.

— מיר זײַנען קימאַט באַקאַנט, — האָט דאַניעל זיך אָפּגערופֿן און מאַשינעל אויסגעשטרעקט וויכאָרעוון די האַנט. אין דער זעלבער רגע, ווען ער האָט דערפֿילט דעם דרוק פֿון יענעמס פֿינגער, פֿײַכטע פֿון רעגן, און דערהערט די געוויינלעכע ווערטער, וועלכע וויכאָרעוו האָט אַרויסגעבראַכט מיט אַ מידער, הייזעריקלעכער שטים: „יאָ, קימאַט באַקאַנט״, האָבן בײַ דאַניעלן אין די אויערן אָפּגעקלונגען גאָר אַנדערע ווערטער: „דאָס איז אַלץ, וואָס איז געבליבן פֿון שוריקן״... ער האָט אָפּגעלאָזט וויכאָרעווס האַנט, ווי זי זאָל אים אַ ברי טאָן, און אויסמײַדנדיק צו קוקן אין יענעמס פּנים, אויסגעקערעוועט זיך ווידער צו דער גרוב: עס האָט געהילכט אַ ביקסן־סאַליוט. עטלעכע סאָלדאַטן האָבן מיט לאָפּעטעס אײַליק פֿאַרשאָטן דעם ברודער־קייווער. צוגיין אַהין אַ קוק טאָן, ווען מע האָט אין דער לעצטער מינוט אַראָפּגעלאָזט אין גרוב, האָט שוין קיין זין ניט געהאַט...

און אין צוויי טעג אַרום, פֿאַרנאַכטלעך, האָט דאַניעל אומדערוואַרט פּנים־על־פּנים זיך באַגעגנט מיט טשאַרנען.

געשען איז דאָס שוין אַ קילאָמעטער זיבעציק פֿון טשערעפּקאָוואָ. דאַניעלס פּאָלק, וועלכער האָט נאָך אַלץ זיך געפֿונען אין אַריערגאַרד פֿון די אָפּטרעטנדיקע קאָלאָנעס, האָט מיט גרויס מי, צוזאַמען מיט עטלעכע פּאָלקן פֿון די שכייניעסדיקע דיוויזיעס, קוים אײַנגעהאַלטן דעם סוינעס אָנשטורם אויף שנעל צוגעגרייטע צווישן־פּאָזיציעס. דער רעגן האָט אָט אויפֿגעהערט, אָט ווידער געגאָסן, גליטשיק געמאַכט די גריידער־וועגן, אַזוי אָנגעזאַפּט מיט פֿײַכטקייט די פֿעלדער, אַז אַלץ האָט דאָרט געהריזנעט. פֿאַר די סאָלדאַטן איז דאָס געווען אַ צוגאָב צו די צאָרעס. אויסגעוואַדזגעטע אין ליים און שוואַרצערד, נאַסע אַף דורך־און־דורך, פֿאַרמאַטערטע, ניט קיין אויסגעשלאָפֿענע, האָבן דאַניעל און זײַן קאָמיסאַר זיך אַרומגעטראָגן צווישן די פֿאַרצוימונגס־גרופּעס און אָפּט אַליין אויך אַרײַנגעטראָטן אין שלאַכט.

נאָר אָט האָט די דײַטשן זיך אײַנגעגעבן נאָך אַ מאַסירטן לופֿט־אָנפֿאַל מיט דער הילף פֿון עטלעכע לײַכטע טאַנקען איבערהאַקן די וועגן, וואָס האָבן געפֿירט אַף מיזרעך. אַ היפּשער טייל פֿונעם אָפּטרעטנדיקן מיליטער, דערין אויך יאַסענעווס גאַנצע דיוויזיע, איז אין הוילן סטעפּ געבליבן אין אַרומרינגלונג. בלויז צוויי ניט קיין גרויסע דערפֿער זײַנען אײַנגעהאַלטן געוואָרן. איינס — אַף מײַרעוו, ווו ס׳האָט זיך געשלאָגן דער אַריערגאַרד, און איינס — אַף מיזרעך.

ווי נאָר ס׳איז ליקווידירט געוואָרן די פּאַניק, וואָס איז אומפֿאַרמײַדלעך אין אַזאַ לאַגע, ווי נאָר ס׳איז אויסגעקלאָרט געוואָרן די סיטואַציע און דאָס אָפּגעשניטענע מיליטער האָט פֿאַרנומען אַ קרײַז־שוץ, האָט דער גענעראַל יאַסענעוו באַפֿוילן די קאָמאַנדירן און קאָמיסאַרן פֿון אַלע טיילן קומען צו אים אַף אַ באַראַטונג. און דעמלט טאַקע, אײַלנדיק צום גענעראַל, האָט דאַניעל זיך באַגעגנט מיט טשאַרנען.

וויכאָרעוו, וועלכער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אָפֿן מאָטאָציקל הינטער דאַניעלס פּלייצעס, האָט מיטאַמאָל אַ בעט געטאָן:

— שטעל זיך נאָר אָפּ אַף אַ מינוטקעלע, מאַיאָר, אָן־אָ איז מײַן ווײַב!

ער האָט באַוויזן אַף אַ מאַזשאַרע, וואָס איז פֿאַרפֿאָרן אין גערשטן, אַ פֿופֿציק שפּאַן פֿון וועג. דאָרט איז צו זען געווען נאָך עטלעכע פֿורלעך מיט פּלייטים. דאַניעל האָט פֿאַרקערעוועט אַהין און דערבײַ מיט וויטעק אַ טראַכט געטאָן, אַז אַף יענער מאַזשאַרע איז געפֿאָרן טשאַרנע.

אַ קרום ייִנגל האָט מיט דער פֿושעלע מעווייניש געקלאַפּט איבער די ספּיצעס פֿון די גרויסע

רעדער און פֿאַרײַנוועגס אַראָפּגערײַניקט פֿון זײ די בלאָטע. אױף דער מאַזשאַרע, צװישן שטרױ און פּעקלעך, איז געזעסן װיכאַרעװס װײַב, די שאַל אַרופֿגעװאָרפֿן אױפֿן קאָפּ. איר רונד געזיכט איז געװען בלאַס און צוגעשװאָלן, די בלױע, אָפּגעשטעלטע, קימאַט זינלאָזע אױגן האָבן פֿיבערדיק געגלאַנצט. אײן עק פֿון דער מאַזשאַרע איז, צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט, געלעגן אַ מײדעלע מיט אַ כאַראַקטעריש פֿאַרשפּיצט, פֿאַרגעלט פּענעמל, װי געװײנלעך בײַ פֿאַרװוּנדעטע אָדער קראַנקע, — דאָס איז געװען אײנס פֿון די צװײ שװעסטערלעך, װעלכע דאַניִעל האָט געזען אין טשערעפּקאָװע, בײס ער איז לױט דער ביטע פֿונעם ייִנגל פֿון פֿאַרניכטונג־אָטריאַד געקומען אײַנרעדן זײַן מאַמע זיך עװאַקויִרן.

— נו, װי האַלט עס? — האָט װיכאַרעװ געפֿרעגט עפּעס אײנציַיטיק אי בײַם ייִנגל מיט דער פּושעלע, אי בײַם װײַב, אי בײַם מײדעלע, צו װעלכער זי איז געזעסן מיט דער פּלײצע. — װי פֿילט איר זיך?

— נעם מיך צו פֿונדאַנען, — האָט כמורנע זיך אָנגערופֿן װיכאַרעװע און באַלד שױן מיט אַ היסטערישן כליפּ איבערגעכאַפּט: — נעם מיך צו פֿונדאַנען, איליושע, װוּהין דו װילסט, זעץ מיך אַריבער אױף אַן אַנדער פֿור — איך קאָן דאָ מער ניט פֿאָרן! די מײדעלעך װײנען נאָך דער מאַמען, און שוריק שװײַגט.... װען ער זאָל בעסער נאָך מיר װײנען אַזױ...

— נו, װאָס רעדסטו? — האָט צאַרט זי אַ שטראָף געטאָן װיכאַרעװ און גענומען פֿאַריכטן איר די צעטריפּעטע לאַנגע צעפּ, װעלכע זײַנען געהאַנגען פֿון אונטער דער שאַל. — װאָלסט זיך פֿאַרקעמט, מאַריקע... צונעמען קאָן איך דיך אין ערגעץ ניט, װײסט דאָך, דאָ איז אַלעמען שװער, מע דאַרף שװײַגן.

דאָס קרומע ייִנגל איז צוגעגאַנגען צו דאַניִעלן, באַטראַכט דעם מאָטאָציקל, אױף װעלכן ער איז געזעסן. נאָך װיכאַרעװס לעצטע װערטער האָט ער באַמערקט:

— אַזױ די גאַנצע צײַט — ערגעץ װיל זי אַנטלױפֿן, מאַריאַ אַנטאָנאָװנאַ, רעדט און רעדט... װיפֿל די צװײטע, װעלכע פֿאָרט דאָ, טײַנעט מיט איר ניט אײַן, העלפֿט עס װײניק. קלאָגן קלאָגט זי שױן דאָפּקע ניט אַזױ, װי פֿריִער, נאָר די מײדעלעך טרײַבט זי פֿון זיך, און יענע, די צװײטע, האָט צו טאָן אי מיט איר, אי מיט זײ... יאָגן די פֿערד שנעלער קאָן מען אױך ניט — די קלײנע שרײַט.

דאַניִעל האָט זיך אינגאַנצן אָנגעשטרענגט: „אַ צװײטע?“ ער האָט אָבער מורא געהאַט, די פֿרײד זאָל ניט זײַן קײן אומזיסטע, און געפֿרעגט דאָס, װאָס ער האָט פֿון אָנהײב געװאָלט פֿרעגן, װען ער האָט דערקענט דאָס מײדעלע:

— אַ דאָקטער האָט זי באַטראַכט, די קלײנע?

— יאָ, אײַערער, אַ מיליטערישער. די װוּנד אין פּיסל איז אױף דורך־און־דורך. אַזױנס, זאָגט ער, פֿאַרהײלט זיך שנעלער.

דאָס מײדעלע אױף דער מאַזשאַרע האָט אױסגעקערעװעט דאָס פֿאַרשמאַכטע פּענעמל צו דאַניִעלן, זי האָט אופֿמערקזאַם זיך צוגעהערט, װאָס מע רעדט װעגן איר. מיטאַמאָל האָט זי שװאַך אַ הײב געטאָן אַ הענטל און ניט הױך געזאָגט:

— אָ, זײ קערן זיך שױן אום!

דאָס ייִנגל האָט זיך אומגעקוקט און אַ טיצע געטאָן מיט דער פּושעלע צום װעג־צו:

— יאָ, אונדזערע גײען. מע טראָגט זשענקען אַ רעפּוע.

פֿון װעג האָט אין גערשטן פֿאַרקערעװעט טשאַרנע, אױף די הענט האָט זי געהאַלטן אַ מײדעלע פֿון אַ יאָר פֿינף — יענע קוטשעראַװינקע, װאָס האָט זיך געבעטן: „מאַמע, לאָמיר אַװעקפֿאָרן“. דאָס רױטע טיכל איז אױף אַ דאָרפֿישן שטײגער געװען פֿאַרבונדן אונטער דער קין, אָבער דאָס שװאַרצע זשאַקעטל און פּונקט אַזאַ שװאַרץ, שמאָל קלײדל האָבן איר צוגעגעבן אַ שטאָטישן אױסזען, אײַנגעצױגן איר עטװאָס פֿולן, אָבער נאָך גענוג שלאַנקן גוף. איר פּנים איז געװען פֿאַרברױנט, דאָך האָט מען אַפֿילע פֿונדערװײַטנס געזען, װי שײן און דין ס'איז געצײכנט. זי האָט זיך געװיגט אין גאַנג — ניט גרינג איז מיט אַ קינד אױף די הענט גײן אין טװוּע. נאָר אָט האָט זי זיך װי אַ פֿאַרטשעפּע געטאָן און איז שטײן געבליבן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס מײדעלע אין גערשטן, און ס'איז אַװעקגעלאָפֿן צום שװעסטערל, קאָסיענדיק די אײגלעך אױף דאַניִעלן, װעלכן זי האָט, װײַזט אױס, דערקענט. טשאַרנע האָט אַװדאי אַ מינוט זיך ניט גערירט פֿון אָרט, דערנאָך האָט זי מיט ניט קײן פֿעסטע טריט זיך גענומען דערנעענטערן. דאַניִעל איז אַראָפּ פֿון מאָטאָציקל און געמאַכט עטלעכע שפּאַן טשאַרנען אַנטקעגן.

— קרעמעז? — האָט זי ניט זיכער אַרױסגערעדט. און באַלד מיט פֿרײד: — דאַניל!

איר קאָל האָט אַ קלונג געטאָן שטאַרק היימיש, „דאַניל“ — אַזױ האָט מען אים גערופֿן אַמאָל־אַמאָל, נאָך אין דער יוגנט. די מאַמע, אײגנטלעך, רופֿט אים איצט אױך אַזױ. די

גאנצע אָפּגעפּרעמדטקייַט, וואָס האָט זיך אין מעשעך פון יאָרן אָנגעהויפּט צווישן אים און טשארנען, איז מיטאמאָל ווי אָפּגעמעקט געוואָרן.

נאָר טשארנע האָט זיך אָפּגעשטעלט, א קוק געטאָן אף אים אי פריידיק־איבעראשט, אי שול־דיק, אי װארטנדיק, און ער האָט אויך געצוימט די טריט.

— דאניִעלקע... אזא באגעגעניש! — האָט זי פארלוירן ארויסגערעדט, און ניט אָט די ווער־טער, נאָר טאקע דאָס, וויִאזוי זיי זייַנען ארויסגעבראכט געוואָרן, האָט אים אויסגעניכטערט. אין א רעגע ארום האָט מען זיך געגעבן די הענט, אָבער שוין צוריקגעהאלטן, און דערבייַ האָבן ביידע גוט פארשטאנען, וואָס אָט די צוריקגעהאלטנקייַט באטייַט.

וויכאָרעוו און דאָס קרומע ייִנגל האָבן מיט נייַגער צוגעקוקט די באגעגעניש, מאריִא אנטאָ־נאָוונא האָט אויך אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ.

— ווער ביסטו דאָ? — האָט טשארנע געפרעגט, באקוקנדיק דאניִעלן מיט שטאָלץ און אויך מיט יענעם מין כידעש, וואָס פרייט א מאנצבל, אומאָפּהענגיק פון אלץ.

— איך פיר אָן מיט א פּאָלק.

— אזוי? — אין אירע שווארצע אויגן מיט די העלע ווייַסלען, פונקט אזעלכע, ווי אמאָל, אפילע מיט די זעלבע טונקל־גאָלדיקע פונקען אין דער טיף, האָט אופגעלויכטן א האָפענונג, די האָפענונג פון א מענטשן, וועלכער לאָזט שוין לאנג ניט, די פארצווייפלונג זאָל אים בייַקומען, און האָט זיך, ענדלעך, דערוואַרט אפּן נעס, וועגן וועלכן ער האָט מעטושטעשע געטרוימט.

— און ווי קומסטו אהער, טשארוסיע? — ער האָט ארויסגעבראכט איר נאָמען ניט אזוי, ווי ער וואָלט דארפן, ווי ער וואָלט אפילע וועלן, ער האָט אָבער אנדערש ניט געקענט, און טאקע מאכמעס דעם איז די באגעגעניש אים ווידער אף א באזונדער מין אויפן טייַער געוואָרן. בא טשארנען האָבן דאנקבאר און צארט א גלאנץ געטאָן די אויגן, ווען ער האָט זי אָנגערופן, ווי אמאָל, זי האָט אָבער באלד טרויעריק א שמייכל געטאָן, און דאניִעל האָט פארשטאנען — דער טרויער קומט ניט נאָר פון דעם, וואָס זי האָט אים צו דערציילן, ווייַל, ערשטנס, קאָן מען דאָס מיסטאמע מיט עטלעכע ווערטער ניט דערקלערן, און צווייטנס, איז אלץ אָן און פאר זיך קלאָר — מילכאָמע. דער טרויער האָט געוויס מער פון אלץ געהאט א שייַכעס צו דעם, וואָס איז אין דער רעגע געווען איקערדיקער אי פאר טשארנען, אי פאר אים: א שטיק לעבן איז ליגן געבליבן צווישן זיי ביידן, ווי א טייַך, וואָס צעשיידט צוויי ברעגן און צעשיידט זיי אף שטענדיק...

— א סאך צו דערציילן, דאניל... פאָרסט ערגעץ, אייַלסט זיך?

— דעם עמעס געזאָגט — יאָ, מיר אייַלן אף א באראטונג, — האָט ער מיט א קער פון קאָפּ אָנגעוויזן אף וויכאָרעוון.

— האַ! — טשארנע האָט עס געזאָגט אזוי, ווי זי זאָל פון פאָרויס געוועץ וויסן, אז, ווען ניט די באראטונג, וואָלט ער אלציינס זיך געייַלט, ווייַל אויך ער, פונקט ווי זי, דארף קומען צו־זיך נאָך אָט דער באגעגעניש. — מירן זיך נאָך זען... פאָרסט דאָך ניט ווייַט?

— ניין, ניט ווייַט. — בא זיך האָט ער ביטער א טראכט געטאָן: „ווייַט איז דאָ ניטאָ וווהין צו פאָרן". טשארנע האָט אָבער געקאָנט באמערקן זייַן פארלעגנהייַט. איז קעדיי זי זאָל עס ניט פארשטיין קרום און אויך וועגן דעם עמעס זיך ניט אָנשטויסן, האָט ער צוגעגעבן ווי ווייַט מעגלעך װארעם: — איך וועל דיך אָפּזוכן, ווי נאָר עס וועט זיך מאכן א פרייַע שאָ. — און שוין גאָר מיט אָן אופגעלייגטן שמייכל: — כוץ דעם, איז דאָך דייַן אדרעס א ביז גאָר פינקטלעכער — דו פאָרסט מיט מייַן קאָמיסארס ווייַב און מיט אונדזער פּאָמפּאָכאָזס ייִנגל אף איין מאזשארע, פארלירן דיך קאָן איך שוין ניט...

זי האָט זיך אויך צעשמייכלט, א קאפּעלע לינדער, אָבער דאָך טרויעריק.

ווען דער מאָטאָציקל האָט טאראכקענדיק זיך ארויסגעריסן אפּן וועג, האָט דאניִעל אויסגעקערע־וועט דאָס פּאָנעם צו וויכאָרעוון, באוויזן אים מיט דער האנט, ער זאָל זיך צובייגן, און אויסגעשריגן:

— מיר האָבן אמאָל געוווינט א שטוב בא א שטוב, פארשטייסט? געלערנט זיך צוזאמען... ניט געזען זיך א שאָק מיט יאָרן. גיי ווייס, אז זי פאָרט דאָ!

וויכאָרעוו האָט, א פארטיפטער אין אייגענע זאָרגן, צוריקגעהאלטן א קנייטש געגעבן מיט די אקסל:

— אלץ קאָן זיך מאכן...

## 2

אף דער באראטונג האָבן זיך די קאָמאנדירן געזאמלט אין קאָלווירטישן דרעש־שייַער, אָן א זייַט פונעם דאָרף, וואָס די אָפּגעשניטענע טיילן האָבן אייַנגעהאלטן אף מיזרעך. דאניִעל און וויכאָרעוו האָבן, ווי נאָר דער מאָטאָציקל האָט פארקערעוועט פון שליאך צום שייַער, אָנגעיאָגט דעם גענעראל יאסענעוו און דעם קאָמיסאר זאגאָרויקאָ, וועלכע זייַנען גע־גאנגען אהין צופוס.

ליִנקס פון וועג האָט זיך אַריַינגעשניטן אין אַ קוקורוזע־פּעלד אַן אָפּגעזונדערטער הויף — אַ היפּשע פּויערשע שטוב, עטלעכע שטאַלן, אַ סאַד. דאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט דער מעדסאַנ־באַט — פאַרשטויבטע אויטאָבוסן מיט רויטע קרייצן האָבן זיך געזען צווישן די ביימער, פאַר־וואונדעטע זיַינען געלעגן אין גראָז, אומגעבלאָנקעט אין סאַד.

דערלאַגט דעם קאָמדיוו און דעם קאָמיסאַר, זיַינען דאַניעל און וויכאַרעוו אַראָפּ פון מאָטאָ־ציקל און, אונטערשטופּנדיק אים מיט די הענט, אַוועק באַנאַנד מיט זיי. פון הויף זיַינען אַרויס צוויי סאַניטאַרן מיט אַ טראָגבעטל, אויף וועלכן עמעצער איז געלעגן איבערגעדעקט מיט אַ שינעל, און האָבן זיך געלאָזט צום קוקורוזע־פּעלד, ווו צוויי אַנדערע האָבן געגראָבן אַ גרוב.

יאַסענעוו האָט אָפּגעשטעלט די סאַניטאַרן:

— וועמען טראָגט איר?

— אַ סאָלדאַט, כאַווער גענעראַל־מאַיאָר, — האָט געענטפערט דער, וואָס איז געגאַנגען פון פאָרנט.

— מע קאָן אַפילו ניט וויסן, צי אַ סאָלדאַט, — האָט זיך אָנגערופן דער צווייטער — אַ ייִנ־גערער און, צו זען, אַ באַריידעוודיקער, אַ זשוואַווער, — קיין דאָקומענטן זיַינען בא אים ניט געווען. איינס איז קלאָר — ער איז אונדזערער, אַ מיליטערישער... איינער אַן אַנטריַיבער האָט מיט זיַין פורל זיך דורכגעשלאָגן צו אונדז, ער יאָגט נאָך די דיוויזיע אַזש פון טשערעפּקאָווער בריק, האָט ער אים ניט וויַיט פונדאַנען געפונען אין סטעפּ נאָך אַ זשיפּענדיקן — די פריצן האָבן אים צערעכט געמאַכט און אַרויסגעוואָרפן אַ געבונדענעם פאַר די ראָבן. די דאָקטוירים האָבן אים געפּרוווט ראַטעווען — שפּעט, ער איז אַפילו צו־זיך ניט געקומען.

— צערעכט געמאַכט? — האָט געפרעגט דער גענעראַל. — וואָס הייסט צערעכט געמאַכט?

די סאַניטאַרן האָבן זיך איבערגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט דאָס טראָגבעטל אויף דער ערד. יענער, דער באַריידעוודיקער, האָט, דאָס מאָל שוויַיגנדיק, אונטערגעהויבן אַ פּאָלע פון דער שינעל און אָפּגעדעקט דעם טויטן ביזן גאַרטל. זייער אַ יונג, אַ פאַרקוילט פּאָנעם, אויף וועלכן ס'איז פאַרשטיינערט אַן אויסדרוק פון פּיַין; יעדער מוסקול אויף דעם איז ווי אָנגעשטרענגט אין שטומען געשריי. אויף דער ברוסט איז מיט עטלעכע טיפע מעסער־שטעך געווען אויסגעשניטן אַ פינפעקיקער שטערן.

— אַ העלד, — האָט געזאָגט דער גענעראַל און אַראָפּגענומען דאָס היטל. דאָס זעלבע האָבן געטאָן אויך דאַניעל, וויכאַרעוו און זאַגאַרויקאָ. — מע דאַרף, אַז די גאַנצע דיוויזיע זאָל וויסן וועגן דעם... און יענער אַנטריַיבער, ווו איז ער, עפּשער אין סאַנבאַט?

דער סאַניטאַר האָט אָפּגעלאָזט די פּאָלע און ווידער שוין גאַנץ באַריידעוודיק דערקלערט:

— ניין, אַוועקגעפאָרן אָט־אָ ניט לאַנג זוכן זיַין פּאָלק. ער האָט געבראַכט אויך אַ צווייטן פאַרוואונדעטן, געפירט אים אַזש פון הינטער טשערעפּקאָוואַ, יענער וועט מיסטאָמע בלײַבן לעבן, קאָן מען זיך בא אים דערוויסן, ווער דער אַנטריַיבער איז.

ווען די סאַניטאַרן זיַינען אַוועק, האָט יאַסענעוו געזאָגט צו דאַניעלן:

— אויב דער אַנטריַיבער יאָגט זיך נאָך אונדז פון אַרום טשערעפּקאָוואַ, איז ער, מעגלעך, פון דיַין פּאָלק, מאַיאָר. אינטערעסאַנט. דורכגעשפּרונגען מיטן וועגעלע דורך אַלע קאָרדאָנען... דורכגעשפּרונגען... און דאָס איז אַ באַוויַיז, אַז דער טייל איז ניט גאָר געדיכט אָנגעשפּיגעוועט מיט דיַיטשן — אַזוינס איז אויך קעדיַי צו פאַרצייכענען. די אויסשפּירונג האָט שוין אַ פּאָר מאָל גע־מאַכט אויפמערקזאַם אויף דעם. קלאָר אויס, מאַיאָר, ווער דער אַנטריַיבער איז, און אויב דיַינער, איז שטעל אים צו צו אַ באַלוינונג... שטעל צו... דעם פאַרוואונדעטן פאַרגעס אויך ניט.

אין דרעש־שיַיער — אַ שטרויענער דאַך אויף סלופּעס — האָבן זיך פאַרזאַמלט שוין אַ מאַן דריַיסיק. מע איז האַלב געזעסן און האַלב געלעגן אין דער אויסגעמעלייצעטער שטרוי, און דער רעדאַקטאָר פון דער דיוויזיע־ציַיטונג, דער קאַפּיטאַן קוקאַרין, האָט, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט מיט אַ האַנט אין דעם פליגל פון אַ שניַיד־מאַשין, געלייענט עפּעס אין דער הייך פון אַ פּאַפּיר. דער דאָזיקער קוקאַרין, אַ קליינוווקסיקער, נאָר אַ ברייטביינערדיקער, מיט אַ צעקנייטשט, שטאַרק באַוועגלעך פּאָנעם, איז געווען דער ליבלינג פון דיוויזיע — שטענדיק האָבן זיך אַרום אים גע־זאַמלט מענטשן.

דערזען צוקומען דעם גענעראַל און זיַינע באַגלייטער, זיַינען די פאַרזאַמלטע אויפגעשטאַנען. קוקאַרין האָט מיטגעטיילט:

— מיר לייענען אַ מאָסקווער אַרטיקל, וואָס איז אויפגענומען געוואָרן דורך ראַדיאָ: „די אַוואַנטיוריסטישע טאַקטיק פון דער פאַשיסטישער פּעכאָטע“.

— אַהאַ, גוט, גוט... האָסט נאָך אַ סאַך צו לייענען?

— ניין, ניט קיין סאַך. דערלויבט ענדיקן?

— און באַ זיך אין צײַטונג ווײסטו דאָס אָפּדרוקן? — האָט יאַסענעוו כיטרע פאַרזשמורעט די אויגן.

— מע זעצט עס שוין.

— מײַלע, לײענען. מע דאַרף, אַז אַזאַ אַרטיקל זאָל יעדער אַלײן צעקײַען. אַלײן. דאָרט איז גוט געזאָגט געוואָרן וועגן די דײַטשישע קלינעס, וועגן סטראַשען מיט אַרומרינגלונג.

יאַסענעוו האָט שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן מעטאַלענעם בענקעלע פון דער שנײַד־מאַשין. זײַן פּנים האָט זיך ווײטעקדיק פאַרקרימט — די ווונד אין זײַט האָט זיך געלאָזט פילן. ער האָט אָפּגעשפּיליעט צוויי מיטלסטע קנעפּלעך פון זײַן אײַנגעצויגענעם קיטעל, נאָר טײקעף זיי צוריק פאַרשפּיליעט און, זיצנדיק אין ניט קײן באַקוועמער פּאָזע, געגומען עפּעס שרײַבן און מעקן אין זײַן נאָטיץ־ביכל. נאָך בײַס מע איז געגאַנגען אַהער, האָט ער פאַנאַנדערגעפרעגט דאַניעלן וועגן דעם צושטאַנד פון זײַנע באַטאַליאָנען, וועגן דער שטימונג פון די סאָלדאַטן, וועגן דער טעכניק, וואָס דער פּאָלק האָט פאַרהיט. איצט האָט דער גענעראַל אים צוגערופן און שטילערהייט, קעדיי ניט שטערן קוקאַרינען, ווידער דורכגעקאָנטראָלירט די ציפערן, וואָס ער האָט פאַרנאָטירט לויטן זיקאָרן, — אַלץ איז געווען פּינקטלעך. ער האָט צוגערופן אויך אַנדערע קאָמאַנדירן, שוין נאָך דעם, ווי קוקאַרין האָט געענדיקט לײענען, שטיל געשמועסט מיט יעדן אַ מינוט — צוויי. לענגער אַ ביסל האָבן ער און זאַגאַרויקאָ, וועלכער האָט זיך אויך אײַנגעמאָסטעט אויף דער שנײַד־מאַשין, פאַרהאַלטן די קאָמאַנדירן פון יענע טײלן, וואָס זײַנען אין וועג צוגעשטאַנען צו דער דיוויזיע.

דערנאָך האָט דער גענעראַל אײנקורצן דערציילט, ווי ס'איז די לאַגע.

איבערן גאַנצן פּלאַטאָ, פון שווארצן יאַם ביז דער מיטלשטרעמונג פון בוג, טרעט אָפּ דאָס סאָוועטישע מיליטער, קעגנשטעלנדיק זיך דעם סוינע. אין אָדעס און אָטשאַקאָוו איז געלאָזט געוואָרן אַ שטאַרקע שוץ מיטן ציל: שמידן וואָס מער פײַנטלעכע קרעפטן. די אָפּגעשניטענע גרופּע, איבער וועלכער ער, יאַסענעוו, נעמט די קאָמאַנדע, געפינט זיך אַן ערעך אַכציק קילאָמעטער פון בוג. אויב טאָן אַלץ מיט קאָפּ, קאָן אויך די דאָזיקע גרופּע צושמידן אַ היפּש ביסל פאַשיסטישע קויכעס, יעדנפאַלס, מער אין צאָל, איידער די אַרומגערינגלטע גרופּע גופא, דאָס וועט געבן אַ מעגלעכקײַט די טײלן, וואָס גײען איצט אַרויס צום בוג, שאַפן דאָרט, אינעם קלײַן בוג — אינגול, שטאַרקערע פּאָזיציעס. אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר ער האָט זיכערע ידיעס, אַז די אַריערגאַרדן פון די אָפּטרעטנדיקע טײלן וועלן עטלעכע טעג שיצן די פּאַראָמען אויפן בוג. דערי־בער איז די אויפגאַבע — אין מעשעך פון דרײַ, מאַקסימום פיר טעג דורכשלאָגן זיך צום טײַך, קעדיי אָרגאַניזירטערהייט אים פאַרסירן.

— אונדזער לאַגע איז אַן אויסערסט ערנסטע, אָבער ניט קײן האָפענונגסלאָזע... ניט קײן האָפענונגסלאָזע, — האָט יאַסענעוו באַטאָנט. — ווהין מירן ריכטן דעם קלאַפּ, וועט אָנגעוויזן ווערן שפּעטער — אין דעם שלאַכט־באַפעל.

אינגיכן נאָך דער באַראַטונג האָט קרעמעזעס פּאָלק באַקומען אַ באַפעל אַרויסרוקן זיך אין אַוואַנגאַרד. זײַן אָרט האָט פאַרנומען סאָווטשענקאָס פּאָלק, וועלכער איז היפּש אויסגעצערט גע־וואָרן, באַזונדערס פאַר די לעצטע עטלעכע טעג, ווען ער איז געגאַנגען אין דער שפּיץ פונעם אָפּטרעטנדיקן כאַיל, נאָך די דרײַ טאַנקען, וואָס זײַנען שוין איצט געווען צעשעדיקט.

אין דער געפּלאַנטער שלאַכט אויף אַרויסרײַסן זיך פון דעם סוינעס קלעם איז די שלאָג־קראַפט געווען אויך לעמעכאָווס פּאָלק, אין וועלכן מע האָט נעכטן און הײַנט, אין מאַרש, אַרײַנגעגאָסן עטלעכע פאַרניכטונג־אָטריאַדן און אַ פּאָלק פון אַ שכײנישער דיוויזיע, וועלכע איז צעשניטן געוואָרן אָפּצווײַען — אײן העלפט איז געבליבן פון יענער זײַט רינג, די צווייטע — דאָ. געשיצט האָט די שלאָג־גרופּע אַ העלפט אַרטילעריע פון די אָנדערהאַלבן דיוויזיעס און פון די אַנדערע טײלן, וואָס זײַנען געבליבן אין אַרומרינגלונג.

די גאַנצע איבערגרופּירונג איז פאַרענדיקט געוואָרן צו צוויי אַזייגער באַנאַכט. דאַניעלס פּאָלק האָט געמוזט פאַרלאָזן די אַריערגאַרד־פּאָזיציעס, דורכמאַכן אַ נײַן־צען קילאָמעטער פאַר־סירטן מאַרש אין רעגן און ווינט, וואָס האָט געקילט די פאַרשוויצטע סאָלדאַטישע לײַבער. צו דער באַשטימטער צײַט האָט מען אין דער שטאָקפינצטערניש זיך אויסגעשטעלט אין דער נײַ־טיקער שלאַכט־אָרדענונג. און דערוויַיל האָט ראַזשעפּקין מיט זײַנע אויסשפּירער שוין געהאַט אויסגעפּויזעט און אַרומגעטאַפּט דעם סוינעס ניט גאָר אויסגעפּורעמטע פאָדערשטע ליניע, פאַרצייכנט עטלעכע קוילנוואַרפער־נעסטן, מינען־באַטארייען. מיט גענויערע ידיעס וועגן די טיפערע פּאָזיציעס דעם סוינעס האָט באַזאָרגט די אויסשפּירונג פון דער דיוויזיע.

דער קלאַפּ איז דערלאַנגט געוואָרן גראָד אין יענעם אָרט, וווּ דער סוינע האָט זיך געפילט זיכערער און, היסט עס, אַמווייניקסטן געקאָנט אים דערוואַרטן — היפּש דאָרעמדיקער פון דער ריכטונג, אין וועלכער די אַרומגערינגלטע טײלן זײַנען באַטאָג געגאַנגען. דאָרט, אין אַ פלאַכער

באַלקע, איז געווען אַ גרויס דאָרף. די אויסשפּירונג האָט מיטגעטיילט, אַז דאָס דאָרף איז אָנגעפּראָפּט מיט אווטאָמאַשינעס, רעזערוו־אַרטילעריע און אַנדערער טעכניק, וואָס נעמט ניט קיין דירעקטן אָנטייל אין די שלאַכטן אָדער ווערט דאָ רעמאָנטירט. פאַרשיידענע דײַטשישע און רומענישע קאָמאַנדעס (ס׳איז געווען צו מערקן אַ סאַך פעלד־קיכן) האָבן אין דאָרף זיך אָפּגעשטעלט אַף נאַכטלעג און געפילט זיך דאָרט, אַ ביסל אין אַ זײַט פון מיליטערישן טראַקט, ווי אין הינטערלאַנד. איבער אָט דעם דאָרף האָט יאַסענעוו באַשטימט צו דערלאַנגען דעם עמעסן קלאַפּ, ווײַל דאָ וועט זײַן פיל שטאַרקער די אַרויסגערופענע פּאַניק. באַם ערשטן שפּרונג פון די באַלקע־שיפּוּים וועט מען זיך פאַרטשעפּען אין דער עקסטער גאַס, דורכרײַסן זיך דורך דעם יִשעוו מיט דער גאַנצער קראַפט, אַרויס אין סטעפּ און ערשט דאָרט פאַרקערעווען אַף צאָפן, צום נייטיקן וועג. דערבײַ האָט דאָס פאַרכאַפּטע דאָרף געדאַרפט שיצן דעם געשאַפענעם קאָרידאָר ביז אײַנדערפרי, ביז אַלע טיילן וועלן זיך דורך אים אַרויסציִען פון קלעם.

גלײַכצײַטיק דערמיט איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אַ פּרוּוו דורכרײַסן זיך צאָפן־צו פונעם צענטראַלן וועג, און די טיילן, וואָס זײַנען געווען אויסערן רינג, האָבן אַף דעם דאָזיקן פלאַנג אויך אינספּירירט אַ הילף־אָפּעראַציע.

קאַיאָר איז דער גענעראַל יאַסענעוו איינער פון די לעצטע דורכגעפאָרן דורך דעם פאַרנורמענעם דאָרף. אינגיכן האָט ער אַף זײַן מאַשין, וואָס איז ביז אַרוף פאַרליאַפּעט געווען מיט ליים און בלאָטע, אָנגעיאָגט קרעמעזעס פּאָלק, וועלכער האָט זיך באַוועגט איבער דער סטערניע און אין דער אויסגעלייגטער טוווע פון ביידע זײַטן באַפרײַטן טראַקט, קעדיי דורכלאָזן פאָרויס די אָבאָז.

3

נעכטן, נאָך דער קאָמאַנדירן־באַראַטונג, האָט דאַניִעל, כאָטש ער האָט זיך שטאַרק געײַלט, פונדעסטוועגן פאַרקערעוועט אַף אַ ווײַלע אין מעדסאַנבאַט און דערוווּסט זיך, ווי מע רופט דעם אָנטרײַבער, וועלכער איז געקומען פון הינטער טשערעפּקאָווע. ערשט, דאָס איז געווען קאַראַטײַ. אַ שמועס טאָן מיטן צווייטן פאַרוווּנדעטן, וועלכן קאַראַטײַ האָט געבראַכט צו פירן פון הינטער דער פראָנט־ליניע, איז דאַניִעלן ניט געלונגען — יענער איז נאָך ניט געקומען צום באַוווּסטזײַן נאָך דער אָפּעראַציע. זײַן פאַמיליע איז געווען אַ קאַזאַכישע, ניט קיין באַקאַנטע, און דאַניִעל האָט זי, דעם עמעס געזאָגט, גלײַך פאַרגעסן. און ביכלאַל, ווי נאָר ער האָט זיך אומגעקערט אין פאָלק, האָט אַזוינס זיך פאַרקאָכט, אַז די דאָזיקע גאַנצע געשיכטע איז אים אַרויס פון קאָפּ.

דערמאָנט האָט ער זיך אין איר ווידער, ווען ער האָט דערזען קאַראַטײַען מיט זײַן וואָגן אין אָבאָז. דאַניִעל איז אַפן מאָטאָציקל, צוזאַמען מיט וויכאָרעוון, געפאָרן לענגאויס דעם פאָלק, וועלכער האָט זיך עטוואָס צעצויגן. זיי האָבן געזען, אַז די גאָר מידע און עלטערע סאָלדאַטן זאָלן אַרופגענומען ווערן אַף עטלעכע אווטאָמאַשינעס, וואָס מ׳האָט פאַרמאָגט, כאָטש זיי זײַנען געווען אַזוי אויך איבערגעלאָדן, אַף די אָבאָז־פורלעך און אַפילע אַף די לאַפעטן פון די האַרמאַטן, — די מענטשן האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס, און וועגן אָפּשטעלן זיך איצט אַפילע אַף אַ קורצן אָפּרו האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. קאָלזמאַן ס׳איז געווען אַ מעגלעכקײַט, האָט מען געדאַרפט גיין.

באַ קאַראַטײַען אַפן וואָגן, אַ געלאָדענעם מיט זעקלעך מעל אָדער גרויפּן, זײַנען אויבן, אַף אויסגעבעטעטער קאָניושינע, ווי־ניט־איז אײַנגעדעקט מיטן לעכערדיקן שטיקל ברעזענט, אונטער וועלכן ס׳איז געהאַט געלעגן טשאַרנע, אַרומגענומענערהייט געשלאָפן צוויי סאָלדאַטן. אַרומגענומען האָבן זיי זיך, קאָנטיק, צוליב דעם, קעדיי אין שלאָף ניט אַראָפּפאַלן פון דער הייך. קאַראַטײַ האָט געשפּאַנט לעבן וואָגן, האַלטנדיק די ווישקעס אין די הענט, און פון מאָל צו מאָל, ווען ס׳האָט זיך געטראָפן אַ גריבל אַפן וועג, אונטערגעשפּאַרט אים מיט אַן אַקסל און צוגעשמיסן די זאַטע פערד. דאַניִעל האָט, דורכטראַגנדיק זיך פאַרבײַ דעם אָנטרײַבער, אַ טראַכט געטאָן: „די פערד זײַנען דאַפקע באַ אים ניט אײַנגעפאַלן, פאַשע האָט זיי אומעטום געקלעקט, ער אַבער אַליין, קאַראַטײַ, זעט אויס כוישעך“.

געלאָזט וויכאָרעוון אַפן מאָטאָציקל אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע, האָט דאַניִעל זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אַף קאַראַטײַען באַם ראַנד וועג. און שוין וואַרטנדיק אַזוי, האָט ער געפילט, אַז עס וועקן זיך ווידער אויף אין אים די געדאַנקען וועגן טשאַרנען. קאַראַטײַ, זײַן וואָגן, דער לעכערדיקער ברעזענט — אַלץ האָט אָנגעווייעט אָט די געדאַנקען. נאָר פאַרטיפן זיך אין זיי האָט ער ניט געוואָלט, גיכער פון אַלץ, ווײַל ער האָט באַנומען: צו קיין אויספיר וועט ער אַלציינס ניט קומען.

קאַראַטײַ איז גאָר אינגיכן צוגעקומען, און דאַניִעל איז אַוועק מיט אים באַנאַנד. יאָ, דער אָנטרײַבער האָט טאַקע פאַר די לעצטע טעג היפּש זיך געענדערט. זײַן אַזוי אויך דאַר פּאָנעם איז ווי פאַרקוילט געוואָרן, די שמאָלבלעכע בלויע אויגן האָבן פיבערדיק־טרוקן געגלאַנצט. ער

איז געווען פריש געגאָלט, ניט גאָר אקוראט, אין אײַלעניש, און דאָס האָט ווי נאָך מער אונטער־געשטראָכן דאָס שווערע, דאָס ביטערע, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אין יעדן קנייטשעלע.

— דערמאָנט מיר, קאַראַטײַ, די פאַמיליע פון יענעם צווייטן פאַרווונדעטן, דעם קאַזאַך, וועלכן איר האָט געבראַכט צו ׳פירן, — האָט דאַניִעל געזאָגט, — די דאָקטוירים זײַנען קימאַט ווי זיכער, אַז ער וועט לעבן.

— אָך, וואָלט עס גוט געווען! — קאַראַטײַ האָט מיט א פאָך פון דער בײַטש א סטראַשע געטאָן דאָס פערדל פון רעכטס, ווײַזט אויס, ניט גאָר קיין פּלײַסיקס. און דאָ האָט זיך פונקט אָנגעהויבן א קליינער בארג־ארוף. — ביסעלבײַעוו הייסט ער, כאַווער מאַיאָר. עס האָט אים נאָך געהאַט פּריטשמעליעט, טויב געמאַכט א ביסל, אין אָנהייב פון דער טשערעפּקאָווער שלאַכט, נאָר ער איז ניט אוועק פון אָקאָפּ. און צום סאַמע סאָף, ווען מע האָט שוין פאַרלאָזט די פּאָזיציעס, האָט ער ערשט באַקומען א צוגאָב — א שפּליטער אין ברוסט. זעמליאַניצין האָט אים ארופגעזעצט צו מיר אַפן וואָגן, נאָך ביזן שפּליטער, און אַלץ אָנגעזאָגט: „היט אים, דעניס, ווי דו קענסט נאָר — דאָס איז א גוטער סאָלדאַט“. פונקט ווי מע קאָן אײַנהיטן...

— און מער זײַנען קיין פאַרווונדעטע ניט געווען?

— געווען, נאָר זיי האָט פריִער א ביסל אוועקגעפירט די אווטאָמאַשין מיטן פעלדשער, וואָס מע האָט געלאָזט דאָרטן, ווו מיר האָבן זיך געדאַרפט צונויפזאַמלען. עטלעכע געזונטע האָבן זיך אויך ארופגעכאַפּט. נאָר די מאַשין, האָב איך געהערט, איז ניטאָ. אזא מײַסע... און זעמליאַניצין מיט נאָך דרײַען זײַנען געבליבן וואַרטן אַף די, וואָס האָבן צו דער אײַנגעשטעלטער צײַט גע־דאַרפט קומען... אָך, איז דאָס א מענטש — אײַזן! און עס איז טאַקע געקומען נאָך איינער, מיט א „מאַקסים“ אַף די פּלייצעס — רוסלאַוו...

קאַראַטײַ האָט דערזען, אַז דאַניִעל האָט א קנייטש געטאָן דעם שטערן, ווי ער זאָל וועלן זיך עפּעס דערמאָנען, און צוגעגעבן:

— א ביסל א געשטופּלטער.

— איך געדענק.

— נו, אָט, און ווען מע האָט געגומען אײַנשטעלן דעם „מאַקסים“ אַף מײַן וועגעלע, ווי אַף א טאַטשאַנקע, האָט א מינע זיך צעריסן גאָר נאָענט און דער שפּליטער האָט געטראָפן ביסענ־בײַעוון.

קאַראַטײַ האָט א סמיקע געטאָן די ווישקעס, די פערד האָבן טייקעף שטאַרקער אָנגעצויגן די פּאַסטראָמקעס, דעריאָגט די פורלעך, פון וועלכע מע איז אָפּגעשטאַנען סאַכאַקל אַף עטלעכע מעטער, און ווידער גענומען שפּאַנען געלאַסן. די הינטערשטע פורן האָבן באַלד אויך זיך צו־געײַלט. אַף דער צווייטער העלפט וועג האָט געשפּאַנט פּעכאָטע. דאַניִעל האָט מיט אומרו א קוק געטאָן אַפן הימל, וואָס האָט זיך שוין גוט צעהעלט, — ווידער איז אָנגעקומען א הייסער זומער־דיקער טאָג. „קיין מינדסטן אינטערוואַל קאָן מען זיך ניט דערלויבן, — האָט ער געטראַכט, — מע טרעט אָן איינער דעם אנדערן אַף די פּיאַטעס, און וואָס קאָן מען טאָן נאָך?..“

קאַראַטײַ האָט, ווי אַנטשולדיקנדיק זיך, א קוק געטאָן אַף דאַניִעלן, ווען יענער האָט אים ווידער דעריאָגט, און פאַרגעזעצט דערציילן:

— געפירט האָט אונדז זעמליאַניצין, ווי די קעצעלעך. אַלץ מיט א זײַט, מיט א זײַט, און אײַלן זיך מוז מען דאָך אויך... קורץ געזעדט, די נעכט זײַנען געווען אונדזערע. וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן: די דײַטשן זײַנען אין טיל שרעקעוודיקער, איידער אַף די פּאָזיציעס. באַ־נאַכט זײַנען די וועגן ריין, און פאַר א שאָס האָבן די פּריצן מוירע, אַז די ניכפּע כאַפּט זיי. עס האָט אויך פּאַסירט, פאַרשטייט זיך, אַז מע האָט געמוזט לאָזן אין גאַנג דאָס געווער, דער „מאַק־סים“ האָט אונדז א פּאָר מאָל ארויסגעהאָלפן. נאָר אָט נעכטן קאַיאָר האָט מען אונדז באַמערקט פון א מאַשין, און טאַקע פאַרביסענע פּאַשיסטן: מע איז ארײַן אין דער קוקורוזע און — נאָך אונדז... פאַרן „מאַקסים“ זײַנען שוין קיין קוילן ניט געווען, און איך האָב אַפן פורל צוויי פאַרווונ־דעטע, יענעם, דעם צעשניטענעם, האָבן מיר נאָך פריִער געפונען. האָט זעמליאַניצין מיר געהייסן טרײַבן די פערד דורך א באַלקעלע, צווישן צוויי קלײנעס סאָנעשניקעס, און כעוורע איז געבליבן פאַרהאַלטן די דײַטשן. מע האָט דאָרט לאַנג געשאָסן, דערנאָך איז שטיל געוואָרן. איך וואַרט און וואַרט, איך פּאַר א ביסל און האַלט ווידער צו די פערד — ניטאָ... האָב איך שוין אַליין געמוזט זוכן א וועג ווי אײַך צו דעריאָגן.

קאַראַטײַ האָט מיטן בײַטש־שטעקל א קראַץ זיך געטאָן די וואָנציע, וווהין עס האָט פון א פערדישן טלאָ געטראָפן א שטיקעלע בלאָטע. ער האָט די בלאָטע בלויז צעשמירט איבער דער באַק און עס ניט דערפילט. דאַניִעל האָט געטראַכט, אַז אָט אזוי געשעט אמאָל: גראָד ניט דער סאַמע בראַווער כאַפּט זיך בעשאָלעם ארויס באַם טויט פון די ציינער.

— און ווי איז דאָרט ביכלאַל אין טיל? — האָט ער געפרעגט. — ווי לעבן די מענטשן?

קאַראַטײַ איז דער ערשטער געקומען פון די ערטער, וועלכע דאַניעל איז דורכגעגאַנגען מיט שלאַכטן.

דער אָנטרײַבער האָט אַ פיר געטאָן מיט די דאַרע אַקסלען, ווי עס זאָל אים דורכנעמען אַ ציטער.

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, כאַווער מאַיאָר? ער ווילדעוועט, דער פּאַשיסט. אָף גרויסער פּײַן האָבן מיר דאָרט איבערגעלאָזט די מענטשן, אָט וואָס איך וועל אײַך זאָגן. באַ פיל סאָלדאַטן זײַנען אָף יענער זײַט געבליבן די מישפּאָכעס, מײַנע אויך... ער קריוודעט שטאַרק אונדזערע מיידלעך, דער דײַטש. און די ווײַבלעך. מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל געהאַט אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פון דערפער, האָבן מיר געזען: ווו אַ יונגס, באַהאַלט זיך עס אויס אין סטעפּ, אין גריבער, אונטער די סקירדעס, ווי די סוסליקעס. נאָר וויפל וועט מען דאָרט קאָנען אַזוי זיצן?.. ער פירט שוין אַרויס דאָס גוטס, וואָס איז אין די קאָלווירטן געבליבן, ער שיסט אַקטיוויסטן און ביכלאַל אַלע, אָף וועמען מע ווײַזט אים אָן, — פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווײַזן אָן, אַ ניכפּע אָף זיי!.. נו, און אײַערע, — קאַראַטײַ האָט טריב אַ קוק געטאָן אָף דאַניעלן, — אײַערע, כאַווער מאַיאָר, איז דאָרט, מוז איך אײַך זאָגן, גאָר שלעכט. ווי מע טרײַבט זיי פון די דערפער אין די ראַיצענטערס מיט די פּיצלעך אָף די הענט, מיט די אַלטע לײַט, צופוס, הויל און בלויז, האָב איך אַליין געזען. דאָ אין סטעפּ זײַנען דאָך געווען אַ סאַך ייִדן ערדאַרבעטער. יאָגט ער זיי איצט פון זייערע היימען, היט־לער. איך האָב אַ ביסל צוגעפירט אָפן וואָגן אַן אַלטן פויער, ער איז געגאַנגען אַזש פון ליסטאָ־פּאַדעוווקע, אַ שטעטל אַזאַ, — ער איז געלעגן דאָרט, נאָך בײַס אונדזערע זײַנען געווען, אין שפּי־טאָל, איצט האָט מען אים אַרויסגעטריבן, — דערציילט ער, אַז אין ליסטאָפּאַדעוווקע האָט מען אַלע ייִדן, די דאָרפישע און די היגע, צונויפגעטריבן אין די גריבער באַם ציגל־זאַוואָד און מע האַלט זיי דאָרט, ווער ווייסט צוליב וואָס...

דאַניעל איז אָפּגעשטאַנען אַ טראָט פונעם אָנטרײַבער, אָנגעשפּאַרט זיך מיט איין האַנט אין דער לושניע פון דעם וואָגן און מיט דער צווייטער אַ רײַב זיך געטאָן די קין — שטענדיק, ווען ער נעמט זיך שטאַרק ערגערן, הייבט אָן צוקן דאָס אָרט, ווו ס'איז דער שראַם. קאַראַטײַ האָט זיך אומגעקוקט, עפּעס מיסטאַם באַמערקט און געזאָגט טרייסטנדיק־שטיל:

— וואָס קאָן מען טאָן, אַ מילכאָמע איז ניט גוט. און נאָך אַזאַ מילכאָמע... אײַער מישפּאָכע, מאַיאָר, איז געוויס אַרויסגעפאָרן אָף מיזרעך?

— ניין.

— ניין? אָך, אַ נעכ... באַ יענעם ווײַבל, וואָס איך האָב ביז טשערעפּקאָוואָ צוגעפירט, אַ פּײַנע אַזאַ, אָ, גאָר אַ פּײַנע, זײַנען אויך אַלע ערגעץ געבליבן שטעקן באַם דײַטש... ווײ, ווי זי עסט זיך דאָס אויף אַ לעבעדיקע!

„טשאַרנע, — האָט דאַניעל אַ טראַכט געטאָן, — ווער איז באַ איר געבליבן און ווו?" נאָר פרעגן באַ קאַראַטײַען האָט ער ניט געוואָלט. ס'איז ניט גוט געווען שוין דאָס אַליין, וואָס ער ווײַכט פון איר — ער האָט זיך דאָך געקאָנט אַליין אָנשטויסן וועגן איר אומגליק. מע וועט זי דאַרפן נאָך הײַנט אָפּזוכן, ערגעץ פאָרט זי אין צווייטן עשעלאָן פון דער דיוויזיע — וויכאָרעוו האָט געזען די מאַזשאַרע.

— זי איז דאָ צווישן די פּלייטים, יענע פרוי, — האָט ער געזאָגט, — אויב איר וועט זי באַגעגענען, קאַראַטײַ, דערציילט איר ניט וועגן ליסטאָפּאַדעוווקע...

דער אָנטרײַבער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אָף אים פאַרזאָרגט. אין דעם דאָזיקן בליק איז עפּעס געווען ניט קיין דערזאָגטס. און דאַניעל האָט עס אויסגעטײַטשט, אַז קאַראַטײַ האָט כאַ־ראַטע: „ניט גענדאַרפט אויך דיר עפּשער דערציילן אַזוינס?". דערפאַר האָט ער זיך אָנגעכמורעט און האַרבלעך געזאָגט:

— מיר זײַנען סאָלדאַטן, קאַראַטײַ, אונדז, אַז עס איז שווער, ווייסן מיר, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — קאַראַטײַ האָט זיך אויסגעקערעוועט צו די פערד, אַ דריי געטאָן מיטן הויך אויפגעהויבענעם בײַטש־שטעקל. — אַ ניכפּע אָף אײַך, נאָ־אָ!

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאַניעל שוין פאַרנומען געווען באַם אַרופפאָר אָף אַ ליימיק־פאַרבלאָטיקטן שיפּוי פון אַ בערגל, ווו אַ שווערע זעקסרעדערדיקע לאַסטמאַשין, צו וועלכער ס'איז געווען צוגעטשעפּעט אַ זעניטקע, האָט געבוקסעוועט און אַזויאַרום פאַרהאַמעוועט די באַוועג־גונג אָפן וועג. עטלעכע רויטאַרמייער, וועלכע דאַניעל האָט גערופן אַרויסהעלפן די זעניטלער (דער עקיפּאַזש פון האַרמאַט איז באַשטאַנען קימאַט דורכויס פון מיידלעך), האָבן פלײַסיק זיך גענומען צו דער אַרבעט, מיט ווערטלעך און כאָכמעס, ווי געוויינלעך אין דער אָנוועזנהײַט פון פרויען, נאָר דערבײַ אויך אַ ביסעלע געצוימט, ווײַל דער מאַיאָר, צו זען אַ בייזלעכער, איז דאָ געבליבן וואַרטן. צוערשט האָט מען אַרופגעשטופּט אָפן בערגל די מאַשין, פון וועלכער מע האָט

אָפּגעטשעפּעט דעם הארמאט. דערנאָך ארופֿגעקײַקלט דעם הארמאט גופֿע, נאָר דאָ האָבן שוין געבוקסעוועט אויך אנדערע מאשינעס, ווײַל איבער דעם געדראנג, וואָס האָט זיך דאָ געשאפֿן, האָבן זיי ניט געקאָנט ווי געהעריק זיך פֿאנאנדערלויפֿן. האָט מען זיי אויך געמוזט קימאט אַף די הענט ארופֿטראָגן אפֿן בערגל. דאניִעל, א פֿארליאפֿעטער ביזן האלדז, האָט מיטגעהאָלפֿן, אָפּט ארײַנגעטעסעט זיך מיט אן אקסל צווישן אָנגעשטרענגטע סאָלדאטישע פּלייצעס אין דער סאַמע מיט. קוקנדיק אן אײַנגעבויגענער אַף די רעדער, פֿון וועלכע שטיקער בלאָטע און ליים זײַנען אראָפּגעפֿאלן און נײַע האָבן באלד זיך צוגעקלעפּט, אײַנהערנדיק זיך אינעם שווערן, ניט רעגל־מעסיקן זשום פֿון די מאָטאָרן, אין די הייזעריקע און בייזע קוילעס פֿון פֿיל מענטשן, וואָס האָבן דאָ געהאוועט, האָט דאניִעל געטראכט זײַנס: „גריבער ארום א ציגל־זאוואָד... פּיצלעך קינדער, אלטע לײַט, מע איז הויל און בלויז, און קיינער ווייסט ניט, פֿארוואָס און צוליב וואָס מע געפֿינט זיך דאָרט... א סוינע, א שרעקלעכער סוינע, די וועלט האָט נאָך פֿון אזא ניט געוווּסט... ניין, זיגן וועט ער ניט, ס׳וואָלט געווען עק וועלט, און אויב עק וועלט איז אָפּהענגיק פֿון מענטשן, וועלן זיי עס ניט דערלאָזן!“

בוזולוק איז אָנגעפֿאָרן אַף זײַן שווארצן, דארן אָגער. ניט געקוקט דערויף, וואָס איין האנט איז בא אים געהאנגען אונטערגעבונדן אַף א מארליע־בענדל, איז ער לײַכט אראָפּגעשפּרונ־גען אַף דער ערד און, פֿירנדיק דאָס פֿערד פֿארן צײַמל, זיך געלאָזט צום קאָמאנדיר פֿון פּאָלק.

— פֿארוואָס רוט איר ניט אָפּ, קאפּיטאַן? — האָט דאניִעל שטרענג געפֿרעגט און א קוק געטאָן אפֿן זייגער. נאָר ס׳איז שוין טאקע געווען צײַט, בוזולוק זאָל אופֿשטיין: דאניִעל האָט אליין באשטימט די דאָזיקע שאָ, ווען ער האָט געהייסן בוזולוקן, ווי נאָר מע האָט געמיטן דאָס פֿארנומענע דאָרף, זיך צולייגן — דער נאטששטאב איז שוין צוויי מעסלעס געווען אויף.

— מײַן פּאָרציע בין איך אָפּגעשלאָפֿן, — האָט בוזולוק א שמייכל געטאָן און פֿון אונטער די שווארצע, ווילינגעריש פֿארדרייטע וואָנציעס האָבן א בלענד געטאָן צוויי שורעס ווײַסע ציין. — איצט האָט איר שוין קיין פֿארענטפֿערונג ניט, כאַווער מאַיאָר. גייט, איך האָב דאָרט אָנגעווארעמט פֿאר אײַך אן אָרט אין היי אונטער דער בויד...

דאניִעל האָט א זוך געטאָן מיט די אויגן די שטאב־מאשין, וואָס איבער איר קוזאָוו זײַנען געווען אָנגעצויגן צוויי צונויפֿגעשטוקעוועטע פֿלאשטש־פּאלאטקעס. „אָפּרוען דארף מען טאקע“, — האָט ער א טראכט געטאָן, כאָטש דער ווייטעק, וועלכן דער שמועס מיט קאראטײַען האָט ארויס־גערופֿן, וועט עפּשער ניט לאָזן אײַנשלאָפֿן.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — זײַט נאָך דאָ א ביסל, בוזולוק, און זעט, עס זאָל זיך קיין „פּראָבקע“ ניט שאפֿן. יאָ, נאָך א זאך, איך זאָל ניט פֿארגעסן: שטעלט צונויף בײַס דער ערשטער מעגלעכקײַט באלוינונגס־צעטלען אפֿן אָנטרײַבער פֿון דער נײַנטער ראָטע דעניס קאראטײַ און אפֿן סאָלדאט ביסענבײַעוו. טוט א קוק אין די צעטלען, ווי מע רופֿט אים. איך מיין — מעדאלן „פֿאר שלאכט־פֿארדינסטן“... דערווײַל בלויז זיי ביידן.

## 4

די מאשין האָט זיך באוועגט ניט שנעל, אונטערגעוואָרפֿן, ווען עס האָבן זיך אפֿן וועג געטראָפֿן גריבער אָדער שטיינער; דער אויסגעלאָשענער לאמטערן, וואָס איז געהאנגען אין א ווינקל פֿון דער בויד, האָט זיך געוויגט און געקלונגען אָט גאָר שטיל, ווי א קאָמאר וואָלט געזשומעט, אָט א ביסל העכער; דאָס צונויפֿגעלייגטע שטאב־טישל, אן ענלעכס אַף א דאטשקע, דער אראָפּגענומענער דעק פֿון אָט דעם טישל, דאָס גרויסע אײַזערנע קעסטל מיט דאָקומענטן, עפּעס א ווינער שטול, וואָס ס׳איז ניט קלאָר, צוליב וואָס מע שלעפּט אים איבער אלע פֿראָנט־וועגן, א שווערע רעזערוו־ראָד, — דאָס אלץ איז אונטערגעשפּרונגען אין היי בא די ווענטלעך פֿון קוזאָוו, גערוקט זיך צו דער מיט און געדראָעט אָט־אָט א פֿאל טאָן אַף דאניִעלן. פֿון וועג האָט זיך דערטראָגן דער הילך און ראש פֿון דעם זיך באוועגנדיקן מיליטער.

דאניִעל האָט צוגעשלאָסן די אויגן, נאָר קיין שלאָף האָט אים ניט גענומען. אין מידן מויעך האָט זיך געדרייט קאראטײַס געשיכטע און ארויסגערופֿן אָן א שיר פּײַנלעכע געדאנקען, וועלכע האָבן זיך ביסלעכווײַז אויסגעקלאָרט און זײַנען געפֿלאָסן, ווי צוויי באזונדערע שטראָמען. איינער: די פֿאשיסטן שאפֿן שוין מיסטאמע אין די פֿארנומענע שטעט און שטעטלעך געטאָס... געטאָס? נאָר וואָס קאָן דאָס זײַן פֿאר א געטאָ אין די ליים־גריבער? ס׳רעדט זיך נאָר אזוי, אין די גריבער, מיסטאמע געפֿינט מען זיך אין די שטאלן צי אונטער די אָפּדעכלעך, ווו מע טריקנט די ציגל... און עפּשער בארוִקט ער זיך בלויז אזוי? ער ווייסט דען ניט?.. אָבער אין פּוילן זײַנען געשאפֿן געוואָרן געטאָס, דאָס האָבן דערציילט די פּלייטים, וואָס זײַנען געלאָפֿן פֿון דאָרטן, און דער יונגער ווארשעווער דאָצענט מיטן ווײַב האָבן דערציילט אפֿילע וועגן אזא קלאנג: היטלער האָט זיך געקליבן אלע ייִדן פֿון פּוילן און פֿון אנדערע לענדער, וועלכע ער האָט פֿארכאפּט, ארויספֿירן אפֿן אינדזל מאדאגאסקאר, נאָר די פֿראנצויזישע רעגירונג, אפֿילע אָט די קאָלאבאָראציאָנישע

ווישי־רעגירונג, איז ניט אײַנגעגאנגען דערויף. שאפט מען איצט קליינע טפיסע־אינדזלען אין יעדער שטאָט און שטעטל... אין לוואָוו און אין מינסק זײַנען שוין אויך דאָ געטאָס אָדער זיי האַלטן בא געשאפן ווערן — דאָס האָט ער געהערט נאָך אין קיִעוו, דערציילט האָבן עס די געקומענע פון ארומרינגלונג. קאָן, הייסט עס, אין ליובאטש אויך זײַן א געטאָ און מע וועט אהין אריינוואַרפן די מאמע, דעם פעטער מיכל, די מומע סטערע, די געליימטע מומע סטערע, וועלכע איז אפילו ניט בעקויעך דורכטרײַבן א פליג, וואָס זעצט זיך איר אוועק אפן פּאָנעם... און עפשער, אויב נאטאשע און אָלגע וועלן זיך דערשלאָגן קיין ליובאטש, וועט מען זיי אויך פארשפּארן הינ־טער שטעכדראָט אלס זײַנס א קינד און זײַן ווײַב?..

דער צווייטער שטראָם געדאנקען איז געווען וועגן טשארנען. לאָזט זיך אויס, ס׳איז ניט עמעס — ער האָט זי ניט פארגעסן. אָט מוטשעט אים, וואָס זי געפינט זיך אין א שווערער לאגע. און בלויז דאָס אליין?

זײַן פרײַנטשאפט מיט טשארנען, די ליבע זייערע, האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מע איז נאָך געווען גאָר יונג, מאמעש קינדער.

דער שלאָסער זכאריע קרעמעז מיטן ווײַב און מיט די צוויי יִינגלעך (דאניִעל איז געווען דער יִינגערער) האָט זיך באוויזן אין ליובאטש סאָף הארבסט פערצנטן יאָר — מע איז געלאָפן פון טארנאָפּאָל, הינטער וועלכן ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע גאליציִאנער שלאכט. און ניט צופעליק האָט מען זיך אריבערגעקליבן קיין ליובאטש — די קרעמעזעס האָבן געשטאמט פון דאָרט. ס׳האָט זיך דאָ נאָך פארהיט אפילע א שוירעש פון דער מישפּאָכע — מיכל קרעמעז, דעם טאטנס שוועסטערקינד. אָט פארוואָס די מאכט האָט ניט פארטריבן טיפער אין הינטערלאנד די דאָזיקע פּלייטים־מישפּאָכע, ווי מע האָט געטאָן מיט פיל אנדערע היימלאָזע, געקומענע פון דער פראָנט־זאָנע.

אײַזיק, דער עלטערער ברודער דאניִעלס, דעמלט שוין א באָכער בא די צוואנציק, איז פאר־וואונדעט געוואָרן, בייס מע האָט באשאָסן טארנאָפּאָל, און די פעלדשערקע עסטער סעגאל, טשאר־נעס מומע, וועלכע איז קיין ליובאטש געקומען פון קיִעוו גלײַך נאָכן ענדיקן די לערע, האָט אים געהיילט און איבערגעבונדן. געענדיקט האָט זיך דאָס דערמיט, וואָס די ווונד האָט זיך בעשאָלעם פארצויגן, נאָר אײַזיק, עסטער און נאָך עמעצער פון זייערע כאוויירים זײַנען פארשיקט געוואָרן קיין יאקוטיע פאר האָבן צו טאָן מיט פלוגבלעטלעך, וואָס רופן קעגן דער מילכאָמע. די דאָזיקע פלוגבלעטלעך האָט מען געפונען אויך בא אייניקע ארטילעריסטן, וועלכע האָבן זיך געלערנט שיסן הינטערן שטעטל... זכאריע קרעמעז מיט זײַן קלענער געוואָרענער מישפּאָכע האָט באקומען א פאראָרדענונג אריבערפאָרן אין מיטל־אזיע. און אָט, שוין דעמלט, פארלאָזנדיק ליובאטש, האָט דאניִעל אוועקגעפירט מיט זיך די דערמאָנונג וועגן צוויי ברענענדיקע שווארצע אויגן — טשאר־נעס אויגן, וועגן דער ווײַסקייט פון איר איבערראשנדיק־שיינעם פּאָנעם און וועגן אן ערשטן גנייווישן קוש אין סאָד, אונטער א צעצווײַגטן עפּלבוים.

אין זיבעצעטן יאָר האָט אײַזיק זיך אומגעקערט פון יאקוטיע, נאָר ניט קיין ליובאטש — קיין קיִעוו. ער איז דאָרט געווען צווישן די, וואָס האָבן אײַנגעשטעלט די נײַע מאכט. דאניִעל און די עלטערן האָבן זיך אומגעקערט עטוואָס שפּעטער און ווידער זיך באזעצט אין ליובאטש.

אָט דעמלט, אין יענער שטורמישער און אָפט אויך בעהאָלעדיקער צײַט, האָט דאניִעל איבער־געלעבט עפשער דאָס גרעסטע גליק, וואָס איז אים באשערט געווען אין לעבן. ער האָט ליב גע־האָט טשארנען, און טשארנע — אים. צוערשט איז דאָס גליק באשטאנען אין זיצן לעבן איר אין קלאַס, דערנאָך — אין דורכמארשירן פארבײַ איר פענצטער מיט א ביקס אין האנט אין א קאָלאָ־נע פון דער שטעטלדיקער דרוזשינע, און נאָך שפּעטער — אין באקומען א צופעליקן גרוס אירן פון איבערן פראָנט, ווײַל זי איז געבליבן אף דער זײַט, ווו די דײַטשן און פּעטליוראָווצעס האָבן באלעבאטעוועט. און ער מיט אײַזיקן זײַנען געווען לעבן טשערניגאָוו, בא שטשאָרסן...

ווײַטער אָבער איז אלץ אוועק מעשונע־ווילד: ווען שטשאָרס און באָזשענקאָ האָבן באפרײַט קיִעוו און געלאָזט זיך אף קאָראָסטען, האָט מען דאניִעלן דערלויבט פארקערעווען אף א טאָג אהיים. דאניִעל איז ארײַנגעפאָרן אין שטעטל אף א הייסן בולאנעם, אף וועלכן ס׳האָט ביז אים געריטן א פּעטליורישער בונטשוזשני. אָנגעקומען איז ער דורך דער באזיליאנער גאס, געמיטן דעם מאָנאסטיר, דעם איליוזיאָן, ווי מע האָט נאָך דעמלט גערופן דאָס מויערל, אין וועלכן מע פלעגט באווײַזן קינאָ, פארקערעוועט צו דער פערד־טאָרהאָוויצע, דערזען פונוווײַטנס דעם פּעטער מיכלס איינשטאָקיק שטיבל, ווו טאטע־מאמע האָבן זיך באזעצט, די פארשנייטע ווײַנשלבוימער ארום דעם גאנעקל און בישכיינעס סעגאלס צווישטאָקיק הויז. ער האָט נאָך אפילע ניט גהאַט געפּויעלט בא זיך, צו וועלכן פון די הײַזער פריִער צופאָרן, איז אים אנטקעגנגעקומען סימכע דער וואסערפירער, רײַטנדיק אף זײַן מיט אײַז באדעקטער פאס, און צוגערופן אים מיט א פינגער:

— זאָג נאָר, ביסט דאָך דעם אָנגעפּאָרענעם זכאריעס זינדל, איאָ? און האָסט זיך אומגעדרייט

מיט סעגאַלס מיידל, טשאַרנען, איאָ? ס׳ניט קעדײַ, זאָלסט זיך אפילע אָפּשטעלן לעבן אירע טרעפּלעך, ניט קעדײַ. זי האָט דאָ מיט אַן אוסטריאַק טנאָים געשריבן, א באָכער — א סיגנעט, עפּעס מאַכט ער ליימענע גוילעמס, און האָט זי, טשאַרנען, אויך אויסגעקלעפּט פון ליים, אַז מע קאָן זיך דערשרעקן. ער איז אַוועק מיט די דײַטשן, דער אוסטריאַק, נאָר די סעגאַלס האָפן מיסטאמע, אַז עס וועט זיך איבערדרייען און ער וועט גיך ווידער קומען.

א שטעטלדיקער וואַסערפירער ווייסט פון אַלע שווערע הערצער. די מײַסע מיטן אוסטריאַק איז געווען ניט קיין אויסגעטראַכטע. דאָס איז געווען אַן עסטרײַכישער יִדישער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך דורכגעקליבן פון געפאַנגענשאַפט אַהיים און איז געבליבן שטעקן אין ליובאַטש מאַכמעס א לונגען־אָנצינדונג, אָפּגעקרענקט דעם גאַנצן האַרבסט. די סעגאַלס האָבן אים אויסגעהאַלטן, ווי אַן אוירעך פון דער קעהילע, און יענער, לאָזט זיך אויס, איז געווען א צאַצקע, א שײַנדל, פון גאָר פײַנע עלטערן, ווינער דאָקטוירים, און פאַרמאָגט הענט, וואָס מע האָט גאָר הי ניט געזען אַזעלכע. טשאַרנען האָט ער איבעראַשט, אַלעמענס היספּײַלעס האָבן אויך מיטגעהאָלפן, — עפּשער איז עס געווען ליבע, און עפּשער בלויז הוילע שטוינונג (זי האָט פון שטענדיק געטרוימט וועגן עפּעס אויסערגעוויינלעכס, געהאַט א העפט מיט אייגענע לידער). אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר דאַניעל איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון איר האַרצן. אָבער אָט איז דער עסטרײַכער ניטאָ. עפּעס מעג ער דאָך מוידיע זײַן וועגן זיך פון ווין, און ער שווײַגט. ווער ווייסט, צי בריוו וועלן גאָר קאָנען אָנקומען פון דאָרט און ווי וועט עס ביכלאַל זײַן?.. אונטערגעהויבן א קאַפּעלע דאָס פּאָרהאַנגל, קוקט טשאַרנע אַראָפּ פונעם צווייטן שטאָק, ווי דאַניעל זעצט זיך אָף זײַן פערד אײַנדערפרי, נאָך דעם, ווי ער האָט שוין איבערגענעכטיקט בא די עלטערן און איז צו איר ניט אַרײַן; ער ווייסט, אַז זי קוקט, און זי וויל אפילע ניט, ער זאָל וועגן דעם ניט וויסן, נאָר — קרעמעז איז קרעמעז! א שמיץ דעם בולאַנעם, און הײַדאַ אָן א „זײַ־געזונט“ דעריאָגן שטשאָרסן...

מיט ליבע איז אָפּטלעך אַזוי: פאַרלירסטו זי, זוכסטו טייקעף א נײַע, טראַכסטו זיך אפילע אַמאָל אויס א נײַע, כאַפּסט זיך צו צו איר, ווי א דאָרשטיקער צו א קוואַל. ניין, זײַן ליבע צו כאַנקען איז קלאָל ניט געווען קיין אויסגעטראַכטע, ער האָט פּאָשעט אַזוי ווי אָפּסנײַ זי דערזען, די טעלעפּאָניסטקע פון עסקאַדראָן, דאָס דאָזיקע מיידל מיט די שטרענגע קאַרע אויגן און מעשקאָלירענע שווער זיך כוואַליענדיקע האָר. עפּשער איז ניט גאָר שיין געווען דאָס, וואָס די ברעמען און די וויִעס זײַנען בא איר צו העלע און וואָס אָפן צאַרט־ראָזן פּאָנעם זײַנען צעשאָטן שיטערע זומערשפּרענקלעך. אַנטקעגן טשאַרנען האָט זי אויסגעזען א קאָרענע, א פּראָסטע. נו יאָ, איז זי דערפאַר אָבער געווען ביז גאָר א געטרײַע. פאַר א סאַניטאַרקע אין דער שרעקלעכער טיפוסטעפּלושקע איז זי אַוועק, ווײַל ער איז דאָרט געלעגן. אין קלעפּיקן שלאָף, אין אײַנגעטונקענער אין שווייס, ווי אין אָקרעפּ, האָט ער געוווּסט, אַז זי זיצט לעבן אים, געפילט איר האַנט בא זיך אָפן שטערן. און ווען ער האָט זיך אויסגעפּלאָנטערט פון די היץ־קאָשמאַרן, איז זי שוין געלעגן לעבן אים אין היץ. אָפן פאַנצער־צוג, וווהין מע האָט אים אַריבערגעפירט נאָך דער קרענק, איז זי אויך געווען לעבן אים — פאַר א קעכנע אַוועק אַהין...

פאַר דעם, ווי מע האָט זיך געלאָזט אָף וואַרשע, האָט ער כאַנקען אַראָפּגעבראַכט קיין ליובאַטש — זי האָט געדאַרפט געבוירן א קינד. א קײַלעכדיקע יעסוימע, וווהין זשע דען זאָל זי געווען קומען אָף קימפּעט? צום ניעזשינער פעטער, בא וועלכן זי האָט זיך גענוג אָנגעפּלאָגט אַלס א דינסט? טאַטע־מאַמע האָבן זיך געבלאָזן — זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער האָט געמעגט מויכל זײַן טשאַרנען די ליבע מיטן עסטרײַכער, וואָס איז ווי אין וואַסער אַרײַן, ניט געדאַרפט הענדעמפּענדעם פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ. „פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ“ — אָבער ער האָט דאָך זי ליב געהאַט, כאַנקען. טאַטע־מאַמע האָבן זי אויך ליב באַקומען, און ניט ווײַל אייגנס מוז שוין זײַן ליב, ביפּראַט נאָך ווען מע וואַרט אָף אַן אייניקל, זיי האָבן פּאָשעט דערזען, ווער כאַנקע איז...

די יעדיִע, אַז כאַנקע האָט געבוירן א ייִנגל און מע האָט עס אָנגערופן לייבל, ליאָניע, האָט ער באַקומען הינטער ראָוונע, ווו מע האָט געוואַרט אָף שאָלעם און ווו א דאָקטער האָט אין א פויערישער כאַטע אַרויסגעשלעפּט בא אים א שפּליטער פון פוס. די צווייטע יעדיִע פון דער היים איז אָנגעקומען, ווען ער האָט שוין אַוועקגעוואָרפן די קוליעס: סאָלאָמינסקיס באַנדע האָט אָף איין נאַכט זיך אַרײַנגעריסן קיין ליובאַטש, כאַנקע האָט זיך ניט געלאָזט שענדן, און א באַנדיט האָט זי דערשטאָכן. דער טאַטע האָט זי געוואָלט פאַרטיידיקן, ליגט ער מיט א דורכגעשאָסענער ברוסט.

דער טאַטע האָט לאַנג ניט געלעבט. ווען דאַניעל האָט זיך אומגעקערט פון אַרמיי, איז שוין לעבן כאַנקעס קיווער־בערגל געווען א צווייטס — דעם טאַטנס. און א דריטער קיווער האָט זיך דאָרט אויך אײַנגיכן באַוויזן — אײַזיקס, דעם קאָמאַנדירס פון א טשאָן־אָטריאַד[1].

---

[1] טשאָן (Части особого назначения) — ספּעציעלע טיילן בייסן בירגערקריג, דורכויס פון קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. זייער ציל איז געווען צו קעמפן קעגן דער קאָנטררעוואָליוציע.

ליאָניע איז געוואַקסן אַ ביסל אָפּגעפרעמדט פון אים, פון דאניִעלן, וועלכער איז ווייניק געווען אין דער היים און מאכמעס יונגקײַט נאָך ניט פארשטאנען רעכט, וואָס הייסט זײַן אַ טאטע. די מאמע האָט גענומען אף זיך די גאנצע זאָרג פארן יִנגעלע, וואָס איז געוואָרן איר טרייסט נאָך אזויפיל פארלוסטן. דער פעטער מיכל און די מומע סטערע האָבן קיין אייגענע קינדער ניט געהאט, איז ליאָניע אויך בא זיי געווען דאָס כִּיעס. אָט די ליבע און זאָרג פון די אין טאָך אומגליקלעכע עלטערע לײַט האָט ליאָניען פארביטן די ליבע ניט נאָר פון דער מאמע, נאָר אויך פונעם טאטן. און דאָך האָבן זיי איםביידע געפעלט; די אלטע לײַט האָבן מערער דערצויגן אין אים באיישעווטקײַט, אויסגערעכנטקײַט, שטרענגקײַט צו זיך און צו יענעם, איידער צארטקײַט, הארציקײַט. און עפשער זײַנען דאָס שטריכן, באקומענע בעירושע פון כאנקען? אוואדע איז ער ניט נאָר אויסערלעך אף איר ענלעך. ער איז אַ הארבלעכער, ליאָניע, און ניט וואָס אן אײַנגעשלאָסענער אין זיך, נאָר אַ שטאָלצער, און האָט ניט ליב אָפּצוגעבן וועמען ס'זאָל ניט זײַן כעזשבן.

צי האָט דאניִעל אים ליב? יאָ, נאָר אַ ביסל האָט ער אויך מוירע פאר אים, עפּעס ווי דער זון זאָל אין דער שטיל אים שטענדיק מישפּעטן. אָבער פארוואָס? סײַדן טאקע פאר איינס — וואָס ער איז אים לאנג קיין טאטע ניט געווען... אָט די אָפּגעפרעמדטקײַט צווישן דעם טאטן און דעם זון איז מיט דער צײַט פארשוואונדן געוואָרן, אין אַ היפּשער מאָס אדאנק אָלגען, אָבער דאָך איז עפּעס־וואָס געבליבן.

איצט איז ליאָניע ערגעץ איינער אליין אף די מילכאָמע־וועגן. ער האָט מיסטאמע קיין ליור באטש זיך ניט באוויזן דערקלײַבן. נאָר וווּ בלאָנקעט ער אום און וואָס טוט ער?

יאָ, איז ווידער טאקע וועגן טשארנען: דאָס האָט זי די ערשטע אים געמאכט צו לאסט ליאָניען. דאניִעל האָט זיך אומגעקערט פון בירגערקריג אַ יִנגל פון אַ וועלכע צוויי און צוואנציק יאָר, און שוין אַ טאטע, און שוין אן אלמען... פארטראכטן זיך אף דעם האָט אים געצווונגען טשארנע. זײַן ליבע צו כאנקען איז עפשער טאקע געווען אַ צולאָכעס־זאך, נאָר אָט איז כאנקע ניטאָ, און דער עסטרײַכער גיט ניט וועגן זיך צו וויסן, ס'איז שוין אף אים ניטאָ וואָס ארויסצוקוקן. טשארנע איז פאר די יאָרן געוואָרן נאָך שענער, און זײַן, דאניִעלס, געפיל צו איר, ניט געקוקט אפן שווערן פארדראָס, טליִעט פאָרט אין הארצן. לאָזט זיך אָבער אויס, אז עס איז צווישן זיי פאראן אַ מעכיצע — דאָס קינד... ניט זי האָט דאָס וואָרט „אלמען" ארויסגעבראכט. די מאמע אירע, ענציע סעגאל, האָט געזאָגט דאניִעלס מאמען, שיפרען, אין וואָס די מעניִע איז, נאָר עס איז שוין דערגאנגען צו אים אויך. און ווען ער האָט טשארנען געגעבן צו פארשטיין, אז ער ווייסט דאָס, האָט זי ניט געלייקנט, זי האָט פּאָשעט געשוויגן. דאָס גראָד קאָן זי: פארשטיי, הייסט עס, ווי דו ווילסט.

נאָר דאָס איז נאָך ניט געווען דער סאָף. צווישן די מאמעס, זײַנער און טשארנעס, איז זינט דעמלט אף לאנג געבליבן אַ בארויגעז. זיי אָבער, ער און זי, ווען מע האָט זיך ביידע געלערנט אין קִיעוו, ער — פאר אַ לערערן, זי — פאר אַ בויער, האָבן זיך ווידער דערנעענטערט. און ס'האָט אפילע אפסנײַ, עמעס, קעלטער, אויסגערעכנטער, אף אַ דערוואקסענעם אויפן, אופגעוואכט אין זיי די פריִערדיקע ליבע, נאָר דאָ איז ענדגילטיק קלאָר געוואָרן, אז זיי גייען מיט פארשיידענע וועגן.

דאניִעל האָט אַ יאָר פאר טשארנען געענדיקט דעם אינסטיטוט און איז געשיקט געוואָרן ארבעטן אפן ווײַטן מיזרעך. ער איז שוין געהאט געווען אף פראקטיק אין יענעם קאנט און ס'איז אים דאָרט געפעלן. טשארנע איז באשטאנען דערוף, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון פאָרן אין דער ווײַט, אין די ווילדע ערטער, ווי זי האָט געזאָגט, און פעסט געמאָלדן, אז זי וועט אים ניט נאָכפאָרן. אזוי האָט זיך באקומען, אז געזוכט האָט זי קלוימערשט אין לעבן שיינס, אומגעוויינלעכס, אָבער אף די וועגן, ווּ דאָס אלץ האָט זיך געקאָנט גיכער טרעפן, איז ניט זי, נאָר ער, דאניִעל, געגאנגען. זי האָט אים נאָך געהאט אָנגעשריבן אין אַ בריוו עטלעכע ביטערע שורעס אהין, אפן ווײַטן מיזרעך, שורעס, וואָס בראָטן ביז איצט: פארוואָס שטרעבט ער דאָס אין אַ העק? צי איז עס ניט דערפאר, ווײַל עס פעלט אים אויס ווילן און פלינקײַט זיך אויסטיילן דאָרט, ווּ עס זײַנען דאָ אַ סאך אזעלכע, ווי ער?..

אינגיכן האָט דאניִעל זיך דערוווסט: טשארנע איז אַ לערערן הינטער קִיעוו, זי האָט כאסענע געהאט מיט עפּעס אַ קאָאָפּעראציע־טוער, אַ פלאנאָוויק. די ווײַטערדיקע גרוסן וועגן איר אין יאָרן ארום: זי האָט אַ קינד, אַ יִנגל, זי וואנדערט אום מיטן מאן גאנץ אָפט פון אָרט אף אָרט און לעבט, ווי איינִיקע האָבן געזאָגט, גאָר גוט, און אנדערע — ניט אזוי גוט. דאָס אלץ איז אים שוין ניט אָנגעגאנגען, אַ ביסל דערפאר, ווײַל ער האָט ניט געוווּסט, וואָס הייסט בא טשארנען „גוט" און וואָס הייסט „ניט אזוי גוט", און דעריקערשט, ווײַל ער האָט זיך געהאט זײַן לעבן, ווּ גוטס איז געווען פיל מער, ווי אזוינס, וואָס קאָן פארעכנט ווערן פאר שלעכטס.

אָלגען האָט ער באגעגנט אפן ווײַטן מיזרעך, אין טײַגע־יִישעוו בירא, ווּ ער האָט געבויט

אַ געהילץ־זאַוואָד. דער טאַטע אירער, אַ געוועזענער פּאָליטקאַטאָרזשאַן, האָט געשטאַמט פֿון אוקראַיִנע, פֿון מאַלין, נאָר געבליבן אַ ווײַטמיזרעכדיקער. אַמאָל האָט ער דאָ געררוישט, סעמיאָן אַנאַניעוויטש, געשאַפֿן די ערשטע סאָוועטן אין די אײַזנבאַן־יִישוווים צווישן בירא און אָבלוטשע. נאָר דאָס, וואָס עס האָט באַ אים אָפּגעריסן אַ האַנט, און אַ צווייטער קלאַפּ — די קאַפּעלעווצעס האָבן דערשאָסן זײַן ווײַב, אַ היגע קאָזאַטשקע, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, — דאָס אַלץ האָט אים ניט וואָס אײַנגעבראָכן, נאָר צוגעבונדן צו איין אָרט. ער האָט זיך געטאָן זײַן באַשיידענע אַרבעט — געווען אַ געהילץ־בראַקירער, און פֿיל אַכט אָפּגעגעבן דער דערציִונג פֿון דער איינציקער טאָכטער, אָלגען, אַף וועלכער ער האָט אַריבערגעטראָגן די גאַנצע ניט אויסגעבראַכטע ליבע צום ווײַב. ער האָט זי אַפֿילו געשיקט לערנען אין כאַבאַראָווסקער אײַזנבאַן־טעכניקום מיט אַ באַשטימטן מיין: זי וועט זיך זײַן אַ סטאַנציע־דעזשורנע דאָ, אין בירא, און וווינען צוזאַמען מיט אים. ניט אָן אָן אייפֿער־געפֿיל האָט ער אָלגען אויסגעגעבן פֿאַרן אָנגעפֿאַרענעם אינזשעניער, פֿאַר דאַניִעלן, כאָטש ער האָט אים גערעכנט קימאַט פֿאַר אַ לאַנדסמאַן. דער קלוגער און גוטער אַלטער האָט ניט איין מאָל געזאָגט: „זע זשע, זי זאָל באַ דיר קיינמאָל ניט וויינען, אָלגע“, און נאָך: „ווייסט זי אַוואַדע אָוועקפֿירן פֿונדאַנען, ביסט אַ בויער — אַ יאָר וווינסטו דאָ, אַ יאָר — אַף אַ צווייט אָרט, איז געדענק, זאָלסט זי ניט לאָזן אַליין“... געוויינט האָט זי באַ אים קיינמאָל ניט, אָלגע. נאָר אַליין איז זי גראָד אָפּטלעך געבליבן, איבערהויפּט שפּעטער, ווען מע האָט אים גענומען אין אַרמיי, צוערשט — בויען פֿאַרפֿעסטיקונגען באַ דער גרענעץ, דערנאָך — אַף קאָמאַנדע־פּאָסטנס אין די פֿאַרפֿעסטיקטע ראַיאָנען. און וואָס קאָן זײַן שוידערלעכער פֿון דער איינזאַמקייט, וואָס האָט זיך אַף איר און אַף נאַטאַשען אַרופֿגעוואַלגערט איצט? עפּשער איז אַפֿילו בעסער, וואָס סעמיאָן אַנאַניעוויטש איז שוין ניטאָ אַף דער וועלט און ער ווייסט דאָס ניט.

אַפֿן פֿאַרטריקנטן שטענגעלע היי, וואָס דאַניִעל האָט עס דורך האַלב צוגעמאַכטע וויִעס געזען די גאַנצע צײַט זיך וויגן נאָענט לעבן שלייף, האָט אַרופֿגעפּויזעט אַ קליין רויט זשוקל — „גאָטס בעהיימעלע“. די מאַשין האָט אַ טרייסל געטאָן, און דאָס זשוקל איז אַראָפּגעפֿאַלן, געטראָפֿן אים אין ברעם. דאַניִעל האָט עס אַראָפּגעשאַרט, און עפּשער דערפֿאַר, ווײַל ער האָט דערבײַ שטאַרק צוגעזשמורעט די אויגן, האָט ער זיי שוין ניט געעפֿנט — ס'האָט אים אַ נעם געטאָן דער שלאָף. אַ ווײַלע — צוויי האָט זיך אים געדוכט, אַז די מאַשין האָט זייער האַסטיק אָנגעהויבן פֿאָרן באַרגאַראָפּ, אַלץ אַרום ווערט אויסגעלאָשן, שוואַרץ. און דאָך האָט ער מיט איין וואַכן ווינקעלע פֿונעם מויעך נאָך געוואָלט זיך פֿאָרשטעלן אָלגעס פּאָנעם און פֿאַרגלײַכן עס מיט טשאַרנעס. נאָר טשאַרנעס פּאָנעם האָט ער געזען ווי דורך אַ שוואַרצער רעשעטע, און אָלגעס, אַ פֿאַרברוינטס און זייער אַ יונגס (זי האָט שטענדיק אויסגעזען ייִנגער, ווי זי איז געווען אינדערעמעסן), איז פֿאַר אים אַרויסגעשוווּמען אַלץ קלאָרער: גלאַט צוגעקעמטע רוסיאַווע האָר, פֿאַרדרייטע אין אַ קובלעק אַפֿן נאַקן, קוים אַרויסטאַרטשענדיקע סקולעס, אַ ביסל ווי באַ אַ כינעזערן; די נאָז — כיינעוודיק פּאַריסן; די פּולבלעכע, האַלב צעעפֿנטע ליפּן פֿלײַסן זיך אַזוי ווי אַרויסברענגען עפּעס גוטס, צאַרטס, דערבײַ זײַנען די קורצע, דיקלעכע ברעמען כידעשדיק אופֿגעהויבן און עס לויכטן אונטער זיי מיט אָן אַ שיר טרײַשאַפֿט און האַרציקײַט גרויסע, בליציק־שוואַרצע פֿאַרשטאַנדיקע אויגן...

5 איגאָר ראַזשטשעפּקינס קליינע אויסשפּיר־גרופּע איז געשיקט געוואָרן אין שלאַכט־באַוואַכונג צאָפֿן־מיזרעך־צו פֿונעם גריידער און די עטלעכע פֿעלד־וועגן, דורך וועלכע עס האָט זיך באַוועגט דאָס אָפּטרעטנדיקע מיליטער. אַזעלכע גרופּעס אַף פֿערד און אַוטאָמאַשינעס, ווי אויך דרײַ פּאַנצערמאַשינעס (דעם גענעראַל יאַסענעווס גאַנץ פּאַנצער־פֿאַרמעגן) האָבן אומגעשמײַעט אין אַלע זײַטן, פֿאַרקלײַבנדיק זיך ווי ווײַט מעגלעך טיפֿער.

דעמיאַן פּאַטיוטשענקאָ איז געווען דער איינציקער סטעפּ־טוישעוו אין דער גרופּע, און כאָטש מע איז שוין אַוועק אַוואַדע הונדערט קילאָמעטער פֿון זײַן טשערעפּקאָווע, האָט נאָך אַלץ געהייסן, אַז ער ווייסט די אומגעגנט. דערפֿאַר האָט אים ראַזשטשעפּקין, ווי אַלע מאָל, געהאַלטן נעענטער צו זיך. נאָר וואָס איז דאָ, אייגנטלעך, שײַעך צו וויסן די אומגעגנט, אַז אַף דער „צווייוויאָרסטקע“ — דער צווייוויאָרסטיקער מאַפּע — איז אָנגעמערקט וווּ אַ באַלקעלע, וווּ אַ בערגל, וווּ אַ פֿעלד־סטאַן און אַפֿילו אָן איינזאַמער שײַער; קיין סקירדעס זײַנען אַף איר ניט אָנגעוויזן, נאָר די סקירדעס זעט מען אַזוי אויך ווײַט, דערבײַ ברענען זיי צומיינסטנס... אָן אַנדער זאַך, וואָס מע מוז אַמאָל בײַטן די „צווייוויאָרסטקע“ — ווייסט דאָך ניט מיטפֿירן מיט זיך אַ גאַנצן לײַוונט, די פּלאַנשעטקע ווערט אַזוי אויך מאַמעש צעשפּאַרט: וואָס אַ טאָג, און צומאָל — וואָס אַ רייס, מוז מען צושטוקעווען אַ נײַ בלעטל פֿון דער מיליטערישער מאַפּע, און אַלץ אַף מיזרעך, און אַלץ אייגענע ערד...

פעטראַ זאַלאַטאַ און טימאָשע סירגולי פֿאָרן עטוואָס פֿאָרויס, און ווײַטער פֿון אַלעמען האָט זיך אַרויסגעריסן סערגיי איוואַלגין. זײַן זיצן אויפֿן פֿערד דערמאָנט אַ ביסל אין אַן אָדלער, וואָס האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אויף אַ פֿעלדז: ער איז אײַנגעהאָרבעט, אָנגעשטרענגט, געצווימט, נאָר אין איין אויגנבליק קאָן ער זיך אויסגלײַכן און אַ פֿלי טאָן, אַז אַ ווינט זאָל פֿײַפֿן... אָט האָט סערגיי הינטן־אַרום אַ הייב געטאָן אַ האַנט — דאָס באַטײַט, אַז ער זעט עפּעס פֿאַרדעכטיקס. אַליין בייגט ער זיך נאָך מער צו צום פֿערדס האַלדז און פֿאַרקערעוועט צו אַ סקירדע ווייץ. אַהין פֿאַר־קערעווען אויך זאַלאַטאַ און סירגולי. ראַזשטשעפּקין, פֿאַרקערט, האַלט צו דאָס פֿערד, הייבט זיך אויף אויף די סטרעמענעס און שטעלט צו דעם בינאָקל צו די אויגן.

— נו? — פֿרעגט דער יונגער פּאַטיוטשענקאָ, און אין זײַן קאָל דערהערט זיך אַ קוים מערק־באַרער ציטער. אָט דער ציטער, וואָס ראַזשטשעפּקין שפּירט אים באַם יונג אַלע מאָל, ווען אַ געפֿאַר איז נאָענט, רייצט אים אויף. עמעס, שפּעטער, ווען מע דאַרף שוין עפּעס טאָן, באַהערשט זיך דעמיאַן און טוט אַלץ ווי מע דאַרף, נאָר עס לעבט נאָך אין אים פֿאַרט די שרעק פֿאַרן אומ־באַוווּסטן. נו, און ער, ראַזשטשעפּקין, איז דען פֿון אײַזן, אים שרעקט דען גאָרנישט?..

— הוילער סטעפּ, — ענטפֿערט ראַזשטשעפּקין דורך די ציין, — מירן אָט־אָ עלטער ווערן מיט דיר, דעמיאַן, אויף אַ מינוט־צוויי, וועט אַלץ קלאָר ווערן.

ער טוט אַ טאַרע מיט די אָפּצאַסן דאָס פֿערד אין בויך, עס זאָל גיין צו דער סקירדע, אויף וועלכער איוואַלגין קלײַבט זיך שוין אַרויף, שטייענדיק מיט די פֿיס אויפֿן זאַטל.

יאָ, אי איוואַלגין, אי ראַזשטשעפּקין, וועלכער האָט זיך אויך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף דער סקירדע, זעען גוט — אַ קאָלאָנע דײַטשישע מאָטאָ־פּעכאָטע באַוועגט זיך אויף מיזרעך. צו אייניקע אווטאָ־מאַשינעס זײַנען צוגעפּעסטיקט האַרמאַטן און אין די קוזאָוון זיצן די אַרטילעריסטן, אַנדערע ווידער זײַנען פֿאַשעט אָנגעשפּיגעוועט מיט פּעכאָטע.

— עך, — כאַפּט זיך אַרויס באַ איוואַלגינען, — עטלעכע „יאַקן“, ווען זיי פֿליִען אָן, וואָלטן זיי צו אַלץ אַ סאָף געמאַכט!

ראַזשטשעפּקין פֿאַרשטייט אים: אַזאַ נעס וואָלט נייטיק געווען ניט נאָר, דער סוינע זאָל לײַדן פֿאַרלוסטן. ס'איז איצט עפּשער דאָס איינציקע, וואָס קאָן ראַטעווען די אָפּטרעטנדיקע דיוויזיע מיט די אַנדערע קלענערע טיילן, וואָס האָבן זיך צו איר פֿאַרייניקט. די מאָטאָ־פּעכאָטע אײַלט אָן סאָפּעק, קעדיי ווידער איבערשנײַדן די וועגן.

— די „יאַקן“ אונדזערע, סעריאָזשע, זײַנען מיסטאָמע צאַפּנדיקער, — זאָגט ראַזשטשעפּקין, — ווײַל דאָרט פֿליִען אויך די „מעסערס“ טשאַטעסווײַז, און מיר געפֿינען זיך מיט דיר, קאָן מען זאָגן, אונטער אַ געבענטשטן הימל — שוין וויפֿל שאָ, אַז גאָרנישט פֿליט דאָרט ניט. דער סוינע איז, ווײַזט אויס, אויך ניט אַזוי רײַך. כאָטש דעם, איז טאַקע כמאַרנע, די וואָלקנס פֿאַרטשעפּען שיר ניט אונדזער סקירדע... קורץ גערעדט...

— אַכט און צוואַנציק, נײַן און צוואַנציק, — האָט איוואַלגין שטיל געציילט, — נו, דאַכט זיך, אַלץ.

— ניט קיין גלײַכע צאָל.

איוואַלגין האָט בלויז אַ קרומען שמייכל געטאָן:

— דאָס איז אויך גענוג.

ראַזשטשעפּקין האָט אָנגעשריבן אַ צעטעלע און אַראָפּגעוואָרפֿן עס אין דער סטערניע.

— זאַלאַטאַ! — האָט ער אַ רוף געטאָן. — שוואַליאַם אין שטאַב פֿון פּאָלק!

מע איז ווײַטער געלעגן אויף דער סקירדע, געהערט, ווי די פֿערד אונטן סמיקען פֿון איר די פֿעסט אײַנגעפּרעסטע שטרוי און כראָמטשען. די אווטאָמאַשינעס זײַנען פֿאַרשוווּנדן. אויפֿן ברייט צעפֿאָרענעם, פֿאַרבלאָטיקטן וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ טשאַטע ראָבן. פּלוצעם האָבן זיי זיך ווידער שוווער אויפֿגעהויבן און אַוועקגעפֿלויגן אין סטעפּ.

— אָ, נאָך אַ טראַנספּאָרט! — האָט איוואַלגין אויסגערופֿן.

ראַזשטשעפּקין האָט פֿאַרכידעשט אַ קוק געטאָן אויף אים: צי דען האָט ער עס אין זינען די בריטשקע, וואָס קײַקלט זיך איבערן וועג, אַ געשפּאַנטע אין צוויי פֿערד? מער איז דאָך אָבער גאָרנישט ניט צו זען.

איוואַלגין האָט אויף די עלנבויגנס זיך איבערגערוקט עטוואָס נעענטער צום ראַנד פֿון דער סקירדע.

— עפּשער, כאַוואַר לייטענאַנט, אַ קוק טאָן, ווער דאָס איז? מע פֿאָרט עפּעס זייער ברייטלעך.

ראַזשטשעפּקין האָט געזען אין בינאָקל, אַז אין דער בריטשקע זיצט אַ מענטש אין אַ רעגנ־מאַנטל מיט אַ קאַפּיושאָן — אַזוי טוט מען זיך אָן, ווען מע לאָזט זיך אין אַ ווײַטן וועג. דער אָנ־טרײַבער ווידער, אַן עלטערער פּויער, איז אָנגעטאָן גאַנץ לײַכט — אין אַ קאַמזויל איבערן העמד מיט די פֿאַרקאַטשעטע אַרבל. „עפּשער אַ דאָקטער? — איז באַם לייטענאַנט דורכגעלאָפֿן אַ גע־

דאנק. — א דאָקטער קאָנען אמאָל די דײַטשן ניט טשעפּען...״ נאָר ער האָט אליין ניט שטארק געגלייבט אין דער דאָזיקער האַשאָרע. מ׳האָט געדארפט אָפּשטעלן די ברישקע. אויב עס פאָרן אַרטיקע, וועט מען זיך יעדנפאַלס דערוויסן עפּעס וועגן דעם סוינע.

— וועסט זיך פארנעמען צו דעם באַלקעלע און איבערשנײַדן דעם וועג, — האָט ראָזשעפּקין געזאָגט איוואַלגינען, — מירן אָנקומען פון א זײַט.

איוואַלגין האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער סקירדע גלײַך אין זאָטל פון זײַן פערד און איז אוועקגעריטן אין לײַכטן אַליור. דער לייטענאַנט האָט נאָך א פּאָר מינוט נאָכגעשפּירט נאָך דער ברישקע. יענער, אינעם ברעזענטענעם מאַנטל, האָט, זעט אויס, באַמערקט דעם רײַטער אין סטעפּ, אָנגעבויגן זיך פאָרויס און א טאָרע געטאָן דעם אָנטרײַבער אין פּלייצע. „עהע!״ — ראָזשעפּקין האָט א קנאַק געטאָן מיט דער צונג. דאָך איז ער נאָך אַלץ ניט אַראָפּ פון דער סקירדע. ווען ער האָט אָבער דערזען, אז דער מענטש, וואָס איז ערשט־אָ געזעסן פון הינטן, האָט זיך איבערגעקליבן צום אָנטרײַבער, איבערגענומען בא אים די לייצעס און שמײַסט די פערד, האָט ער באַפוילן סירגולין און פּאַטיוטשענקאָן:

— כעוורע, צום וועג! יענעם אינעם רעגנמאַנטל דאַרף מען נעמען א לעבעדיקן!

ער איז שוין אליין אויך באַלד געווען אין זאָטל, אָנגעיאָגט די צוויי אויסשפּירער און א געשריי געטאָן, מע זאָל ניט פאָרן צוזאַמען. אין דער זעלבער רעגע האָט ער דורכן רויש פון ווינט פאַרנומען צוויי שאָסן. דער פייער איז אַראָפּגעשפּרונגען אָדער אַרויסגעפאַלן פון דער ברישקע. יענער אינעם רעגנמאַנטל האָט, שטייענדיק אויף די קני, אָנגעטריבן מיט דער לינקער האַנט און מיט דער רעכטער געשאָסן פון א פּיסטאָלעט.

— צילט אין די פערד! — האָט ראָזשעפּקין ווידער אויסגעשריִען צו סירגולין און פּאַטיוטשענקאָן, וועלכע האָבן צעהיצטע זיך געטראָגן פאָרויס, און אליין אויך אויסגעשאָסן פון דעם בראַונינג. באַם סאַמע וועג האָט זיך דערהערט איוואַלגינס אַן אויטאָמאַטן־רייי. איין פערד פון געשפּאַן האָט זיך א הייב געטאָן אויף די הינטערשטע פיס און איז געפאַלן, דאָס צווייטע האָט זיך א וואָרף געטאָן אין א זײַט, איבערגעקערט די ברישקע, געפאַלן אויף די הינטערשטע פיס און, א צעפּלאָכעטס, מיט די פעדערשטע טלאָען גענומען קלאַפּן אין דער ערד. נאָך א ווײַלע, און די אויסשפּירער האָבן אַרומגערינגלט די ברישקע. זיי האָבן אָבער ניט באַוויזן אַראָפּ פון די פערד, ווי דער, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד, — געלעגן איז ער נאַזנדיק, די פיס און די ברוסט צוגעקוועטשט מיט די דראַבינעס, — האָט באַפרײַט די האַנט מיטן פּיסטאָלעט פון אונטער דער צעשאָטענער שטרוי און אויסגעשאָסן זיך אין קאָפּ. די אויסשפּירער האָבן זיך א וואָרף געטאָן צו אים. ראָזשעפּקין האָט אויסגעריסן דעם פּיסטאָלעט, וועלכן יענער האָט נאָך געהאַלטן פעסט, איוואַלגין האָט אָנגעכאַפּט פאַרן צײַמל דאָס צעפּלאָכעטע פערד, סירגולי און פּאַטיוטשענקאָ האָבן אופגעהויבן די ברישקע.

אויף דער סטערניע איז א טויטער צי א געכאַלעשטער געלעגן א מענטש אין די מיטעלע יאָרן. דאָס פּאָנעם — א מאַט־בלאַס, א דאַרלעכס, א גאַנץ שיינס, מיט דינע שוואַרצע וואָנציעלעך; בלוט איז געראונען פון צווישן זײַנע געדיכטע האָר, פאַרגאָסן די באַק, דעם האַלדז, דעם קאָלנער פון א טונקל־גרויען מונדיר, וואָס די אויסשפּירער האָבן נאָך אזא ניט געזען. די גאַליפע — אויך פון דער זעלבער סכוירע, כראָמעווע אָפיצערישע שטיול. ראָזשעפּקין האָט זיך אָנגעבויגן, קעדיי זען, צי יענער לעבט און א זוך טאָן זײַנע דאָקומענטן. ער האָט נאָר געפרוווט פאַנאַנדערשפּיליען דעם מונדיר, ווי דער געפאַנגענער איז געקומען צו־זיך. א קוק געטאָן ארום זיך פאַרלוירן־אָנגעשטרענגט, באַלד דערמאָנט זיך אין אַלץ, האָט ער איבערגעדרייט זיך מיטן פּאָנעם אַראָפּ, גענומען גראַבלען די ערד מיט די פינגער, רײַסן די סטערניע. פון מויל האָבן זיך דורך ציין־קריצעניש מיט א כריפּ אַרויסגעריסן רוסישע זידלווערטער.

— אָ, — האָט איוואַלגין א שמוך געטאָן, — דאָס הייסט געזעדט! א פאַרגעניגן צו הערן! — נאָר דאָ האָט ער זיך א קרים געטאָן, א טאַפּ געגעבן די זײַט און איז בלאַס געוואָרן.

— וואָס איז? — האָט ראָזשעפּקין אומרויִק געפרעגט.

איוואַלגין האָט שנעל צעשפּיליעט די גימנאַסטיאָרקע, אַרײַנגערוקט די האַנט אין פּאַזוכע און אַרויסגעשלעפּט זי א פאַרבלוטיקטע.

— א פײַער אויף אים! — האָט ער געזאָגט, קרימענדיק זיך נאָך מער פאַר ווייטאָג. — פאַרטשעפּעט פונדעסטוועגן... איך האָב גאָר ניט געפילט!

— אזוי טרעפט אָפּט, — האָט סירגולי זיך אָנגערופן. — עפּשער איבערבינדן?

— אין באַלקע, אין באַלקע! — האָט ראָזשעפּקין גענומען אונטערטרײַבן. — די פערד פאַרגעמט אהין! — ער האָט א וואָרף געטאָן סירגולין דאָס צײַמל פון זײַן פערד. — מיט מיר בלײַבט פּאַטיוטשענקאָ! אנו, העלף, דעמיאַן!..

מע האָט אינצווייען אופגעהויבן דעם פּאַרוווּנדעטן און אוועקגעלייגט אים אַף דער בריטשקע.

יענער האָט זיך ניט געוווּרט, בלויז מיט טיפן האַס געקוקט דורך די האַלב צוגעמאַכטע ווײַס אַף די, וואָס פּאַרען זיך אַרום אים, געביסן די ליפּן פאַר ווייטעק. ער איז געווען פאַרוווּנדעט אויך אין לינקן אַקסל — ראַזטשעפּקין האָט באַמערקט בלוט אַפן רעגנמאַנטל. אָפּגעהאַקט די פּאַסטראָמקעס פונעם געהאַרגעטן פערד, איז מען אַרויסגעפאָרן אַפן וועג און פאַרקערעוועט אין באַלקע, ווו עס זײַנען, לענגויס דעם שטעגעלע, געוואַקסן קוסטעס.

וואָס ווײַטער פון וועג, זײַנען די קוסטעס געוואַקסן אַלץ געדיכטער. דאָ האָבן זיך איבערגע־פלאָכטן פאַרשלאָגענע נידעריקע אַקאַציעס, בערעסקלעט, ווילדע רויזן און גאַנץ געווײַנלעכע בודזיקעס. אַ פּאָר הונדערט מעטער פון וועג האָט מען שוין קוים געקאָנט זען די בריטשקע מיטן פערד. אינגיכן האָבן זיי זיך דערקליבן צו אַ ברייט אָרט, ווו די באַלקע האָט זיך צעצווײַגט. פיר געזאָטלטע פערד האָבן זיך געפּאַשעט אַף דער פיצינקער ־לאָנקע, אין גראָז איז געזעסן איוואַלגין מיט אַ פאַרהויבענער גימנאַסטיאָרקע און סירגולי האָט אים איבערגעבונדן. לעבן די אויסשפּירער איז געשטאַנען אַ געל, דאַר פויערל מיט אַ קאַלטענעוואַטן בערדל, אין אַ גרויען קאַמזויל — דער אָנטרייַבער. ער האָט זיך באַמיט פאַנאַנדערדרייכערן אַ פּאַפּיראָס, מיט וועלכן די אויסשפּירער זײַנען אים מיסטאָמע מעכאַבעד געווען, נאָר ס׳איז אים ניט געלונגען. די פינגער האָבן געציטערט נאָכן איבערגעלעבטן דערשרעק. האָט ער צוגעדישעט דאָס פּײַער אין אַ קנעפּל און באַהאַלטן דעם פּאַפּיראָס אין אַ קעשענקע פון קאַמזויל.

— וועמען האָט איר דאָס געפירט? — האָט ראַזטשעפּקין געפרעגט באַם פויער.

— ווייסט אים דער שעד! אַ פויגל, און אַפילע גאָר אַ וואַזשנע פויגל. כאָטש עס איז ניט קיין דײַטש — אַ רוסאַק... ער לעבט? — דער פויער איז צוגעגאַנגען צו דער בריטשקע, אַ טאָרע געטאָן דעם פאַרוווּנדעטן, וועלכער איז געלעגן אַף אַ זײַט מיט צוגעמאַכטע אויגן. — לעבסט, פאַרעך?

יענער האָט צעעפנט די אויגן; זײַן בליק, כאָטש ווי באַ אַ פאַרטשאַדעטן, איז געווען פול מיט ביטל און האַס. געמאַכט איבער זיך אַן אָנשטרענגונג, האָט ער אויסגעשפּיגן — עפּשער בלויז, ווײַל זײַן פּאָנעם איז אַף האַלב פאַרגראָבן געווען אין שטרוי און עפּעס איז אים אַרײַן אין מויל. נאָר דער פויער איז אָנגעצונדן געוואָרן:

— ער שפּײַט זיך גאָר! נו, נו, אָט דעם עלנבויגן זעסטו? איצט קאָנסטו אים בלויז זען, נאָר ניט אײַנבײַסן!

— הערט אוף! — האָט ראַזטשעפּקין שטרענג געזאָגט.

— אַזוי? און ווער האָט מיר געטיצעט דעם פּיסטאָלעט אין פּאָטיליצע?

— אַן עק, אַן עק, באַטיע! — פּאַטיוטשענקאָ איז שטיין געבליבן צווישן דעם פויער און דער בריטשקע.

— וואָס זשע איז עס פאַר אַ פויגל? — האָט ראַזטשעפּקין פאָרט געוואָלט דערגיין באַם פויער.

— וואָס פאַר אַ פויגל? דעם סטאַראָסטע באַ אונדז אין יאַסני קוט האָט ער אוועקגעשטעלט — דעם מילנער פּיטשקור, אַן אַמאָליקן מאַכנאָוועץ. אַזאַ נעבעכל שוין געווען... און טאַקע לויט אַ גרייטן צעטל, זאָגט מען, האָט ער אים געפונען... דעם עלטסטן פּאָליציי האָט אויך דער דאָזיקער צוגעקליבן — זאַסיאַדקאָ, אַ גאַנעוו. ערשט פון טורמע... און אין די שכײנישע דערפער אויך. מע זאָגט, אַז אין ראַיצענטער האָט אויך ער, דער־אָ, באַלאָנים צו דינען די פאַשיסטן געפונען...

— די דײַטשן זײַנען שוין לאַנג באַ אײַך, אין יאַסני קוט?

— דרײַ טעג, און דער־אָ איז הײַנט אינדערפרי אַראָפּגעקומען — גיך האָט ער די נײַע פּאָראָנדקעס אײַנגעשטעלט... אַפילע אָן אַ סכאָד.

— און וווּהין האָט איר אים איצט געפירט?

— אין שכײנישן ראַיאָן. אין בערעסטאָווקע. נאָר ביכלאַל קלײַבט ער זיך גאָר ווײַט, ווי איך האָב פאַרשטאַנען — קיין ניקאָלײַעוו. ער האָט מיך געהאַלטן אין איין אויספרעגן וועגן דער שטאָט, ביז די שיסערײַ האָט זיך אָנגעהויבן... נאָר איך מיין, אַז ניקאָלײַעוו דאַרף נאָך זײַן אונד־זערער, האַ?

— יאָ, דאָרט זײַנען אונדזערע.

— נו, אָט. און איצט האָב איך, כעוורע, גאָר אַ גרויסן כלאָפּאָט — מע וועט דאָך מיך אין דאָרף פרעגן, וווּהין האָב איך דעם פּאַסאַזשיר אַהינגעטאָן, און די בריטשקע, און די פערד?

— ווּעסט, פּעטערל, מוזן צוטראַכטן עפּעס פרײַלעכס! — איוואַלגין האָט זיך אופגעהויבן, געגומען אונטערגאַרטלען די גימנאַסטיאָרקע. און שוין מיט גאָר לאַכנדיקע אויגן: — עפּשער געבן דיר, פּעטערל, אַ צעטל?..

ראַזטשעפּקין האָט זיך אָפּגעקערט פונעם פויער — ס׳הייסט, אי ער קאָן ניט, אי ער איז ניט מעכוּיעוו עפּעס אײַיצען.

— אָט וואָס, איוואָלגין, — האָט ער זאכלעך־פארזאָרגט געזאָגט, — זעץ זיך אף דער ברי־טשקע, דײַן קאָרן בינד צו בא א זײַט, און שמײַס צו אונדזערע. זע, זאָלסט מיר אים, דעם דאָזיקן, ברענגען א לעבעדיקן. פארשטייסט? וועסט זיך ארויסקלײַבן א ביסל ווײַטער, זאָלסטו אים פּרוּוון איבערבינדן אָדער כאָטש ארומלייגן די ווונד מיט מארליע. מירן בלײַבן דאָ און פאָרן ווײַטער לויטן אָנגעמערקטן מארשרוט.

## 6

דאניִעל איז שוין לאנג ניט געשלאָפן. שוין לאנג האָט זײַן אָרט אין דער שטאב־מאשין פארנומען וויכאָרעוו. דער טאָג איז געוואָרן אלץ אומרוּיִקער. וואָס ווײַטער, האָבן די אָפּטרעטנדיקע טיילן און די אָבאָזן זיך באוועגט אלץ לאנגזאמער, עטלעכע מאָל זיך אינגאנצן אָפּגעשטעלט, ווײַל פאָרויס האָבן דעם וועג פארצוימט פײַנטלעכע מאָטאָציקליסטן אָדער אווטאָמאטשיקעס, וואָס האָבן זיך פארקליבן אין דער שטייענדיקער טוווע און באמיט זיך ארויסרופן א בעהאָלע. דעמלט האָבן די שלאָג־גרופּעס, אָפּט אויך אף מאָטאָציקלען צי אף אווטאָמאשינעס, געוואָרפן זיך ריינמאכן דעם וועג, ארײַנגעטראָטן אין א קורצן, פארביטערטן געפעכט מיטן סוינע. עס האָט געטראָפן, אז די היטלעראָווצעס האָבן באשאָסן די וועגן פון הארמאטן אָדער מינענוואָרפער, דעמלט האָבן שוין אלע, אפילע די פּלייטים, אפגיך געגראָבן אָקאָפּעס, שוץ־שפּאלטן. פארלאָזט האָט מען זיי, ווי נאָר דער וועג איז געוואָרן פרײַ.

ס'איז קלאָר געוועזן, אז די דײַטשן, וואָס באוועגן זיך גאנץ שנעל צום בוג, האָבן ניט קיין איבעריקע קרעפטן אף צו פארנעמען זיך מיט יאסענעווס אָפּגעשניטענער גרופּע. און כוץ דעם, איז זי ניט איינע. שאפן זיי ערגעץ פון פאָרנט א פארצוימונג און באומרוּיִקן די אָפּגעשניטענע גרופּע דעריקערשט, קעדיי אויסקלאָרן איר פייִקײַט צו מאנעווּרירן, קעדיי אופדעקן אירע פײַער־מיטלען. יאסענעוו האָט געגלייבט, אז אים וועט געלינגען באצײַטנס אָנטאפּן, ווו יענע פארצוימונג געפינט זיך. דערפאר האָט ער געפירט א העפטיקע אויסשפּירונג אין אלע ריכטונגען, שטרענג מאסקירט יעדן הארמאט, יעדן קוילנוואָרפער, געפאָדערט פון די פּאָלקן און קלענערע טיילן, זיי זאָלן זײַן מאקסימאל באוועגלעך, שטענדיק גרייט צו אן אומדערוואַרטן שפּרונג אין א באליביקער ריכטונג און אויך צו א פעסטער שוץ.

באקומען די יעדיִע, אז אף מיזרעך איז דורכגעפאָרן דעם סוינעס א מאָטאָריזירטע קאָלאָנע, גענומען עס אין באטראכט צוזאמען מיט אייניקע אנדערע יעדיִעס, און טאקע אויך דערפאר, ווײַל עס איז שוין געבליבן סאכאקל עטלעכע שאָ ביז נאכט, ווען מע וועט זיך ווידער קאָנען א ריס טאָן פאָרויס (דערצו נאָך האָט זיך א ביסל אויסגעלײַטערט, אזוי אז עס האָבן זיך געקאָנט באווײַזן אויסשפּיר־עראָפּלאנען), האָט דער גענעראל יאסענעוו באפוילן פארנעמען א שוץ ארום א גרויסן ראטווירט־יישעוו און געבן די מענטשן א מעגלעכקײַט אָפּרוען.

דאניִעל, בוזולוק און די קאָמבאטן זײַנען ארויסגעפאָרן פאָרויס, קעדיי דורכפירן א קורצע רעקאָגנאָסצירונג לעבן אן אָפּגעזונדערטן ראטווירט־באצירק, ווו דער פּאָלק האָט געדארפט פאר־נעמען פּאָזיציעס. דאָ זײַנען געוועזן עטלעכע הײַזער פון סאמאן, געמויערטע שטאלן, ברינעמער — א גאנץ פּאסיק אָרט פאר די פעלד־קיכן, דעם מעדפּונקט און די אָבאָזן. אגעוו האָט אויך דער מעדסאנבאט פון דער דיוויזיע זיך אײַנגעאָרדנט דאָ, בעקיוון אף א געוויסן מעהאלעך פונעם צענטראלן יישעוו, און דאָס האָט צוגעצויגן אייניקע פורלעך מיט פּלייטים, אף וועלכע עס זײַנען געווען פארווונדעטע, ווײַל ווען נאָך, אויב ניט בייס מע שטעלט זיך אָפּ, קאָן מען בעטן א דאָקטער באטראכטן דעם געליטענעם, קריגן בא די מעדשוועסטער א ביסל מארליע, א רעפוּע?..

בא דאניִעלן איז דורך א געדאנק, אז עס קאָן זיך דאָ ערגעץ געפינען אויך די מאזשארע, אף וועלכער טשארנע פאָרט. אָפּגעשיקט בוזולוקן און די קאָמבאטן, זיי זאָלן פארקערעווען אהער דעם פּאָלק, האָט ער גענומען אומגיין צווישן די פורלעך, וואָס זײַנען פארפאָרן אין קוקורוזע־פעלד הינטער די שטאלן. אינגיכן האָט ער דערזען די באקאנטע מאזשארע — דערקענט די גרינע קאָלדרע, מיט וועלכער ס'איז געווען צוגעדעקט דאָס פארוווּנדעטע מיידעלע.

טשארנע און וויכאָרעווס ווײַב, מאריִע, זײַנען אף די שפּיץ פינגער געזעסן בא א טשאדענדיק שײַטערל, עטוואָס אין א זײַט פון דער מאזשארע, און מיט א לעפל געפּרוּווט עפּעס א מײַכל, וואָס האָט זיך געקאָכט אין א טשוהון.

— איך מיין, עס איז שוין פארטיק, — האָט מאריִע געזאָגט און איבערגעגעבן דעם לעפל טשארנען.

טשארנע האָט ביזן דנאָ א מיש געטאָן אין טשוהון, ארויסגעצויגן א פול־אָנגעשעפּטן לעפל הירזשענע קאשע און א בלאָז געטאָן אף דעם. דאניִעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, גערירט פון אָט דעם אומהיימלעכן און דאָך פרידלעכן בילד. ס'האָט אים אויך דערפרייט, וואָס וויכאָרעווס פרוי איז א ביסל געקומען צו־זיך.

די פרויען, וועלכע האָבן אין דעם אלגעמיינעם רויש ניט געהערט זײַנע טריט, האָבן מיטא־



מאָלביידע זיך געגעבן א קוק אום, ווען די טריט האָבן זיך איבערגעריסן. בא טשארנען האָט דער לעפל א ציטער געטאָן אין האנט, נאָר זי האָט פּאַרט גענומען אין מויל דאָס ביסל ניט אויס־געבלאָזענע קאַשע, פון וואָס איר פּאָנעם האָט זיך א צוק געגעבן און טרערן האָבן זיך באוויזן אין די אויגן. וויכאַרעווע האָט, ניט אופהייבנדיק זיך, צוריקגעהאלטן באגריסט זיך מיט דאניִעלן, נאָר לויט דעם, ווי זי האָט אופמערקזאם אים באטראכט מיט אירע בלויע אויגן, פארצויגענע ווי מיט א הײַבל טרויער, האָט ער פארשטאנען, אז זי האָט אים איצטיקס מאָל ניט נאָר דערקענט, נאָר אז עפּעס האָט שוין טשארנע איר דערציילט וועגן אים. און דאָס איז אים געווען אומאָנגענעם.

טשארנע איז אופגעשטאנען שטארק א צופרידענע, כאָטש זי האָט איר פרייד באמיט זיך צוגעבן דעם אויסדרוק פון געוויינלעכער גאסטפרײַנטלעכקײַט.

— אהא, ער האָט מאזל, דער מאיאָר, — האָט זי געזאָגט, דערלאנגענדיק דאניִעלן די האנט, — באלד וועט ער בא אונדז פארזוכן א קאַשע, וואָס קיין איין מאנצבל וועט אזא ניט אָפּקאָכן.

— געדארפט איליושען ברענגען אהער! — האָט וויכאַרעווע זי אונטערגעהאלטן.

— איך מיין, ער וועט דאָ באלד זײַן.

דאניִעלן האָט פארוואונדערט, וואָס די פרויען וויסן ניט די סיבע, איבער וועלכער מע האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָר באלד האָט ער א טראכט געטאָן, אז די קלוימערשטע זאָרגלאָזיקײַט זייערע קאָן קומען אויך פון באזונדערן פרויען־טאַקט, וואָס זאָגט זיי אונטער, אז ס׳איז ניט קעדײַ שווע־רער מאכן זײַן געמיט — דעם געמיט פון איינעם פון די, אונטער וועמעס שוץ מע געפינט זיך. און טאקע ווײַל דאניִעל האָט אזוי א טראכט געטאָן, האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אפן קלעצל באם שײַטער, באהערשט פון א שווערער שטימונג, וועלכע ער האָט ביז איצט געהאמעוועט.

ער האָט געפרעגט, ווי פילט זיך דאָס פארוואונדעטע מיידעלע.

— נישקאָשע, בעסער א ביסל, — האָבן מאריִע און טשארנע געענטפערט אין איין קאָל.

— ווי רופט מען זי? זשעניע, דוכט זיך?

— זשעניע.

— און ווו איז די קלענערע?

— אניוטע איז מיסטאמע פון יענער זײַט שאָפע. וואסיע פארווײַלט זי.

דעם שמועס האָט אונטערגעהאַלטן בלויז טשאַרנע, דערבײַ האָט זי געוואָרפֿן אַף דאַניעלן בליקן, וואָס האָבן גאָר עפּעס אַנדערש געזאָגט און גאָר עפּעס אַנדערש געפֿרעגט. זי האָט זיך היפּש געענדערט, איצט האָט ער עס בעסער געזען. נאָר פּאַרט איז זײַער פּיל אין איר געבליבן פֿון דער פֿריִערדיקער טשאַרנע.

דאַניעל האָט דערלאַנגט פֿון זײַן לעדערנעם טעשל עטלעכע קוביקלעך קאַקאַאָ־קאָנצענטראַט אין זילבערנע פּאַפּירלעך און געגעבן זיי מאַריען — פֿאַר די מיידעלעכס וועגן. איין קוביקל האָט ער אַליין אוועקגעטראָגן זשעניען. זי האָט גענומען די מאַטאָנע אָן פֿרייד, בלויז טרויעריק געזאָגט „אַ דאַנק", נאָר אין אירע שוואַרצע אייגלעך האָט אַ גלאַנץ געטאָן אַ שטראַל פֿרייד, און דאָס האָט טיף גערירט דאַניעלן.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט צום שײַטער, איז פֿון הינטער דער שאָפֿע אַרויסגעלאָפֿן אַניוט־קע מיט נאָך ניט קיין אָפּגעבליטער קליינינקער זונרויז אין האַנט. נאָך איר איז הינקענדיק, די בײַטש פֿאַרשטעקט, מײַסע דערוואַקסענער, הינטערן רימען, נאָכגעגאַנגען וואַסיע. דאַניעל האָט דאָס מיידעלע גענומען אַף די הענט, באַ איר אין הענטל אַ שמעק געטאָן די זונרויז. וויכאָרעווע האָט פּלוצעם, ווי דאַניעלן האָט זיך געדוכט, מיט אייפֿער און אומרו אין די אויגן, צוגענומען באַ אים אַניוטקען און איז אוועק מיט איר צו דער מאַזשאַרע — אָפּגעבן די זונרויז דער שוועס־טערקע. וואַסיע האָט מיט דער פּוזשעלע אַרויסגעשאַרט אַ קויל פֿון שײַטער, פֿאַרייכערט, — צוליב דעם האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַלע פֿיר, — אויסגעשטרעקט דעם לעדערנעם קיסעט מיט מאַכאָרקע צו דאַניעלן, און, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מאַיאָר רייכערט ניט, איז ער מיט קוים באַהאַלטענער אַנטוישונג אַפֿן קײַלעכדיקן פּאָנעם אוועק צו די שכייניש פֿורן.

דאַניעל איז געבליבן אַליין מיט טשאַרנען באַם שוואַכן פֿײַער.

— ווי קומסטו אַהער, אַף די דאָזיקע וועגן? — האָט ער געפֿרעגט.

— הם, — זי האָט טרויעריק און העפֿקערדיק אַזוי אַ שמוך געטאָן, — איך בין דאָך די לעצטע צײַט געווען אַ קעשענעווער...

דער טאָן, מיט וועלכן זי האָט דאָס געזאָגט, האָט אים געצווונגען זיך אָנשפּיצן.

— דער מאַן האָט מיך דאָרט געלאָזט.

— און אַליין איז ער ערגעץ אוועקגעפֿאָרן?

— אוועקגעפֿאָרן...

עפּעס האָט טשאַרנע ניט דערזאָגט, אַוודע זײַער ביטערס. דאַניעלן האָט פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט ביכלאַל זי אָפּגעזוכט אין אָט דער שווערער שאָ.

— האָסט, דוכט זיך, געהאַט אַ קינד?

— פֿערצן יאָר אַ ייִנגל, שוניע, נאָר ווער ווייסט, וווּ ער איז איצט...

— אוועקגעפֿאָרן מיטן טאַטן?

דאַניעלן איז געווען שטאַרק ניט אָנגענעם, וואָס ער שטעלט די דאָזיקע פֿראַגן, נאָר ניט פֿרעגן, שווײַגן, האָט אים געדוכט, איז נאָך ערגער. טשאַרנע האָט געמאַכט לאַנגע און שווערע פּאַוזעס. איצט האָט זי בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַף „ניין". אירע שוואַרצע אויגן האָבן אויסגעדריקט פּײַן.

— ער איז אין ליובאַטש, באַ מײַן מאַמען, — האָט זי ענדלעך געענטפֿערט.

— באַ אונדז אין דער היים?! איך בין דאָך דאָרט געווען עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע!

טשאַרנע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— און האָסט גאָרנישט ניט געהערט? האָסט אים ניט געזען?

— איך בין דאָרט געווען עפּשער איין שאָ. געוואָלט מיטנעמען די מאַמע, נאָר זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿאָרן.

טשאַרנע האָט צוגעטראָגן ביידע הענט צום פּאָנעם און אַ מינוט געזעסן אַזוי אַ פֿאַרגלי־ווערטע.

— נו, יאָ, — האָט זי טרויעריק געזאָגט, — די מאַמע האָט דיר מיסטאָמע גאָרנישט ניט דערציילט, ס'איז ניט די צײַט... אָך, ווען דו זאָלסט אים געווען מיטנעמען, שוניען, כאָטש וווּהין־ניט־איז!..

ער האָט זי באַטראַכט, ווי זי איז געזעסן אײַנגעבויגן לעבן רויכיקן פֿײַערל. אירע געדיכטע קוטשעראַווע האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון אונטערן טיכל, האָבן פֿאַרהיט דעם אָמאָ־ליקן טונקעלן גלאַנץ. די עטוואָס פּולבלעכע, רונד געוואָרענע אַקסלען, אײַנגעצויגענע אינעם שטויביקן שוואַרצן זשאַקעט, די פּלייצע — אַלץ האָט אײַנגעהיט די שטײַפֿע שלאַנקײַט. ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וועכעזשבן, האָט ער זי באַטראַכט זײַער אופֿמערקזאַם, און ווען ער האָט זיך אַליין געכאַפּט דערבײַ, האָט עס אים שטאַרק פֿאַרדראָסן. ער האָט שוין געוואָלט זאָגן טשאַר־

נען, אז ער ווייסט ניט, ווו אָלגע און נאטאשע זײַנען, נאָר זי האָט פּונקט צוגענומען די הענט פון פּאָנעם, א מאָדנע בלאסן און קאלטן, א קוק געטאָן אים גלײַך אין די אויגן און פעסט ארויס־גערעדט:

— איך בין זיך צעגאנגען מיטן מאן, ער איז געווען... נו, מיילע, דאָס איז ניט פאר מיר קיין מענטש.

— שוין לאנג?

— געצויגן האָט זיך עס לאנג, נאָר געשען — הײַנטיקן פרילינג. לאָמיר דערפון ניט רעדן. איך האָב עס דיר בלויז געזאָגט, דאניל, זאָלסט מיך פארשפּאָרן פרעגן.

זי האָט גענומען קוקן אין א זײַט, אפן שליאך, ווו פורלעך זײַנען געפאָרן און עטלעכע פוס־גייער האָבן געשפּאנט. אירע ברעמען האָבן זיך שטרענג צונויפגעצויגן, די לעפלעך פון דער גלײַכער נאָז האָבן געציטערט. דאניִעל האָט פארשטאנען, אז איצט, ווען זי האָט אים געזאָגט דאָס שווערסטע, וועט זי מער ניט דערציילן גאָרנישט, יעדנפאלס — ניט הײַנט. ער וואָלט דארפן אוועקגיין, עס וואָלט עפשער פאר איר אויך לײַכטער געווען. אָבער מע דארף איר זאָגן עפּעס טרייסטנדיקס, כאָטש, ווערדליק אירע איבערלעבונגען, האלט זי זיך אויסגעצייכנט. און עפשער דערציילן וועגן זיך? נאָר צוליב וואָס? מיט אן אומגליק טרייסט מען קיין אומגליק ניט. טשארנע האָט אָבער אליין געפרעגט:

— און וואָס מאכן דײַנע? אָלגע, און די טאָכטער — נאטאשע, דוכט זיך? האָסט זיי מיס־טאמע ערגעץ ארויסגעפירט? — אין איר קאָל האָט קוים־קוים זיך געהערט קינע.

דאניִעל האָט אָפּגעווענדט די אויגן אין א זײַט:

— דערווײַל האָב איך נאָך פון זיי קיין שום ידיעס ניט...

מע האָט געשוויגן א מינוט. טשארנע האָט דערפילט די שווערקײַט, וואָס האָט אים געדריקט. זי האָט שטיל געזאָגט:

— און דאָ — וואָס? מיר זײַנען ווידער אין ארומרינגלונג?

— מיר קלאָרן אויס. נאָר עס זײַנען דאָ קויכעס אָף זיך דורכשלאָגן.

— נו, נו, דאניל, אז דו זאָגסט, ווייסטו...

ער איז אופגעשטאנען. זי — אויך.

— ווייסט עפשער טאקע פארזוכן אונדזער קאשע? — האָט זי פארגעלייגט.

דאניִעל האָט זיך אָפּגעזאָגט.

טשארנע איז אים אוועק באגלייטן. וויכאָרעווע האָט פון דער מאזשארע א שאָקל געטאָן צו אים מיטן קאָפּ, און אניוטע, וועלכע איז געזעסן לעבן איר, האָט אויסגעשריגן:

— זאָל דער פעטער איליא קומען, דער פעטער איליא! מאריִא אנטאָנאָוונא וויל אויך, ער זאָל קומען!

באם ראנד פונעם קוקורוזע־פעלד, ווו דאניִעל האָט זיך געזעגנט מיט טשארנען, האָט ער דערזען, אז עס פארקערעוועט אהער פון וועג דעם גענעראלס מאשין. טשארנע איז אוועק. די מאשין האָט זיך אָפּגעשטעלט באַ איינער פון די שטאלן, ווו ס'איז געווען דער מעדסאנבאט, און עס זײַנען ארויס דער אדיוטאנט סאָכא, נאָך אים, גאנץ שווערלעך — יאסענעוו. דאניִעל האָט זיך געלאָזט צום קאָמדיוו און מיטאמאָל באמערקט, אז יענעמס צוגעזשמורעטע אויגן קוקן איבער אים: זיי באגלייטן טשארנען.

— ווער איז דאָס? — האָט דער גענעראל געפרעגט, ווען דאניִעל איז שטיין געבליבן אנט־קעגן אים.

דאניִעל האָט געענטפערט אן ערעך דאָס זעלבע, וואָס ער האָט נעכטן געזאָגט וויכאָרעוון. אין יאסענעווס גרויע אויגן מיט אויגן־לעפלעך, אָנגעבראקנעטע פון ניט־דערשלאָפן, האָט א רעגע פאר דעם געלויכטן אן אופגעלעבט פײַערל, איצט האָט עס אזוי ווי א צאנק געטאָן; אָף זײַן מור־טיקן פּאָנעם האָט שארפער זיך אָפּגעשפּיגלט מידקײַט און זאָרג, ווײַל צו דעם אלעמען האָט זיך צוגעמישט א שאָטנדל פון אנטוישונג.

— א יוגנט־כאַווערטע? — האָט ער איבערגעפרעגט און מיטאמאָל א שמייכל געטאָן כיטרע, נאָר אײנצײַטיק אויך אזוי ווי טרויעריקלעך, א ווונק געגעבן צו סאָכא: — זעסט, ווי עס גליקט א מענטשן — א יוגנט־כאַווערטע... איך האָב זי שוין א פּאָר מאָל דאָ געזען, אין צווייטן עשעלאָן... נו, מיילע.

דאניִעל האָט אָפּגעמערקט באַ זיך: „א פּאָר מאָל געזען". נאָר ער האָט זיך באמיט צוהערן דערצו, וואָס דער גענעראל רעדט, און די געדאנקען וועגן טשארנען, דאָס, וואָס עס האָט אים פארטשעפּעט צי בלויז פארכידעשט, אָפּרוקן ערגעץ ווײַטער, טיפער.

יאסענעוו האָט געזאָגט:

— איך האָב געזען, דײַן פֿאָלק ציט זיך אַהער. מירן זיך דאָ לאַנג ניט פֿאַרהאַלטן, עפּשער ביז אָפּדערנאַכט, נאָר גראָבן זאָל מען ווי עס באַדאַרף צו זײַן... ווי עס באַדאַרף צו זײַן... האָסט געהערט, מאַיאָר, א וועלכן פֿויגל די אויסשפּירער האָבן געפּאַקט? אַך, יאָ, דאָס זײַנען דאָך טאַקע דײַנע אויסשפּירער. דעם קינפּטיקן ניקאָלײַעווער פּאָליציי־נאַטשאַלניק האָט מען געפּאַקט מיט אַלע זײַנע מאַנדאַטן... א בערלינער, און די פֿאַמיליע איז א רוסישע, האַ? זאַגאָרויקאָ האָט געפּרוּווט מיט אים א רעד טאָן, שווײַגט ער. איך וויל, מע זאָל מיר איבערבינדן די וווּנד. קום, מאַיאָר, דאָ ליגט ער...

7 א סאַך מאָל זײַנען קוילן און שפּליטערס געפֿאַלן אַרום סערגיי איוואָלגינען, נאָר בלויז הײַנט איז אים לײַכט פֿאַרווונדעט, און ער האָט, ווי יעדערער, ווער עס באַקומט צוערשט א לײַכטע וווּנד, געהאַלטן, אַז ס'איז זײַנס א באַזונדער גליק, וואָס וועט שוין גילטן אויך אויף ווײַטער. די פֿרייד האָט פֿאַרפֿלייצט איוואָלגינען — ער איז טאַקע ניט פֿון די שרעקעוודיקע, נאָר וואָס וואָלט געווען, ווען די קויל טרעפֿט עטוואָס נעענטער, צווישן די ריפּן, צי גאָר אין האַרץ? און וויפֿל האָט די ווערט דאָס, וואָס מע האָט געפּאַקט דעם, וועלכער האָט אין אים געשאָסן, און וואָס זײַן קויל, איוואָלגינס (נו, אוודאי זײַנע, ניט עמעצנס אַנדערש), האָט יענעם באַלד דורכגעלעכערט דעם אַקסל?

דער־אָ מיט די וואָנציעלעך, מיטן אײדעלן פּאָנעם און מיט די דינע פֿינגער פֿון א פּיאַניסט צי פֿון א קאָרטנשפּילער האָט דאַפּקע אויפֿגעהערט שווײַגן, ווי נאָר מע האָט זיך דערוווּסט פֿון די אויסשפּירער, און גענומען רעדן צו איוואָלגינען גאָר מעשונעדיקע — מעשונעדיקע? — גאָר פּרעכע, עקלדיקע רייד. ער, דער יעפֿרייטאָר, זאָל, הייסט עס, בעסער פֿאַרקערעווען די בריטשקע צוריק, אויפֿן בערעסטאָוועקער טראַקט, ווײַל אַלציינס וועט ער בא די סאָוועטן פֿאַרפֿאַלן ווערן. דאָרטן, אויפֿן טראַקט, ווי נאָר מע וועט אַריבער צו די דײַטשן, וועט זיך אָנהייבן זײַן גרויס גליק: געלט, ראַנג, א שטעלע, וואָס האָט זיך אים אַפֿילע קיינמאָל ניט געחלומט. און אויב ער וועט זיך ניט וועלן מישן אין דער מילכאָמע, איז אַדרבה, זאָל ער זיך לעבן שאַ־שטיל. סערגיי האָט גאָרנישט ניט געענטפֿערט, אַפֿילע זיך ניט אויסגעצידלט. ער האָט בלויז אָפּגעשטעלט די בריטשקע און פֿעסט געבונדן דעם דאָזיקן פֿויגל די פֿיס, דערנאָך — די הענט. יענער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ריידן מער איז ניטאָ וואָס, און שוין געשוויגן, ביז מע איז געקומען אין דער דיוויזיע.

פֿרייד האָט ממש געשפּרודלט אין איוואָלגינס האַרץ, ס'האָט זיך אים געוואָלט טאָן גוטס מענטשן, און דעריקערשט איינעם, דעם לייטענאַנט ראַזשטשעפּקין, און אַזוינס, אַז עס זאָל אויך אים, סערגייען, זײַן גוט דערפֿון. וואָס זשע האָט זיך אים געוואָלט? אַז ליובע דובאָק, דאָס מיידל מיט די אַשיק־בלאָנדע צעפּ, פּונקט ווי לעוואָנע־שײַן זאָל פֿאַלן אויף ווייצענע זאַנגען, — געוויינלעך זעט מען זיי ניט, די צעפּ, באַהאַלטענע אונטער דער גרינער קאַסינקע, מער ניט די צעטריפּעטע שפּיציקלעך זייערע באַמבלען זיך אויף דער שמאָלינקער, שלאַנקער פּלייצע, — ליובע מיט דער שוואַכער ראָזקײַט אין די צוגעברוינטע באַקן, מיט די פֿרישע, באַטאַמטע ליפּן, וואָס אָט שמייכלען זיי יאָ און אָט שמייכלען זיי ניט, און פּונקט דאָס זעלבע איז אויך מיט די קאַרע אויגן — זיי שיקערן דיך, דוכט זיך, נאָר ניכטערן דיך באַלד אויס, — ליובע זאָל זען, וואָס דער לייטענאַנט ראַזשטשעפּקין קען, און טאַקע אויך, וואָס ער, איוואָלגין, קען...

נאָר פֿאַרוואָס ווילט זיך אים אַזוי באַגעגענען ליובע דובאָק? ער האָט שוין, אייגנטלעך, ניט איין מאָל געזען ליובען, און אַלע מאָל קוקט זי עפּעס ווי פֿאַרבײַ אים און עס מאַכט זיך ניט קיין געלעגנהײַט אויסרעדן מיט איר א וואָרט. אים, סערגייען, גיט זיך עס בעשום־אויפֿן ניט אײַן, כאָטש געוויינלעך פֿאַרטראַכט ער זיך ניט שטאַרק, ווען עס ווילט זיך אים כאַפּן א שמועס מיט א מיידל. קיין שטומער איז ער ניט, און קיין לאָמער אויך ניט... וואָס זשע פּאַרט שטעקט אין איר אַזוינס, אין אָט דער ליובע? פֿאַרוואָס האַלט פֿון איר אַזוי סירגולי? און צי האָט זי טאַקע אָפּאַנעמעסן ליב ראַזשטשעפּקינען, און ראַזשטשעפּקין — זי, אויב מע איז אַזוי צוריקגעהאַלטן בײַס די באַגעגענישן? ער, סערגיי, איז דאָך עפּעס א מיוון...

זײַן פֿרייד איז שוין א ביסעלע פֿאַרשטערט געוועזן פֿון אָט די געדאַנקען, ווײַל ער האָט אין פֿלוג אַפֿילע ניט געקאָנט באַנעמען, פֿאַרוואָס זיי דרייען זיך ביכלאַל אין קאָפּ און קאַלופּען אַזוי דאָס האַרץ.

איידער זיך נעמען זוכן אין די פֿאַרבײַגייענדיקע קאָלאָנעס דעם שטאַב פֿון פּאָלק צי פֿון דער דיוויזיע, קעדיי אָפּגעבן דעם געפֿאַנגענעם, איז ער צוגעפֿאָרן מיט דער בריטשקע צוערשט צו דער קאָלאָנע אויטאָבוסן, פֿורלעך און פֿורגאָנען פֿון מעדסאַנבאַט, אָפּגעזוכט דעם שעף — א גרוזין א גוואַר — און געבעטן אים, אַז עמעצער זאָל טייקעף איבערבינדן דעם געפֿאַנגענעם, ווײַל די נעשאָמע קאָן פֿון אים אַרויספֿליִען. און ביז א פֿעלדשער מיט א יונגינקער מעדשוועסטער האָבן

אין א זײַט פון וועג, אונטער א ראקיטע, געפּאַרעט זיך אַף דער בריטשקע מיטן „פויגל“, איז איוואַלגין אַף זײַן אָפּגערוטן קאָרן זיך א פּאָר מאָל דורכגעפּאָרן הין און צוריק לענגויס דער קאַלאַנע פון סאנבאט, נאָר ניט געפונען די, וועמען ער האָט געזוכט. ווער ווייסט, וווהין זי האָט זיך פארשטעקט, ליובע, עפּשער דרעמלט זי ערגעץ אַף א מאשין צי אַף א פורגאָן, צווישן די צונויפגעוואַלגערטע מאטראצן און פעק מיט גרעט, און עפּשער זיצט זי דאָרט צווישן די כאווערטעס און הערט פארשיידענע געשיכטעס? וועסט דאָך ניט נעמען זיך נאָכפרעגן אַף איר, ווײַל וואָס, אויב מע רופט זי פּלוצעם ארויס, וואָס וועט ער איר זאָגן? איבערגעבן א גרוס פון ראזשעפּקינען? א גוט־העלף, איך בין אײַער גלידגעשוועסטערקינד?..

פונדעסטוועגן איז בא אים, בא איוואַלגינען, נאָך געבליבן א געלעגנהײַט אראָפּכאַפּן זיך ווידער אין מעדסאנבאט פארנאכט, ווען מע האָט זיך אָפּגעשטעלט באם ראטווירט־יישעוו: ער איז דאָך עפּעס אַליין אויך א פארוואונדעטער! ער האָט טאקע ניט געמאכט קיין צימעס פונעם דראַפּ. אָפּגעגעבן דעם געפאנגענעם, וווהין מע דארף, האָט ער ווידער אוועקגעשמיסן אין סטעפּ צו ראזשעפּקינען און צו די כאוויירים, נאָר ווען מע האָט זיך בעשאָלעם אומגעקערט אַלע און אוועקגעוואַלגערט זיך, ווי די סנאָפּעס, אין עפּעס א סאַד, האָט ער שטילערהייט ארויסגעפּויזעט פון צווישן די כראָפּענדיקע סירגולי און זאַלאַטאַ און איז אוועק...

אין סאנבאט איז די ארבעט גראָד געווען אין פולן ברען: מע האָט אָפּערירט די שווער־פארוואונדעטע, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פאַרן טאָג, די כירורגן האָבן געארבעט אין א קאָנטאָרל לעבן די שאָפּעס. די פאוונדעטע האָט מען אָדער געפירט אהין אונטער די הענט, אָדער געבראַכט אַף טראָגבעטלעך. איוואַלגינען האָט פאַרלויפיק באקוקט א באיאַרטער פעלדשער. אפילע ניט אָפּגעריסן די מארליע, וואָס איז צוגעשטאנען צו דער וווּנד, און געזאָגט: „ווּעסט צוווארטן“.

סערגיי האָט אים שיר ניט באדאנקט דערפאַר. איצט האָט ער געהאַט די פולע רעכט זיך אומדרייען דאָ וויפל דאָס הארץ גלוסט, אריײַנקוקן, וווהין ס'וועט אים נאָר א צי טאָן. ליובע איז ערגעץ פארפאַלן געוואָרן. מיסטאמע איז זי איצט פארנומען ביז איבער די אויערן. נאָר נישקאָשע — מע האָט אים דאָך געהייסן וואַרטן... ער וואָלט גאָר וועלן, סערגיי, אז ליובע זאָל אים איבערבינדן, כאָטש עס פארכאַפּט אים אזש דעם אָטעם פון אזא דרייסטקײַט און אזא אזעס. אזעס? און פארוואָס זאָל ער דאָס טאקע ניט וועלן?

ס'האָט בא איוואַלגינען זיך אָפּגעזוכט נאָך א טערעץ זיך צו פארהאַלטן דאָ: אָמעלקע גודז, א לאַנגאָנעדיקער כאווער זײַנער פון דער ראָטע אווטאָמאטלער, ווו ער האָט פריִער געדינט, איז פארוואונדעט אין ביידע פיס און ליגט אַף א פורל לעבן עפּעס א קליינעם אווטאָבוס. אָמעלקע איז אויסער־זיך: „טאָמער וואָס, איז כאָטש נעם און פויזע“, — זאָגט ער, און איוואַלגין פארשטייט אים גוט: מע איז דאָך ארומגערינגלט, אַלץ קאָן געשען. אָמעלקע איז שוין נאָך דער אָפּעראַציע, מע האָט ארויסגעשלעפּט די שפּליטערס און געגעבן זיי אים אין א שטיקעלע מארליע — אַף אָנדענק. איינס האָט געטרייסט אָמעלקען: דער גענעראַל יאסענעוו איז דאָ ערשט־אָ דורכגעגאנגען, גערעדט מיט די פארוואונדעטע, מיט אים אויך. „ערשטנס, וועלן מיר זיך דורכרייַסן, — האָט דער גענעראַל געזאָגט, — צווייטנס, האָבן מיר דורך ראַדיאָ זיך פארבונדן מיט די, וואָס זײַנען פון יענער זײַט, און מע זאָגט אונדז צו עטלעכע „קוקורוזניקעס“ אַף ארויספירן די שווער־פארוואונדעטע“.

— איך מיין, אז מיך מיט די דורכגעשאָסענע פיס קאָן מען טאקע עוואַקויִרן, — האָט אָמעלקע ווי געבעטן בא סערגייען, ער זאָל עס באשטעטיקן.

איוואַלגין האָט אים געוואָלט ענטפערן, נאָר דערהערט דעם גענעראַלס באַסאָווע שטים — זי האָט זיך דערטראָגן פונעם אווטאָבוס, ווו דאָס טירל איז געווען צעפּראַלט.

— דער קאָמאַנדיר איז דאָרט? — האָט איוואַלגין געפרעגט.

— יאָ. און א מאיאָר אויך, דער קאָמאנדיר פון דײַן פּאָלק.

— וואָסי?

— ווייסט דען ניט, וואָס פאר אן אווטאָבוס דאָס איז? — האָט אָמעלקע זיך א קרים געטאָן. — איינער ליגט דאָרט א „סאמאָסטרעל“ — אַליין זיך צעקאַליעטשעט. און נאָך איינער — א געפאנגענער, א דײַטש צי א רוסישער, ווייסט אים דער טײַוול.

— דאָס האָב איך דאָך אים געבראַכט! — האָט איוואַלגין א כאַפּ געטאָן דעם כאווער פאר דער האנט. — אנו, שווײַג א ווײַלע!..

איוואַלגין איז אַף די שפּיץ פינגער אריבער אַף דער צווייטער זײַט פונעם וואָגן, קעדיי זײַן נעענטער צום טירל פון אווטאָבוס.

— ... א פּאַטריאָט איז ניט דער, וועלכער קומט מיט פרעמדן מיליטער אין דעם לאַנד, וואָס ער רעכנט פאר זײַן אייגנס!

„דער מאיאָר קרעמעז“, — האָט איוואַלגין דערקענט.

— כאַ! דעם גענעראַל שיבײַעווס זון! נו, נו, דער פֿאָטער איז אַן אופֿזעער אָפֿן בערלינער היפּאָדראָם, און דער זון — טפֿו! א פּאָליציי־נאַטשאַלניק, א הענקער... א לאַגישער סאַכאַקל... ווער עס רײַסט זיך אָפּ פֿון זײַן לאַנד, דערקײַקלט זיך!..

„יאַסענעוו", — איוואַלגין האָט דערלאַנגט די בײַטש, וואָס איז ארײַנגעשטעקט געווען אין שטרויי אַף א וואָגן (דער אָנטרײַבער איז ערגעץ אַוועק), דורכגעטריבן א פּאַוט, וואָס האָט דער־קוטשעט דעם פֿערד, מאַכמעס וואָס עס האָט געטרייסלט מיטן קאָפּ, געשמיסן מיטן עק און גע־שטערט הערן.

ניט קיין הויכע שטים, עס פֿילט זיך: דער מענטש שטרענגט אָן אַלע קויכעס, זי זאָל קלינגען רויק. נאָר ער קאָן באַלד, די מינוט, אויסברעכן אין א היסטעריק:

— איר זײַט א גענעראַל, כאָטש א סאָוועטישער, האָב איך באַשטימט אײַך ענטפֿערן אַף די עטלעכע פֿראַגן. איך באַשטיי אָבער דערויף, איר זאָלט ניט געבן קיין אָפּשאַצונג ניט מײַן אופּי־רונג, ניט, נאָך מער, מײַן טאַטנס — מײַן טאַטנס, באַ וועלכן איר זײַט אַמאָל, ווי איר זאָגט אַליין, געווען א רײַטער. און ביכלאַל וועל איך ווידער שווײַגן, שווײַגן ביזן סאָף. איך ווייס, וואָס מיך דערוואַרט, איז זאָל מען עס אָפּטאָן גיכער, אַפֿילע הײַנט. און היילן דאַרף מען מיך ניט. הומאַ־ניזם צו דעם, וועמען עס וואַרט א שטריק, זעט אויס לעפּיש... שיקט בעסער די, וואָס וועלן מיך פּײַניקן, גענעראַל, שווײַגן וועל איך שוין ווי־ניט־איז קאָנען!

יאַסענעוו:

— געוואַקסן, געוואַקסן אין דער פֿרעמד, ווי א בודזיאַק אַף א סמיטניק, און שרעקט: איך בין א שטעכיקער... מע ווייסט שוין: א בודזיאַק איז שטעכיק. קיינער קלײַבט זיך אײַך ניט פּײַ־ניקן, נאָר וואָס עס וואַרט אײַך געוויס, דאָס איז — טריבונאַל. מעגלעך, אַז זײַן וועט עס ערגעץ נעענטער צו ניקאָלײַעוו, וווּהין איר זײַט ניט דערפֿאָרן, צי אין ניקאָלײַעוו גופֿע, צי ווײַטער...

— ניט דערפֿאָרן! ווען איר האָלט בעסער מילכאָמע, ווען איר לויפֿט ניט אַזוי, וואָלטן די דײַטשן אויך אונדז, די עמיגראַנטן, מער געאַכטעט...

— פֿאָלט, הייסט עס, די פּרײַז אײַערע? מע קאָן זיך אויך אָן אײַך באַגיין, מע פֿירט אײַך בלויז אַף יעדן פֿאַל אין אָבאָז? אַזוי? אַף יעדן פֿאַל?

שטיל.

קרעמעז:

— דערלויבט, כאָווער גענעראַל־מאַיאָר. איך וואָלט וועלן, ער זאָל זאָגן, וועלכע אינסטרוק־ציעס זײַנען דאָ בענעגייע דער ציווילער באַפֿעלקערונג.

— איך וועל אַף דער פֿראַגע ניט ענטפֿערן. איך בין מיד און וועל שווײַגן.

— אין ליסטאָפּאַדעווקע זײַט איר געווען?

— איך בין מיד און וועל שווײַגן.

ווען יאַסענעוו, קרעמעז און דער עלטערער לייטענאַנט סאָכאַ זײַנען ארויס פֿון אַוטאָבוס, האָט איוואַלגין זיך אויך געלאָזט גיין, נאָר דאָ איז אָנגעקומען ליובע דובאָק מיט א סאַך טערמאָ־מעטערס, ארײַנגעשטעקטע אין דער קעשענע פֿון דער גימנאַסטיאָרקע. זי האָט באַשעפּטיקט א קוק געטאָן אַף איוואַלגינען, פֿונקט זי זאָל אים לאַכלוטן ניט דערקענען, צוגעגאַנגען צו אָמעלקע גודזן און ארײַנגעלייגט אים א טערמאָמעטער אונטער דער פּאַכווע.

— און מיר? — האָט איוואַלגין פֿרײַלעך א ווונק געטאָן צום מיידל.

— איר זײַט א געזונטער.

— ניט אינגאַנצן, א ביסל א צעדראַפּעטער.

ליובע האָט ווידער אופֿמערקזאַם א קוק געטאָן אָפֿן אויסשפּירער. שוין, ווײַזט אויס, דער־קענט אים, צי עפּשער ערשט איצט דערלויבט זיך אים דערקענען, א שמייכל געטאָן:

— א דראַפּ וואַרט פֿון זיך אַליין פֿאַרטריקנט...

זי איז אַוועק צום אַוטאָבוס. דער סאָלדאַט, וואָס איז דאָרט געשטאַנען אַף דער וואַך באַם טירל, איז אָפּגעטראָטן אין א זײַט, קעדיי דורכלאָזן זי.

איוואַלגין האָט א רוף געטאָן:

— שוועסטערקע! שוועסטער!

— נו, וואָס נאָך?

— און די דאָזיקע וועט איר אויך מעסטן די היץ? — ער האָט באַוויזן מיט דער האַנט אָפֿן אַוטאָבוס. — איינעם האָב איך דאָרט דורכגעלעכערט דעם אַקסל!

— אַזוי? יאָ, איך וועל מעסטן.

— און מיט מאַנע־קאַשע וועט איר אים האָדעווען פֿון א לעפֿעלע?

— אויב ער וועט ניט קאָנען עסן, וועל איך האָדעווען.

איוואַלגין איז צוגעגאַנגען נעענטער צו איר און מיט אַ מאָדנעם טרויעריקן פּאַרוווּרף־שמייכל געזאָגט עטלעכע ווערטער, וועלכע ליובע האָט ניט גלײַך פאַרשטאַנען:

— אויב איר קאָנט פײַנט האָבן און זײַן אַ מענטש, שטעל איך זיך שוין פאָר, ווי שטאַרק איר קאָנט ליב האָבן...

דאָס מיידל האָט פאַרלוירן אַ קנייטש געטאָן מיט אַן אַקסל און איז אַוועק צום אויטאָבוס. נאָר פאַר דעם, ווי שטעלן אַ פוס אויפן טרעפּל, האָט זי ווידער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו איוואַלגינען און גוט אַזוי, דאַנקבאַר אַ קוק געטאָן אויף אים.

8 אַ בלעטל פּאַפּיר האָט אַ פלי געטאָן איבער דער אונטערגעוואַקסענער סטערניע און פּאַמעלעך געגומען פאַלן אין דער קאַנאַווע באַם וועג. אַ הויכער בודזיאַק האָט עס פאַרהאַלטן. פון סטעפּ, אויף וועלכן ס'האָט נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פאַרנעפּלטער הימל, האָט געבלאָזן אַ פאַרנאַכטיקער קילבלעכער ווינט. ער האָט אַ ריס געטאָן דאָס פּאַפּיר, אַ לענגלעך, צעקנייטשט צײַטונג־בלעטל, געטראָגן עס אַ ביסל באַם סאַמע וועג, דערנאָך אויפגעהויבן אינדער־לופטן. ס'איז אַראָפּגעפאַלן אין די זיך ווינגדיקע ווייצענע זאַנגען. דאָ האָט עס שוין געפּאַכעט מיט איין שפּיץ, ווי אַ פליגל פון אַ מעווע, וואָס כוואַליעס פאַרשטעלן זי.

אַ באַכער אין אַן אָפּגעטראָגענער מיליציאָנערישער אוניפאָרם, וועלכער איז מיט אַ קאַראַבין אויפן אַקסל געגאַנגען פאָרויס פון זײַנע דרײַ כאַווײרים, אָנגעטאָנענע אין רויטאַרמייִשע קליידער און אויך באַוואָפנטע, איז אַרײַנגעלאָפן אין הויכן ווייץ און געגומען דאָס צײַטונג־בלעטל.

— כעוורע! — האָט ער הויך אויסגעשריגן. — אַ גרוס פון אונדזער דיוויזיע... „פּראַוודאַ וואָינאַ"[1] — דאָס איז דאָך אונדזער דיוויזיאָנקע? איאָ?

— דערלאַנג אהער! — האָט אים פון וועג געענטפערט אַ הויכער רויטאַרמייער, באַ וועמען ס'האָבן, דורך דעם שטויב, וואָס האָט פאַרפּאָראָשעט זײַן לענגלעך פּאָנעם, זיך געזען שיטערע שטופּלען. — אַ פרישע?

— אַ צאַפּלדיקע! — דער מיליציאָנעריש־געקליידטער האָט הויך אויפגעהויבן דאָס צײַטונג־בלעטל איבערן קאָפּ און זיך געלאָזט צום וועג. מע האָט אים אַרומגערינגלט. איינער, אַ נידעריקער, געזעצטער, מיט אַ קרעפּטיקן, אַרויסשפּאַרנדיקן ברוסטקאַסטן, האָט קלוימערשט רויִק, אפילו שטרענג — נאָר אין די ברייט פאַנאַנדערגעשטעלטע גרינלעכע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ נײַגעריקער גלאַנץ — געגומען דאָס בלעטל באַם מיליציאָנער און געזאָגט:

— מע דאַרף אַ לייען טאָן! קומט צו יענער קאָפּיצע.

דרײַען האָבן זיך אײַנגעאָרדנט הינטער דער קאָפּיצע, אַזוי, אַז מע זאָל זיי פון וועג ניט קאָנען באַמערקן. איינער, מיט שוואַרצע, דיקלעכע וואָנציעס (דער, וועלכער האָט געגומען דאָס צײַטונג־בלעטל, האָט אים אָנגערופן קאַליניטשענקאָ), איז אַרופגעקראָכן אויף דער קאָפּיצע, אויף די עלנבויגנס זיך אונטערגעצויגן ביז איר ראַנד — ער האָט אַכטונג געגעבן אויפן וועג.

געלייענט האָט דער געשטופּלטער. קאַליניטשענקאָ האָט, ניט אָפּווענדנדיק די אויגן פון וועג, אַ בעט געטאָן:

— העכער, רוסלאַנו, איך וויל דאָך אויך הערן... וואָס שרײַבט מען דאָרט עפּעס? וועגן פּוילן גאָר?

— וועגן פּוילן — אַ ביסעלע אַ פאַרעלטערטע מיטיילונג, נאָר די צײַטונג איז פון אייער־נעכטן. אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער פּוילישער רעגירונג וועגן געמיינזאַמען קאַמף קעגן די דײַ־טשישע פאַרכאַפּער.

— מיט פּוילן? — האָט קאַליניטשענקאָ אַלץ ניט פאַרשטאַנען.

— נו, פּוילן, הערסט דאָך — פּוילן! — האָט דער געזעצטער, וואָס איז געשטאַנען אויף די קני אין שטרוי, בייזלעך זיך אָפּגערופן.

— עס איז ווײַט פון אונדז, זעמליאַניצין... פּוילן, מיין איך, איז ווײַט געבליבן, — האָט באַמערקט דער געוועזענער מיליציאָנער.

— דאָס דאַרף איך דיר זאָגן, נעזשורקאָ, האָבן שוין באַטראַכט קליגערע מענטשן פון דיר. דו קוקסט אויף מיזרעך. טראַכטסט, ווי גיכער דעריאָגן די דיוויזיע און אופהערן זײַן עלנט, — גוט, מער פּאָדערט זיך פון דיר הײַנט ניט. די דיוויזיע, לויט ווי איך פאַרשטיי, וואָלט איצט אויך דאַרפן דעריאָגן כאָטשבי דעם פראָנט. אָט הוכקעט עס דאָרטן, אַרום דער דיוויזיע, ברודערקע ליבער... ביטער! — וואָלט שוין עמעצער געזאָגט. ע, נעזשורקאָ, און אונדז שטייט נאָך פאָר, לאָזט זיך אויס, ניט נאָר די דיוויזיע דעריאָגן, און די דיוויזיע דאַרף ניט נאָר פאַרייניקן זיך מיטן פראָנט, מע וועט זיך נאָך אומקערן, און ווײַט וועט מען דאַרפן גיין. אין פּוילן, אין טשעכיע, אין

[1] „דעם שלאַכטמאַנס עמעס".

רומעניע אפילע קוקט מען אף אונדז ארויס מיט האפענונג. מע גלייבט, אז דו ביסט שטארק, נעזשורקאָ, און מע וועט דיר העלפן, מיט וואָס מע קאָן, נאָר דו שטיי איַין אף די פיס, ווייל אויב דו וועסט פאלן, אויב מיר וועלן פאלן, איז די גאנצע וועלט מיט מענטשן — היטלערס קנעכט... אזוי, אזוי, ברודערקע ליבער, גייסט טאקע אף מיזרעך, דער אומגליק טרייַבט דיך, נאָר געדענקען געדענק וועגן מייַרעוו...

— מע קאָן שוין עפשער לייענען, זעמליאניצין? — האָט אומגעדולדיק געפרעגט רוסלאָוו.

— לייען, לייען...

— דאָ איז דאפקע פאראן א שיין אָרט אין אן ארטיקל, טאקע ווי פון נעזשורקאָס וועגן געשריבן. אין בעלגראד האָט מען אין דער נאכט אפן ערשטן אווגוסט פאנאנדערגעקלעפט פלוג־בלעטלעך אף די פלויטן: „זשיווויאַ לעניִן!“

נעזשורקאָ איז אף א זייַט געלעגן אין שטרוי, געביסן א גרעזל. זייַן פארברוינט פּאָנעם מיט די סטארטשענדיקע סקולעס, שטענדיק א פארשוויַטס און א פריילעכס, איז געוואָרן כמורנע, זייַנע בלויע אויגן האָבן באטריבט געקוקט אף די כאוויירים. מיטאמאָל האָט ער אויסגעריסן א בינטל שטענגלעך פון דער סטערניע, געפרווט אָפּטרייסלען די ערד פון די וואָרצעלעך. אונטערגעהויבן זיך העכער אפן עלנבויגן, האָט ער געזאָגט:

— איך פארשטיי דאָס אלץ. כאָטש איך בין דאָ איַינגעוואקסן, ווי אָט דער זשמוט, וואָס אָן קיין ערד וועסטו אים ניט ארויסרייַסן, פארשטיי איך, אז טאָן דארפן מיר נאָך א סאך און אז גיין וועלן מיר דארפן ווייַט. נאָר לייען מיר דורך, רוסלאָוו, לייען מיר דורך די סוואָדקע — ווו האלטן מיר דערווייל? בעסער וואָלסטו פון דעם אָנגעהויבן.

רוסלאָוו האָט א שמייכל געטאָן, שטיל אזוי, ווי א מענטש, וואָס קאָן, אפילע בייס א וויטעק מאטערט אים, געפינען בא זיך אין הארצן א טרייסט. זייַן פארשטויבט פּאָנעם מיט די שיטערע שטופּלען איז ווי פון אינווייניק באשייַנט געוואָרן.

— די סוואָדקע, — האָט ער ניט הויך געזאָגט, — איז אקוראט ניט אזא, ווי מיר וואָלטן מיט דיר וועלן, נעזשורקאָ: שלאכטן בא סמאָלענסק, בא קיִעוו, גאָר פארביטערטע — דאָ, אף דאָרעם. נאָר ווי האָט עס געזאָגט דער דייַטשישער יעפרייטאָר, וועלכן מיר האָבן נעכטן געפרעגט: זיי האָבן שוין אין אווגוסט גערעכנט זייַן אין מאָסקווע און אויסרוען זיך אף די קרימער פּליאזשן... היטלער איז אויך א יעפרייטאָר און, גלייב מיר, אז ער האָט געוויסע סיבעס צו זייַן פון אָט דער סוואָדקע ניט צופרידן.

איבערגעלייענט די צייַטונג פון אָנהייב ביזן סאָף, די שלאכט־עפּיזאָדן און די כאָכמעס פון קוזיא איסטרעבקאָוו — דעם בראווון סאָלדאט, וואָס אין דער דיוויזיע האלט מען, אז נאָך איינער אזא איז אף דער וועלט ניטאָ, און אין יעדן באטאליאָן געפינט זיך פונדעסטוועגן זייַנער א קוזיא, — ארומגערעדט דאָס אלץ, אויסגערייכערט אלע איין ציגייַער, האָבן די פיר באוואָפנטע מענטשן זיך אופגעהויבן און בא א זייַט פון וועג אוועק ווייַטער, אף מיזרעך, ווו עס האָט יעדער רעגע אופגעלויכטן — צי דאָס האָט געשאָסן ארטילעריע, צי עס האָט סטאם געבליצט, עפּעס האָט זיך א גאנצן טאָג געשניטן אף א שטורעם.

עס האָט געבליצט לאנג, ביז נאכט און טיף אין דער נאכט אריין. און ס'איז קלאָר געווען — עס גייט א שלאכט, א גרויסע שלאכט. דאָס ארומגערינגלטע מיליטער שלאָגט אָפּ עפשער איינע פון די פארביסנסטע אטאקעס. טויטע שוידער־שטערן האָבן זיך אָנגעצונדן באם רויט צעבויטעטן האָריזאָנט. עמעצער פון די פיר האָט געזאָגט:

— אוויאַציע איז אויך אין קאָן...

„טופּ, טופּ, טופּ!“ — האָט די ערד אופגעציטערט פון ווייַטע באָמבע־אופרייַסן. — „טופּ, טופּ“...

אין אָט דער מינוט איז דאָרט, ווו די שלאכט איז געגאנגען, צווישן טויזנטער פארשיידנסטע עפּיזאָדן, פּאָרגעקומען איינער אזא: א דייַטשישע באָמבע האָט זיך אופגעריסן לעבן א קליינעם אוטאָבוס און אָפּגעשליַידערט אים אין א זייַט פון וועג. עס איז צעקאליעטשעט געוואָרן דער מאָטאָר, דערהארגעט געוואָרן דער שאָפער און דער סאָלדאט, וואָס איז געזעסן לעבן אים אין קאבינע. פונעם קלאַפּ האָט דאָס הינטערשטע טירל פונעם אוטאָבוס אופגעפּראלט און ס'איז פון דאָרט ארויסגעשפרונגען איינער מיט א פארבאנדאזשירטער האנט, נאָך אים — א צווייטער, וועלכער איז, ווי נאָר ער האָט זיך געפרווט שטעלן אף די פיס, אומגעפאלן. ער האָט געגומען פוי־זען אָט אף איין זייַט, אָט אף דער צווייטער, אינגיכן אָפּגעשטעלט זיך איבערכאפּן דעם אָטעם, א דראַ געטאָן עמעצן מיטן פויסט און, כאָטש די שיסערייַ איז ניט שטילער געוואָרן, אוועקגע־פויזעט ווייַטער אין סטעפּ אף די קני, אָנשפארנדיק זיך מיט איין האנט אין דער ערד. דאָס איז געווען שיבייַעוו.

## V. געסט זײַנען געקומען און די באַלעבאַטים ניט געטראָפן. א בליק אין בוידעם־פענצטערל. די שטײנערנע בריוו

1 דער לעסניטשי[1] האָט געזאָגט:

— איך ראַט אײַך בעסער אויסמײַדן ליובאַטש. נעמט זיך אָף סיווירין, אָף לעזנאָ — דאָרט וועט איר דורכגיין. אין ראַיצענטער גרייט זיך עפּעס אן אומגליק. מע טרײַבט צונויף די מענטשן אינעם קינדער־שטעטל — דעם אַמאָליקן מאָנאַסטיר. זשאַנדאַרמעריע איז אָנגעפאָרן — די דאָזיקע, די שוואַרצע. מע זאָגט, עס דאַרף אַהער אַראָפּקומען גאָר א גרויסע צאַצקע — עמע־צער פון די פאָן גליײעוויצס, דער היגער גראַף האָט אזוי געהייסן.

אָלגע האָט געקוקט אָפן לעסניטשי — א הויכער, א גרוילעכער, מיט ברוינע וואָנציעס; אָנ־געטאָן אין א זשילעט, אין פּאָסטעלעס — א מענטש שטייט לעבן דער אייגענער שטוב. ער האַלט פאַר א הענטל א ווײַס ייִנגעלע פון א יאָר דרײַ. טאַקע דאָס דאָזיקע ייִנגעלע האָט ער געהאַלטן אָף די הענט, ווען זי איז דאָ פאַראיאָרן געווען אין וואַלד מיט דאַניִעלן און נאַטאַשען: מע האָט פאַרבראַכט אין ליובאַטש דאַניִעלס אורלויב און געקומען א קוק טאָן אָפן היגן וואַלד.

— איר געדענקט, ווי איך האָב בא אײַך געטרונקען בערעזע־סאָק?

דער לעסניטשי האָט צונויפגעצויגן די צעשויבערטע ברעמען:

— מיר זשאַלעווען קײנמאָל ניט פאַר גוטע מענטשן קיין בערעזע־סאָק...

פונדעסטוועגן האָט ער אופמערקזאַמער זיך אײַנגעקוקט אין אָלגען, אינעם דינינקן מיידעלע, וואָס איז שוין באַלד אײַן הייך מיט דער מוטער, אינעם שוואַרצן, קרעפּטיקן פויעריש־געקליידטן באָכערעץ פון א יאָר אכט און צוואַנציק, וועלכער שטייט א ביסעלע בא דער זײַט.

— איך בין דאָ געווען מיטן מאַן און מיט דער טאָכטערקע, — א צערטלעכער בליק אָפן מיי־דעלע, וואָס טוליעט דעם קאָפּ מיט די טונקלבלאָנדע, קימאַט קאַשטאַנעווע צעפּלעך, אין א צעריי־סענעם שאַלכל, — מיר האָבן שפּאַצירט אין וואַלד און געקומען א טרונק טאָן בא אײַך קרענעצע־וואַסער — דער מאַן האָט געזאָגט, אז זי איז דאָ זייער געשמאַק. האָט איר אונדז אַרויסגעטראָגן פון קעלער א פלאַש בערעזע־סאָק.

— מעגלעך... און ווער איז אײַער מאַן, א היגער?

— פון די קרעמעזעס. א מאַיאָר. — אָלגע האָט געוואָרפן א בליק אָפן שוואַרצן באָכער, ניט ווי זי וואָלט בעטן בא אים א האַסקאָמע אָף אָט דער אָפנהערציקייט, נאָר ווי זי וואָלט זאָגן: „כ'ווייס, וואָס איך טו“, און אפילע מער: „דאָ וועל איך זיך שוין אַליין אן אײַצע געבן“. דער באָכער האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסלען, ווי ער זאָל ענטפערן: „נו, נו, מירן זען“, נאָר פונקט, ווי ביז דעם, געהאַלטן די רעכטע האַנט אונטער דער צוגעשפּיליעטער פאָלע פון דעם גרויען, צעקנייטשטן פידזשאַק.

— פון די קרעמעזעס? איך קען די קרעמעזעס, ווי זשע דען? דאָס זײַנען בא אונדז שלאָסערס, מוליאַרעס. אן אַלטע זייערע האָט בא מיר פאַראיאָרן אָסיען געקויפט א פור הוליאַקעס. אַהאַ, איך דערמאָן זיך שוין דעם מאַיאָר אויך... זײַט איר דאָס מיט אים געווען דעמלט? שווער אײַך צו דערקענען... איז אָט זאָג איך טאַקע — בעסער גייט ניט דורכן ראַיצענטער.

— איך דאַרף אָבער אַהין...

דער לעסניטשי האָט מיט דער ברייטער דלאָניע א גלעט געטאָן די גלײַכע ווײַסע הערעלעך אָפן ייִנגעלעס קעפּל.

— א סאַך מענטשן האָבן זיך איצט ניט ווו אַהינצוטאָן, — האָט ער געלאַסן גערעדט, — אָבער קריכן גלײַך צום וואָלף אין די ציין אַרײַן... זײַט בעסער איבער דעם טאָג אין וואַלד, אָט דאָ, ניט ווײַט פון שטוב. איך וועל אײַך שוין געבן צו וויסן טאָמער וואָס, — ער האָט לײַכט א שטויס געטאָן דאָס קינד אין פּלייצקע: — אַנו, סאַשקאָ, אין שטוב אַרײַן — מאַרש!

ווען מע האָט געמאַכט עטלעכע שפּאַן אין דער געדיכטעניש פון די נוס־קוסטעס, אונטער די הויכע דעמבעס, ניט ווײַט פון וועג, האָט דער יונג, אַראָפּלאָזנדיק זיך אָף א פּניאָק, קלוימערשט ניט בעקיוון אָפּגעטוליעט די פּאָלע פון פידזשאַק, און דער לעסניטשי האָט ניט געקאָנט ניט באַמערקן דאָס הענטל פון א נאַגאַן.

מע איז שוין געזעסן א שיינע פּאָר שאָ אין די קוסטעס. דער לעסניטשי האָט געבראַכט א לאַדיש מילך, צוויי קאָרענע פּלעצלעך און געבאַקענע קאַרטאָפל. פונדאַנען האָט מען געזען זײַן שטיבל באַם זאַמדיקן וועג. דער שוואַרצער באָכער האָט ניט אָפּגעווענדט פון דעם זײַנע ביסטרע

---

[1] וואַלד־אופזעער.

אויגן. א פּאָר מאָל זײַנען דורכגעפֿאָרן דײַטשישע מאַשינעס, פּורן — קיינער איז פֿונעם הויז ניט אַרויס צו זיי. פּאַרקערט, סאַשקאָ און דאָס עלטערע מיידעלע, וועלכע האָבן זיך געשפּילט אין זאַמד, זײַנען יעדעס מאָל, בײַס ס׳האָט זיך דערהערט א רויש פֿון א מאָטאָר צי דאָס סקריפּען פֿון רעדער, אַנטלאָפֿן אין הויף אַרײַן.

אף א נוס־קוסט איז געווען אַנגעצויגן שפּינוועבס. אַהין האָט זיך געפּאַקט א בין. נאַטאַשע האָט אָפּגעבראָכן א טרוקן צווײַגל, ווײַל א האָרבאַטע שפּין האָט, לויפֿנדיק מיט די געבראָכענע פֿיסלעך איבער עטלעכע פֿעדעם מיטאַמאָל, זיך דערנענטערט צו דער בין. אין דער רעגע האָט א ווײַט הודזשען פֿאַרטויבט דעם ליאַרעם, וואָס די בין האָט געמאַכט. דער יונג האָט זיך אונטערגעהויבן אף די קני.

— א מאַשין פֿאָרט. אַנו, זאָל זײַן שטיל!

נאַטאַשע האָט פֿונדעסטוועגן צעריסן מיטן צווײַגל דאָס שפּינוועבס. צוזאַמען מיט די איבערגעפּלאָנטערטע פֿעדעם איז אַראָפּגעפֿאַלן אויך די שפּין. אָלגע האָט מיט פֿאָרוואורף א קוק געטאָן אף דער טאָכטער: א ציג, און גאָר!

— אַהער, אַרטיאָם?

— מיסטאַמע.

די מוטער און די טאָכטער זײַנען געווען שטאַרק ענלעך איינע אף דער אַנדערער. יעדנפֿאַלס, די אויגן — גרויסע, שוואַרצע — די זעלבע. אין אָלגעס פּאָנעם איז אָבער אונטער שטרענגער זאָרג געווען פֿאַרבאָרגן מער ווייכקײַט, האַרציקײַט. נאַטאַשע, פּאַרקערט, האָט שוין פֿאַרמאָגט אין די מילדע געזיכט־שטריכן, ניט געקוקט אף דער אויסערלעכער זאָרגלאָזיקײַט, עפּעס אַזוינס, וואָס רעדט ניט וועגן קינדערשער קאַפּריזקײַט, נאָר וועגן ווילנסקראַפֿט און גראָדליניקײַט.

מע האָט זיך אַלע אַוועקגעלייגט אף דער ערד. אויסגעדרייט דעם דאַשעק פֿון דער גרויער קעפּקע צום נאַקן, האָט אַרטיאָם אַוועקגעפּויזעט נעענטער צום וועג און גענומען אַרויסקוקן פֿון צווישן די פּאַפּאָרטן.

א בלויע מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם לעסניטשיס הויף. ס׳האָט א קלאַפּ געטאָן דאָס טירל פֿון דער מאַשין. אַרטיאָם האָט צוגעלייגט די האַנט צום אַקסל. דאָס האָט באַטײַט: אָפּיצערן. ער האָט מיטן פֿינגער גערופֿן די בלאַס געוואָרענע אָלגע, זי זאָל צוקומען נעענטער.

— דער שאָפֿער פֿאָרעט זיך באַם מאָטאָר. א סאָלדאַט איז אַוועק צום לעסניטשי. צוויי טײַז זײַנען אַריבער אף יענער זײַט קאַנאַווע, אין פֿעלד. נעמט נאָר נאַטאַשען און גייט מיט איר פּאַמעלעכן אַוועק, אָלגאַ סעמיאָנאָוונאַ, א ביסעלע ווײַטער.

אָלגע און נאַטאַשע האָבן ניט געהערט, ווען די מאַשין איז אַוועקגעפֿאָרן, אַרטיאָם האָט זיי אָפּגעזוכט באַם ראַנד פֿון א יאַר. דער באָכער האָט געשמייכלט, אָבער נאָך ניט געקאָנט באַפֿרײַען זיך פֿון שטאַרקער אופֿרעגונג.

— איר ווייסט כאָטש, אָלגאַ סעמיאָנאָוונאַ, וועמען מיר האָבן דאָ געהאַט פֿאַר א גאַסט? דעם דאָזיקן פֿאָן גלייעוויץ אַליין — אַוועקגעפֿאָרן אין שטעטל. — אין אַרטיאָמס ביסטרע אויגן האָט געטליִעט טיפֿע באַדויערונג. — דער דײַטש איז דורכגעגאַנגען אַזוי נאָענט לעבן מיר, ווי נאַטאַשקע זיצט. עס האָט מיר אַזש די קישקעס פֿאַרקלעמט. און ניט סטאַם קיין אָפֿיצערל — אַן אָבערסט, א פּאָלקאָווניק. הויך, דאַר און, צו זען, איידל געפּאַצקעט. אָנגעטאָן טשאַקנדיק, דאָס היטל מיטן הויכן דענעק סטאַרטשעט אף זײַן קאָפּ, ווי א פּאָקרישקע אף א זודיקן באַניאַק. ערגעץ האָט מען אים שוין אונטערגעשאָסן: די רעכטע האַנט הענגט אף א רימענדל. ער האָט זיך מאַמעש געבעטן: שיס! הא, נאַטאַשקע, ווי זאָגט עס קרילאָוו: דער קראָ האָט גאָט געשיקט א שטיקל קעז... — אַרטיאָם האָט, זיצנדיק אין גראָז, אַרויסגענומען פֿון פּאַזוכע דאָס געווער, פּאַמעלכן א דריי געטאָן דעם פּוסטן באַראַבאַן הין און צוריק.

אָלגע האָט געפֿרעגט מיט פֿאָרוואורף:

— און ווען איר האָט קוילן, וואָלט איר געשאָסן? איר זײַט באַם זינען?

אפֿילו נאַטאַשע האָט באַמערקט, אַז די מאַמע איז הײַנט צערייצט און אופֿגעבראַכט — דער כּעס רײַסט זיך דורך שוין ניט דאָס ערשטע מאָל. אַרטיאָם שפּאַסט, און ווען אפֿילו ער שפּאַסט ניט, איז דאָך עס עפּעס פֿאָרט א פּאָלקאָווניק!

דאָס מיידעלע האָט ניט געוווּסט, אַז אָלגעס כּעס האָבן אַרויסגערופֿן גאָר אַנדערע סיבּעס. דערפֿאַר אָבער האָט דאָס גוט פֿאַרשטאַנען אַרטיאָם. ער האָט פֿריִער שולדיק אָפּגעווענדט די אויגן, נאָר באַלד ווידער א קוק געטאָן אף דער פֿרוי א ביסעלע טאַקע ווי א שולדיקער, און דאָך אַנציקט, אַזוי אַז זי האָט נאָך שטרענגער, נאָך פֿאַרדראָסיקער צונויפֿגעצויגן די ברעמען, און די לעפֿלעך פֿון איר קורצער, עטוואָס פֿאַריסענער נאָז האָבן ברויגעזדיק־שטאָלץ גענומען פּלאַטערן.

דער באָכער האָט פאָרגעזעצט, ווענדנדיק זיך שוין אַזוי ווי בלויז צו נאטאשען:

— דער לעסניטשי האָט דאפקע געוואָרט אף א שאָס. ער זאָגט, אז ס'האָט אים אזש געקילט אין פלייצע, בייס ער איז געגאנגען באנאנד מיט פאָן גלייעוויצן לענגויס דער קאנאווע. האָב איך אים שוין באַוויזן מײַן פוגאטש.

— פעטער ארטיאָם, און נאָך וואָס איז ער דאָ אומגעגאנגען, דער פאָלקאָווניק?

— ער האָט פיס, נארעלע, איז ער אומגעגאנגען...

— אײַ! איר האלט אין איין שפאסן, ארטיאָם!

— אָבער אז ער האָט פאָרט געזוכט דעם נעכטיקן טאָג, נאטאשקע! באם לעסניטשיס שטוב האָט זיך אמאָל אָנגעהויבן דעם דאָזיקן פאָן גלייעוויצס ערד. לעבן וואלד איז געווען אײַנגע־גראָבן אזא מין שטיין, האָט ער געזוכט דעם צייכן...

דער לעסניטשי איז צוגעקומען שטיל, ווי נאָר א וואלד־מענטש קאָן גיין.

— הא, זײַנען מיר שוין, הייסט עס, אף פאנסקע ערד, אף גראפסקע ערד. איר האָט גע־הערט? — האָט ער זיך געווענדעט צו אָלגען.

ארײַנגערוקט די האנט אין קעשענע פון די ברייטע פליודערן, האָט דער לעסניטשי ארויס־גענומען פון דאָרט עטלעכע נאהאן־קוילן, אונטערגעוואָרפן זיי אף דער דלאָניע און אויסגע־שטרעקט ארטיאָמען:

— דאָס האָבן מײַנע שנעקעס געפונען אין די אָקאָפעס, וואָס זײַנען געבליבן אין וואלד. נא, זיי וועלן דיר מיסטאמע צוניץ קומען.

2

מע קאָן זאָגן, אז נאטאשען האָט מען פאר א האנט ארויסגעשלעפט פון קיִעווער. ס'איז געווען אפן דריטן טאָג נאָך דעם, ווי די דײַטשן האָבן אריבערגעשפאנט די גרענעץ. זשאנדארמען אין שווארצן האָבן אָנגעלאָדן אף מאשינעס די פארוווּנדעטע, וואָס זײַנען געלעגן אין שפיטאָל. מע האָט געהייסן ארויסטראָגן אויך די עטלעכע קינדער, קראנקע אף סקארלאטין. די דײַטשן אליין האָבן מוירע געהאט ארײַנגיין אין דער דאָזיקער פאלאטע, זיי זײַנען געבליבן שטיין בא דער טיר און בלויז אָנגעוויזן די צוויי סאניטארן, ועמען נעמען.

אָלגע איז שוין דעמלט געווען איבערגעטאָן פאר א מעדשוועסטער און האָט געמיינט, אז אף דער ערשטער צײַט איז דאָס אן אויסוועג — פאָרט וועט זי אליין אכטונג געבן אף דער טאָכטער, דאָס איז איינס, און צווייטנס, איז זי פארשוווּנדן פון דער גאס, ווּ יעדער איינער ווייסט, אז זי איז א מאיאָרס, און דערצו נאָך א קאָמוניסטס און א ייִדנס א ווײַב. ווערא אנ־דרייעוונא, די פארוואלטערן פון שפיטאָל, אָט די דארלעכע גראָווע פרוי, וואָס איז ביז דעם זונטיק, ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, געווען אזא אכזערן, ניט דערלויבט אָלגען ארײַנ־גיין אין פאלאטע, אפילע ווען די היץ בא נאטאשען איז דערגאנגען ביז פערציק גראדוס, כאָטש מע האָט איר דערציילט, אז די מוטער נעכטיקט באם קראנקן קינד אונטערן פענצטער, אָט די זעלבע ווערא אנדרייעוונא האָט איר מיטאמאָל אליין פאָרגעלייגט א ווײַסן כאלאט און א צײַגע־ניש פון א מעדשוועסטער. נאָר וואָס האָט זי, אָלגע, געקאָנט טאָן, אז די זשאנדארמען האָבן פאר דעם, ווי אָנהייבן ארויספירן די פארוווּנדעטע און די אָנשטעקנדיקע קראנקע, פארשפארט אין קעלער דעם גאנצן פערסאָנאל פון שפיטאָל און געלאָזט אף דער פרײַ בלויז צוויי סאניטארן און די פארוואלטערן? ווערא אנדרייעוונא איז געווען ערגעץ אין צווייטן עק פון דער געבײַדע, ווען די זשאנדארמען האָבן באפוילן באפרײַען די סקארלאטין־פאלאטע. זי האָט זיך טייקעף געוואָרפן אהין מיט א געשריי: „דאָס זײַנען דאָך קינדער. וואָס טוט איר?!" דערזען, אז אין דער פאלאטע זײַנען שוין געבליבן בלויז נאטאשע און א קליין ייִנגעלע, האָט זי פארשטעלט די בעטלעך מיט די הענט: „דאָס זײַנען מײַנע אייניקלעך, איך וועל זיי ניט לאָזן ארויספירן! זיי זײַנען שוין געזונט, איך נעם זיי באלד צו אהיים!"

בא ווערא אנדרייעוונען אפן בוידעם זײַנען כוץ נאטאשען און אָלגען געווען אויך דרײַ שווער־פארוווּנדעטע רויטארמייער און א לייטענאנט. דער ערשטער איז מער־ווייניקער געזונט געוואָרן און געקאָנט נעמען קלערן וועגן לאָזן זיך אף מיזרעך דער לייטענאנט ארטיאָם דא־רוגא — א געוועזענער טעכניקער פונעם פארפעסטיקטן ראיאָן, ווּ דאניִעל האָט געדינט. דעם אומ־געדולדיקן און היציקן דארוגא האָט אָבער אָפגעהאלטן ניט אַזוי דאָס, וואָס ער האָט געהונקען און עס האָט געקאָנט צוציִען צו אים אומגעווּנטשענע אופמערקזאמקײַט, ווי דאָס, וואָס אָלגע מיט דער טאָכטערקע האָבן זיך אָנגעבעטן גיין מיט אים. דער לייטענאנט איז געווען א קיִעווער, און כאָטש דער קירצסטער וועג צום פראָנט האָט געפירט ניט דורך זײַן היימשטאָט, ווּ די שלאכטן זײַנען איצט געגאנגען, האָט ער דאָך באשטימט זיך לאָזן אהין. א געהילפס־מאשיניסט און א יעגער, ווייסט ער גוט, ווּ נאָר א ייִשעוו אין דער אומגעגנט פון קיִעוו, ווּ נאָר א שטעג אין

וואלד. און מעגלעך אויך, אַז אַף זײַן באַשלוס אַריבערגײן דעם פראָנט גראָד דאָרט, האָט גע־האַט אַ ווירקונג דאָס, וואָס אַלגע האָט געוואָלט גײן פאַרבײַ ליובאַטש.

— די הויט שײלט זיך אַף די הענטלעך, קורנאָסינקע? — האָט אַרטיאָם אַלע אינדערפרי געפרעגט באַ נאַטאַשען. — און אַף די פיסלעך אויך? גוט, גוט, צי גיכער אַרוּף אַף זיך אַ נײַע הויט און פּאָמפּע זיך אָן מיט קאַשע, וועלן מיר אַ שפּאַן טאָן ווי עס באַדאַרף צו זײַן!

אַלגע האָט פאַרשטאַנען, אַז די דײַטשן האָבן שוין פאַרנומען ליובאַטש, אויב דער פראָנט איז הינטער קיִעוו, און דאָך האָט זי באַשטימט פאַרקערעוועט אהין כאָטש אַף אַ טאָג, כאָטש אַף אַ שאָ. עס האָבן זי ניט געלאָזט צורו די געדאַנקען וועגן דער שוויגער און די אַנדערע קרוויים דאַניִעלס. אויב זיי זײַנען דאָרט געבליבן, איז עס אַ גרויסע צאָרע, נאָר ווידער טאַקע, אויב עמעצער איז פאָרט געבליבן, האָט זי געהאָפט באַקומען אַ יעדיִע וועגן דאַניִעלן און מעגלעך אויך — זײַן אַדרעס.

וואָס זי האָט ניט אַריבערגעטראָגן, זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, און וואָס זי האָט ניט איבערגעטראַכט, זײַנען אירע געדאַנקען שטענדיק געווען געווענדט צו דאַניִעלן. בײַס זי האָט אַ פאַרצווייפלטע זיך געראַנגלט פאַר נאַטאַשעס לעבן, האָט זי געפילט: דאַניִעל איז ערגעץ נאָענט, ער רײַסט זיך צו איר דורך פעלדער און וועלדער. נאָר יעדעס מאָל, ווען נאַטאַשען איז געוואָרן אַ ביסל גרינגער, האָט אַלגע אין די געדאַנקען גערעדט צו אים: „מע דאַרף ניט, זאָלסט איצט קומען, דאָ איז זייער שלעכט, דאַניע, איך וועל זיך שוין אַליין אַן אייצע געבן". איצט, אין וועג, באַזונדערס ווען עס דראָעט אַ געפאַר און עס ווילט זיך זייער, אַז דאַניִעל זאָל אַלפי־נעס זײַן דאָ, מיט איר און נאַטאַשען, זאָגט זי סײַוויסײַ: „ניין, זײַ דאָרט, ווו דו ביסט, איך וועל זיך אַליין אויסדרייען!"

אַזוי איז באַ איר אַלע מאָל געווען אין לעבן. אַפילע באַ אַ קלייניקײַט, ווען ער האָט איר געוואָלט העלפן: „איך וועל אַליין". אויפהענגען דעם פאָרהאַנג אַפן פענצטער — אַליין, אַרויס־טראָגן צום טײַך אַ שיסל גרעט — אַליין. צוגרייטן אַ פאָרטראָג צום אַכטן מאַרט, — נאָך אַפן ווײַטן מיזרעך, ווען זי האָט געאַרבעט אַף דער סטאַנציע, — זי זיצט שוין ווײפל שאָ געבויגן באַם טיש, ס'איז נאַכט, ער וויל איר העלפן, — ניין, זי וועט אַליין. און ווען נאַטאַשע האָט געמאָזלט, נאָך אין בלאָוועסטאָקיע איז עס געווען, אַפן אַמור, אין יענער רעגנדיקער נאַכט האָט זיך עפּעס פאַרקאָכט אַף דער גרענעץ, דאַניִעל האָט געמוזט אַוועקרײַטן אַהין, האָט זי אים אַרופ־געלייגט די האַנט אַפן אַקסל און געזאָגט: „איך וועל שוין דאָ אַליין טאָן, וואָס מע דאַרף, אײַל זיך!" נאָר דערבײַ האָט זי זיך שטענדיק געפילט אונטער זײַן שוץ, און ס'איז איר אַזוי גוט געווען, ווען זי פלעגט אַ טראַכט טאָן וועגן זײַן ברייטער ברוסט, אַף וועלכער זי האָט מיט אירע שמאָלע אַקסלען אײַנגאַנצן זיך געקאָנט באַהאַלטן. אָט דאָס געפיל, אַז ווו זי זאָל ניט זײַן, איז זי אונטער זײַן שוץ, אַז ער איז שטאַרק און קלוג, דאַניע אירער, — שיין? — פאַר איר האָט עס שוין ניט געהאַט קיין באַדײַטונג — פאַרשטייט זיך, שיין אויך, און האָט זי ליב, כאָטש ער איז אַ שטרענגער און ווײַזט עס ניט אַלע מאָל אַרויס, — אָט דאָס געפיל האָט די גאַנצע צײַט, זינט זי קען אים, שטענדיק זי באַגלייט. אַזוי אויך איצט. זי האָט ניט דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז עפּשער איז ער שוין ניטאָ. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געוווסט, אַז ער קאָן אומקומען — ער איז דאָך אין פײַער, — נאָר פאַרשטעלן זיך דאָס האָט זי ניט געקאָנט. ניין און ניין.

טראַכטנדיק אָבער וועגן דעם מאַן, שטאָלצירנדיק מיט אים, האָט אַלגע איין זאַך גוט פאַר־שטאַנען: ער טוט זיך זײַנס, און זי דאַרף טאָן אירס, און עס גייט דאָ ניט בלויז אין אײַנהיטן זיך און נאַטאַשען. „איך וועל אַליין", — האָט זי אויך איצט ניט איין מאָל געזאָגט אין געדאַנק צו דאַניִעלן, און געהייסן האָט עס, אַז זי קלײַבט זיך ניט אַ פאַרטײַעטע איבערזיצן אין אַ שפּאַרונע דעם שטורעם.

עפּשער האָבן זי אַף די דאָזיקע געדאַנקען אַרופגעפירט אויך די שטילע שמועסן באַ ווערא אַנדרייעוונען אַפן בוידעם, ווו די פיר פאַרוווּנדעטע האָבן ניט אויפגעהערט באַהאַנדלען די פּלע־נער אַף ווײַטער. מע האָט געטרוימט וואָס גיכער אויסהיילן זיך און אַוועק אַף מיזרעך. די אַרמיי איז אָבער אַלץ אָפּגעטראָטן, און דערווײַל האָבן אַפן בוידעם געגומען דערגיין קלאַנגען וועגן היטלעראָווצעס, דערשטאָכענע און געהאַנגענע באַ די וואַלד־ראַנדן, וועגן מינעס אַף די וועגן. אַ סאָוועטישער עראָפּלאַן האָט איינמאָל באַנאַכט זיך געדרייט איבערן שטעטל, דײַטשן האָבן אים באַשאָסן, נאָר ער איז בעשאָלעם אַוועקגעפלויגן ווײַטער. אינדערפרי האָט ווערא אַנדרייעוונא דערציילט, אַז דער עראָפּלאַן האָט אַראָפּגעוואָרפן פלוגבלעטלעך, און אין צוויי טעג אַרום האָט זי געבראַכט אַ שוין פאַרגעלט בלעטל מיט דער פאַרטיי־ווענדונג פון דריטן יול. איז, הייסט עס, געווען וואָס צו טאָן אויך פאַר די, וואָס געפינען זיך באַם סוינע אין הינטערלאַנד.

אַרטיאָם דאַרוגא האָט זיך געריסן קיין קיִעוו, אַף יענער זײַט פראָנט, נאָר באַגלײַך דערמיט האָט ער שוין ניט איין מאָל געזאָגט:

— מע שרײַבט — פּאַרטיזאַנער, מע רעדט — פּאַרטיזאַנער, ערגעץ זײַנען זיי שוין מיסטאמע דאָ. ווען מיר טרעפן זיי... מײַן טאַטע איז געווען א פּאַרטיזאַן אין בירגערקריג, האָט ער אַלע יאָרן געהאַט וואָס צו דערציילן.

ארטיאָם האָט ניט דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז ער קאָן בלײַבן אין הינטערלאַנד, אָבער דאָס אַליין, וואָס מענטשן ווערן פּאַרטיזאַנער און הייבן אָן דאָ, ווו דער סוינע איז שוין דורכגעגאַנגען, אַפּסנײַ דעם קאַמף, האָט אים פאַרכאַפּט.

אַלגע האָט ניט געפילט אין זיך קיין קויעך צו בלײַבן אויף דער פאַרנומענער טעריטאָריע. פון דעם דאָזיקן געדאַנק האָט זי געשווינדערט. ווי א מענטש, וועלכער שווימט אין אָפענעם יאַם, טרוימט וועגן א שטיקל יאַבאַשע, האָט זי געטרוימט וועגן דער ערד, ווו עס זײַנען קיין פאַשיסטן ניטאָ. דאָרט וועט זי האָרעווען איבער די קויכעס, זי איז אפילו גרייט אָפּגעבן נאַטאשקען אין א קינדערהיים און אוועק אפן פראָנט אַלס א מעדשוועסטער, א פאַרבינדלערן אָדער גאָר אין אַן אײַזנבאַן־טייל. איר טאַטע איז אויך אַמאָל געווען מיט אן אָטריאַד אין טײַגע. נאָר די היגע וועלדער זײַנען דען כאָטש א טראָפּן ענלעך אויף די ווײַטמיזרעכדיקע? דאָ איז דער וואַלד ווי א גרויסער פּאַרק, מער ניט...

אין איינס איז אַלגע געווען זיכער: זי דאַרף גיין קיין ליובאַטש. פאַרהאַלטן וועט זי זיך דאָרט וואָס ווייניקער און אוועקגיין ווײַטער — ארטיאָם דאָרוגאַ איז אַזאַ, אַז ער וועט זי אויך איבערן פראָנט אריבערפירן. וואָס עמעס איז עמעס, זי האָט אויף אים געטראָגן א פאַרדראָס, און הײַנט אים שוין אפילו ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן, נאָר טאַקע הײַנט האָט זי פאַרשטאַנען מער, ווי ווען־ניט־איז אַנדערש, וואָס פאַר א גוטער מענטש ער איז.

בייס מע האָט זיך נאָך אופגעהאַלטן בא ווערא אַנדרייעוונאַ אפן בוידעם, האָט אַלגע באַמערקט אין דאָרוגאַס באַציִונג צו איר עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זי א ביסל שאָקירט. נאָר זי האָט געטראַכט: „א מאַנצבל בלײַבט א מאַנצבל, און וואָס, אויב איך געפעל אים א קאַפּעלע?“ דערנאָך, ווען זי האָט באַשלאָסן אוועקלאָזן זיך מיט אים אין וועג, האָט זי עס אויך גענומען אין אַכט, נאָר געזאָגט זיך דערבײַ: „ער איז ייִנגער פון מיר, און ביכלאַל וועט ער זיך גאָרנישט ניט דערלויבן, נאָר אויב אפילע יאָ, וועל איך אים באַצײַטנס קאָנען אָפּשטעלן“.

אין וועג האָט דאָרוגאַ קעסיידער געזאָרגט וועגן איר און נאַטאשען, ניט איין מאָל אײַנגעשטעלט פאַר זיי דאָס לעבן. דאָס האָט זי טיף גערירט, אָבער באַגלײַך דערמיט — אַלץ מער אָנגעשפּיצט. אַלגע האָט אי געפילט, אי געזען, אַז דער באָכער, ניט וואָס ער וויל בעקיוון געווינען איר צוטרוי און ניט ער איז אַזוי צוגעלאָזט צו איר פּאַשעט, ווײַל מע איז צוזאַמען, — ער פּאָלגט א געפיל, וואָס באַהערשט אים אַלץ מער. פּאַרזיכטיק, נאַטאשע זאָל גאָרנישט ניט באַמערקן, אָן איין ארויסגעבראַכט וואָרט, האָט זי זיך געפּלײַסט אָפּווענדן ארטיאָמס איבעריקע געטרײַשאַפט און זאָרג. געווען באַזונדערס צוריקגעהאַלטן מיט אים, בייס זי האָט געמוזט די זאָרג אָנעמען, און קיין מינדסטע האָפענונג בא אים ניט געוועקט, כאָטש זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער באָכער לײַדט און איז צומאָל ניכע הערן כאָטש בלויז א גוט וואָרט אירס, אופכאַפּן אירן א געוויינלעכן דאַנקבאַרן בליק. זי האָט געזען, אַז ער קעמפט מיט זיך אַליין אויך גענוג, נאָר געזען אויך, אַז ער באַהערשט זיך אַלץ ווייניקער, ער קאָן איר שוין זאָגן „דו“ ניט נאָר, ווען מע בלײַבט אויג־אויף־אויג, נאָר אפילע אין נאַטאשעס אָנוועזנהײַט. און אָט הײַנט באַנאַכט, מע איז שוין געווען ניט ווײַט פון ליובאַטש, ווען מע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אויף נאַכטלעג אויף א זומפּיקן אינדזל, ווו ס'איז געשטאַנען איין־אײַנציקע קאָפּיצע היי, און זי, אַלגע, האָט אים ניט געקאָנט זאָגן, ער זאָל זיך לייגן ערגעץ ווײַטער, באַזונדער, האָט ער געמאַכט א פאַרצווייפלטן פּרווו... זי האָט אים אָפּגעשיקט צוריק אויף זײַן אָרט. וואָס זי האָט אים שוין דאָרט ניט געזאָגט — ער איז אַלץ ווערט געווען, נאָר ער האָט געפאָלגט. און דאָך איז עס א גרויסע פּײַן פאַר איר, און אוואַדע אויך פאַר ארטיאָמען, וואָס מע וועט מוזן ווײַטער גיין צוזאַמען, כאָטש ער האָט שוין מיסטאָמע איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשטאַנען, ווער זי קאָן זײַן פאַר אים.

נאָך א זאַך האָט גאָר באַזונדערס געפּײַניקט אַלגען.

אַנומלטן האָט נאַטאשע געפרעגט: „פאַרוואָס זײַנען די פאַשיסטן אַזוי אָנגעצונדן אויף די ייִדן?“ דאָס איז פאָרגעקומען נאָך דעם, ווי מע האָט געגעכטיקט אין א כוטאָר, ווו עס האָט געקאָסיעט היי איינער, וועלכער איז געגאַנגען פון געפאַנגענשאַפט אויף מײַרעוו. אין אָוונט, ווען מע האָט געגעסן וועטשערע באַם טיש, האָט יענער — א קלעצלדיקער אַזאַ, מיט א קײַלעכדיקן פּאַרוואַקסענעם פּאָנעם, — אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די עלנבויגנס, ברייט פאַנאַנדערגעשטעלטע איבער זײַן שיסל, אײַנגעזויגן זיך מיט די אויגן אין נאַטאשען און געפרעגט: „די דאָזיקע איז, ווי א זאַך מאַכט זיך, ניט קיין ייִדישקע?“ דאָרוגאַ האָט אים שאַרף אָפּגעהאַקט: „ביסט עפּשער א קאַרעוו מיט די פאַשיסטן? זאָג נאָך עפּעס...“

אויף מאָרגן, אין וועג, האָט נאַטאשע פאַרגעבן איר פראַגע. בא אַלגען האָט אַזוי א כליפּע

געטאָן דאָס הארץ, אז זי האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסברענגען. וועגן וואָס איר קליינינקע מוז טראכטן! זי האָט בלויז געזאָגט: „די פאשיסטן זייַנען כייַעס“.

געגנטפערט האָט נאטאשען דארוגא. א ווונק געטאָן, ווי זייַן שטייגער איז, צום מיידעלע, האָט ער געזאָגט:

— ביסט דאָך א טאיאָזשניצע, ווייסטו, אז א טיגער פארצוקט ניט בלויז הירשן צי, לאָמיר זאָגן, קאָזוליעס. דער טיגער דארף ווארעם בלוט, און גאָר. אזוי אויך די פאשיסטן — זיי מיינען ניט בלויז די ייִדן. געדענקסט די דרייַ פויערטעס, וועלכע מיר האָבן אייערנעכטן געזען וויינען באם בערגל הינטערן דאָרף, גוסליאק, דוכט זיך? דאָרט ליגן זייערע טעכטער, ניט קיין ייִדישע... און די דייַטשן אליין זייַנען אויך ניט אלציינע — האָסט דאָך געהערט וועגן טעלמאנען.

אַלגע איז געוועזן איבערראשט און איינצייַטיק זיך געפילט אינערלעך פארלוירן פון דעם, וואָס די קליינע, ניט נאָר זי פארשטייט דארוגעס רייד — דרייַצן איז פאָרט דרייַצן, נאָר זי טראָגט אין הארצן, שוין ווי א דערוואקסענע, טיפע זאָרג און סינע. נאָך גאָר ניט לאנג צוריק האָט אַלגע אפאנעמעסן געליטן דערפון, וואָס איר האָט זיך אויסגעוויזן, אז אין נאטאשען לאָזט זיך פילן עגאָיִזם, קאפריזקייַט. איצט האָט דאָס גאָר אנדערש א קערעווע זיך געטאָן אינעם מיידעלע. נאטאשע האָט זיך שוין געהאט אירע אייגענע, צו זען, אקשאָנעסדיקע, געדאנקען, אייגענע, טיף פארבאָרגענע קוואלן פון פרייַלעכקייַט, מונטערקייַט, וואָס טוען א שפּרודל אין איר קינדערשן הערצל, ניט צו דערקלערן עס. ווי האָט זי זיך באצויגן צו דער געפאר? זי איז געווען פאָרזיכטיק, נאָר האָט זיך געפירט א ביסל אויך אזוי, ווי זי זאָל אין דער געפאר ניט גלייבן. פּונקט אזוי האָבן קינדער אינסטינקטיוו מוירע פארן טויט און גלייבן דאָך ניט אין אים. אָט דאָס האָט דאפקע עטוואָס געלינדערט אַלגעס שמערצן — עפּשער פארשטייט נאָך פאָרט ניט נאטאשע אלץ, וואָס עס קומט פאָר מיט זיי? און ווי א פויעל־יויצע פון נאטאשעס אופנעמען די געפאר און פון דער זיכערקייַט אין זיך, וואָס איז אלעמאָל איר טעווע געווען, האָט באם מיידעלע זיך אנטפלעקט גאָר א נייַער שטריך — דרייסטקייַט. אנומלטן האָט מען געדארפט פעסטשטעלן, צי זייַנען אין א דאָרף ניטאָ קיין דייַטשן, איז נאטאשע אוועק אהין די ערשטע. זי האָט אָנגעקלאפּט אין דעם פענצטער פון דער דריטער שטוב אין עק גאס און דערוווּסט זיך וועגן אלץ בא דער באלעבאָסטע. נאטאשע האָט דערנאָך דערקלערט, אז זי האָט די עקסטע צוויי הייַזער דורכגעלאָזן, ווייַל דאָרט, באם סאמע ארויספאָר פון דאָרף, האָט גיכער פון אלץ זיך געקאָנט געפינען די וואך. פארשטאנען, הייסט עס! אָט אזא איז זי, נאטאשע, — א קינד, און פאָרט שוין ניט קיין קינד. ווען דאניעל טוט א קוק, ווי זי גייט עס אום מיט דער מאמען איבער וועגן און אומוועגן!..

## 3

פארן טאָג האָט דער לעסניטשי געראסים קוטאָוואָי ניט דורכגעלאָזט קיינעם פון די געציילטע פארבייַגייער, וואָס זייַנען געקומען פון ליובאטש, און גענוי זיך פאנאנדערגעפרעגט, וואָס עס טוט זיך דאָרט. ער האָט אלץ אָפּגערעדט אַלגען און דארוגען פון גיין אין שטעטל. אַלגע האָט ניט געוווּסט, ווער זייַנען דאָס מוישע גלאָז און שייַקע קרייַדמאן, וועלכע זייַנען הייַנט דערשאָסן געוואָרן אין הויף פון דער מיל, ווער איז דווירע די וואָלאָווניטשקע, וועלכע מע האָט ארייַנגעזעצט אין א פעסל מיט דזעגעכץ לעבן קאָאָפּעראטיוו, ווער איז פאוועל סאמאָסאד, וועלכער הענגט אפן גאנעק פון ראיפּארטקאָם, זי האָט זיך אויך קוים געקאָנט פאָרשטעלן, ווו עס געפינט זיך דער געוועזענער מאָנאסטיר — דאָס קינדער־שטעטל, וווהין מע טרייַבט צונויף די ייִדן. זי האָט נאָר געוווּסט איינס: מע דארף זיך אייַלן.

נאָך גייענדיק אהער, האָט זי געהערט, אז די היטלעראָווצעס ווילדעווען באזונדערס שטארק אין די שטעטלעך. ערשט איצט האָט זי עס אָבער אָנגעהויבן באנעמען רעאל. און דאָס, וואָס געראסים האָט געזאָגט: „ווען מע שיט מיר אָן א היטל מיט געלט, גיי איך ניט אהין“, האָט זי פארשטאנען אזוי: ניט נאָר ער גיט אָנצוהערן, מע זאָל בא אים אפילע ניט בעטן זיי באגלייטן קיין ליובאטש, נאָר אז וואָס עס זאָל ניט זייַן די סיבע פון זייער וועלן גיין אהין, טאָר מען עס איצט ניט טאָן.

אָבער איינס באנאכט — די צייַט, וואָס מע האָט זיך אָנגעמערקט אף ארויסגיין פון וואלד (די יונגע לעוואָנע באהאלט זיך שוין צו אָט דער שאָ), — איז געראסים געקומען, אָן אָנגעטאָנענער אין א טונקעלער סוויטקע. ער האָט ווידער גענוי אויסגעמאָלט דארוגען, ווו מע דארף מייַדן דעם שאָסיי, די ריטשקע, דעם ייִדישן בעסוילעם, וויִאזוי ארויסגיין צו דער טאָרהאָוויצע, ווו עס ווינט שיפרע קרעמעז, און מיטאמאָל געזאָגט: „ווייסט איר וואָס, מענטשן, קומט!“ — און ער האָט, א הויכער, א שווייַגנדיקער, אוועקגעשפאנט צום ראנד פון וואלד. געזעגנט האָט מען זיך מיט געראסימען באם קלויסטער, וואָס שטייט אף דער טאָרהאָוויצע. אָן אויסגעצויגנס אין דער לענג, פון איין זייַט צוגערוקט צו א צווייטשטאָקיקן מויער, האָט דאָס הויז פון די קרע־

מעזעס אויסגעזען אין דער טונקלקייט ווי א צעשוווּמענער שוואַרצער פלעק. ווען ס'איז געבליבן בלויז אַריבערגיין דעם וועג, האָט אַרטיאָם דער ערשטער זיך אָוועקגעלאָזט צום הויז. די טיר פון דעם פאַרגלאָזטן גאַנעקל האָט זיך געעפנט מיט א סקריפּ, בא אָלגען איז פאַרקילט געוואָרן דאָס האַרץ: „אָפּגעקייטלט... די שטוב איז ליידיק!"

מע איז אַרײַן אין קיך, אין זאַל — אומעטום איז געווען אין אומאָרדענונג פאַנאַנדערגעוואָרפן אָדער אומגעוואָלגערט דאָס מעבל. אין שלאָפצימער האָבן צוויי גרינע אויגן א ליכט געטאָן אף דער פענצטער־ברעט. באַלד זײַנען זיי פאַרשווּנדן, און אין א ווינקל האָט זיך דערהערט א מיאַוקען. אָלגע איז אַוועק אינעם הינטערהויז, ווּ ס'איז אַמאָל געווען דער שלאָסער־וואַרשטאַט, — פּוסט, בלויז די קאַץ האָט זיך געלאַשטשעט בא אירע פיס...

ווידער איז מען געשטאַנען אפן גאַנעקל. וואָס טוט מען ווײַטער?

אָלגע איז צוגעגאַנגען צום אַלטן יאַסען, וואָס לעבן גאַנעקל, און אָנגעשפּאַרט זיך מיטן אַקסל אין זײַן שטאַם. מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעקערעוועט און געגומען שאַרן מיט דער האַנט איבער דער גלאַטער קאָרע. זי האָט אָפּגעזוכט עטלעכע פאַרוואַקסענע קאַרבן: „דאַניעל". דאָס האָט ער נאָך יינגלווײַז אויסגעשניטן. אף דער צווייטער זײַט פון שטאַם, האָט זי געוווּסט, זײַנען אויסגעשניטן די אויסיעס „טש" און „ס": טשאַרנע סעגאַל. נאָר ניט דעמלט, ווען דאַניעל האָט עס איר אין גוטן מוט באַוויזן, ניט איצט האָט עס פאַר איר קיין באַדײַטונג ניט געהאַט. אויב די בליציקע דערמאָנונג וועגן דעם האָט איצט עפּעס יאָ אַרויסגערופן בא איר — איז טיפע בענקעניש נאָך דאַניעלן, נאָך זײַן ליבע, אין וועלכער זי האָט קיינמאָל ניט געצווייפלט.

אָלגע האָט אָנגעקלאַפּט צום קלויסטער־וועכטער, עפּשער ווייסט ער עפּעס וועגן שיפּרען. די קרעמעזעס פליגן נעמען וואַסער פונעם ברונעם בא זײַן פּלויט. אָלגע האָט אים געקענט.

דער וועכטער איז געשטאַנען באַם פענצטער אין אײנעם וועש. אין דער טונקל האָט דער הויקער אף זײַן ברוסט אויסגעזען, ווי אַן אָנגעשטעלטער עלנבויגן:

— גייט אַוועק! מיר ווייסן גאָרנישט... עס איז ניט אונדזער אײסעק.

אַרטיאָם האָט דערנאָך געזאָגט:

— ווען איך רײַס אַרויס א פּלאָקן פון פּלויט און זעץ אים אויס די טאַפּליעס מיט דער ראַם צוזאַמען, וואָלט דאָס שוין געווען זײַן אײסעק!

אין אַלע שכײנישע הײַזער — קיין לעבעדיקער אָטעם. אין אייניקע זײַנען טיר־און־פענצטער אָפן, אין אַנדערע — פאַרקלאַפּט. א גאַס — א פּוסטקע.

וווּהין זשע גייט מען פאָרט?

4 א צעבראָכענער פּאַרקאַן, אַן אויסגעטראָטענער גאָרטן, טונקעלע קנוילן פון א סאָד און קאָנטורן פון א מויער. די שול. אַמאָל האָט דאַניעל זי באַזוכט — ניט לאַנג, א יאָר אַנדערהאַלבן. ביז דעם — געלערנט זיך פּריוואַט. פאַראיאָרן האָט ער אָלגען און נאַטאַשען באַוויזן זײַן קלאַס, באַקענט זיי מיט זײַנעם א לערער וויטצעך קאָכאַרסקי, וועלכער האָט פאַרנומען א זײַטיקן פליגל טאַקע דאָ אין שול. דאַניעל און אָלגע האָבן דעם אַלטן געבראַכט א גרוס פון זײַן טאָכטער סטעפע. זי האָט מיט איר מאַן, אַבע ניבאַרסקי, א שול־דירעקטאָר, און מיט א פּיריאָריקן יינגעלע, אַליק האָט עס געהייסן, געוווינט אין געגנטלעכן צענטער, ניט ווײַט פונעם שטעטל, ווּ ס'איז געשטאַנען דאַניעלס באַטאַליאָן. מיט סטעפקען און אַבע מאַטווייעוויטשן איז דאַניעל געווען באַפרײַנדעט — פלעגט פאַרפאָרן צו זיי אַלע מאָל, ווען ער פלעגט קומען אין שטאָב, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער געגנט־שטאָט. אָלגע און נאַטאַשע האָבן אויך זיך געהאַט אָפּגעשטעלט א פּאָר מאָל בא די ניבאַרסקיס, ווען זיי זײַנען מיטגעפאָרן מיט דאַניעלן. קאָכאַרסקי, אויב ער לעבט, וועט אַרײַנלאָזן צו זיך.

עפּעס האָט אָלגע געוווּסט א געשיכטע, וואָס האָט געמאַכט באַזונדערס מערקווירדיק דעם דאָזיקן אַלטן מענטשן, נאָר ניט געקאָנט זיך דערמאָנען. די געשיכטע איז אויפגעשווומען אין זיקאָרן ערשט, ווען מע איז געבליבן שטיין הינטער וויטצעך קאַזימיראָוויטשעס פאַרמאַכטן לאָדן, דורך וועלכן ס'האָבן זיך קוים דורכגעשלאָגן פּאַסיקלעך שײַן און געפאַלן אף די בעזקוסטעס. קאָכאַרסקי איז אַמאָל דאָ, אין ליובאַטש, געווען א כירורג, נאָר ס'איז אים ניט געלונגען ראַטעווען זײַן מוטער, וועלכע ער האָט דרינגענדיק אַליין געמוזט אָפּערירן. „אויב איך האָב מײַן מאַמע ניט געקאָנט ראַטעווען, טאָר מיר קיינער זיך ניט פאַרטרויען!", — האָט ער געזאָגט, פאַרלאָזט זײַן אָרט אין שפּיטאָל און געוואָרן א לערער פון בימיע.

— ווער איז? — האָט זיך דערהערט אַן עלטערלעך־אָנגעשטרענגטע שטים פון הינטערן לאָדן, אין וועלכן אָלגע האָט פאָרזיכטיק אָנגעקלאַפּט.

די טיר פונעם פּאַדערהויז האָט געעפֿנט אַ ביינערדיקער גוואַר מיט אַן אָנגעוואָרפֿענעם טונקעלן מאַלבעש אויף די אַקסל. דער אַלטער איז איבעראַשט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דער־וווּסט, ווער עס איז געקומען צו אים. ער האָט אויסגעשטרעקט אַלגען אַ האַנט, געהאָלפֿן איר אויפֿהייבן זיך אויף די טרעפּלעך און געוואָרנט: „די שוועל איז אַ הויכע". דאָס זעלבע האָט ער געזאָגט אויך, דורכלאָזנדיק אין פּאַדערהויז נאַטאַשען און אַרטיאָמען: „אַ הויכע שוועל. און ווײַטער שטייט דאָרט, לינקס, אַ קיכטישל"...

אין ענגן צימער האָט געברענט אַ נאַפֿט־לעמפּל, ביכער זײַנען געווען אָנגעוואַלגערט ניט נאָר אויפֿן טיש, נאָר אויך אויפֿן דיל. מידע ניט אַזוי פֿון וועג, ווי פֿון דער אָנשטרענגונג, האָבן די געסט זיך אַוועקגעזעצט, ווו עס האָט זיך געמאַכט. פֿאַר קוכאַרסקין איז געבליבן דאָס קײַלעכ־דיקע בענקעלע, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַן אַלטער פֿיסהאַרמאָניע.

— און שיפֿרע קרעמעז האָט זיך אַלץ נאָכגעפֿרעגט בײַ מײַן סטעפֿקען, צי האָט זי ניט געהערט עפּעס וועגן אײַך...

— סטעפֿקע איז דאָ?!

— ניין, זי איז בלויז פֿאַרבײַגעפֿאָרן. אַבע מאַטוויייעוויטש איז פֿאַרווונדעט, און אַליק איז קראַנק געוואָרן, האָט מען פֿון סטאַנציע פּאַרקערעוועט אהער אויף עטלעכע טעג, און איך האָב זיי שוין דערנאָך קוים מיט צאָרעס אַרויסגעפּראַוואַדיעט קיין קיִעוו. עס האָט זיך געמאַכט אַ פֿור, נאָר ווער ווייסט, צי זיי זײַנען בעשאָלעם דערפֿאָרן. עפּשער אין אַ שאָ אַרום האָבן זיך געלאָזט אין וועג נאָך פֿורן, און אַפֿילע אַ קאָלווירטישע אווטאָמאַשין, אויף וועלכער אונדזערע לערערקע, הינדע באַריסאָוונע, מיט צוויי מיידעלעך האָבן זיך אַרופֿגעכאַפּט ווי מע שטייט און גייט — נאָר עס איז שוין געווען שפּעט, די דײַטשן האָבן זיי פֿון הינטער פּאַסטאָוו אומגעקערט...

דער אַלטער האָט דערציילט וועגן דעם אַלעמען ניט דערצאָרנט, ניט פֿאַרלוירן, נאָר מיט יענער רויקער באַהערשטקײַט, וועלכע כאַראַקטעריזירט אַ ווילנספֿולן מענטשן, וואָס אי ער ווייסט, וואָס שווער איז, אי ער האָט שוין געפּויעלט בײַ זיך, אַז דאָס שווערע איז נאָך ווײַט ניט דאָס שווערסטע, אָבער אויך דאָס אומבאַוווּסטע איז ער גרייט באַגעגענען ווירדיק.

— און דער פֿראָנט איז ווײַט פֿון ליובאַטש? — האָט אַרטיאָם געפֿרעגט.

— צי ווײַט? דאָס הוכקען הערט איר אַליין... אויף צאָפֿן, זאָגט מען, שטייען נאָך אונדזערע בײַ קאַראָסטען, און דאָ האָבן שוין די פֿאַשיסטן גענומען פּאַסטאָוו.

אַלגע האָט דערמאָנט:

— איר האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן שיפֿרע קרעמעז...

— יאָ, שיפֿרע, זי איז דאָך מיט אַלעמען אַוועק אהין, אויף דער באַזיליאַנקע. אַ שאָד. דאַניִעל איז דאַפֿקע געהאַט פֿאַרפֿאָרן נאָך איר.

אַלגע, נאַטאַשע, אַרטיאָם — אַלע זײַנען פֿאַרגליווערט געוואָרן.

— געווען איז דאָ דאַניִעל נאָך אין די ערשטע טעג, איך האָב אים ניט געזען. שיפֿרע האָט דערציילט סטעפֿקען, אַז ער איז געקומען נאָך איר. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך ניט צו־געהערט. סטעפֿקע ווייסט מיסטאָמע מער. וואָס קלערט איר טאָן?

אַלגע האָט געשוויגן, ניט אַראָפּנעמענדיק די דערשראָקענע אויגן פֿון דער מוטער און טריפֿענדיק מיט די פֿינגער דעם שפּיץ פֿון אַ צעפּל, האָט נאַטאַשע געוואָרט: „וואָס קלערט זי טאַקע טאָן, די מאַמע?" דאַרוגאַ האָט פֿאַרפּרעסט דעם קאָפּ מיט ביידע דלאָניעס און אויך אָפּ־געשטעלט דעם בליק אויף אַלגען: אין דער דאָזיקער מינוט האָט ער מער ווי פֿריִער באַנומען, וואָס עס באַטײַט פֿאַר איר אַפֿילע אַ וואָרט וועגן מאַן, און באַגלײַך מיט אַ קאַפּעלע אייפֿער און אַ קאַפּעלע ביטערקײַט האָט עס אין אים אַרויסגערופֿן נאָך אַ גרעסערע אַכטונג צו דער דאָזיקער פֿרוי.

— מירן גיין ווײַטער, קיין קיִעוו, — האָט אַלגע געזאָגט נאָך אַ לאַנגער פּאַוזע. זי האָט מיט אַ קער פֿון קאָפּ באַוויזן אויף אַרטיאָם דאַרוגען: — דאָס איז אַ לייטענאַנט פֿון דאַניִעלס טייל. מיר גייען צוזאַמען פֿון דער גרענעץ.

דער אַלטער האָט, קאַנטיק, געשלאָגן זיך מיט דער דייע, צי דאַרף ער אַרויסזאָגן זײַנע ספּייקעס, צי ניט. פֿונדעסטוועגן האָט ער געזאָגט:

— וואָס נעענטער צום פֿראָנט, איז אַלץ שווערער, דערצו נאָך מיט אַ קינד.

— דאָ איז שרעקלעך, וווּיצעך קאַזימיראַוויטש, שרעקלעכער, איידער גיין דורך פֿײַער. איינס נאָר — איך וואָלט זיך וועלן זען מיט מײַנע, מיט דער שוויגער. עפּשער קאָן איך איר מיט עפּעס באַהילפֿיק זײַן, און עפּשער וועט זי מיר עפּעס אייצעץ?..

וווּיצעך קאַזימיראַוויטש האָט אַראָפּגעשלעפּט פֿון די אַקסל דעם שוואַרצן מאַלבעש און אַ וואָרף געטאָן אים אין אַ טונקעלן ווינקל, אויף דער קאַנאַפּקע. דאָס האָט באַטײַט: די געסט בלײַבן דאָ, באַגלייטן זיי וועט מען ניט דאַרפֿן. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם טשײַניק, וואָס איז אויף אַ

דראָטענעם נעצעלע געשטאנען אפן קאָמאָד, דערלאנגט גלעזער, ברויט, פארגעלטן צוקער אין א שעלכל, און ערשט דעמלט זיך אָנגערופן:

— צוקומען צו די פארשפארטע אין קינדער־שטעטל איז עפשער שווערער, ווי דערקלייבן זיך קיין קיִעוו. אזוי מיין איך. סיידן... סיידן, די קליינע. עס טרעפט, אז קינדער לאָזט מען פון דאָרט ארויס עפעס אויסבעטלען און זיי קערן זיך אום. איך ווייס נאָר ניט, צי איר וועט וועלן זי איינשטעלן, אָלגא סעמיאָנאָוונא, און צי מע דארף איינשטעלן. מעגלעך, אז די אלטע קרעמעז, ווען מע פרעגט זי, וואָלט דאָס אויך ניט וועלן.

— א נייס! — האָט נאטאשע זיך א כאפּ געטאָן. — ווען האָט מיך די באָבע געזען? אזש פאראיאָרן, נאָך א קליינע. איך האָב שוין גראָד פאר גאָרנישט קיין מוירע ניט. אין וועג בין איך דען אמאָל ניט געגאנגען די ערשטע? זאָל ארטיאָם זאָגן.

— געגאנגען, פארשטייט זיך, געגאנגען, נאטאשע איז בא אונדז א כוואט...

אָלגע האָט אומבאשטימט, נאָר גיכער פון אלץ טרויעריק, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, דערביי אויסגעמיטן דער טאָכטערס און דארוגעס בליקן. וואָס האָט דאָס געזאָלט באטייטן: זי זאָגט זיך אָפּ פון איר פארטראכט, צי זי וואקלט זיך, צי פארקערט, זי האָט שוין אָנגענומען א באשלוס און ער איז אן ענדגילטיקער? מער האָט מען וועגן דעם ניט גערעדט. קוכארסקי האָט אָנגעגאָסן טיי, האָט מען געטרונקען שווייגנדיק. נאטאשע האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט אויך פון א צווייטער גלאָז. ארטיאָם האָט זיך געפילט א ביסל געענגט — מער ווי איינע ניט געטרונקען און ברויט אָפּגעבראָכן גאָר א קליין שטיקעלע. אָלגע האָט א פאָר מאָל זיך צוגערירט מיט די ליפּן צו דער גלאָז און אָפּגערוקט זי.

אויסגעכלעפּטשעט גאנץ ראשיק א היפשע טשאשקע, ווי א קוואָרט די גרייס, און איבערגעוווּנקען זיך בעשאס־מייסע מיט נאטאשען, — זי שטייט, האָט עס געזאָלט הייסן, פון אים ניט אָפּ, — האָט דער אלטער פלייסיק ארומגעווישט די וואָנציעס און געזאָגט מיט א שמייכל, וועלכער איז געווען אי ווי ניט צום אָרט, אי דאָך דערמונטערנדיק:

— נו, אָנגעשוויגן האָבן מיר זיך שוין מער, ווי אָנגערעדט. איצט דארף מען שלאָפן. ווי זאָגט מען עס: דער אינדערפרי איז מער כאָכעם פונעם אפדערנאכט, און עמעצער איז עפשער מער כאָכעם פון אונדז. מירן שוין טראכטן, מירן זיך שוין אן אייצע האלטן.

אָלגע און ארטיאָם האָבן פרעגעווּדיק א קוק געטאָן אפן אלטן לערער, נאָר ניט געקאָנט פארשטיין: דאָס טרייסט ער זיי סטאם אזוי, צי ער האָפט טאקע אף עפּעס?

גענומען דאָס לעמפל פון טיש, איז וויצעך קאזימיראָוויטש צוגעגאנגען מיט דעם צו דער אָפענער טיר פון שלאָפצימער, ווו עס האָט זיך געזען א צערויעט בעט.

— דעם אלקער וועלן מיר אָפּטרעטן די פרויען, — האָט ער געזאָגט, — און מיר וועלן זיך שוין דאָ פארמעסטן אין כראָפּעניש, איך — אף דער באנק, זי איז פונקט נאָך מיין לענג נאָך, און איר, יונגערמאן, — אף דער קאנאפקע.

אָלגע האָט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פונעם אלקער און פון דעם בעט, נאָר דערמאָנט זיך אין דער פאָריקער נאכט און אָפּגעשוויגן.

5

א דינער זונען־שטראל האָט א פאָר מינוט געוואָרעמט אָלגעס באק, ארויסגערופן דעם אָנהייב פון א גוטן כאָלעם, עפעס ווי זי זאָל, נאָך גאָר א קליין קינד, גיין אין טייגע, באם ברעג פון א גאָלדענעם טייכל. נאָר אָט האָט דער שטראל דערגרייכט צו אירע צוגעמאכטע אויגן און אופגעוועקט זי.

דער שטראל איז געפאלן דורך א שפאלט אין לאָדן. נאטאשע איז נאָך געשלאָפן. אָלגע איז אף די שפּיץ פינגער ארויס אין פאָדערשטן צימער. אף דער באנק איז געלעגן עפעס א בעגעד און א צעקנייטשטע קישן, נאָר דער אלטער אליין איז ערגעץ אוועק. ארטיאָם האָט שטיל געשנאָרכט אפן קורצן קאנאפקעלע, פון וועלכן זיינע פיס האָבן געשטארצט, ער איז געלעגן נאזנדיק, די הענט געהאלטן אף דער ברוסט, און אף זיין פּאָנעם איז געווען אויסגעגאָסן פיין. עפעס רירנדיקס האָט אויסגעדריקט זיין פּאָנעם, ווי ער וואָלט ניט וויסן, ווי ער וואָלט זיך כידעשן, פארוואָס די פיין קומט אים, און ווייל אָלגע האָט אזוי א טראכט געטאָן, האָט זיך איר פארוואָלט ארויס פון צימער. נאָר לאָזן זיך אין סאָד האָט זי ניט געוואגט, אומקערן זיך אין פינצטערן אלקער האָט אויך קיין זין ניט געהאט. איז איר איינגעפאלן, אז גלייכער פון אלץ וועט זיין צוזעצן זיך אין פאָדערהויז, עפענען א ביסל די טיר אין סאָד אריין און צוווארטן, ביז קוכארסקי וועט קומען. ס'האָבן זיך אף איר ווידער ארופגעוואלגערט אלע זאָרגן, מיט וועלכע זי איז געקומען אהער, און טאקע די סאמע נאָענטע זאָרג — וויאזוי געבן וועגן זיך צו וויסן דער שוויגער. נאָר דאָ האָט זי שוין לאכלוטן גאָרנישט ניט געקאָנט צוטראכטן און באשטימט פארלאָזן זיך

אף וויצעך קאַזימיראָוויטשן. ס'האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז זײַן פּרי אופהייבן זיך האָט א שײַכעס צו דעם.

און אָט אַזוי, מיט א שווער הארץ, נאָר דאָך מיט אומקלאָרע האָפענונגען, וואָס קומען עפשער פּאַשעט פון דעם, וואָס דער גוף האָט זיך א ביסל אויסגערוט און א מענטש, זאָל זײַן אַן אַלטער און א שוואכער, האָט איר געזאָגט עטלעכע טרייסט-ווערטער, — אָט אַזוי האָט אַלגע זיך דער־לויבט א קאַפּל זאָרגלאָזיקייט: נישקאָשע, ווי־ניט־איז וועט זיך עס אײַנרעגולירן, מע דארף גאָר ניט אַלע מאָל דערוואַרטן גראָד דאָס ערגסטע. זי האָט אַפילע פאר דעם, ווי ארויסגיין אין פאָ־דערהויז, גענומען פון דער עטאַזשערקע אַן אַלבאָם: לייענען א ביכל איז זי איצט ניט אימשטאַנד, נאָר דורכקוקן פאָטאָגראַפיעס — מאַכטייסע.

א שאָד, וואָס פונעם פאָדערהויז איז צו זען געוואָען בלויז דעם סאַד און די קרוין פון יענעם אַלטן דעמב, וואָס דאַניִעל האָט אים איר געהאַט באַוויזן — אַכט מענטשן נעמען אים קוים ארום, דעם ריז. אָן א שיר קראָען האָבן אויסגעבויט אין זײַנע צווײַגן זייערע נעסטן, און איצט, אינעם זוניקן אינדערפרי, זײַנען זיי, די פויגלען דאָרט ארומגעפלויגן — א שווארצע טשאַטע, דאָס קראָקען האָט זיך דערטראָגן אזש אהער. דער דעמב שטייט, לויט ווי אַלגע האָט פארגעדענקט, אין א טאָל פון יענער זײַט קלויסטער, נעענטער צו די פויערישע ראַנד־גאַסן, איר אָבער האָט גראָד זיך געוואָלט זען דאָס שטעטל. סײַדן פּרוּוון אופהייבן זיך אַפן בוידעם און אָפזוכן דאָרט א פענצטערל צי א צעבראָכענעם טשערעפ? נאָר זי האָט זיך דערוווײַל אָפגעהאַלטן דאָס צו טאָן — דער אַלטער קאָן באַלד אָנקומען און עס וועט זײַן ניט באַקוועם, וואָס זי באַלעבאַטעוועט דאָ אַליין.

זי האָט גענומען בלעטערן דעם אַלבאָם. ערשט, ער איז גאָר ניט קיין פּאַשעטער. א כידעש נאָר, וואָס קוכארסקי האָט אים אין ערגעץ ניט פארשטעקט... שילער און לערער, אַלטמאָדיש געקליידטע, שפּאַנען אין א קאָלאָנע, די פּענעמער זײַנען אופגעלעבט, מע שרײַט צי מע זינגט עפּעס, באַנאַנד פלייצן נאָך קאָלאָנעס, א טריבונע טוקט זיך צווישן קעפּ, ווי צווישן כוואַליעס, און איבער איר פלאַטערט א טראַנספּאַראַנט: „נידער מיטן צאַריזם!" ווידער א זײַטל און א פּארגעלטע פאָטאָגראַפיע: א געווײנלעכע פור, אף וועלכער עס זיצן יינגלעך מיט ביקסן און מיט א קוילנוואַרפער. די אונטערשריפט דערקלערט: „אונדזערע געוועזענע שילער אין טשאָן". „דאַ־ניִעלס ברודער איז אומגעקומען אין אזא אָטריאַד", — האָט אַלגע זיך דערמאָנט און אופגע־מישט א נײַ זײַטל: דער ערשטער ספּאַרטאַקישער אָטריאַד פון שול — גוטע, ריינע קינדערשע פּענעמער. אַלגע האָט זיך אומגעקערט צו דער ערשטער פאָטאָגראַפיע, ס'איז איר מיטאַמאָל דורכגעלאָפן א געדאַנק, אַז עפּשער וועט זי צווישן די דעמאָנסטראַנטן דערקענען דאַניִעלן. נאָר באַלד האָט זי זיך דערמאָנט: „דעמאָלט איז ער נאָך געוועזן אין מיטל־אזיע". זי האָט איינס נאָך איינס איבערגעמישט נאָך עטלעכע בלעטלעך: שילער העלפן אראָפּנעמען האָפּן אין שטעטלדיקן אינטערנאַציאָנאַלן קאָלווירט — 1924; פּיאָנערן באַגריסן בודיאָנין, וועלכער זיצט אף א פערד, און הינטער אים זעען זיך נאָך רײַטער — מאַנעוורען אין היגן קאַנט, 1926; קינדער פלאַנצן ביימער: „דאָרט, ווּ ס'איז געוועזן דער מארק"... און מיטאַמאָל — דאָס הארץ האָט א צאַפּל געטאָן פאַר פרייד און ווייטיק: ליאָניע! א יינגעלע מיט א געשוירן קעפּל, מיט גרויסע, טונקעלע, אָנגעשטרענגטע אויגן. הוילן כידעש און הוילע אקשאָנעס אַנטפּלעקט דאָס דארלעכע פּענעמל. א סאַמעטן פּידזשאַקל, איבער וועלכן ס'איז ארויסגעלאָזט א ווײַס קעלנערל, קורצע סאַמעטענע הייזלעך, סאַנדאַלן, אונטער דער פּאַכווע — א ביכל, א פּענאַל, אין פויסטל — א בינטעלע בלו־מען. ער שטייט צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע קינדער, וואָס זײַנען דאָס ערשטע מאָל געקומען אין שול. זי, אַלגע, האָט דעמאָלט נאָרוואָס געהאַט געענדיקט דעם טעכניקום, אומגעקערט זיך אהיים, אין בירא, און באַקאַנט זיך מיט דאַניִעלן. ווּ, דוכט זיך, אף דער סאַפּקע, פונוואַנען ס'איז צו זען אי דעם יישעוו, אי די אײַזנבאַן, אי דעם טײַך, האָט ער איר דערציילט וועגן דעם זון און באַוויזן פונקט אזא פאָטאָגראַפיע. דעמאָלט, נאָך גאָר א יונג מיידל, איז איר אויסגעקומען מאָדנע: „איך דארף עס זײַן פאַר דעם דאָזיקן יינגעלע א מאַמע?" און טאַקע דעמאָלט האָט זי זיך אַליין געזאָגט: „ניט קיין שטיפמאַמע, נאָר א מאַמע. איך האָב ליב דאַניִעלן, וועל איך אויך ליב באַקו־מען זײַן קינד".

ס'איז איר איצט אָנגענעם געוועזן טראַכטן וועגן ליאָניען. אי ווײַל איר געוויסן איז ריין געוועזן אַנטקעגן אים, אי ווײַל זי איז זיכער געוועזן, אַז ער, איינער פון די אַלע, וועלכע זײַנען איר נאָענט און פאַר וועלכע זי באַאומרויִקט זיך, געפינט זיך אויסער געפאַר, אַפן ווײַטן מיזרעך, אין דער טײַגע, אין איר טײַגע, דער ווילדער און פּרעכטיק שיינער.

איצט האָט זי שוין געוואָלט א קוק טאָן ניט אַזוי אַפן גאַנצן שטעטל, ווי אַף דאַניִעלס שטוב, וועלכע מע קער אַקוראַט גוט זען פון בוידעם. און זי האָט זיך טאַקע פלינק אופגעהויבן אַפן לייטער. נאָר סאַרא פאַרדראָס: ניט בלויז די שטוב דאַניִעלס — די גאַנצע גאַס זײַנע, וואָס פירט

צו דער טאָרהאָוויצע און צום קלויסטער, האָבן פארשטעלט די אלטע לינדביימער, וואָס וואקסן לענגויס דעם פלויט פון שול־הויף. דערפאר אָבער האָט דורכן פענצטערל, ווּ קיין טאָפליעס זײַנען קימאט ניט געווען, זיך געזען דער גאנצער צענטראלער טייל פון שטעטל, דער אלטער פארלאָזטער פאלאץ, די גרויסע מיל און דער מאָנאסטיר העט דאָרטן, אפן הוילן קיזלשטיינענעם ברעג.

א שטעטל... אָלגע האָט קיין אנונג ניט געהאט, וואָס דאָס הייסט, ווען דאניעל האָט איר געהאט געזאָגט, אז ער שטאמט פון א שטעטל. בא זיך אין דער טײַגע האָט זי געוווּסט: א קלענער צי א גרעסער קאזאקיש דאָרף, אן ארבעטער־ייִשוו, ווּ עס וווינען קימאט דורכויס אײַזנבאנער אָדער וואלד־העקער, אָדער גאָלד־גרעבער, און אויב א שטאָט, איז עס אן עמעסע שטאָט — כאבאראָווסק. און דאָ גאָר — א שטעטל. דערנאָך האָט זי געלייענט וועגן די אמאָליקע שטעטלעך בא שאָלעם־אליכעמען און געטראכט: „אָט פונוואנען עס קומט ארויס דאניעל“. ס'איז געווען א לעבן אין ענגשאפט, אין דאכקעס, אין שרעק, ווען איינער טשעפעט זיך אינעם צווייטן, און אלע הענגען אזוי ווי אינדערלופטן, ווי א ווילדער ראָי בינען אין דער טײַגע. דערווײַל האָבן גענומען אלץ אָפטער אָנקומען אין בירא און אין די ארומיקע ייִשוווים פיל מענטשן פון די שטעטלעך.

וואָס איז דאָ צו ריידן, ניט אלע זײַנען געווען אזעלכע, ווי דאניעל. אייניקע זײַנען מאמעש ווי ארויס פון די אמאָליקע ביכלעך. עפשער איז אפילע ניט קעדײַ געווען די ערשטע יאָרן שיקן אין דער טײַגע אזעלכע, און דערצו נאָך באלעסטיקט מיט היפשע מישפאָכעס. יוגנט האָט מען געדארפט שיקן דורכלייגן וועגן, וואלגערן און קאָרטשעווען וואלד, אופשטעלן הײַזער. שווער איז טאקע די אָנגעפאָרענע געווען אומגעהייער, פיל האָבן מיט האק־און־פאק זיך אוועקגעלאָזט צוריק. אָבער ניט אלע. אָלגע איז אינגיכן געווען געצווּנגען אוועקפאָרן פון איר פלוצעם אופגעלעבטער היים: דאניעל איז געוואָרן אף שטענדיקער גרענעץ־דינסט, און זי האָט גענומען אומוואנדערן נאָך אים אי לעבן אמור, אי איבער די סיכאָטע־אלינער בערג, אי איבער קאמטשאטקע. נאָר אין קנאפע צען יאָר ארום, ווען מע האָט דאניעלן אריבערגעפירט אף מײַרעוו און מע איז פארבײַגעפאָרן בירא־בידזשאן, די דאָזיקע ערטער, וואָס אָלגע האָט זיי אזוי גוט געקענט, האָט זי אפילע פון וואגאָן־פענצטער געזען, וויפל דאָרט איז אופגעקומען נײַס. האָבן, הייסט עס, די מענטשן פון די שטעטלעך ניט אומזיסט זיך א לאָז געטאָן אהער.

וואָס עס איז אזוינס א שטעטל, האָט אָלגע דערזען אָט דאָ, אף מײַרעוו. דאָס זײַנען גוטע שנײַדער, וואָס באנייען דעם גאנצן ארום, דאָס זײַנען שוסטער און שמידער, זייגערמאכער און קלעזמער, מוליערס און מילנער, און דאָקטוירים, און לערער, — דאָס זײַנען מענטשן, אָן וועלכע דאָס ברויט איז קיין ברויט ניט. און נאָך האָט זי געזען: דאָס זײַנען מוטערס, וואָס בענקען נאָך די קינדער, וועלכע לערנען זיך אָדער ארבעטן ערגעץ אין די גרויסע שטעט; דאָס זײַנען טאטעס, וואָס די גרעסטע לוין פאר יאָרן מי איז די פרייד פון אויסגעבן א זון און, ווער רעדט, א טאָכטער, טאנצן אף די קינדערס כאסענעס; דאָס זײַנען קלוגע בערדיקע זיידעס, וועלכע האלטן אף די קני אן אייניקל און קוקן דורך א בריל אין צײַטונג מיט דער איינער זאָרג און איינער מוירע: צי זאמלען זיך ניט ערגעץ־ווּ קיין וואָלקנס, צי גרייט זיך ניט קיין נײַע מילכאָמע?

אָלגע האָט געקוקט אפן שטעטל, און עס האָט זי מאמעש א ציטער דורכגענומען: קיין איין קוימען האָט אינעם פרימאָרגן זיך ניט גערייכערט, קיינעם האָט מען ניט געזען אף די גאנעקלעך, אין די הויפן, אין די געסלעך, אפן שליאך. זײַנען טאקע אלע דאָרט, אין מאָנאסטיר, הינטער יענער הויכער ווײַסער וואנט, וועלכע צוימט אים ארום? יאָרטויזנטער האָט מען די ייִדן גערוידעפט דערפאר, וואָס זיי האָבן קלוימערשט ניט אָנערקענט זייער מאָשיעך, כריסטוסן, דוירעס־לאנג איז פאר זיי געווען די שרעק א מעטשעט, א קירכע, א מאָנאסטיר — יעדעס אָרט, וואָס האָט פארקערפערט פרעמד הייליקטום. איצט האָט מען דאָס שטעטל פארטריבן אין מאָנאסטיר, וואָס איז שוין אפילע קיין מאָנאסטיר ניט, און אָלגען האָט דאָס, וואָס איז עפשער געווען א צופעליקע זאך, באזונדערס דערשיטערט.

מיטאמאָל האָט זי דערזען: אף דער גאס, ווּ די שול געפינט זיך, האָט פארקערעוועט אן אוילעם מענטשן. מע טראָגט עפעס אף דרענגלעך, דוכט זיך, קוואָרים־שטיינער, און א וואך גייט נאָך — דײַטשן און פאָליצײַען. אָלגע האָט זיך עטוואָס אָפגערוקט פונעם פענצטערל, מע זאָל זי ניט באמערקן, נאָר א פארציטערטע אלץ געקוקט אף דער גאס. די מענטשן זײַנען געגאנגען פאמעלעכן, די מאסע האָט זיי אָפגעצויגן די הענט, געצווּנגען אײַנבייגן די רוקנס, די קני. פון דער הייך האָט מען קוים געקאָנט זען זייערע פנעמער, נאָר אלע זײַנען געווען באוואקסן, אויסגעדארט. איר אופמערקזאמקײַט האָט באזונדערס צוגעצויגן איינער, דער, וועלכער איז געגאנגען אין דער ערשטער ריי לינקס, נעענטער צום פלויט, — שטארק א הויכער מענטש, אין א צעריסענעם פארטעך און אין א צוגעפלעטשטער קעפקע, — דאָס איז, דוכט זיך, מיכל קרעמעז, דאניעלס פעטער, דער מוליער. דער הויכער האָט זיך אָפגעשטעלט, און אלע, וואָס האָבן מיט אים צוזאמען געטראָגן דעם שטיין, אויך די, וואָס זײַנען געגאנגען הינטן מיט פונקט אזעלכע פלי־

טעס, האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעלאָזט די מאַסע אויף דער ערד. מיטאַמאָל האָט אַ געשריי זיך אַרויסגעריסן בײַ אָלגען: די קאָנוואָירן האָבן מיט די פויסטן זיך אַרופגעוואָרפן אויף יענעם, וואָס אָלגען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ס׳איז דאַניִעלס פעטער. ווידער האָט זי באַמערקט זײַן גראָוו באַוואַקסן פּאָנעם, אַ צעקרימטס פון ווייטיק. דער אַלטער האָט די ערשטע רגעס אַ ניט־געבויגענער, אַזוי ווי אַן אָפּגעטעמפּטער, אויפגענומען די קלעפּ, דערנאָך זיך ווי אײַנגעבראָכן, אויסגעשטרעקט די הענט צו דער ערד. אַלע, וואָס האָבן מיט אים געטראָגן דעם שטיין, האָבן זיך אָנגעבויגן, דערנאָך שווער אויסגעגלײַכט זיך מיט דער מאַסע און אַוועקגעשפּאַנט ווײַטער. דאָס זעלבע האָבן געטאָן אויך די איבעריקע.

אָלגע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום בוידעם־טירל, פלינק אַראָפּגעקראָכן פון לייטער. זי מוז אַרויס אין גאַס. עפּשער איז עס טאַקע דער פעטער מיכל? און כאָטש זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז געפערלעך, מע טאָר עס ניט טאָן, האָט זי זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן: אויב ס׳איז מיכל קרעמעז, וועט, מעגלעך, געלינגען כאַפּן זײַנס אַ וואָרט, כאָטש אַ בליק זײַנעם. און עפּשער זאָל זי גאָר פּרוּוון עפּעס־וואָס אים איבערגעבן? אירס האָט זי גאָרנישט, נאָר אַ שטיקל ברויט קאָן מען נעמען בײַ וויִצעך קאַזימיראָוויטשן, און עטלעכע קאַרטאָפל אויך — ס׳שטייט דאָ אַ האַלבער זאַק קאַרטאָפל אין פּאָדערהויז... זי האָט שוין געוואָלט אַרײַן נאָכן ברויט, ווי די טיר פון צימער האָט זיך געעפנט און אויף דער שוועל איז געבליבן שטיין דער אַלטער לערער.

— אָ! — האָט ער אויפגערוימט געזאָגט. — און מיר טראַכטן: ווּ איז די מאַמע? קומט אַרײַן, קומט אַרײַן, אָלגאַ סעמיאָנאָוונאַ, איך דאַרף אײַך באַקאַנען מיט מײַנעם אַ געוועזענעם שילער.

## 6

וויפל האָט שוין דאָ, בײַ וויִצעך קאַזימיראָוויטשן אין צימער, געקאָנט זײַן אָט דער אומגעלומפּערטער, וווקסיקער באָכער? מאַקסימום — אַ מינוט צוואַנציק, ווײַל לענגער איז אָלגע אויפן בוידעם ניט געווען. און דאָך ווען זי איז אַרײַנגעקומען, האָט זי גלײַך, סײַ לויט נאַטאַשעס, סײַ לויט אַרטיאָמס אויפגעלעבטן פּאָנעם פאַרשטאַנען, אַז מע איז צופרידן מיטן נײַעם באַקאַנטן, און אפילו מער — מע איז שוין געקומען צו אַ העסקעם. אָלגע האָט גענומען דעם באָכערס אויסגעשטרעקטע גרויסע האַנט, דערזען זײַן אָפענעם שמייכל — אַן אָפענעם און דאָך אַ ביסל אַ געהיימניספולן, און אַ ביסל אַ גוטמוטיק־אָפּשאַצערישן, נאָר איבער אַלץ — אַ ביז גאָר סימפּאַטישן, און אויך זיך דערפילט באַצוויבערט פון דעם דאָזיקן ווערגעלעץ.

ער איז געזעסן אינמיטן אויף וויִצעך קאַזימיראָוויטשעס נידעריקן פּוסבענקעלע (אַ כאַלאַס פון שטאַרק הויכע מענטשן, אָלגע האָט עס געוווּסט לויט איר טאַטן, וואָס קיין צווייטער אַזאַ הויכער איז אין די אַרומיקע ייִשובֿים ניט געווען), עטוואָס אַן אײַנגעהאָרבעטער, אַ שוואַרצכייִנעוודיקער, מיט בוילעטע קינבאַקן, מיט אַ פּאַריסענער נאָז און אַ היפּשן מויל, אין וועלכע די ציין האָבן בלענדיק געבליאַסקעט. אויגן — געלבלעך־קאַרע, באַוועגלעכע, ווי בײַ אַ וועווריק. די לאַנגע, גלײַכע טונקעלע האָר אונטערגעשוירן, ווי בײַ אַ מיידל... דעמלט, אין די ערשטע מילכאָמע־כאַדאָשים, האָט מען אַלעמאָל געוווּנדט די אויפמערקזאַמקײַט אויף די האָר: קורץ געשוירענע אָדער גלײַכמעסיק אונטערגעוואַקסענע, האָבן געוויזן, אַז דאָס איז אַן איבערגעטאָנענער סאָלדאַט; לענגערע האָר, אַ מין פּאָלקע, זאָל זײַן אפילו אַ פּאַרוואַקסענע — אַן אָפּיצער. אַזעלכע אָבער, ווי בײַ דעם דאָזיקן יונג, האָבן געדאַרפט וואַקסן ניט ווייניקער, ווי אַ האַלב יאָר. דאָס איז נאָך, קאָנטיק, געווען די פאַרמילכאָמעדיקע צירונג פון אַ מאָלער, אַ פּאָעט צי סטאַם אַ מענטשן מיט פאַנטאַזיע. און ווען דער באָכער האָט זיך פאָרגעשטעלט, האַלטנדיק לענגער אַ ביסל אָלגעס האַנט, וואָס האָט געמליִעט אין זײַנע אײַזערנע פינגער, „מאַקאַר ליאַליעטשקאָ“, האָט זי אַ שמייכל געטאָן, פּונקט ווי זי זאָל גאָר קיין שווערס ניט האָבן נאָרוואָס איבערגעלעבט, קיין שוידערלעכס ניט געזען. לאָזט זיך אויס, אַז אויף דער וועלט איז נאָך פאַראַן עפּעס געזונטס, שמייכלענדיקס, ניט קיין פאַרלוירנס, אַזוינס, וואָס אַ טראָפּעלע פון דעם פאַרקערפּערט אין זיך אויך אָט דער באָכער מיט דער ביז גאָר לעכערלעכער פאַמיליע, וואָס קיין פּאַסיקערע וואָלט מען אָבער פאַר אים עפּשער צוטראַכטן ניט געקאָנט.

באַצוויבערט אַזוי פון אָלגען און אָפּגעשאַצט זי שוין פאַר אָט די עטלעכע מינוטן, פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אים אויך אָפּגעשאַצט, האָט מאַקאַר ליאַלעטשקאָ געזאָגט:

— וויִצעך קאַזימיראָוויטשעס אַ שילער, דער סטאַראָסטע פון זײַן כימישן קאַבינעט אין מעשעך פון דרײַ יאָר, און דאָך, ניט צו וויסן אַדאַנק וועלכער כימישער רעאַקציע — אַ דעקאָראַטאָר פון קיִעווער אָפּערע... און איך האָב זיך דאָ אויך געטראָפן מיט אַ רעטעניש: איך קוק אויף אײַער נאַטאַשען, אָלגאַ סעמיאָנאָוונאַ, און טראַכט: פונוואַנען קומט אַהער אַזאַ מאָנגאָלאָטשקע? ערשט איצט איז קלאָר: אַ קאָפּיע פון דער מאַמען. מיר האָבן זיך שוין באַקאַנט, דורכגעשמועסט,

און איצט, אָלגא סעמיאָנאָוונא, וואַרטן מיר אויף אייַער וואָרט: מיקויעך נאַטאַשען האָט איר נאָך ניט איבערגעטראַכט?

— דאָס זייַט איר דער קלוגער אינדערפרי? — האָט אָלגע געפרעגט מיט אַפּסניי דערוואַכטער פאַרביטערונג. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף קוכאַרסקין (בײַ די דאָזיקע ווערטער האָט ער אָנגעכמורעט די גראָזווע ברעמען און כידעשדיק, פאַרדראָסיק אַ קנייטש געגעבן מיט די אַקסל), אויף דאַרוגען (בײַ יענעם איז טייקעף פאַרשווונדן דער אופגעלייגטער שמייכל), געטראָפן זיך מיט נאַטאַשעס ניט־קינדיש ערנסטן און ניט־קינדיש האַרבן פאַרוואָרף־בליק, און פאַרטייַטשט: — זייַט איר דאָס יענער, וואָס קאָן געבן אַן אייצע?

דער באַכער האָט ניט אופגעהערט שמייכלען, נאָר דערבײַ געקוקט אויף אָלגען מיט פאַרשטאַנד פאַר דעם, וואָס עס קומט מיט איר פאָר:

— לאָמיר זאָגן — איך, און ניט נאָר איך, עמעצער אַ קליגערער פון מיר. נאָר איך דאַרף אייַך קלאָר מאַכן איין זאַך, אָלגא סעמיאָנאָוונא: איך בין אַהער געקומען ניט אַזוי צוליב נאַטאַשען, ווי צוליב דעם לייטענאַנט. וואָס איז שייַעך נאַטאַשעס גאַנג אין קינדער־שטעטל, אין לאַגער, איז דאָס אייַער זאַך, מיר זאָגן אייַך ניט: שיקט זי. מיר קאָנען אייַך בלויז צוזאָגן הילף, ווען עפּעס זאָל אַנטשטיין אומדערוואַרטס. וואָס אָבער יאָ, ווען די קליינע גייט אַהין, וואָלטן מיר אַ צווייטן מענטשן ניט געזוכט אויף שיקן אים וועגן אונדזערן אַן איניען — מיר קלייַבן זיך ראַטעווען עמעצן פון לאַגער און דאַרפן דאָרט וואַרענען וועגן דעם געוויסע מענטשן.

— און עפּשער וואָלט איך טויגן פאַר אַזאַ גאַנג?

— ניין, פאַר אייַך איז עס אַ פּאַסטקע. מע קאָן אייַך צעשיסן גלייַך בײַם טויער — פאַר אויסבאַהאַלטן זיך ביז איצט.

— אויב דאָס קאָן טאָן בלויז אַ קינד, לאָז איך זי אָפּ, נאַטאַשען.

— אהא! וואָס האָב איך געזאָגט? — דאָס מיידעלע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן קושן די מאַמע. אָפּגעטוליעט דאָס פּענעמל פון דער מאַמעס פאַרטרערטער באַק, האָט זי דערקלערט: — אַזויפיל מענטשן האָבן אונדז געהאָלפן ראַטעווען זיך, זאָלן מיר איצט ניט העלפן ראַטעווען?

## 7

יענער ערשטער אין דער קאָלאָנע מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן קוואַרים־שטיינער, איז ווירקלעך געווען מיכל קרעמעז. אין ליובאַטש האָט מען אים געוויינלעך גערופן מיכל דער מוליער, אין דער מישפּאָכע — מיכל דער לענגסטער, און ער אַליין, ווען ער פלעגט נאָך לייענען ביכלעך, גאָר אַמאָל, האָט אין גערדאַנק זיך אַ נאָמען געגעבן סיזיף.

דער לענגסטער האָט ער געהייסן בײַם זיידן אין שטוב, ווו ער איז געווען העכער פון אַלע ברידער, שוועסטערקינדער און גלידשוועסטערקינדער. איצט איז שוין קיינער פון זיי ניטאָ. מי באַייש אומי באַמאַים — אַזוי איז עס טאַקע: איינע האָט צוגענומען די מילכאָמע מיטן יאַפּאַנעץ, אַנדערע — מיטן גערמאַנעץ, דערנאָך האָבן די פּאָגראָמען געמאַכט אַ כורבן. קיינער איז קיין עמעסער זאַקן ניט געוואָרן, ער איינער האָט דערלעבט צו דעם שרעקלעכסטן, וואָס אַ מענטשן קאָן באַשערט זייַן: זען, ווי מע האַקט די וואָרצלען פון זייַן שטאַם און ווי מע קאַרטשעוועט זיי. עמעס, ערגעץ אין פּוילן, אין קאַדנווו, האָט נאָך ביז ניט לאַנג צוריק געלעבט נויעך קרעמעז. נאָר וועך קאָן גלייבן, אַז ער איז מיטן גאַנצן הויזגעזינד ניט פאַרשניטן געוואָרן, — דער פאַשיסט בושוועט שוין דאָרט קנאַפּע צוויי יאָר...

איז אָט גאָר וואָס עס האָט באַטייַט „דער לענגסטער": לענגער פון אַלע האָט ער, מיכל, זיך פאַרהאַלטן אויף דער וועלט.

און אויב אַ נעם טאָן דעם נאָמען, וואָס ער אַליין האָט זיך געגעבן — „סיזיף"? אָן אופהער קייַקלען שטיינער אויף אַ באַרג און זען, ווי זיי רייַסן זיך צוריק אַראָפּ... פון ווייס־איך־ווען איז ער געווען אַ מוליער, אויסגעקליבן זיך די דאָזיקע מעלאָכע ניט אַליין — דער טאַטע, אָלעווהאַשאָלעם, אַ מעטופּל מיט קינדער, האָט אים, דעם ערשטן באַרמיצווע, גענומען פאַר אַ האַנט און אָפּגעפירט צו גאַמלִיעל דעם מוליער פאַר אַ לערן־ייִנגל, ניט צו אָשער דעם מעכאַניקער, וווהין עס האָט אים, מיכלען, געצויגן, — אָשערן האָט מען געדאַרפט צאָלן, און גאַמליִעל האָט געלערנט אומזיסט. אָט אַזוי איז גאָרנישט ניט אַרויסגעקומען פונעם לייענען די ביכלעך, וועלכע אַ קיִעווער דאַטשניק האָט אים געגעבן. ער איז געבליבן, מיכל, בײַם כאָלעמען וועגן ווערן אַן עדיסאָן, געפּרוּווט דעמלט טאַקע דערלאַנגען זיך קיין אָדעס, קעדיי שווימען איִיווער־לעיאַם, נאָר מע האָט אים אומגעקערט פון וועג אַ פאַרקליאַקנעטן, און דער איינציקער פויעל־יויִצע פונעם לייענען איז געווען דער נאָמען „סיזיף". ער האָט געהאַט צו טאָן מיט לייגן ווענט פון שטיינער און ציגל, צומייסטנס פאַר פּריצישע פּאַלאַצן און גווירישע הייַזער. דער פּראָסטער אוילעם האָט די שטיבלעך צונויפגעלייפּיטשעט פון האָלץ און ליים. גאַרבאַרניעס, און מילן, און אָליניצעס — וואָס האָט ער ניט געבויט. און אַלץ פאַר אַזעלכע, וואָס זייַנען ניט ווערט געווען, וואָס די ערד

טראָגט זיי. בלויז שפּעטער האָט די אוודע זײַנע באַקומען גאָר אַן אַנדער ווערט, ווען ער האָט גענומען בויען פאַרן גאַנצן קלאַל: אַן עלעקטראָסטאַנציע, א פּאָטשט, א שול, א קלוב... נאָר ווידער טאַקע — סיזיף! אַלץ האָט צעשמעטערט דער פאַשיסט, צעוואַלגערט, פאַרברענט, באַטל געמאַכט...

אַלץ? און דאָ קומט ער צום איקער, מיכל קרעמעז. אָט טראָגט ער מיט די מענטשן קוואָרים־שטיינער, קעדיי אויספלאַסטערן דעם פּלאַץ אינמיטן שטעטל. דאָרט, אין געוועזענעם ראַיסאָוועט, איז איצט די קאָמענדאַטור. און מאָלטקען, דעם שעף פון דער שוואַרצער קאָמאַנדע, וועלכע איז מיט עטלעכע טעג צוריק אַראָפּגעקומען אַהער, — און ס׳א סוואָרע, אַז דאָס זײַנען די עמעסע מערדער, די עמעסע פאַרדאַרבער, ווײַל ביז זיי האָט מען אין קינדער־שטעטל געהאַלטן בלויז געפאַנגענע און די ייִדן אַהין ניט פאַרטריבן, — מאָלטקען געפעלט ניט, וואָס דער פּלאַץ איז צערויעט פון טאַנקען, דאַרף מען אים אויסברוקירן, און דאַפקע מיט מאַצייוועס פון ייִדישן בעסוילעם. איז וואָס זשע, זאָל עס שוין טאַקע זײַן אַלץ, די לעצטע שטיינער סיזיפס, די, מיט וועלכע עס ווערט געשטעלט א דענקמאָל דעם שטעטל, וואָס וועט הײַנט־מאָרגן עפּשער אַראָפּגעווישט ווערן פון דער ערד? נו, און דער געדאַנק, וואָס איז אים, מיכלען, אײַנגעפאַלן, אַז ס׳איז אַפילע ניט קיין דענקמאָל, נאָר א בריוו אָף שטיין, א ייִכעס־בריוו פאַר דוירעס, און אויך א בריוו צו די, וועלכע זײַנען פון יענער זײַט פײַער און וועלן סאָפּקאָלסאָף קומען אַהער מיט ניצאָכן? אויב קלערן אַזוי, איז דאָך פאָרט דאָ א שטיקל טרייסט.

די, וואָס וועלן דורכגיין ליובאַטש פון מיזרעך אָף מײַרעוו, פאַרשטויבטע און פאַרייכערטע אין שלאַכט אָדער אָנגעפּעלצטע, מיט פענעמער, ווינטיק־פאַרברוינטע פון פראָסט און זאַווי, מיט א רויטער פאָן, וואָס א רײַטער וועט זי האַלטן א פאַנאַנדערגעוויקלטע, — אַזוי איז דאָ אַמאָל דורכגעגאַנגען באָזשענקאָ, — די אויסלייזער, וואָס וועלן קומען אין פוסטן, כאָרעוון שטעטל און אוודע אָפּשטעלן זיך אָפן פּלאַץ, וועלן ניט קאָנען לייענען די אויסגעקריצטע פּירקאַנטיקע אויסיעס, נאָר אָפּזוכן וועלן זיך צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס וועלן איבערלייענען און דערציילן אַלעמען, און עפּשער וועט דאָס טאַקע זײַן דאַניעל... איז זאָל מען וויסן די געשיכטע פון ליובאַטש, און זאָל מען דורך די שטיינער פאַרנעמען דעם וויי־געשריי ניט נאָר פון די, וואָס זײַנען דאָ לעצטנס פאַרשניטן געוואָרן, נאָר פון גאַנצע פאַרגאַנגענע דוירעס, פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך געמיט אָף אָט דער ערד, גענערט זיך מיט איר זאַפט און אָפט מיט גוואַלד פאַרטריבן געוואָרן אין אירע טיפענישן.

אָט שלעפּט מען זיך טראָט נאָך טראָט — די טריט זײַנען אַזעלכע שווערע, אַזעלכע לאַנגזאַמע! — און עס וויגט זיך דאָס דעמבענע דרענגל, וואָס ער, מיכל, האַלט מיט ביז ווײַס צונויפגעקראַמפּטע פינגער פאַר איין עק און סימכע דער קאָוואַל, סימכע דער גוואַר, פאַרן צווייטן (א גוואַר? מיט א פּאָר וואָכן צוריק, ביז די דײַטשן זײַנען אַהער אַרײַנגעקומען, איז סימכע נאָך געווען א גוואַר, כאָטש ער איז ניט אָף קיין סאַך ייִנגער פון אים, פון מיכלען, נאָר דער קאָוואַל האָט עפּעס אָנזיכטיקער פון אַלעמען פאַרלוירן די קויכעס און איז איצט פּונקט אַזוי שוואַך, ווי אַלע), עס וויגט זיך דאָס דרענגל גאָר נאָענט פון דער ערד, הינטן וויגן זיך נאָך צוויי אַזעלכע אויסגעבויגענע דראָנגען, און אָף זיי ליגט אײַזיקס, דאַניעלס ברודערס, דענקמאָל, אייגנטלעך, די אייבערשטע טייל פון גרויען, געשליפענעם קיזלשטיין מיטן אויפשריפט „פּ. נ.“ — דאָ באַגראָבן, — און ווײַטער אויך אין אַמאָליקן נוסעך, כאָטש איין וואָרט איז דאָרט דאָ אַזאַ, וואָס טײַטשן דאַרף מען עס ניט פון לאָשנקוידעש — טשאָן: „שעמויס מויס גיבוירים ביצוואַס טשאָן“ — געפאַלן ווי א העלד אין די רייען פון טשאָן...

דאָס שײַנדל פון דער מישפּאָכע קרעמעז און דער צאַר אירער וויגט זיך אויך אָף די דראָנגען, וועלכע עס טראָגן הינטן נאָך דרײַ קופּקעלעך מענטשן. כאַנקעס, ליאָניעס מאַמעס, מאַצייווע: „שעגינאָ עס קווידאָ ווענאָפלאָ מויס קעדוישים“ — זי האָט פאַרטיידיקט איר קאָוועד און געפאַלן, ווי א הייליקע... דערנאָך קומט זכאַריעס שטיין מיט דער סאַמע געפּרעסטער עפּיטאַפיע, וואָס קאָן אויסגעקריצט ווערן לעזיקאָרן פון איינעם, וועלכער האָט געלעבט און איז געשטאָרבן אָנשטענדיק... און גאָר צולעצט שווימט דעם זיידנס, יעכיעל דעם קאַנטאָניסטס, מאַצייווע, פון וועלכער ס׳איז ווי־ניט־איז אַראָפּגעשאָבן געוואָרן דער מאָך...

ער וועט זיי אָוועקלייגן, די דאָזיקע פיר שטיינער, איינעם לעבן צווייטן, אַזוי, ווי זיי זײַנען געשטאַנען אָפן בעסוילעם, אײַנפּאַסן זיי, ווי זײַן צירונג, צווישן אַלע אַנדערע מאַצייוועס, וואָס צוגעקליבן האָט ער זיי און אויסגעלייגט אָפן פּלאַץ אַזוי, אַז די, וואָס וועלן קומען, זאָלן וויסן: הונדערטער יאָר איז דאָ, אָפן שוועל פון וואָלין און פּאָדאָליע, געשטאַנען א שטעטל, און געשטאַנען פּונקט ווי אַלע אַנדערע שטעטלעך, ניט סטאַם אַזוי, דאָר נאָך דאָר האָט עס צי יאָ, צי ניט פאַרמאָגט א גאָען, נאָר האָרעפּאַשניקעס האָבן דאָ שטענדיק געלעבט (סאָכרים, הענדלער, מעקלער? געווען, פאַרשטייט זיך, אויך די דאָזיקע — ביז עס זײַנען געווען פּריצים און באַלעגור־

פּים, האָט זיך ארום זיי געדרייט אויף דער שטעטלדיקער האַנדל־וואַנדל. נאָר דער יאָדער, דער טאָך זײַנען דאָ קאָל־יאַמאָוו געווען באַלמעלאָכעס, האַרעפּאַשניקעס, פּונקט ווי אין דאָרף — די, וואָס גייען נאָכן אַקער), בייס יעדער מאַגיפּע און יעדער פּינצטערער בעהאָלע האָט דאָס שטעטל געליטן קאָרבאָנעס, און טאַקע מער פון אַלעמען — פון אָרעמען גראַד, פאַר יעדער מילכאָמע האָט דאָס שטעטל געמוזט שטעלן סאָלדאַטן, אָבער לעצטנס, לעצטנס זײַנען פונדאַנען געגאַנגען פרײַוויליקע... און עמעסזוכער, רעוואָליוציאָנערן האָט עס אויך פאַרמאָגט, און כאָטש זייערע ביינער זײַנען מערסטנס געבליבן אין סיביר, פּונקט ווי די ביינער פון פיל סאָלדאַטן — אַף די שלאַכטפעלדער, האָט דעם אַנדענק וועגן זיי דאָס שטעטל געהיט, אויסגעהאַקט זייערע נעמען אַף די שטומע מאַצייוועס פון טאַטע־מאַמע.

טראַכטנדיק וועגן דעם און טועטנדיק, ווי ער האָט פאַרטראַכט, אײַנזעענדיק אין דעם פאַר זיך א טרייסט, ווייסט ער, מיכל, אַז פאַר די פּיצלעך קינדער, די יונגע לעבנס, וואָס שמאַכטן דאָרט, הינטער דער מאַנאַסטיר־וואַנט, און פאַכען שוין עפּשער מיט דער נעשאָמע, פאַר זייערע מאַמעס און באַבעס, די טאַטעס און זיידעס און בעסויכעם אויך פאַר דעם געליימטן ווײַב זײַנעם, סטערען, און פאַר דער שוועגערן, שיפרען, איז זײַן אופטו גאָר א שוואַכע טרייסט. אָבער אויב ער, דער מוליער, וועלכן די דײַטשן האָבן באַפוילן אָנפירן מיטן ברוקירן דעם פּלאַץ, קאָן איצט מער גאָרנישט ניט טאָן פאַר די עטלעכע טויזנט פאַרורטיילטע, טוט ער כאָטש דאָס דאָזיקע — ער שטעלט זיי א דענקמאָל...

8 א ביסל אַרט מיכלען, וואָס דער איינציקער האָט וועגן זײַן פאַרטראַכט זיך אָנגעשטויסן און העלפט אים אפילע מיט בישטיקע יענער, ווען די דײַטשן האָבן געשטעלט פאַר א מין שוימער, אַן אופזעער איבער די ברוקירער — דער קאַראַימער ניסאַן טאַנאַגאַז. נאָר, פון דער אַנדערער זײַט, וואַרעמט עס אים דאָס האַרץ.

נאָך אײנעם ערשטן טאָג, ווען מע האָט באַפוילן ברעכן דעם בעסוילעם און ברוקירן דעם פּלאַץ, איז מיכלען אײַנגעפאַלן אויסלייגן די שטיינער נאָך א געוויסן סיידער נאָך. און גלײַך פון אָנהייב, ווען ער האָט גענומען זוכן די עלטסטע, פאַרמאַכיקטע, אָבער נאָך פעסטע מאַצייוועס, האָט דער קאַראַימער זיך געכאַפּט, ווײַזט אויס, אין וואָס דאָ גייט, נאָר געשוויגן. ער איז א בראַקירער, אים געהערט דאָס לעצטע וואָרט — נעמען דעם שטיין צי ניט, גאָר די אַלטע וואָלט ער געקאָנט פאַרבראַקעווען, ווען ער זאָל וועלן. און ערשט הײַנט, אַפן פערטן טאָג, זינט מע איז דאָ באַשעפטיקט, האָט ער ענדלעך קלאָר באַוויזן, אַז ער ווייסט, אין וואָס עס האַנדלט זיך, אָבער דאָס אַזוי געטאָן, אַז איין מיכל זאָל אים פאַרשטיין. ווען מיכל האָט געהייסן אויסברעכן די מאַציוועס פון די קרעמעזעס, האָבן אַלע, וואָס אַרבעטן דאָ, און טאַקע סימכע דער ערשטער, זיך פאַרכידעשט:

— וואָס טוט איר? ווער צווינגט אײַך?

— כ'וויל האָבן מײַן צושטײַער...

מע האָט ניט פאַרשטאַנען, געקנייטשט מיט די אַקסל, געקוקט אַף אים, ווי ער זאָל זיך האָבן געררירט פון די געדאַנקען. און אַט דעמלט האָט ניסאַן טאַנאַגאַז געלאָזט פאַלן עטלעכע ווערטער:

— ניט אַלעמאָל שטייט א דענקמאָל דאָרט, וווּ דער קייווער איז.

א פײַנער מענטש, אַט דער קאַראַימער, דער אַפּטייק־בוכהאַלטער. עמעס, א שווײַגער, דו ווייסט קיינמאָל ניט, וואָס ער טראַכט וועגן דיר און צי ער זעט דיך ביכלאַל. שטענדיק האָט זיך געדוכט: ער פילט זיך דאָ ווי א פרעמדער אין שטעטל מאַכמעס זײַן אַנדערשדיקן גלויבן, וואָס ניט ער האָט עס אוועקגעפירט פון מאָקער און ניט ער האָט עס געקאָנט און געדאַרפט ברענגען צוריק. דערפון נעמט זיך מיסטאָמע דער אומעט אין זײַנע אויגן, די באַשיידנקײַט און געצוימטקײַט פון זײַנע טנועס. א נידעריקער, א געזעצטער, קימאַט א קײַלעכדיקער, מיט א שוואַרצן קאָמעץ־בערדל, שוואַרץ, וואָס שוואַרץ הייסט, כאָטש ער האָט שוין לאַנג אַריבערגעשפּאַנט די זעכציק, נאָר מיט זעקעלעך אונטער די אויגן און מיט געלע צעקנייטשטע באַקן, האָט ער קיינמאָל קיינעם מיט קיין וואָרט ניט פאַרטשעפּעט. געוווּסט האָט מען, אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, אַז כּוץ זײַן זון, דעם קינאָמעכאַניקער, און דער יינגערער טאָכטער, וואָס וווינט ערגעץ אין קיעוו, האָט ער דערצויגן אויך אַן אונטערגעוואָרפן יינגל און יענער איז שוין איצט א קאָמאַנדיר. וואָס יאָ, גראַד וועגן דעם אונטערגעוואָרפענעם האָט מיכל געהערט ניט קיין גוטס סײַ פון דאַניעלען, ווען ער איז דאָ פאַראַיאָרן געווען, סײַ אפילע פון ליאָניען — ערגעץ האָבן זיי זיך געהאַט געטראָפן מיט אים אַפן ווײַטן מיזרעך. נאָר וואָס קאָן דאָס וואַרפן פאַר א שאָטן אַפן אַלטן טאַנאַגאַז, אַז אפילע אייגענע קינדער זײַנען ניט אַלעמאָל ענלעך אַף טאַטע־מאַמע, הײַנט נאָך — א פרעמדס.

פאַר איין זאַך איז מיכל דאַפקע יאָ געווען אָנגעשטויסן אַפן קאַראַימער. גוט, וואָס ער האָט געלאָשן אין זיך דעם פאַרדראָס, ווײַל שפּעטער האָט ער דאָס אויך אַנדערש אָפּגעשאַצט. יעדער מענטש וויל זיך ראַטעווען, און אויב נאָר ער טוט א צווייטן ניט דערבײַ קיין אוולע, איז ניטאָ וואָס אָף אים פאַריבל צו האָבן. ווען מע האָט ניסאַנען מיטן ווײַב מיריאַם, די אַקושאָרקע, וואָס איז דאַפקע אַ מין כאָשעוו אין שטעטל, און דעם דערוואַקסענעם זון זייערן, מישען, וועלכן די דײַטשן האָבן צוזאַמען מיט פיל ליובאַטשער, מאָביליזירטע אין דער רויטער אַרמיי, אומגעקערט פון קיִעווער טראַקט, — ווען מע האָט די דרײַ קאַראַימער איניינעם מיט אַלע ייִדן פאַרטריבן אין קינדער־שטעטל און זיי האָבן זיך שוין אָפּגעפּלאָגט דאָרטן א פּאָר טעג, האָט גאָר זי, מיריאַם, א שטעל זיך געטאָן פאַר דעם נײַעם רעצייעך, פאַר מאָלטקען, און אָף דײַטש געזאָגט אים:

— איך מאַך אײַך אויפמערקזאַם, אַז מיר זײַנען קיין ייִדן ניט, מיר זײַנען קאַראַימער.

מע האָט ביידע אַלטע טאַנאַגאָזס טאַקע אַרויסגעלאָזט פון לאַגער, נאָר דעם זון זייערן פאַרהאַלטן, און מיכל ווייסט שוין גראָד פאַרוואָס.

פאַר אַן אויפזעער האָט מען דעם אַפּטייק־בוכהאַלטער געשטעלט, ניט ווײַל ער איז א מייוון אָף שטיינער, נאָר ווײַל ער קאָן לייענען, וואָס אָף די מאַצייוועס שטייט געשריבן, און כאָטש עס קאָן דאָרט אַלפּי־סייכל גאָרנישט ניט זײַן קעגן די דײַטשן, איז די טעווע באַ זיי אַזאַ, אַז זיי דאַרפן אומעטום האָבן אַן אויג. אָט דאָס, וואָס דער קאַראַימער איז מאַסקים געוואָרן צו זײַן זייער אויג, האָט טאַקע פון אָנהייב פאַרדראָסן מיכלען, און ער האָט גענומען שטעכן טאַנאַגאָזן. און שיין איז, וואָס יענער, א באַטריבטער, האָט אים ניט געענטפערט אָף די שטעכווערטער, כאָטש געערט האָט עס אים, אַזוי ווײַט געאַרט, אַז זײַן פול געזיכט איז אַלע מאָל ווי גרין געוואָרן, און אויב ער האָט שוין יאָ עפּעס געענטפערט, איז אָן רוגזע.

אין מיכלס אויפגעברויזטן מויעך איז אויפגעקומען דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט און געהערט וועגן די קאַראַימער:

— הערט א מײַסע, אַלץ, וואָס איז ניט פאַרשריבן אין דער ביבל, איז ניט פון גאָט, נאָר פון מענטשן, און מע דאַרף עס באָטל מאַכן. אָבער ווו איז דער סייכל? מענטשן לעבן דאָך עפּעס, זיי באַקומען נײַע מידעס און דאַרפן נײַע געזעצן... דאָס לעבן גייט. וואָס וועט איר זאָגן דערוף?

ניסאַן טאַנאַגאָז האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, בלויז באַקוקט דעם שטיין, וועלכן מיכל האָט זיך דעמלט גענומען אויסברעכן, — די מאַצייווע פון עפּעס א רויפע, וועלכער האָט געהיילט די מענטשן מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק.

איז ווידער א שטאָך, און נאָך מער א ווייטעקדיקער:

— א סאַך האָט ער אײַך דעמלט אָוועקגעפירט נאָך זיך, דער ערשטער כאָכעם אײַערער... ווי האָט ער עס געהייסן?

— אַנאַן.

— נו, יאָ, עפּשער א פערטל פונעם פאָלק. נאָר וועמען האָט איר איצט, ווו זײַט איר און וויפל זײַט איר? פאַרנומען האָט ער אײַך, יענער אַנאַן, ווי אין א רעשעטע, און געלעבט האָט איר, ווי אין א רעשעטע, אָף יעדן פרעמדן טויק געבליבן צוביסלעך.

ניסאַן האָט אויך דאָס מאָל ניט דערווידערט. אָפּגעגאַנגען צו אַן אַנדער קופּקעלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפּאָרעט באַ א מאַצייווע. ווידער האָט אים מיכל דערזען לעבן זיך פיל שפּעטער און געהאַט שוין צו אים א נײַע טײַנע:

— זאָגט נאָר, אַז מיר געפעלן אײַך אַזוי ניט, איז פאַרוואָס זײַט איר אונדז נאָכגעגאַנגען אַלע יאָרן? קעדיי פאַרומערן אונדז אַפילע די גוטע שאָ, וואָס מיר האָבן געהאַט? מיר האָבן זיך געפרייט מיט א יאָמטעוו, און איר האָט אים באַווײַנט, ווי א מעס; מיר האָבן געצונדן ליכט, און איר זײַט געזעסן אין דער פינצטער, — אַלץ קוידערעש! ווי נאָר אָבער א האָמאָן האָט זיך אָנגעזעצט אָף אונדז און גענומען צאַפּן אונדזער בלוט, זײַט איר באַ אים אַלעמאָל געווען די גוטע, אַפילע איצט, באַם דײַטש, אויך אַזוי...

אָט דאָס איז, אייגנטלעך, געווען דער טאַמציס פון אַלע טשעפּענישן מיכלס, און ניסאַן האָט עס פאַרשטאַנען. ער האָט א קער געטאָן צום מוליער דעם היפּשן קאָפּ, וועלכער איז מאַמעש געזעסן אָף די רונדע אַקסל אַזוי, אַז דער האַלדז האָט זיך ניט אַרויסגעזען. אַפן פולן געזיכט האָט זיך אויסגעלייגט צערודערטקײַט, די צעקנייטשטע הויט, די געדיכטע ברעמען און אַפילע דאָס קאָמעץ־בערדל האָבן געציטערט, די שוואַרצע אויגן האָבן געקוקט צוגעשמידט און אַזוי באַטריבט, ווי זיי זאָלן אָן טרערן וויינען.

— אויב איר האָט שוין יאָ געהערט פון אַנאַנען, — האָט ער שטיל זיך אָנגערופן, — איז ווייסט איר עפּשער אויך, וואָס ער האָט געזאָגט וועגן די טאַלמודיסטן, וועלכע ער האָט טאַקע פײַנט געהאַט טאַכלעס־סינע? ווען עס זאָל געשען א נעס, האָט ער געזאָגט, און ער זאָל זיי אַלע

קאָנען אַרײַנעמען צו זיך אין גוף, וואָלט ער זיך אַליין געהאַרגעט, אַבי זיי אומברענגען... איך קאָן דאָס זאָגן וועגן די פּאַשיסטן.

בא מיכלען האָבן די דאָזיקע ווערטער שוין אָף א גאַנצן טאָג אָפּגענומען דעם פאַרלאַנג ווידער פּיקן דעם אַפּטייק־בוכהאַלטער. נאָר יענער האָט אַליין זיך אומגעקערט צו דעם דאָזיקן שמועס פאַרנאַכטלעך, ווען מע האָט שוין דאָס דריטע מאָל געבראַכט צו טראָגן קוואָרים־שטיינער צום פּלאַץ אינמיטן שטעטל. מע איז קוים געשטאַנען אָף די פיס, אויסגערעכנט, אַז איצטיקס מאָל וועט מען זיי שוין ענדלעך אוועקפירן צוריק אין לאַגער. די קאָנוואָיִרן האָבן זיך אָבער ניט געײַלט, גערייכערט, דערציילט, ווי יעדעס מאָל, ווען מע קומט זיך צונויף אין אָנהייב צי אין עק וועג, געפּעפּערטע אַנעקדאָטן, און ווײַל איינע האָבן שפּאָט־ווייניק פאַרשטאַנען דײַטש, די אַנדערע — אוקראַיִניש, האָט מען זשעסטיקולירט, געמאַכט האַווײַעס, און דאָס אַליין האָט שוין אַרויסגערופן א געלעכטער. אָט דעמלט טאַקע האָט דער קאַראַיִמער אָפּגערופן מיכלען אין א זײַט, קלוימערשט קעדיי אוועקרוקן א מאַציייווע, וועלכע איז געבליבן ליגן נאָענט צום שליאַך, און געזאָגט צו אים:

— אַז א וואָלף האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט א קאָרבן הײַנט, הייסט עס ניט, אַז ער וועט מאָרגן ניט פאַרצוקן א צווייטן. איר פאַרשטייט מיך? כוץ דעם, נעמט אין אַכט נאָך א זאַך: איך, לעמאָשל, בין שוין העכער צוואַנציק יאָר ניט געווען אין קענאַסע — פאַראַן אַזא אין קיִעוו, אַנדערע זײַנען אויך אַלץ זעלטענער געקומען אַהין דאַוונען, לעצטנס איז זי גאָר געשטאַנען פּוסט און מע האָט דאָרט געעפנט א קינאָ... איך ווייס ניט, עפּשער זײַט איר געווען אָן אָפטער אַרײַנגייער אין קלויז?

— ניין, לעמיַי זאָל איך זאָגן.

— איז אָט דאָס איז עס דאָך... די סאָוועטנמאַכט האָט אונדז איבערגעבעטן, ניט נאָר אונדז מיט אײַך, אַלעמען... און דער וואָלף... האַקלאַל, איר פאַרשטייט... איך וועל אײַך שפּעטער מיטגעבן פאַר מײַן זון א לעבל ברויט, זאָלט איר וויסן זײַן, אַז א העלפט איז אײַערע.

די מײַסע מיטן ברויט האָט שוין גאָר איבעראַשט מיכלען. ווען מע האָט סאָפּקאָלסאָף געהייסן אויסשטעלן זיך אין א קאָלאָנע, קעדיי גיין צוריק אין לאַגער, האָט טאַנאַגאַז דערלאַנגט פון א טאָרבעלע א היפּש לעבל ברויט און געזאָגט צום היגן פּאָליצײַ, צו קאָלונען, ווײַל צומיינסטנס זײַנען דאָ געווען אָנגעפאָרענע פון מײַרעוו (ער האָט נאָך אַפּילע קיין אוניפאָרם ניט, קאָלון, אויסגעקליאַנטשעט בא עמעצן א פּאָליציייִש היטל און טראָגט עס אינדערקרום אָפן בלאָנדן, געקרײַזלטן קאָפּ):

— דאָס לעבל, פּעטראָ, איז פאַר מײַן מישען. קרעמעז וועט עס אים איבערגעבן, זע, מע זאָל עס באַם טויער ניט צונעמען.

און אָט אַזוי שוין אַלע טעג, וואָס מיכל אַרבעט דאָ, בא די שטיינער — רעדן רעדט ער מיטן קאַראַיִמער ווייניק, נאָר יעדן פאַרנאַכט גיט יענער איבער מיט אים עפּעס־וואָס פאַרן זון און וואָרנט, אַז געטיילט דאַרף עס ווערן אָף העלפט, מע האָט, הייסט עס, א לעבן אָפּגעלעבט זײַט־בא־זײַט און ניט געוווסט, וואָס פאַר א מענטש דאָס איז. איינמאָל האָט מיכל אַפּילע איבערגעוואָרפן א ווענטל בא אים אין שטוב, נו, איז וואָס — אָפּגעטאָן די אַרבעט, און ווידער געבליבן פרעמד. איצט איז מען אויך אַזוי ווי פרעמד. און פונדעסטוועגן... אויב א טראַכט טאָן אָבער, פאַרוואָס מיכל אַכטעט אים, דעם דאָזיקן ניסאָן טאַנאַגאַז, איז גראָד ניט אַזוי פאַר די קלוגע ענטפערס און ניט פאַר דעם ביסל עסן, וואָס איז בעפּיירעש א הילף איצט, ווען מע הונגערט דאָרט, פון יענער זײַט מאָנאַסטיר־וואַנט, נאָר פאַרן זון, וועלכן די דײַטשן לאָזן אַלץ ניט אַרויס און, ס'אַ סוואָרע, אַז דערפאַר, ווײַל ער וויל ניט ווערן קיין פּאָליצײַ.

נעכטן, ווען מיכל האָט איבערגעגעבן מישען עטלעכע געקאָכטע קאַרטאָפל באַם טויער פון פּי־הויף, ווו מע האַלט די קריגסגעפאַנגענע און די היגע אַקטיוויסטן אונטער א באַזונדערער וואַך, האָט ער אים א פרעג געטאָן: „וואָס וויל מען פון דיר?" נאָר יענער האָט בלויז פאַרטײַעט א גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן און גאָרנישט ניט געענטפערט. האָט מיכל געפּרוווט שוין הײַנט דערגיין א טאָלק בא ניסאָנען. יענער איז נאָך מער באַטריבט געוואָרן און אויך קיין וואָרט ניט געזאָגט. בא קאָלונען אָבער איז עס קיין סאָד ניט. מיכל קוקט זיך ביכלאַל צו, ווי דאָס שוואַרצע טרעט אין דעם דאָזיקן קאָלון אַרויס אַלץ שטאַרקער. געווען א מאַמזערל, וואָס אַלע האָבן געוווסט, אַז די מאַמע זײַנע, דעם היגן כאַזירניקס, דמיטראָ קאָלונס, טאָכטער האָט אים געבראַכט אָף דער וועלט נאָך דעם, ווי זי האָט זיך אומגעשלעפּט מיט די פּעטליוראָווצעס און אַפּילע נאָכגעפאָרן זיי. אָדאַרקע איז געווען שטיל, גלייביק, טמימעסדיק, גאָט די נעשאָמע שולדיק. און פּעטראָ איז געוואַקסן א וואָס־אין־דער־קאָרט, איבערגעקערט די באַזיליאַנקע, מע האָט אים געפּאַקט בא איין גנייווע, בא א צווייטער, האַקלאַל, ער האָט שוין פאַרזוכט טורמע. נאָך דעם, ווי די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין שטעטל, האָט ער זיך אַראָפּגעיאַוועט און איז געוואָרן א פּאָליצײַ, און די מאַמע זײַנע האָט גאָר א נײַע הויט אַרופגעצויגן אָף זיך. זי גייט אום א פאַרפּוצטע, מע דער־

קענט שוין דאפקע אָף איר צוגערויבטס, און זי דערציילט, אַז פּעטראָ אירער שטאמט גאָר פון א וואזשנעם טאטן, פּעטליורעס א נאָענטן מענטש, און אַז זי האָט עס די גאַנצע צײַט אויסגעבאהאלטן, מע זאָל זי און דעם זון ניט טשעפּען. איז אָט בא קאָלונען, וועלכער ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ פרעכער און זאָגט שוין אפילע דעם אַלטן טאנאגאָז „דו“, די מײַסע מיט מישען קיין סאָד ניט, און ער האָט דאָס געזאָגט גאַנץ פּראָסט:

— וואָלסט, באַטיע, בעסער איבערגעגעבן דײַן מישען, ער זאָל זיך ניט כיינדלען, ווי א באַרישניע, ווײַל מאָרגן קאָן זײַן שפּעט!

געזאָגט האָט דאָס קאָלון אָט דאָ ניט לאַנג, בייס מיכל און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן געבראַכט צו טראָגן צום טויער פון בעסוילעם דעם זיידנס, יעכיִעל קרעמעזעס, אַלטן שטיין מיט סימאָנים פון אראָפּגעשאָבענעם מאָך.

— צו וואָס טויג דער דאָזיקער פוילער שוואָם? — האָט קאָלון אויסגעשריגן.

ניסאָן טאנאגאָז האָט זיך באַלד ארײַנגעמישט:

— בראַקעווען איז מײַן זאַך. דאָס איז א פעסטער שטיין.

— בראַקעווען איז דײַן זאַך, גרויסע כאָכמע באַדאַרף מען דערצו... וואָלסט בעסער דעם זון דײַנעם ארײַנגעלייגט א ביסל כאָכמע אָט אהער! — און דאָ האָט קאָלון א טײַט געטאָן מיטן פינגער אפּן שטערן. ווײַטער איז שוין געקומען די וואָרענונג.

די דײַטשן און פּאָליצײַען ווילדעווען הײַנט ביכלאַל מער, ווי אַלע טעג. זיי ווינקען זיך איבער און לאָזן אין גאַנג די קולעקעס, די קאָלבעס. ראַכמיִעל דעם סטאָליער, ראַכמיִעל גוטניקן, וועלכער האָט נעכטן פאַרנאַכט פאַרבאַהאַלטן זײַן שיינע טאָכטער, עטעלען, פון קאָלונען און דער פּאָליצײַ האָט זי טאַקע ניט געפונען, — ראַכמיִעלן האַלט מען גאָר אין איין שלאָגן, און ער איז שוין אײַנגאַנצן א צעבלוטיקטער. אויך ערשט, ווען מע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן דער שול איבערכאַפּן דעם אָטעם, האָט מען אַלעמען געמיימעסט, מע זאָל זיך צעוויילן — די ארבעט מוז טייקעף, נאָך אינדערפרי, פאַרענדיקט ווערן. עפּעס גרייט זיך בעפייערש, עפּעס רוקט זיך אָן א שווערע כמאַרע... נאָר אָט איז שוין דער ראָג, ווײַטער ליגט נאָך א שטיקל גאַס און באַלד אויך דער פּלאַץ, ווו די פיר מאַצייוועס וועלן אײַנגעפּלאַסטערט ווערן — די לעצטע שורע אין דער שטיינערנער בריוו...



אַזוי האָט געטראַכט מיכל קרעמעז און שווער געגאַנגען טראָט נאָך טראָט. און אַזאַ, א געבויגענעם, האָט אים, דעם ערשטן אין דער קאָלאָנע, דערזען פון בוידעם־פענצטערל אַלגע.

(סאָף קומט)



50-טער יאָרצײַט פון **שאָלעם-אַליכעם**

## אָשער מאַרגוליס

# וועגן טעוויע דעם מילכיקן און זײַן צײַט

מיט א יאָר 50—60 צוריק האָט ערגעץ אין אוקראַיִנע געלעבט א ייִד — א מילכיקער. זײַן נאָמען איז געווען טעוויע. ווי איז געווען זײַן פאמיליע־נאָמען, ווייסן מיר ניט. און וואָס איז די נאפקעמינע? ער פירט ארום מילכיקס איבער די בויבעריקער דאטשעס, פארמאָגט א ווײַב מיט 7 טעכטער. אין פאס שטייט בא אים פארשריבן, אז ער איז א „מעשטשאנין" פון יודאיִשן (иудейского) גלויבן, און קיין באזונדערע סימאָנים האָט ער ניט. איינער פון פיל טויזנטער — „א ייִד פון א גאנץ יאָר".

אָבער טרעפן טרעפן מיר זיך מיט אים אין א מערקווירדיקן צײַט־אָפשניט — ענדע XIX און אָנהייב XX יאָרהונדערט. דאָס לאנד שטייט אונטערן צייכן פון דער אָנוואקסנדיקער רעוואָליוציע. עס גיסט זיך ברייט פאנאנדער דער מעכטיקער רעוואָליוציאָנערער שטראָם איבער די ראכוועסן פון דער אימפעריע, איבערלאָזנדיק נאָך זיך טיפע שפורן אין די הערצער און מויכעס.

טעוויעס „טעכטער זײַנען געווען אופגעקלערטע קעפ" („כאווע"). מע לייענט רוסישע ביכער, מע איז אנציקט פון גאָרקיס ווערק. רוסישע קולטור און פאָליטישער ראדיקאליזם האָבן באוויזן זיך ארײַנכאפן אין דער ייִדישער „שוסטער־גאס". טעוויע אליין האלט ניט פאר א פכיסעס־האקאָוועד זיך דורכשמועסן מיט די טעכטער, נאָך יונגע מיידלעך, אף סאָציִאל־פאָליטישע טעמעס („פילאָזאָפיע", „טאָך־זאכן" אף זײַן לאָשן). פון פינף קאלעמיידלעך, וועלכע פיגורירן אין די מאָנאָלאָגן, וואָס בילדן דאָס ווערק „טעוויע דער מילכיקער", ווילן פיר ניט ווייסן פון קיין שאדכן, — זיי לעבן איבער די פריידן און ליידן פון ליבע. באם ייִדן פון „געמיינעם גראד" איז ליבע געווען ניט פון די זעלטענע זאכן אויך פריִער. די עפּאָכע פון דער רעוואָליוציע האָט זי אזוי גוט ווי לעגאליזירט. בלויז די ייִנגערע טאָכטער, ביילקע, לאָזט זיך ריידן א שידעך און האָט כאסענע מיט א גוויר, זי טוט עס צוליבן אלטן טאטן, וועלכער איז געבליבן אף דער עלטער אן עלנטער אלמען.

דאָס ווײכטיקסטע איז אָבער, וואָס די רעוואָליוציע טרעפט צו טעוויען אין שטוב ארײַן, און ער, וואָס האָט ליב ארײַנקוקן אין די קליינע אויסיעס און לאָזט ניט דורך קיין מינכע אפילע אין וועג („דאָס גרויסע געווינס"), הערט זיך צו מיט קאָפּ, וואָס עס טײַנען די „מוירדים בעמאלכעס".

ס'איז יאָמטעוו אין רוסלאנד. לענין שרײַבט: „רעוואָליוציעס — דאָס איז דער יאָמטעוו פון אונטערדריקטע און עקספלואטירטע". געווען איז עס דער גאָר גרויסארטיקער יאָמטעוו — א פאָלקס־רעוואָליוציע, געווען איז עס די „גענעראלע רעפעטיציע" פון אָקטיאבער. אין קאמף זײַנען ארײַנגעצויגן געוואָרן מיליאָנען. צווישן זיי געפינט זיך טעוויע דער מילכיקער.

סארא ווארעמע טענער עס קלינגען, ווען ער דערציילט וועגן דעם איידעם דעם רעוואָליוציאָנער. „פערטשיק הייסט ער, דער שלימאזל, האָבן מיר אים איבערגעלייגט אין ייִדיש — פעפערל, ער זעט טאקע אויס ווי א פעפערל. איר זאָלט אָנקוקן — א ווערוריקל, א קליינס, א שווארצס, א פארזעעניש, נאָר ס'איז פול — מאָלע־וועגאָדעש, און א מויל — אייש־לעהאָווע, שוועבל און פעך... רעדט אל אדענוי וועאל מעשיכוי און אף „נענאטקע"... און דעריקער טאקע — אף „נענאטקע"... מיט פלאנען אלץ אזעלכע ווילדע, קרומע, מעשוגענע געגג, עפעס אלצדינג לאקירדע, פאָפעריק, מיט די פיס ארוף. לעמאָשל, א נאָגיד, קומט אויס נאָך זײַן מעשוגענעם, פארקערטן סייכל, איז אָפּגעפרעגט און א קאפצן איז, פארקערט, א גאנצער צימעס, און ווער שמועסט א באלמעלאָכע — דער איז גאָר דאָס אייבערשטע פונעם שטייסל, טײַערער פון כארויסעס, מאכמעס יעגיִע קאפעכאָ, זאָגט ער, דאָס איז דער איקער" („האָדל"). לאָזט זיך אויס, אז צו דעם „פארקערטן סייכל", „מיט די פיס ארוף", גיט טעוויע א זאָג: „איך זע ארויס נאָר איין זאך, אז דו ביסט א ייִנגל ניט קיין פארפאלענער, און די צונג באדארף מען דיר ניט פיקן. אויב דו וועסט האָבן צײַט, קאָנסטו זיך ארײַנכאפּן צו מיר היינט אפדערנאכט, וועלן מיר א ביסל שמועסן און טאקע, בעדערעך־האליכע, כאפן מיט אונדז א וועטשערע" („האָדל"); „אז עס ציט מיך צו דעם דאָזיקן מענטשל, וואָס, ווייס איך אליין ניט, נאָר עס ציט" („האָדל"). אפאָנעם, פעפערלס געגג זעען טעוויען אויס גאָר ניט אזוי „ווילד, קרום און מעשוגע".

און ווי רירנדיק איז דאָס בילד, ווען דער אַלטער טאטע זיצט אָפּ מיט האָדלען, דער טאָכטער — דער רעוואָליוציאָנערקע, א גאנצע נאכט פאר איר אָפּפּאָרן צו פּעפּערלען — „מער געשוויגן ווי גערעדט, און דאָס, וואָס מיר האָבן גערעדט, איז אויך געווען קימאט ווי ניט גערעדט — האלבע ווערטער“ („האָדל“). דאָס הארץ קלאָגט — ער צעשיידט זיך אַף שטענדיק מיט האָדלען („ס׳איז א האָדל פון גאָט... זי איז בא מיר אָט אָ־דאָ איז זי בא מיר... טיף, טיף“), אָבער ניט ווייניקער פון טרויער באהערשן דעם מענטשן שטאָלץ און אָפּשײַ פאר זײַן האָדל („אָט טאקע די אייגענע האָדל“, וואָס ער „האָט זי אַף די הענט געהאלטן“), וואָס איז באגײַסטערט פון הויכע אידעאַלן. זי גייט פרײַוויליק אוועק אין פאַרשיקונג, זי סאָלידאריזירט זיך מיט פּעפּערלען, וואָס דאָס „גאנצע טועכץ זײַנס איז נאָר יענעמס טויווע, נאָר דער וועלטס טויווע“ („האָדל“).

ס׳איז ניט נאָר געפילן פון א פאָטער, ס׳איז פיל מער שטימונגען פון דער מיטפילנדיקער און טיילווײַז אפילע מיטווירקנדיקער פעריפעריע, וועלכע האָט אזא גרויסן באטײַט פאר די דערפאָלגן פון א פאָלקס־רעוואָליוציע.

סארא פּראָבלעמען עס אינטערעסירן אָט דעם „פּראָסטן“ מילכיקער! ער איז גײַסטיק רײַך, מאכמעס גײַסטיק רײַך איז זײַן עפּאָכע. ער איז איינער פון די העלדן פון זײַן צײַט, ווען מיליאָנען מויכעס און הערצער זײַנען אופגעאקערט און זאפּן אײַן גיריק יעדע געוואגטע, רעוואָליוציאָנער אוועקגעשטעלטע פראגע, יעדן געוואגטן רעוואָליוציאָנערן ענטפער.

אָט איז א שטיקל מוסטער, ווי טעוויע „בקירעט“ מיטן איידעם און די טעכטער. כאווע וויל קריגן אַן ענטפער אַף דער פראגע „וועגן דעם, וואָס מענטשן... האָבן גענומען און האָבן זיך אליין... אײַנגעטיילט... אַף באַלעבאטים און קנעכט, אַף פּריצים און בעטלערס“ („כאווע“). דער פאָטער פּרוּווט ענטפערן אפן סקארבאָוון אויפן: „איך גיב איר צו פארשטיין, אז אזוי פירט זיך שוין אַף דער וועלט מישיישעס־יעמיי־בערײשיס. פרעגט זי מיך: „לעמײַ זאָל זיך אזוי פירן אַף דער וועלט?“... זאָג איך: „דערפאר, וואָס אזוי האָט גאָט באשאפן זײַן וועלט“... זאָגט זי: „לעמײַ האָט גאָט אזוי באשאפן זײַן וועלט?“... זאָג איך: „ע! אז מיר וועלן אָנהייבן פרעגן קאשעס — לעמײַ אזוי און לעמײַ אזוי, איז איין־לעדאָוואָר־סאָף — א מײַסע אָן אַן עק“ („כאווע“).

ער גלייבט שוין אליין זייער ווייניק אין זײַנע אייגענע ענטפערס. אייגנטלעך, איז אָט דער גאנצער דיאַלאָג א מין לעבעדיקע איליוסטראציע צו דעם געדאנק, אז די אַלטע אײַנשטעלונגען זײַנען באנקראָט, — ווי איינער איז זיך מיסנאצל: „זעט, איך ענטפער, דוכט זיך, אָפּ די קינדער, ווי א פאָטער דארף ענטפערן, דער לעצטער ענטפער בלײַבט אָבער פאָרט בא זיי“. צווישן עלטערן און יונגן דאָר שאפט זיך א געוויסער אײַנרײַס, כאָטש אין טעוויעס מישפּאָכע איז ער ניט גאָר טיף — אונדזער העלד איז אליין „געכאפּט אין דער מײַסע“. לעמאָשל, צו כאוועס פראגע וועגן גלײַך און אומגלײַך אַף דער וועלט קערט ער זיך אום עטלעכע מאָל, אין די פארשיידענע קאָנטעקסטן.

די דאָזיקע פּראָבלעם, ווי אלע אנדערע (וועגן וועלכע ס׳וועט געזאָגט ווערן ווײַטער), ווערט ארויסגערוקט ניט צופעליק, ניט, אזוי צו זאָגן, אקאדעמיש. ניין, זי שווימט אוף דאן, ווען דאָס לעבן רוקט זי ארויס. די רעוואָליוציע הייבט אוף דעם מאסן־מענטש. ער פארטראכט זיך אצינד א סאך אָפטער, איידער פריִער, ער זוכט ענטפערס, שאפט פאראלגעמיינערונגען.

„וואָס איז דאָס ייִד און וואָס איז דאָס ניט־ייִד?.. און פארוואָס האָט גאָט באשאפן ייִדן און ניט־ייִדן?.. און אז גאָט האָט שוין יאָ באשאפן ייִדן און ניט־ייִדן, פארוואָס זשע זאָלן זיי זײַן אזוי אָפּגעטיילט איינס פון דאָס אַנדערע, גלײַך ווי דער איז פון גאָט און יענער איז ניט פון גאָט?..“ („כאווע“).

איבער דעם אלעמען ברעכט זיך טעוויע דעם קאָפּ, ווען כאווע טויפט זיך.

די פּאָליציי טרײַבט אים פונעם דאָרף — „פּראוואָזשיטעלסטוואָ“. האָט ער טארומעס צו גאָט, לעמײַ טוט יענער זיך ניט „א שפּיל“ מיט בראָדסקין, זאָל דער אויך „דערפילן דעם עמעסן טאם, וואָס הייסט א ייִד“ („לעך־לעכאָ“), אדג.

גאָר ברייט איז דער דיאַפּאזאָן פון אונדזער העלדס קאשעס. אַף יעדן שריט רוקט ארויס פראגן די ביטערעווירקלעכקײַט פון דער קלאסן־געזעלשאפט. ער וויל, אשטייגער, וויסן, ווי קומט עס שלעכטס אַף דער וועלט, וויבאלד גאָט איז דער „אָוו־האָראכמים“ (דערבארעמדיקער פאָטער), ווו איז זײַן גוטסקײַט, ווו איז זײַן אלמעכטיקײַט? — „בימיי מענדל ביילים... סטײַטש, סטײַטש, האייִטאָכן! הײַנטיקע צײַטן! אזא קלוגע וועלט! אזעלכע גרויסע מענטשן! און ווו איז גאָט? דער אלטער ייִדישער גאָט? וואָס שווײַגט ער?“ („לעך־לעכאָ“).

ביז גאָר כאראקטעריסטיש זײַנען די טײַנעס צו דער רעליגיע. גאָט איז אלץ, דער מענטש — גאָרנישט. אָנהייב פון קלוגשאפט — איז מוירע (מוירע!) פאר גאָט, די־וועלט און יענע־וועלט, סכאר־וואָוינעש — געצאָלטס פאר גוטע מײַסים (גאניידן) און שטראָף פאר שלעכטע מײַסים (געהענעם); ליידן אַף דער־וועלט צוליב פריידן אַף יענער־וועלט; און דער פּויעל־יויצע פון אָט דעם אלעמען — ביטאָכן: פארלאָזן מוז זיך דער מענטש אַף גאָט און נאָר אַף גאָט אַף אלע וועגן און שטעגן פון לעבן. אָט דעם גאנצן קאָמפּלעקס פון רעליגיעזן טעראָר האָט איר אין אלע פארשפרייטע עמונעס. אין דער ייִדישער אָבער קומט צו, אויב באנוצן טעוויעס לעקסיקאָן, „א מאקע אַף א מאקע און אַף דער מאקע א בלאָטער“ („א בוידעם“). דער ייִדישלעכער ביטאָכן איז א לײַבלעכער ברודער פונעם ייִדישלעכן אטאָ־בעכארטאָנו. דער ייִד איז ניט גלאט אבי א וואָרעם (אזוי אטעסטירט דעם מענטשן די קריסטלעכע קירך אויך); ניין, ער איז „דאָס ווערעמל יאנקעוו“. אים רעקאָמענדירט מען הײַנטיקע אומגליקן ניט בלויז צוליב מאָרגעדיקע „גליקן“; ניין, ער האָט נאָך א כיילעק אין א באזונדער סאָרט מאָנאָפּאָל פונעם „אויסדערווײלטן“ פאָלק אַף אויסדערווײלטע פלאָגן — „א ייִד באדארף האָפן. איַ, מע ווערט... פארשווארצט? דערוף זײַנען מיר דאָך עפּעס ייִדן אַף דער וועלט, ווי זאָגט מען — ביסטו א זעלנער, שמעק פּולווער“ („א בוידעם“), גאָטס גווארדיע!

סארא ביטערער סארקאזם! דער ביטאָכן מיטן אטאָ־בעכארטאָנו, אָט די אנטפּלעקונגען פונעם קאָמפּלעקס פון מינדערווערטיקײַט, וואָס די עמונע האָט קולטיווירט בעמעשעך פון יאָרהונדערטער, האָבן אָנגערירט ניט נאָר דעם יאָכיד. צי האָט דאָס אלץ דען ניט א באשטימטן כיילעק אין דער טראגישער געשיכטע פון אונדזער פאָלק?..

פונקט ווי וועגן גלײַך—אומגלײַך, קערט זיך טעוויע אום צו דער דאָזיקער טעמע עטלעכע מאָל. מע פילט, אז עס טוט אים שטארק וויי.

פאַרוואָס זשע איז ער אַזוי באַגײַסטערט פאַר מאָשיִעכן? דאָס אַרויסקוקן אָפן אויסלייזער איז דאָך אַ קינד פונעם זעלבן ביטאָכן! די מײַסע דערפון איז, וואָס אונדזער פלעבײ האָט זיך זײַנעם אַן אייגענעם, אַ האַמויגישן מאָשיִעך. „אײַ, — טראַכט איך מיר, — וואָלט ער געטאָן ווי אַ כאָכעם, טאַקע מאָשיִעך מיין איך, ווען ער כאַפּט זיך אַראָפּ צו אונדז אַצינדערט, רײַטנדיק אַף זײַן ווײַס פערדל! דאָס וואָלט געווען אַ שיינע זאַך! ער איז קיינמאָל, דוכט זיך מיר, אַזוי נייטיק ניט געווען פאַר אונדזערע אַכיינו־בניי־ייִסראָעל ווי הײַנט! איך ווייס ניט, וויִאַזוי די נעגידים — די בראָדסקיס, לעמאָשל, אין יעהופּעץ אָדער די ראָטשילדס אין פּאַריזש. עס קאָן זײַן, אַז זיי האָבן אים אין זינען אַקוראַט אין דער לינקער פּייע. נאָר מיר, ייִדן אָרעמעלײַט, פון קאַסרילעווקע און פון מאַזעפּעווקע און פון זלאָדייעווקע, און אַפילע פון יעהופּעץ, און אַפילע פון אָדעס, קוקן אַרויס, אוי, קוקן מיר אַרויסעט אַף אים. מאַמעש די אויגן קריכן אַזש פון קאָפּ! אונדזער גאַנצע האָפענונג אַצינד איז דאָך נאָר, טאָמער וועט גאָט טאָן אַ נעס, עס וועט קומען מאָשיִעך!..“ („לעך־לעכאָ“ — געשריבן אין 1914, אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, ווען די אָפיציעלע און ניט־אָפיציעלע יודאָפאָביע האָט געווילדעוועט אומגעהייער).

דער מאָשיִעך פון די אָרעמעלײַט פאָרט טאַקע אָפן באַקאַנטן ווײַסן פערדל, אָבער ניט קיין ערעץ־ייִסראָעל. אַז טעוויע זאָל זיך אַוועקלאָזן קיין פּאַלעסטינע, דאַרף מען אים אַהין טרײַבן, אַזוי טוט זײַן „געראָטענער געניידעם“ פּעדאַצער. סאָפּקאָלסאָף פאָרט טעוויע ניט, ער „בלײַבט אין גאָלעס“.

אַ קריזיס לעבט איבער די אַלטע וועלט־אָנשויונג, דער גאָרער לעבנס־שטייגער, דער גאַנצער אַרום גייט כאָדאָראָם — „מאָשיִעכס צײַטן“. דאַן קומט אויף דער אַלטער כאָלעם — מאָשיִעך. דער טרוים האָט קיין שום שײַכעס ניט צום פּאָליטישן ציִעניזם. ווי נאָענט טעוויע איז צו „די דאָזיקע איניאָנים, פילאָזאָפיע הייסט עס“ („האָדל“), אַזוי ווײַט איז ער פון ציִעניזם.

„אַזוי ווי איך זיץ מיר פאַרטיפט אין די דאָזיקע ראַיוינעס (וועגן מאָשיִעכן), — דערציילט ער, — איך טו אַ קוק — אַ ווײַס פערדל און עמעצער זיצט אַף דעם רײַטנדיק, און גלײַך צום טויער פון מײַן שטוב“ („לעך־לעכאָ“). אַראָפּגעקומען איז ניט דער „עני ורוכב על החמור“[1], נאָר אַ „וואַשע בלאַהאָראָדיע“ — דער פּאָליציייִשער פּריסטאַוו צו אַרויסטרײַבן פונעם דאָרף דעם ייִדן — ער האָט ניט קיין „פּראַוואָזשיטעלסטווע“. „אַז מע קוקט אַרויס אַף מאָשיִעכן, קומט דער אוריאַדניק“ („לעך־לעכאָ“). וויפל אינהאַלט, וויפל טראַגיק, וויפל שאַרפער סאַרקאַזם!

דער לייענער האָט שוין לאַנג באַמערקט, אַז אונדזער העלד האָט טײַנעס צו „יענעם, וואָס זיצט אויבן“, ניט צוליב הימלשע, נאָר צוליב ערדישע זאַכן. דערבײַ ווערן די קלאָץ־קאַשעס אָפטמאָל אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז אין זיי שטעקט שוין דער ענטפער. און דאָך, פרעגנדיק, „וואָס איז דאָס ייִד און וואָס איז דאָס ניט־ייִד“ אאַוו., זעצט טעוויע פאָר: „און עס פאַרדריסט מיך, לעמײַ איך בין ניט אַזוי קלאָר ווי אַנדערע אין ספאָרים און ביכער, איך זאָל קאָנען געפינען דערויף עפּעס אַ רעכטן טערעץ“ („כאַווע“). דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אַ שײַכעס אויך צו אַנדערע „האַיִטאָכנס?“

[1] אני ורוכב על החמור — דער אָרעמאַן, וואָס רײַט אַף אַן אייזל (געמיינט: מאָשיִעך).

די רעוואָליוציע איז געווען באַרופן אָפּצוראַמען דאָס לאַנד פון די מעכטיקע רעשטן פון פעאָדאַליזם אין דער עקאָנאָמיק און אויך אין באַוווּסטזײַן.

מיט אַ זעכציק יאָר צוריק איז דער טראַדיציאָנעלער פרום־ייִדישלעכער לעבנסשטייגער צו דער צײַט פון דער רעוואָליוציע שוין געווען גענוג אַרונטערגעריסן, דאָך זײַנען פאַרבליבן געוויסע רעשטן. די איזאָלירטקײַט לעגאַבע דעם ניט־ייִדישן אַרום פילט זיך נאָך גענוג שטאַרק. די גווירים, נעגידים, ראַבאָנים — די דייעזאָגער אינעם אָפּגעשלאָסענעם ייִדישן וועלטל — דער קאַפּצן אַלס אָביעקט פון די קאָהאָלשע ביקערכוילעמס, מוישעוו־זקיינימס, קאָשערע יאַטקעס און קאָראָבקע־אָפּצאָל, ווײַבערשע מיקוועס אַדג. — אָט די ברוכשטיקער פון דעם אַמאָל, דער ייִדישער מיטלאַלטער, איז נאָך דעמלט ניט קיין פאַרגאַנגענהײַט.

ענגעלס האָט אָפּגעמערקט, אַז אין מיטלאַלטער „זײַנען די קירכלעכע דאָגמאַטן געוואָרן אייִנצײַטיק אויך פּאָליטישע אַקסיאָמעס, און פּסוקים פון דער ביבל האָבן אין יעטווידן געריכט געגאָלטן אַזוי גוט ווי אַ געזעץ... קעדיי צו האָבן די מעגלעכקײַט אָנצופאַלן אַף געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען, האָט מען באַדאַרפט אַראָפּרײַסן פון זיי דעם אָרעאָל פון הייליקײַט“[1].

לאַנגע, לאַנגע יאָרהונדערטער האָט אונדזער פאָלק זייער אָפט געדענקט אין רעליגיעזע קאַטעגאָריעס, געשאַפן אין רעליגיעזע פאָרמעס. ווי ס׳איז נאָרוואָס אָנגעוויזן געוואָרן, האָבן ענדע XIX און אָנהייב XX יה. רעשטן פון „ייִדישן פעאָדאַליזם“ אין טכום געהאַט נאָך אַ סאַך צו זאָגן. דעריבער האָבן טעוויעס פּסוקים, זײַן פרום־פרײַדענקערישע, אָפט איראָנישע שפּראַך אָביעקטיוו אַ גאַנץ באַשטימטן אינהאַלט — אַראָפּצורײַסן דעם הייליקן שלייער פון די אַלטע באַציִונגען צווישן קלאַס און קלאַס, פאָלק און פאָלק, מענטש און מענטש.

און נעמט מען גראָבן ווײַטער, אַזוי דערגרונטעוועט מען זיך צו אַ טיפערן קוואַל. דאָ וועט אויסקומען זיך אָפּשטעלן אויספירלעכער, מאַכמעס ס׳איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז אַ טייל (אַ גרעסערער, אַ קלענערער?) טעוויעס פּסוקים „כאַראַקטערידירן די גאַנצע מעכאַנישקײַט, לעכערלעכקײַט פון דער טונעיאַדעווקער און קאַסרילעווקער פּסוקים־בראָקערײַ און ווערטלעך־זאָגערײַ“ (זע פאָרוואָרט צו „גאַנץ טעוויע דער מילכיקער“, מ., 1937).

ווען דער בורזשואַזער פאָלקלאָר־פאָרשער קומט צו צו דער פּראָבלעם פאָלקס־געלעכטער בײַ דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט, געפינט ער מיינסטנס פאַר נייטיק צו אונטערשטרײַכן די קלוימערשט באַזונדערע נייגונג פון נעם געגעבענעם פאָלק צו וואָרט־פעפער. אַטאָ־בעכאַרטאָנו איז אַ ביטערע פאַרבלענדעניש אומעטום, דאָ אויך. ריכטיק איז אָבער, אַז דער דעטאַלער אַנאַליז גיט די מעגלעכקײַט אַרויסצוברענגען אין דעם פראַט געוויסע נאַציאָנאַלע ניואַנסן. דער באַקאַנטער פאָרשער פון ייִדישן פאָלקלאָר ש. אַנ־סקי האָט פאַרצייכנט, אַז „ס׳איז פאַראַן אַ ג א נ צ ע ר י י (מײַן אונטערשטרײַכונג. — אַ. מ.) אייגנאַרטיקע (ייִדישע) שפּריכווערטער, וואָס די ערשטע העלפט זייערע באַשטייט פון אַ רעליגיעזע סענטענץ און די צווייטע — פון אַ קאָרעקטיוו צו איר, וועלכע פרעגט מערסטנטייל אָפּ די רעליגיעזע אײַנשטעלונג. אָט האָט איר די פאָרמול פון טעוויעס אַ ריי פּסוקים און „טײַטשן“.

[1] פ. ע נ ג ע ל ס. פּויערים־קריג אין דײַטשלאַנד. רוסישע איבערזעצונג, מ., 1952, ז. 34.

דאָס איז נעגייע ניט נאָר דעם שפּריכוואָרט. דאָס זעלבע איז צו באַמערקן אין פאַרשיידענע רעדנסאַרטן, אין דער פאָלקסליד, אין די פּילצאָליקע פּאַראָדיעס אף מעסעכטעס, מעגילעס, טכינעס, אין די פאָלקס־אינסצענירונגען — פּורים־שפּילן, מעכירעס־יוסעפן אדג.

„יאה עניותא לישראל"[1]. קומט אויס, אז „גאָטעניו־פּאָטער" באַדאַרף גאָר שטאַרק ליב האָבן דעם אָרעמאַן. „טײַטשט" דער האָרעפּאַשניק אָט דעם פּאַסעק אַפּצולאַכעס פּונקט קאַפּויר: „גאָט אַליין האָט פײַנט א קאַפּצן. א סימען האָט איר — אז גאָט זאָל ליב האָבן א קאַפּצן, וואָלט א קאַפּצן קיין קאַפּצן ניט געווען" („האָדל"). „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר"[2] „טײַטשט" טעוויע שוין גאָר ווי פּעפּערל, „מיט די פּיס אָרוף": „א מענטש איז שוואַכער פון א פליג און שטאַרקער פון אײַזן" („האָדל"). צוויי פּאָליאַריש־קעגנזעצלעכע וועלט־אופאַסונגען! די ערשטע דערנידעריקט דעם מענטשן, די צווייטע דערהייבט אים.

איבערהויפּט טײַטשט מען און מע „טײַטשט" בא ייִדן דעם „פּאַסעק" אין ברייטן זינען פון וואָרט (ציטאַטן פון טאַנאַך, טאַלמוד, ראַבאָנישע ליטעראַטור, טפילעס, רעליגיעז־שטייגערישע שאַבלאָנען אדג.) שוין זייער־זייער לאַנג. דאָס טוען פרומע און פרומאַקעס, ווי אויך פרײַדענקער, אים „טײַטשט" „אַמכאָ", — יעדערער, פאַרשטייט זיך, לויט זײַן גוסט. דער פּאַסעק איז א מין העפּקער־זאַך. דער פּאַטריאַרך פון די מאַסקילים אין רוסלאַנד, ייִצכאָק־בער לעווינזאָן, באַווײַזט מיט פּסוקים, אז ייִדן דאַרפן לערנען חכמות־חיצוניות[3], און דער גרויסער ראַבאָנישער אַווטאָריטעט און גרויסער פּינצעטרלינג, דער ראָש (רעב אָשער בען יעכיִעל, XIV יה.) טײַטשט, אז מיט חכמות־חיצוניות מעג א ייִד האָבן צו טאָן, בייס ס׳איז ניט טאָג און ניט נאַכט (דה. קיינמאָל ניט), — עס שטייט דאָך געשריבן, אז מיט דער טוירע דאַרף מען זיך מיסאַסעק זײַן סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט. דער באַוווסטער ייִדישער מיטלאַלטערלעכער רעליגיעזער פילאָסאָף, דער ראַלבאַג (רעב לייווי בען גערשן, XIII—XIV יה.) האָט רעקאָמענדירט גאַנץ אָפן: „מיר דאַרפן גלייבן דערין, וואָס זײַן וואָרהאַפטיקײַט באַווײַזט דער סייכל, בעיִם אָבער די טוירע, ווי דאָס איז צו זען פונעם געוויינלעכן פּשאַט פון אירע ווערטער, פרעגט דאָס אָפּ (וואָס דער סייכל איז מעכײַעוו), דאַן דאַרף מען אויסטײַטשן די ווערטער פון דער טוירע אַזוי, זיי זאָלן שטימען מיט סייכל" (פונעם פאָרוואָרט צו זײַן ספר „מלחמת השם"). ניט אומזיסט האָט איינער א קעגנער זײַנער געזאָגט, אז „מלחמת השם" (גאָטס מילכאָמעס) דאַרף גאָר הייסן „מלחמת עם השם" (מילכאָמעס מיט גאָט).

עלעהיי טעוויע זאָל זײַן דערלויבט צו ברענגען א מעדרעש (ניט קיין אויסגעטראַכטן). דער מעדרעש האַלט, אז צו טאָן, ווי אונדזער האַמונישער „קאָמענטאַטאָר" טוט — „געדרייט דעם פּאַסעק אהער, געדרייט דעם פּאַסעק אהין" („כאָווע"), איז דאַפקע א מײַלע: „פּונקט ווי בייס פּרעגלען דערשמעקט מען אין בוימל א סאַך רייכעס, אַזוי איז בייס טײַטשן א פּאַסעק געפינט מען אין אים א סאַך טײַמים (שיר השירים, רבא, א׳).

[1] יאָאָ אַניִוסאָ לעיִסראָעל — אָרעמקײַט פּאַסט פאַר ייִדן (אַן אַפאָריזם פון טאַלמוד).

[2] אָדאָם יעסוידוי מעאָפאָר ועסויפוי לעאָפאָר — דער מענטש שטאַמט פון דער ערד און דער סאָף זײַנער איז צו דער ערד (אַן אויסדרוק פון פּייִרעק).

[3] כאָכמאָס־כיצוינִיוס — וועלט־וויסנשאַפטן.

דער פאָלקסמענטש פלעגט, אַפּאָנעם, ניט גאָר זעלטן דערשמעקן אין פּאַסעק דאַפקע דעם רייעך פון פרײַגײַסט, פון ווידערשפּעניקן, פון אָפּשפּאָטן פון דעם אַלעמען, וואָס דין און מינהעג האָבן געהאַלטן פאַר הייליק. מע קאָן געוויס רעכענען, אז „געטײַטשט" אף אַזא אופן דעם פּאַסעק האָבן ניט ווייניק פון צווישן יענע „אַמכאָ", וועגן וועלכע ס׳האָט אין 1623 יאָר אָנגענומען א ספּעציעלן באַשלוס דער „וואַאד אַרבע־אַראָצעס", דער העכסטער אָרגאַן פון די ייִדישע קעהילעס אין דער ליטע. דער באַשלוס איז געווען אַזא: „וועגן דער אומאָרדענונג, וועלכע איז א שטרויכלשטיין פאַר פיל פּראָסטע לײַט": „אין די גאַסן און אף די פלעצער זיצן מאַסנווײַז פּוסטעפּאַסניקעס, און מאַכמעס ליידיקגייערײַ פאַרנעמען זיי זיך מיט גאָט־לעסטערונג, פאַרפּראַווענדיק זייערע רייד מיט וויצן, זיי פאַרנעמען זיך מיט וויסטע פּליאַטקעס און טוען זיך אָנצויפן מיט לעצאָנעס ווי מיט וואַסער... זיי שפּעטן אָפּ און וויצלען זיך לײַכטזיניק איבער די מײַסים פון די ראָשע־קעהילעס. איז איצט, קעדיי מאַכן א סאָף צו אָט דער גאַנצער פּרעכהײַט, ווערט אַרופגעלייגט א כוויו אף די אָנפירער פון די קעהילעס אַרופצולייגן א צוים אף די דאָזיקע מענוואָלים דורך הארבע שטראָפן ביז די טויערן פון טויט, אַרײַנלייגנדיק זיי אין כײַרעם און אַרויסווײַזנדיק זיי ווידערשטאַנד מיט אַלע קויכעס"[1].

„ער האָט גענומען נעקאָמע פאַר זײַן פאָלק מיט דער האַק, ער האָט גענומען נעקאָמע מיטן געלעכטער", — אַזוי זאָגט ראָמען ראָלאַן וועגן טיל אולענשפּיגעל, דעם לעגענדאַרן העלד פונעם פאַרביטערטן נאַציאָנאַל־באַפרײַרישן קאַמף, וועלכן ס׳האָבן אין XVI יה. געפירט קעגן דער שפּאַנישער טיראַנײַ די פלעמישע געזן; „ער האָט פאַרקערפּערט דעם גײַסט פונעם פאָלק פון פלאַנדריע".

דורך דעם נעקאָמע־געלעכטער, דורך דעם צולאַכעס־געלעכטער, וועלכן ראָמען ראָלאַן האָט אַוועקגעשטעלט אפילע אין איין פלאַך מיטן רעוואָליוציאָנערן טאַט, האָט „אַמכאָ — אונדזער פאָלק", פּונקט ווי אַנדערע פעלקער, זיך נויקעם געווען אין זײַנע סאָנים. „גאָט איז גערעכט, און זײַן פּ...־טאָפּ (מישפּעט) איז גערעכט", „דאַנקען און לויבן מאַצקע דעם טויבן", „ווי העלפט גאָט, ביז גאָט וועט העלפן", „גאָט איז א פּאָטער, שיקט ער ניט קיין מאַקע, שיקט ער א בלאָטער", „דער ראָוו מעג", „שיינע־ריינע־מערענעס" אדג. — אָט זײַנען עטלעכע מוסטערן פון דעם שאַרפן געטראַנק, מיט וועלכן ס׳פלעגן זיך „טון אָנצויפן" די „פּראָסטע לײַט".

ניט קיין עקזאָטישע פיגור, ניט גלאַט קיין „פּסוקים־בראַקער" און „ווערטלעך־זאָגער" איז טעוויע דער מילכיקער. ניין. ער האָט טיפע וואָרצלען אין דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע, אין אונדזער גאָרער פאַרגאַנגענהײַט. זאָל עס זײַן א צופעליקײַט, אז ווי נאָר שאָלעם־אַלייכעם פירט אַרויס א מענטשן פון די טיפעניש פונעם פאָלק, אַזוי באַשענקט ער אים מיט פּסוקים? אָן א פּאַסעק קאָן זיך נישט באַגיין ניט שמועל־עליע פונעם „פאַרקישעפטן שנײַדער", ניט יוירעכען דער שוסטער אין „מאַבל". קעדיי צו זײַן מער איבערצײַגעוודיק, באַנוצט מען דעם אַלטן, שאַרפן ייִדישן פעפער.

טעוויע איז דערוף א מײַדעם — געשאָפן האָט אים דער גרויסער וואָרט־מײַסטער שאָלעם־אַלייכעם.

[1] פנקס ועד ארבע ארצות, שנת שפ״ג—שפ״ד לפק.

צום 75־טן געבורטסטאָג
פון שיִיע שקאַראָווסקי

אַווראָם קאַהאַן

# דער וועג פון אַ שרײַבער

דער נאָמען פונעם ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער שיִיע שקאַראָווסקי איז אין די 30־ער יאָרן געווען פּאָפּולער צווישן די לייענער. שקאַראָווסקי האָט געהאַט אַ שעם ניט נאָר פון אַ דערפאַרענעם שרײַבער, נאָר אויך פון אַן אימפּעטפולן זשורנאַליסט.

אין זײַנע קינסטלערישע ווערק דערציילט זיך וועגן די קאָלאָסאַלע ענדערונגען, וואָס זײַנען נאָך דער רעוואָ־ליוציע פאָרגעקומען אינעם לעבן פונעם פאָלק. זײַן ראָ־מאַן „קאַיאָר" און די טרילאָגיע „אָדעס" האָבן געבראַכט דעם הייסן אָטעם פון אַקטיאַבער, פונעם נײַעם סאָוועטישן לעבן. שקאַראָווסקי האָט דרייסט און ברייט געמאָלט ביל־דער פון רעוואָליוציאָנערן אופברויז.

מיט מײַסטערשאַפט ווערט אין ראָמאַן „אָדעס" גע־שילדערט דער פעריאָד פון דעניקינשטשינע אין אוקראַיִנע, דער קאַמף פון די באָלשעוויקעס, זייער זיג איבער די ווײַסגוואַרדייִישע כאַיאָלעס.

אַ גוטן אָפּקלאַנג בא די לייענער האָט אויך געהאַט שקאַראָווסקיס ראָמאַן „מעראַן" — לויטן נאָמען פון אַ קוראָרט אין איטאַליע. דאָס איז אַ ווערק, אין וועלכן דער שרײַבער באַקענט אונדז מיט אַ פּילכאַרביקן טיפּאַזש. עס ווערט דאָ אַרויסגעפּירט אַ מיליאָנער פון לייפּציג, אַן אַרענדאַטאָר פון וועלדער אַרום טאַרנאָוו, אַ קאַזיאָנע ראַ־בינער, קיִעווער אַדירים, די בראָנעסע הירש און אַנדערע. די טעמע פון ראָמאַן — שטייגער און פּסיכאָלאָגיע פון דער ייִדישער קלעריקאַל־בורזשואַזער פּלוטאָקראַטיע אין סאָף 19־טן און אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט. צוזאַמענ־שטויסנדיק זייערע אינטערעסן און דעמאַסקירנדיק די „אידעאַלן" זייערע, אַנטפּלעקט דער שרײַבער זייער ניש־טיק לעבן, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט פעלשונגען און אומאָרנטלעכקײַט.

פון דער סעריע קלענערע שקאַראָווסקיס ווערק פאַר־דינט באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט די גאָר שטאַרקע דער־ציילונג „איינע פון זיבעצן", געווידמעט דעם העראָישן לעבן פון דער קאָמיוגיסטקע אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ, וועלכע די ווײַסגוואַרדייער האָבן אַף אַ כײַיִשן אופן פאַר־מוטשעט אין אָדעס.

שקאַראָווסקיס בוך קריטיק זאָגט איידעס וועגן דעם ברייטן דיאַפּאַזאָן פון זײַן שאַפונג. דאָ זײַנען פאַראַן אַרטיקלען וועגן שרײַבער פון פאַרשיידענע פעלקער און צײַטן: פּושקין און שאָלעם־אַליייכעם, טאָלסטאָי און שעווּ־טשענקאָ, לעאָנאָוו, מאַרקיש, שאָלאָכאָוו, האָפּשטיין און אַנדערע.

צענדליקער און הונדערטער אַרטיקלען אין פאַרשיי־דענע צײַטונגען וועגן אַקטועלע געזעלשאַפטלעך־פּאָלי־טישע פראַגן האָבן אין די 20־ער—30־ער יאָרן אַרויס־געריקט שקאַראָווסקין אין די ערשטע רייען פון אונדזערע שרײַבער־פּובליציסטן. אין 1920 האָט ער רעדאַגירט אין אָדעס די צײַטונג „קאָמוניסטיטשעסקאַיאַ זנאַמיאַ" און דערנאָך דאָס גאַנצע לעבן מיטגעאַרבעט אין דער פּרעסע.

שיִיע שקאַראָווסקי איז געבוירן דעם 26 סענטיאַבער 1891 אין בעלאָצערקאָוו, קיִעווער געגנט, אין אַ פאַמיליע פון אַ לערער אין אַ שול, וואָס דער מיליאָנער בראָדסקי האָט געשאַפן פאַר אָרעמע קינדער. שקאַראָווסקיס ערשטע דערציילונג איז געווען געדרוקט אין 1910 אין אַ קיִעווער רוסישער צײַטונג, און פון דאַן אָן האָט ער מיטגעאַר־בעט אין דער פאַררעוואָלוציאָנערער ייִדישער פּרעסע אין אוקראַיִנע אונ־טער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען: אישין, הירש, שיראַקי און אַנדערע. געשטאָרבן איז שיִיע שקאַראָווסקי אין מײַ 1945 אין קיִעוו.

יעדער קינסטלער־שרײַבער איז אונדז טײַער מיט זײַנע ווערק, וואָס לעבן אָפּט איבער זייער שעפער. שקאַראָווס־קיס ראָמאַנען „קאַיאָר", „אָדעס", „מעראַן" וועלן פאַר־בלײַבן אין אַקטיוו פון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע.

---

פון א. קאַהאַנס ליטעראַרישער ירושה.

יויסעף ברעגמאַן

# אף די שפורן פון די העלדן פון שײַע שקאַראָווסקיס ראָמאַן „אָדעס“

אין שײַע שקאַראָווסקיס ראָמאַן („סאָוועטיש היימלאַנד“ נומ. 1 פון 1966) גייט דורך א גרויסע גאַלעריי רעוואָליוציאָנערע טוער פון די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן אין אָדעס. ס'איז נאַטירלעך, אז באם לייענער קומט אוף די פראגע — ווער זײַנען געווען אין ווירקלעכן לעבן די געשילדערטע אין ראָמאַן העלדן?

לאָזנדיק זיך אף די שפורן פון שקאַראָווסקיס פערסאָנאַזשן, ווען מיר אָנהייבן פון איינעם פון די צענטראַלע געשטאַלטן, וואָס טראָגט אין ראָמאַן דעם נאָמען „סעמיאָן“. ווען מע באקאַנט זיך מיט דער אָדעסער צײַטונג „קאָמוניסט“ נומער 8—9 פון 1921, ווו עס דערציילט זיך וועגן דער אָדעסער אונטערערד אין דער צווייטער העלפט 1919, קאָן מען זיך גלײַך אָנשטויסן, אז שקאַראָווסקיס סעמיאָן איז ניט קיין אנדערער, ווי „סערגיי“, וואָס איז געווען ברייט באקאַנט אין דער ניקאָלײַעווער און אָדעסער אונטערערד פון יענעם פעריאָד. געהייסן האָט ער סערגיי באָריסאָוויטש אינגולאָוו (זײַן יִדישע פאמיליע — ברייזער), געבוירן אין 1893, א זשורנאַליסט לויטן בארוף, א פארטיי־מיטגליד פון 1918.

באַלד ווי אינגולאָוו איז ארײַנגעטראָטן אין דער פארטיי איז ער באשטימט געוואָרן אלס אָנפירער פון דער וואָראָניעזשער מיליטערישער קרײַז־פאַרוואַלטונג פון דער אײַזנבאַן. אין 1919 האָט אים די פארטיי געשיקט אף דער אוקראִינע, אין דער דעניקינישער אונטערערד, ווו ער האָט אָנגעפירט מיטן ניקאָלײַעווער פארטיי־קאָמיטעט. שפּעטער קומט אינגולאָוו קיין אָדעס און שטעלט זיך בעראָש פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג פונעם אונטערערדישן פארטיי־קאָמיטעט, וואָס איז צום סאָף 1919 רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין דעם געגנטלעכן קריגס־רעוואָליוציאָנערן אופּשטענדלער־שטאַב. אינגולאָוו־ברייזער פירט אָן מיט דער ברייט צעצווײַגטער פארטיזאַנישער טעטיקײַט אין דער געגנט, גלײַכצײַטיק איז ער איינער פון די אקטיווסטע מיטארבעטער פון דער אונטערערדישער צײַטונג „אָדעסער קאָמוניסט“.

אין פעוורואַל 1920, ווען די טיילן פון דער רויטער ארמיי טרעטן ארײַן אין אָדעס, באגעגנט זיי „סערגיי“ אלס מיטגליד פון רעווקאָם. ער גייט ארײַן אין באשטאַנד פון דעם נײַ־אָרגאַניזירטן גובקאָם פון דער פארטיי. אין 1921 באשטימט מען אים אלס פאַרוואַלטער פון אגיטפּראָפּ באם צק פון דער קאָמפּארטיי פון אוקראִינע. פון 1923 איז ער פאַרוואַלטער פון פרעסע־אָפּטייל און שטעלפארטרעטער פונעם פאַרוואַלטער פון אגיטפּראָפּ באם צק רקפּ(ב).

פון 1935 שטייט אינגולאָוו בעראָש פונעם גלאַווליט און איז איינער פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן פון דער קליינער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע. אין 1937, אין די צײַטן פונעם קולט־ווילקיר, איז ער טראַגיש אומגעקומען.

קאָמפּליצירטער איז די פראגע וועגן דעם פּראָטאָטיפּ פונעם צווייטן צענטראַלן העלד פונעם ראָמאַן „אָדעס“ — פון „אנושקען“. ווי עס איז צו זען פון דער שילדערונג, האָט אלס פאָרבילד פון „אנושקען“ געדינט שקאַראָווסקין די מערקווירדיקע רוסישע פרוי סאָפיא איוואַנאָוונא סאָקאָלאָווסקאיא (פארטייִשער נאָמען — יעלענע), וואָס איז געווען די נעשאָמע פון דער רעוואָליוציאָנערער אָדעסער אונטערערד אין דער צײַט פון דער דעניקין־מעמשאָלע.

אייניקע כאראקטער־שטריכן פאר זײַן „אנושקע“־געשטאַלט האָט אָבער שקאַראָווסקי „געבאָרגט“ אויך בא דעם דעמאָלטיקן סעקרעטאר פון אונטערערדישן אָדעסער שטאָטישן פארטקאָם ראָזא מארקאָוונא לוטשאַנסקאיא, א געבוירענע פון טאראשטשע (קיִעווער גוב.), א פארטיי־מיטגליד פון 1915. איצט איז זי א פערסאָנעלער פּענסיאָנער, וווינט אין מאָסקווע.

סאָפיא איוואַנאָוונא[1] סאָקאָלאָווסקאיא איז געבוירן אין אָדעס. שוין אין די יונגע יאָרן, ווען זי איז געווען א סטודענטקע אין פעטערבורג, האָט זי אָנטיילגענומען אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. אין דער פארטיי איז זי ארײַנגעטראָטן אין 1915. נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע האָט סאָקאָלאָווסקאיא געארבעט אלס מיטגליד פון ביוראָ פון טשערניגאָווער גובקאָם, אין אָנהייב 1918 — אלס פּאָרזיצער פון טשערניגאָווער ארבעטער־סאָוועט. בײַס דער דײַטשישער אָקופּאציע פון אוקראִינע איז זי געווען אקטיוו אין דער קיִעווער אונטערערד. זי האָט אָנטיילגענומען אלס דעלעגאַט אין דער ארבעט פון די ערשטע צוויי צוזאמענפאָרן פון דער קאָמפּארטיי פון אוקראִינע. אָנהייבנדיק פון נאָיאבער 1918 איז זי געווען טעטיק אין אָדעס. „אין דעם קאמף פון דער אָדעסער אונטערערד פאר דער סאָוועטנמאכט, — שרײַבט איינער פון די אקטיווסטע טוער פון דער קאָמפּארטיי פון אוקראִינע, י. יאקאָוולעוו (עפּשטיין), — געהערט דאָס ערשטע אָרט יעלענען...“

א פּאָר מאָל איז סאָקאָלאָווסקאיא ארײַנגעפאלן אין די נעגל פון דער פײַנטלעכער קאָנטר־אויסשפּירונג, אָבער אדאנק איר דרייסטקײַט פלעגט זיך איר אײַנגעבן צו ראַטעווען זיך. ווען אָדעס איז געוואָרן באפרײַט, איז זי אויסגעוויילט געוואָרן אלס מיטגליד פון דער ביוראָ פון אָדעסער גובקאָם פון דער פארטיי און פונעם פרעזידיום פון גובערניאַלן אויספירקאָם. סאָף 1920, ווען דער קאָמינטערן האָט זיך געגרייט צו זײַן דריטן קאָנגרעס, איז זי געשיקט געוואָרן קיין פראנקרײַך. אין דער ארבעט פונעם קאָנגרעס האָט זי אָנטיילגענומען אלס דעלעגאַט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט סאָפיא איוואַנאָוונא סאָקאָ־

[1] פארטייִשער נאָמען יעלענא — יעלענא קירילאָוונא, שפּעטער פארבליבן אויך איר אָפיציעלער נאָמען.

לאָווסקאיא רעדאגירט דעם זשורנאַל „מאסאָוויק“. זי איז געווען דעלעגאַט אפן XVI פּאַרטיי־צוזאַמענפאַר, אף וועלכן זי איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער צענטראַלער קאָנטראָל־קאָמיסיע. אין די לעצטע יאָרן האָט זי געאַרבעט אַלס דירעקטאָר און קינסטלערישער אָנפירער פון „מאָספילם“.

פון די טוער פונעם אַדעסער רעווקאָם, וועלכע פיגורירן אין שייַע שקאַראָווסקיס ראָמאַן, איז אינטערעסאַנט די פיגור פון טאַראַסן.

דער רעדאַקטאָר פון דער אונטערערדישער צייַטונג „אָדעסער קאָמוניסט“ איז געווען באַקאַנט אונטערן פּאַרטיי־פּסעוודאָנים טאַראַס (ביזן סאָף פון זייַן לעבן האָט ער זיך גערופן טאַראַס קאָסטראָוו). זייַן עמעסער נאָמען איז אַלעקסאַנדער מאַרטינאָווסקי. געבוירן איז ער אין סיביר, אין א געזינד פון פאַרשיקטע רעוואָליוציאָנערן, דער פאָטער — א רוס, די מוטער — א ייִדישע.

שוין אין עלטער פון 16 יאָר איז אַלעקסאַנדער געוואָרן אַקטיוו אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אין די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן האָט ער אָרגאַניזירט קאָמסאָמאָלישע קעמערלעך אין די פאַבריקן, געקעמפט אף די פּילצאָליקע פראָנטן, געשריבן אַרטיקלען און רעדאַגירט די אונטערערדישע צייַטונג „אָדעסער קאָמוניסט“. נאָכן בירגערקריג האָט מאַרטינאָווסקי זיך אָפּגעגעבן דער זשורנאַליסטישער טעטיקייַט: געווען פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר און רעדאַקטאָר פון פיל אוקראַיִנישע פּאַרטיי־צייַטונגען און זשורנאַלן. די לעצטע יאָרן, ביזן סאַמע טויט, רעדאַקטאָר פון דער „קאָמסאָמאָלסקאיא פּראַוודא“. געשטאָרבן אין 1930.

א ליכטיקן אייַנדרוק אף די לייענער מאַכט די פיגור פון דעם „זיידן טימאָפּייִטש“. ער געהערט צו דער עלטסטער אָדעסער אַרבעטער־גוואַרדיע. דער „דיעד טראָפים“ (אף זייַן נאָמען איז אָנגערופן די געוועזענע צערקאָווּנעגאַס אין אָדעס) איז צענדליקער יאָרן געווען זייער א פּאָפּולערע פיגור אין די אָדעסער פאָרגעשריטענע אַרבעטער־קרייַזן. זייַן עמעסער נאָמען איז געווען אַנדריי וואַסיליעוויטש טראָפימאָוו. געבוירן אין 1855, האָט ער דורכגעמאַכט א גרויסן רעוואָליוציאָנערן וועג. אָנגעהויבן האָט ער פון די פּאָלקיסטישע קרייַזלעך (1875), שפּעטער אָנטיילגענומען אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייַזלעך פון די נייַנציקער יאָרן, געווען איינער פון די אָנפירער פונעם גרויסן אָדעסער שטרייַק אין 1903, אָרגאַניזאַטאָר פון קאַמף־גרופן אף פּערעסיפּ אין 1905—1906. אין 1906 האָט מען אים אַרעסטירט און פאַרשיקט. אין 1915 אַנטלויפט ער פון דער פאַרשיקונג און אַרבעט ווידער אין אָדעסער אונטערערד. נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע פון 1917 איז טראָפימאָוו איינער פון די באָלשעוויסטישע הויפּט־טוער אין פּערעסיפּער אַרבעטער־סאָוועט, אָנפירער מיט דער פּערעסיפּער רויטער גוואַרדיע. בייַס דער דייַטשיש־עסטרייַכישער אָקופּאַציע איז ער געשטאַנען בעראָש פון פּערעסיפּער אונטערערדישן קאָמיטעט. די לעצטע יאָרן, שוין א שווער קראַנקער, האָט ער געאַרבעט אַלס מיטגליד פון אָדעסער גובקאָם און פון פּערעסיפּער אויספּירקאָם. מע דאַרף זאָגן, אַז געשטאָרבן איז דער „זיידע טימאָפּייִטש“ מיט 5 — 6 יאָר שפּעטער (דעם 26 אַפּרעל 1925) איידער אין שקאַראָווסקיס ראָמאַן.

נאָך צוויי טוער פון די ערשטע רעוואָליוציע־יאָרן באַווייַזן זיך אין ראָמאַן „אָדעס“. זייערע פּראָטאָטיפּן דאַרף מען ניט זוכן, ווייַל זיי ווערן אָנגערופן מיט זייערע אייגענע נעמען. איינער פון זיי איז סאַשע פעלדמאַן — א בוי־אַרבעטער אַן אַנאַרכיסט, וועלכער איז אָבער געגאַנגען האַנט־באַ־האַנט מיט די באָלשעוויקעס. באַלד נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע האָט ער זיך אומגעקערט קיין אָדעס פון פראַנקרייַך, וווּ ער האָט זיך געפונען אין עמיגראַציע, און איז טייקעף אַרייַן אין קאָך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. שוין אין אַפּרעל 1917 ווערט ער מיטגליד און סעקרעטאַר פון פּרעזידיום פון אָדעסער אַרבעטער־סאָוועט, שפּעטער אויך סעקרעטאַר פון פּראָפאַריינען־ראַט. ער איז געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן די אָדעסער אַרבעטער. ווען ער איז געפאַלן א קאָרבן פון די אָדעסער מאַראַוויכערס[1], איז אף זייַן נאָמען אָנגערופן געוואָרן איינער פון די גרעסטע בולוואַרן פון דער שטאָט — געוועזענער ניקאָלייַעווער.

דער צווייטער — אַלעקסאַנדער כוואָראָסטין, אַן אַלטער רוסישער אַרבעטער־מעטאַליסט. שוין צו 16 יאָר אַרייַנגעטראָטן אין דער רסדאַפּ אַלס מענשעוויק. פון 1916 וווינט ער אין אָדעס, וווּ ער איז געווען ברייט באַקאַנט איבערהויפּט אף דער מאָלדאַוואַנקע. אין 1917 — מיטגליד פון פּרעזידיום פון אָדעסער אַרבעטער־סאָוועט, איינער פון די אָנפירער פון די קאַמף־דרוזשינעס. אין דער צייַט פון דער דייַטשישער אָקופּאַציע איז כוואָראָסטין אַרייַנגעטראָטן אין דער קאָמפּאַרטיי. בייַס דער דעניקין־מעמשאָלע — געווען א מיטגליד פונעם דרייַלינג פון געגנטלעכן קריגס־רעוואָליוציאָנערן אויפשטענדלער־שטאַב, שעף פון דער אונטערערדישער אויסשפּירונג. וועגן אָט דעם עטאַפּ פון כוואָראָסטינס טעטיקייַט און וועגן זייַנע לעצטע טעג האָט סערגיי באָריסאָוויטש אינגולאָוו פאַרעפנטלעכט אַן אויספירלעך אַרטיקל אינעם אויבן דערמאָנטן נומ. 8 — 9 פון דער צייַטונג „קאָמוניסט“. דאָס דאָזיקע אַרטיקל ליגט טאַקע אין יעסאָד פון דעם טייל פון ש. שקאַראָווסקיס ראָמאַן, וווּ עס ווערט דערציילט וועגן כוואָראָסטינס לעצטע טעג, וועגן די שוידערלעכע פייַניקונגען, וועלכע ער איז אויסגעשטאַנען, וועגן זייַן גרויזאַמען טויט. פון דעם אַרטיקל שטאַמט אפילע בוכשטעבלעך כוואָראָסטינס פראַזע: „די קראַפט פון ווילן האָט דאָ גאָרניט צו טאָן“. אָבער... דאָ וואַקסט אויס א רעטעניש. דער מענטש, אין וועמעס מויל שקאַראָווסקי לייגט אַרייַן די גאָרוואָס ציטירטע פראַזע, הייסט בא אים, — ביזן מאָמענט, ווען זייַן טויטער קערפּער ווערט אַרייַנגעוואָרפן אין מאָרג, — בערליאַנד, און ערשט אין מאָרג, שוין א טויטער, צעמאַזיקטער קערפּער, קריגט ער צוריק זייַן נאָמען — אַלעקסאַנדער כוואָראָסטין. וואָס זאָל עס באַטייַטן? קיין נאָמען אָדער צונעמעניש בערליאַנד טרעפן מיר אין ערגעץ ניט אין די היסטאָרישע אַרבעטן אָדער מעמוארן, געווידמעט אָט דעם פּעריאָד אין אָדעס. ס'איז אויך אין ערגעץ ניטאָ קיין אָנדייַטונג אפילע, אַז כוואָראָסטין זאָל האָבן עפּעס א צונעמעניש. פונוואַנען זשע קומט שקאַראָווסקי צום נאָמען בערליאַנד? אויב דאָס איז סטאַם א צוגעטראַכטער פאַמיליען־נאָמען, איז וואָס פאַר א זין האָט עס? ביידע פאַמיליעס — סייַ בערליאַנד, סייַ כוואָראָסטין — געפינען זיך דאָך בא שקאַראָווסקין אף איין און דעם זעלבן זייַטל, און ס'איז אַבסאָליוט קלאָר, אַז ס'רעדט זיך דאָרט וועגן איין און דער זעלבער פּערזאָן...

בלייַבט א רעטעניש. צום באַדויערן, קאָן אונדז איצט שקאַראָווסקי ניט העלפן לייזן אָט די רעטעניש. עפּשער וועט עס זייַן אימשטאַנד צו טאָן עמעצער פון אונדזערע אָדעסער אָדער קערטשער לייענער (קערטש איז דאָס געבורטס־אָרט פון כוואָראָסטינען). ער זאָל זייַן א זוך פון

---

[1] מענטשן פון דער אונטערוועלט.





פון רעכטס אויף לינקס: סערגיי אינגולאָוו, דאָרע ליובאַרסקאַיאַ, אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ

א דאָרטיקן שנײַדער, געלערנט זיך דאָרט אין דער רעמעסלענע?)

אויב באַם עלטערן דאָר פון ש. שקאַראָווסקיס פּערסאָנאַזשן לאָזן זיך אַזוי אָדער אַנדערש פעסטשטעלן די פּראָטאָטיפּן, האָבן מיר בענעגייע צו זײַנע פּערסאָנאַזשן פון ייִנגערן דאָר (ליובע סאָבעל, שמוליק, נעכאַמע, זאַרעך אאַ.) א „טאַבולאַ ראַזאַ"[1].

אַן אויסנאַם זײַנען די אָנטיילנעמער אין „פּראָצעס פון די 17". די נעמען פון די נײַן צום טויט פאַרמישפּעטע זײַנען היסטאָריש פאַרפיקסירט. דער גרעסערער טייל פון זיי — פּאַליע באַרג, וואַסילי פּעטרענקאָ, זיגמונד דוניקאָווסקי, יאַשע רייפמאַן, מישע פעלצמאַן — ווערן בא שקאַראָווסקין אָנגערופן מיט זייערע אייגענע נעמען. א באַדײַטנדיק אָרט פאַרנעמען אינעם ראָמאַן דווירעלע און דאָרע — אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ און דאָרע ליובאַרסקאַיאַ. ביידע זײַנען זיי געווען אַקטיווע כערסאָנער קאָמיוגיסטקעס. גלײַך נאָך דעם, ווי כערסאָן איז באַפרײַט געוואָרן פון דער העטמאַנשטשינע, פון דער דײַטשיש־עסטרײַכישער אָקופּאַציע און פּעטליוראָווששינע, האָבן זיי מיט יוגנטלעכן ברען זיך גענומען צו דער אופבוי־אַרבעט אין דער האַלב־רויִנירטער שטאָט. נאָר אָט האָבן זיך ווידער אָנגערוקט אויף כערסאָן שוואַרצע כמאַרעס. ווען כערסאָן ווערט אָקופּירט דורך די דעניקינישע האָרדעס, טרעטן די קאָמיוגיסטן גלײַך אַרײַן אין דער באָלשעוויסטישער אונטערערד. אויסגעוואַקסן ווײַט איבער זייער עלטער, פאַרהאַרטעוועטע אין קאַמף, האַלטן זיי זיך שפּעטער סײַ אויף דער אויספאָרשונג, ווו זיי קומט אויס אויסצושטיין די שווידערלעכסטע פּײַניקונגען, סײַ אויפן געריכט און אפילו נאָך דעם, ווען ס'ווערט זיי אַרויסגעטראָגן א טויט־אורטייל, ווי דרייסטע, שטאָלצע קעמפער. רויִק הערט אויס אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ די ערשטע איר טויט־אורטייל און רעאַגירט טייקעף: „און דאָס איז אַלץ? טאָ ווייסט זשע, איר מעגט יעדן טאָג האַרגענען צו צען פון אונדז. אונדזערע כאַווײרים נעמען אַלע טאָג א נײַע סטאַנציע און זיי וועלן זיך אינגיכן דערקלײַבן צו אײַך[2]. **מיר שטאַרבן יונגע, מיר שטאַרבן רויִקע, ווײַל נאָך אונדז, און אונדז צוליב, וועלן שפּאַנען נײַע הונדערטער שטאַנדהאַפטיקע קעמפער.** אײַער לידל איז שוין אָפּגעזונגען נאָך פריִער, איידער איר האָט עס אונדז געזונגען..."

אויך דאָרע ליובאַרסקאַיאַ, אויסהערנדיק איר טויט־אורטייל, זאָגט צו די ריכטער: „איר זײַט העלדן און טרייסלט זיך פאַר שרעק פונעם געדאַנק, אַז אָט־אָט קומט די רויטע אַרמיי און פאַרנעמט די שטאָט. איר זײַט העלדן, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דערשיסן מיך און כאַווײרים. זײַט וויסן: מיר וועלן שטאַרבן, אָבער אונדזער אידיי קאָן מען ניט בײַקומען. איר אָבער זײַט שוין באַזיגטע. נאָך עטלעכע טעג, און אונדזער רויטע אַרמיי וועט זיך אָפּרעכענען מיט אײַך פאַר אונדזער בלוט".

צווישן די נײַן צום טויט פאַרמישפּעטע קאָמיוגיסטן ווערט נאָך בא שקאַראָווסקין אָנגערופן רינגער, נאָר עס פעלט דער נאָמען באָריס מיכײַלאָוויטש (טוראָווסקי). ווײַזט אויס, אַז די ביידע זײַנען איין פּערזאָן. אין די מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען פּובליקירט געוואָרן וועגן דעם „פּראָצעס פון די 17", פיגורירט ניט קיין נאָמען רינגער, אויך ניט קיין קלוימערשטער „אַמעריקאַנעץ" טאָמפּסאָן. ווען מע קוקט זיך אָבער צו אופמערקזאַמער צו רינגערן, באַזונדערס אין זײַנע לעצטע טעג, לאָזט זיך באַמערקן, אַז רינגערס ענטפערס בייס דעם פאַרהער באַם ענגלישן פּאָלקאָווניק יאַלש, ווי אויך זײַן לעצט וואָרט אויפן געריכט פאַלן צונויף מיט באָריס מיכײַלאָוויטשעס רעפּליק נאָכן אורטייל[1]. עס ציט צו די אופמערקזאַמקײַט אויך דער פאַקט, וואָס די פּערזענלעכע באַציִונגען צווישן רינגערן און דווירעלען זײַנען שטאַרק ענלעך אויף די באַציִונגען צווישן באָריסן און אידען. ס'ווערט קלאָר, אַז אַלס פּראָטאָטיפּ פאַר רינגערן האָט געדינט (אַלנפאַלס טיילווײַז) באָריס מיכײַלאָוויטש. צי דען אָבער נאָר באָריס אַליין?

באָריס מיכײַלאָוויטש האָט געשפּילט א באַדײַטנדיקע ראָליע אין כערסאָן: אין דער צווייטער העלפט 1918

---

[1] לאַט., באַטײַט א ווײַס בלאַט פּאַפּיר, ווו ס'איז גאָרנישט ניט פאַרשריבן.

[2] די אונטערגעשטראָכענע שורעס ברענגט אויך שקאַראָווסקי אין דווירעלעס לעצטן וואָרט אויפן געריכט.

[1] לויטן באַריכט אין „אָדעסער קאָמוניסט" האָט באָריס מיכײַלאָוויטש אין זײַן רעפּליק אויפן טויט־אורטייל געזאָגט: „שוין זשע טראַכט איר, אַז מיט דעם אומזיניקן טייטן א צענדליק מענטשן, קימאַט נאָך קינדער, האָט איר עפּעס מאַמאָשעסדיקס אויפגעטאָן? די בעסטע כאַווײרים אונדזערע, די אַלטע פּאַרטייִשע טוער, זײַנען גאַנץ און אויף קיין רגע פאַרלאָזן זיי ניט די אַרבעט. איר האָט זיך גאָרנישט ניט דערשלאָגן, איר האָט נאָר באַוויזן אײַער שוואַכקײַט".

איז ער געווען פאָרזיצער פון אונטערערדישן קאָמיטעט בייס דער העטמאַנישער און דײַטשיש־עסטרײַכישער אָקו־פּאַציע; אין פעווראַל 1919, ווען כערסאָן איז שוין געווען באַפרײַט, — סעקרעטאַר פון רעווקאָם און פון מאָביליזאַציע־אָפּטייל, אָרגאַניזאַטאָר פון כערסאָנער קאָמיוג.

ערעוו דעם טויט האָבן די נײַן פאַרמישפּעטע אָנגע־שריבן אָפּשייד־בריוו צו כאַווײרים און פרײַנט, וועלכע זײַנען פּאַרעפנטלעכט געוואָרן אין נומ. 146 פון אונטער־ערדישן „אָדעסער קאָמוניסט״ און שפּעטער (25 אַפּרעל 1920) איבערגעדרוקט געוואָרן אין „פּראַוודאַ״. די בריוו פאַרנעמען א בעקאַוועדיק אָרט אינעם גאָלדענעם פאָנד פון אָנדענק־דאָקומענטן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און פון בירגערקריג. מיר גלייבן, אז אויך אונדזערע לייענער וועלן מיט אינטערעס זיך באַקענען מיט אייניקע פון זיי.

## 1. דער קאָלעקטיווער בריוו.

די 9 קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען דעם 4 יאַנואַר 1920 פאַרמישפּעט געוואָרן דורכן מיליטערישן פעלד־געריכט צום טויט, שיקן ערעוו דעם טויט אַן אָפּשייד־גרוס זייערע כאַווײרים. מיר ווינטשן אײַך דערפאָלגרײַך פאַרזעצן אונד־זער געמיינזאַמע מי. מיר שטאַרבן, אָבער מיר טריומ־פירן און באַגריסן דעם זיגרײַכן אָנגריף פון דער רויטער אַרמיי. מיר האָפן און גלייבן אין דעם ענדגילטיקן טריומף פון די אידעאַלן פון קאָמוניזם. זאָל לעבן די רויטע אַרמיי! זאָל לעבן דער קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל!

די פאַרמישפּעטע: דאָרע ליובאַרסקאַיאַ, אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ, יאַשע רייפמאַן, לעוו ספּיוואַק, באָריס מיכײַלאָוויטש, זיגמונד דוניקאָווסקי, וואַסילי פּעטרענקאָ, מישע פעלצמאַן און פאַליע באַרג.

## 2. א בריוו פון אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ.

ליבע, האַרציקע, אין 24 שאָ אַרום וועט מען מיך אופּ־הענגען, א מוסער־האַסקאָל פאַר די קומענדיקע דויערס. איך גיי אַוועק פון דער וועלט מיטן פולן באַוווסטזײַן, אז איך האָב אויסגעפּילט מײַן כויוו בעניגייע דער רעוואָ־ליוציע. איך האָב ניט באַוויזן א סאַך אופּצוטאָן. איז וואָס? איך בין טיף איבערצײַגט, אז דער „פּראָצעס פון די 17״ וועט האָבן א גרעסערן באַטײַט פאַר דער רעוואָליוציע, איידער דער טויט פון נײַן מענטשן. ליבע שוועסטער, קלאָג ניט נאָך מיר, זײַ א רעוואָליוציאָנער, באַרויק די מאַמע. איך פאַרזאָג דײַן יאַטעלע, ער זאָל שפּעטער אויספּילן דאָס, וואָס איך האָב ניט באַוויזן אויסצופּילן אָפּן רעוואָליוציאָנערן געביט. איך בין זייער מונטער, ביז גאָר רויק, און ניט נאָר איך, נאָר אויך די אַלע איבע־ריקע. מיר זינגען, מיר שמועסן וועגן פּאָליטיק. נאָך צוויי וואָכן אַרעסט האָב איך זיך איצט מיטאַמאָל דערפּילט פרײַ.

איך באַדויער נאָר און ס׳פאַרדריסט מיך, וואָס מע האָט פאַר א סאַך אַרויסגעטראָגן צו שטרענגע אורטיילן. איך בין קוים 20 יאָר אַלט, נאָר איך פיל, אז איך בין פאַר אָט דער צײַט געוואָרן א סאַך עלטער. אין איצטיקן מאָ־מענט ווינטש איך נאָר, אז איר אַלע, מײַנע נאָענטע, זאָלט זיך באַציִען צו מײַן טויט אזוי, ווי איך באַצי זיך, — לײַכט און באַוווסטזיניק. זײַט געזונט. זאָל לעבן די קאָ־מוניסטישע רעוואָליוציע!

אידע קראַסנאָשטשאָקינאַ.

## 3. א בריוו פון דאָרע ליובאַרסקאַיאַ.

טײַערע כאַווײרים, איך שטאַרב ערלעך, אזוי ווי כ׳האָב ערלעך דורכגעלעבט מײַן שטיקל לעבן. אין אכט טעג אַרום וועט מיר ווערן 22 יאָר, און הײַנט אין אָוונט וועט מען מיך דערשיסן. ס׳פאַרדריסט מיך ניט, וואָס איך וועל אזוי אומקומען. ס׳פאַרדריסט נאָר, וואָס איך האָב ווייניק אופּגעטאָן פאַר דער רעוואָליוציע. ערשט איצט פיל איך זיך אַלס א באַוווסטזיניקער רעוואָליוציאָנער און פּאַרטיי־טוער. ווי איך האָב זיך געהאַלטן באַם אַרעסט, באַם אויסהערן דעם אורטייל, וועלן אײַך דערציילן מײַנע כאַווײרים. מע זאָגט מיר, אז איך בין געווען א מאָלאָדיעץ. איך קוש מײַן אַלטיטשקע מאַמעשע — מײַן דערציִערן. איך גיב זיך אָפּ א קלאָרן כעזשבן און באַדויער ניט, וואָס אזא איז מײַן סאָף. איך שטאַרב דאָך ווי אַן ערלעכער קאָמוניסט. מיר אַלע, פאַרמישפּעטע, האַלטן זיך ווירדיק, מונטער. הײַנט האָבן מיר דאָס לעצטע מאָל געלייענט א צײַטונג. מ׳האַלט שוין בא בעריסלאַוו, בא פּערעקאָפּ, באַלד, באַלד וועט שוין אָפּטעמען גאַנץ אוקראַיִנע און ס׳וועט זיך אָנהייבן א לעבעדיקע אופּבוי־אַרבעט. א שאָד, וואָס איך וועל ניט קאָנען נעמען אין איר אַן אָנטייל. נו, זײַט געזונט, זײַט גליקלעך.

דאָרע ליובאַרסקאַיאַ.

די שטאָט כערסאָן האָט ניט פאַרגעסן אירע העלדן. דרײַ כערסאָנער גאַסן טראָגן די נעמען פון אידע קראַסנאָ־שטשאָקינאַ, דאָרע ליובאַרסקאַיאַ און באָריס מיכײַלאָוויטש.

צום שלוס — א פּאָר ווערטער וועגן דעם אַרעסט און וועגן סאָף פון א „לאַנגען און אויסגעדאַרטן באָכער״ בא ש. שקאַראָווסקין אין ראָמאַן.

איצקאָ לעוויט איז ניט קיין אויסגעטראַכטער נאָמען. דעם 1 נאָיאַבער 1919 זײַנען אָף דעם מאַרק־פּלאַץ אָפּן פּערעסיפּ ווירקלעך אופּגעהאַנגען געוואָרן פאַר אַגיטאַציע קעגן מאָביליזאַציע פיר באָכערים — איצקאָ לעוויט, דאָ־וויד טאַרטאַקאָווסקי, איציק שאָר און בעניע בערנשטיין.

ווען מע האָט זיי צוגעפירט צו דער טליִע, האָט איצקאָ לעוויט דערלאַנגט א שווערן שטויס דעם אָפּיצער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָצעדור, און האָט דערבײַ אויסגעשריִען: „אונדזער בלוט וועט אופּלאַקערן אונטער אײַערע פיס״.

אָט די צוואָע איז, ווי מיר ווייסן, פולשטענדיק מע־קוייעם געוואָרן.

הערש רעמעניק

# צו דער פראגע וועגן די אָנהייבן פון דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור

## 1. דער אלמאנאך „אייגנס“. די פּאָלעמיק צווישן מ. ליטוואקאָוון און ד. בערגעלסאָנען. פּ. מארקישעס ארויסטרעטונג

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט שארף אוועקגעשטעלט פאר דער קינסטלערישער אינטעליגענץ די גרונט־פראגע פון דער עפּאָכע: מיט וועמען איז דער קינסטלער — מיטן פאָלק אָדער קעגן אים? די בעסטע פאָרשטייער פון דער ליטעראטור האָבן באגריסט די רעוואָליוציע און גלייַך אָנגעהויבן בויען די נייַע סאָוועטישע ליטעראטור און קולטור.

א גאנצע ריי יונגע יִדישע שרייַבער, אזעלכע ווי אָשער שווארצמאן, ע. ציִנאָווסקי, האָבן ניט בלויז מיט זייער שאפונג, נאָר אויך „מיט ביקס אין האנט, מיט וואַרעם בלוט אין הארצן“ געקעמפט פאר דער רעוואָליוציע און אָפּגעגעבן זייערע לעבנס פאר איר. גלייַך נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָבן זיך אף די שפאלטן פון די יִדישע רעוואָליוציִאָנערע צייַטונגען געדרוקט א מענגע לידער וועגן קאמף פאר דער סאָוועטנמאכט, קעגן דער קאָנטררעוואָליוציע. עס האָבן זיך געדרוקט סיי די שוין רייַפע דיכטער שווארצמאן, האָפשטיין, קוויטקאָ, מארקיש, קושניראָוו, סיי די דעמלט נאָך אָנפאנגער כאריק, אקסעלראָד, שויכעט און די ארבעטער־דיכטער אבארבאנעל, גילדין און אנד.

דאָס האָט אָבער ניט באטייַט, אז די יִדישע ליטעראטור האָט אין יענער צייַט ניט געהאט קיין שוועריקייַטן. אזוינס איז ניט מעגלעך אין קיין איין ליטעראטור בייס א רעוואָליוציע. די שוועריקייַטן האָבן געפונען א באזונדערן אויסדרוק אין אלמאנאך „אייגנס“ און אין דעם קאמף, וואָס האָט זיך צעפלאקערט ארום אים.

„אייגנס“ איז דערשינען גלייַך נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, אין 1918. דאָרט זייַנען געווען פאָרגעשטעלט די שוין דאן ברייט באוווּסטע מייַסטערס פון דער פּראָזע — דאָוויד בערגעלסאָן און דער ניסטער, און די פלעיאדע דיכטער — דאָוויד האָפשטיין, אָשער שווארצמאן, לייב קוויטקאָ, פּערעץ מארקיש.

די ווידערשפּרוכן אין „אייגנס“ זייַנען אָבער באשטאַנען ניט דערין, וואָס דאָ האָבן זיך באגעגנט שוין באוווּסטע און ווייניקער באוווּסטע שרייַבער, וועלכע האָבן אייַנצייַטיק פאָרגעשטעלט צוויי גרונט־זשאנרען פון דער ליטעראטור: דיכטונג און פּראָזע. די ווידערשפּרוכן אין אלמאנאך זייַנען געווען אידייִישע, זיי האָבן אָנגעזאָגט דעם אָנהייב פונעם קאמף פאר די וועגן פון דער יִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

„אייגנס“ איז געווען דער ערשטער יִדישער סאָוועטישער אלמאנאך. אין אייניקע קריטישע ארבעטן ווערט ער אָבער כאראקטעריזירט שיר ניט אלס אנטיסאָוועטישער. אזוי, לעמאָשל, שרייַבט א. אבטשוק: „די יִדישע שרייַבער אין קיִעוו — די „אייגנס“־גרופּע — זייַנען קימאט דורכויס געווען צונויפגעבונדן מיט די יִדישע נאַציִאָנאלמענשעוויסטישע פארטייען און זייערע קולטור־אנשטאלטן. דער גרעסטער טייל פון דער עלטערער שרייַבערישער אינטעליגענץ (מיט קליינע אויסנאמען), וואָס איז געבליבן אין לאנד פון פאר דער רעוואָליוציע, איז געווען קעגנעריש געשטימט צו דער ראטנמאכט. דאָס זייַנען געווען אָדער אָפענע קעגנער פון דער ראטנמאכט, וואָס האָבן גענומען אן אקטיוון אָנטייל אינעם קאמף קעגן דער רעוואָליוציע, אָדער „נייטראלע“ שרייַבער, וועלכע האָבן געפירט א באַהעמע־לעבן און זיך פארנומען מיט „ריינער קונסט“[1].

הייַנט איז קלאָר פאר אלעמען, אז אזעלכע באהויפּטונגען האָבן ניט אונטער זיך קיין שום גרונט, און אויסער שאָדן האָבן זיי מער גאָרנישט ניט געבראכט.

אין ערשטן בוך „אייגנס“ איז די פּראָזע פאָרגעשטעלט מיט דאָוויד בערגעלסאָנס „אין פארטונקלטע צייַטן“ און מיט דעם ניסטערס מייַסעס „צום בארג“ און „שיידים“; די דיכטונג — מיט לידער פון דאָוויד האָפשטיין, אָשער שווארצמאן, לייב קוויטקאָ, פּערעץ מארקיש, יעכעזקל דאָברושין און מיט דער פּאָעמע פון אלטער קאציזנע „דער גייַסט — דער מיילעך“.

דאָס צווייטע בוך „אייגנס“ איז דערשינען אין 1920. דער קינסטלערישער מאטעריאל געהערט אין גרונט די זעלבע אווטאָרס, עס קומען צו בלויז דרייַ נייַע נעמען: ביינוש שטיימאן, קאדי מאָלאָדאָווסקי און ליפע רעזניק.

---

[1] א. אבטשוק — עטיודן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער יִדישער ליטעראטור־באוועגונג אין פססר. ערשטער בוך, 1917—1927. „ליטעראטור און קונסט“, כארקאָוו, 1934, ז. 8.

קימאט אפן זעלבן אויפן ווערט כאראקטעריזירט „אייגנס“ אויך אין י. בראָנשטיינס ארבעט „דער סטילןקאמף אינעם פעריִאָד פון מיליטערישן קאָמוניזם“ (אין זייַן בוך „אטאקע“, 1930, ז. 7 — 79).

דער אלמאנאך „אייגנס" איז כאראקטעריסטיש פאר דער סיטואציע אין דער יידישער ליטעראטור אין די ערשטע כאָדשים נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ער באווייזט גאנץ קלאָר, אז די דיכטונג, וואס שאפט די אידייִשע פיזיאָנאָמיע פונעם זאמלבוך און דאָמינירט אין אים, איז אויסגעשפּראָכן רעוואָליוציאָנער לויט די שטימונגען. דאָס איז די דיכטונג פון דער רעוואָליוציע, זי דריקט אויס האָפּערדיקע פרייד מיט דער דעראָבערטער פרייהייט. זי איז ניי און רעוואָליוציאָנער ניט בלויז לויטן אידייִשן אינהאלט, נאָר לויט דער דיכטערישער פאָרם. די נאָוואַטאָרישקייט פון דער פאָרם איז אין דער דיכטונג פון „אייגנס" אין פולער הארמאָנישער איינהייט מיטן רעוואָליוציאָנערן אינהאלט, און אין דעם באשטייט די קראפט פון אָט דער דיכטונג.

אין דער זעלבער צייט איז נאָך די פּראָזע אין אלמאנאך לויט איר אינהאלט אינגאנצן פארבונדן מיטן אלטן לעבן. „אין פארטונקלטע צייטן" און „אפגאנג", וועלכע בערגעלסאָן האָט פארעפנטלעכט אין ערשטן און אין צווייטן בוך „אייגנס", זיינען טיפּישע ווערק פונעם קריטישן רעאליזם. אזעלכע זיינען אויך ניסטערס מייסעלעך אין ביידע אלמאנאכן „אייגנס". די יידישע פּראָזע אין אָנהייב רעוואָליוציע איז ניט געווען רעאקציאָנער און אוודאי ניט געווען קעגן דער רעוואָליוציע. די יידישע פּראָזע איז אָבער געווען הינטערשטעליק דערמיט, וואס זי האָט זיך נאָך ניט א קער געטאָן מיטן פּאָנעם צו דער רעוואָליוציע.

אף אָט דעם באָדן האָט ארום דעם אלמאנאך „אייגנס" זיך אנגעהויבן א שארפע פּאָלעמיק צווישן מוישע ליטוואַקאָוון און דאָוויד בערגעלסאָנען. אין זיין רעצענזיע אפן ערשטן בוך „אייגנס" האָט מ. ליטוואקאָוו טאקע ארויסגעשטעלט אָט די אידעאָלאָגישע טייַנעס צו דער פּראָזע. דער קריטיקער האָט אָנגעוויזן, אז בערגעלסאָן האָט מיט זיין ראָמאן „אין פארטונקלטע צייטן" ניט געבראכט קיין נייע אידייִש־קינסטלערישע ווערטן אין פארגלייך מיט זיינע פריערדיקע ווערק „נאָך אלעמען", „ארום וואָקזאל" און אנדערע, אז דער ניסטער איז איינגעשלאָסן אין מיסטיש־סימבאָלישן קרייַז פון זיינע פארשפּריטע און פארהוילטע זעונגען. אונטערשטרייכנדיק די גרויסע באַדייטונג פון בערגעלסאָנס און ניסטערס שאפונג, האָט ליטוואקאָוו מיט זיין קריטיק געוואָלט א קער טאָן די שרייַבער צו דער נייער ווירקלעכקייט פון דער רעוואָליוציע, האגאם ליטוואקאָוו גופא האָט נאָך דאן פּאָליטיש זיך ניט זעלבסטבאשטימט.

דאָוויד בערגעלסאָן האָט געענטפערט ליטוואקאָוון מיט אן ארטיקל „דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייט"[1]. דאָס דאָזיקע ארטיקל איז שוין ניט איין מאָל באטראכט געוואָרן אין א ריי ארבעטן[2]. אונדז דוכט זיך, אז די שארפע כאראקטעריסטיקעס פונעם שרייַבערס פּאָזיציע אין די ארבעטן פון די ראַפּישע קריטיקער האָבן איצט, אין שייַן פון בערגעלסאָנס עוואָליוציע און זיין רומפולן וועג אין דער סאָוועטישער ליטעראטור, אָנגעוווירן זייער ווערט און זעען אויס פארעלטערט. „דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייט" איז אין טאָך געווען אן אויסדרוק פון דעם שרייַבערס שווער פארטראכטן זיך איבער פּראָבלעמען פון ליטעראטור און רעוואָליוציע. דער קינסטלער פילט, אז די רעוואָליוציע פאָדערט א נייע ליטעראטור און א נייעם צוגאנג צו ליטעראטור, אז דער נייער לייענער דערווארט ווערק, וואס זאָלן אים מיטהעלפן אין זיין רעוואָליוציאָנערן קאמף. בערגעלסאָן שרייַבט:

„אין איצטיקער צייט פון שטורעם און דראנג קאָן דעם לעזער צופרידנשטעלן נאָר אזא מין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע קאוואָנע, וואס זאָל האָבן א וואסער־ניט־איז שייכעס צום איבערבויונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאפט — צום פּונקט, אין וועלכן ס'האָט זיך איצט קאָנצענטרירט זיין גאנצע אופמערקזאמקייט, אלע זיינע ליידן און פריידן. די לופט איז דאָך איצט אָנגעזאָפּט מיט אוניווערסאלע זוכענישן און אוניווערסאלע פראגן, און א באלייכטונג פון אָט די זוכענישן און פראגן זוכט איצט דער לעזער אין יעדן ניי־דערשינענעם בוך"[1].

באטראכטנדיק דעם אינהאלט פון דעם אלמאנאך „אייגנס", זאָגט ארויס בערגעלסאָן, אייגנטלעך, די זעלבע געדאנקען, וואס ליטוואקאָוו; בערגעלסאָן קאָנסטאטירט, אז דעם ניסטערס מייסעס זיינען זייער ווייט פון דער ווירקלעכקייט און מארקישעס לידער קלינגען דאפקע אין אוניסאָן מיט דעם רעוואָליוציאָנערן שטורעם און דראנג. אָבער דער שרייַבער איז נאָך ניט געקומען צו אנטשיידענע אויספירן, ניט אלץ האָט ער נאָך דורכגעטראכט ביזן סאָף. און ער פּרוּווט זיך שאפן א טעאָריע, אז אין רעוואָליוציאָנערע עפּאָכעס מוז אנטשטיין אן איינרייס צווישן דער קונסט און דער געזעלשאפטלעכקייט. דאָ פילט זיך דעם שרייַבערס אידייִשער מאנגל, זיין ווייטעקדיקע ווידערשפּרעכיקייט, האגאם ער זאָגט גאנץ אָפן, אז „די דיכטונג איז בעצעם מיט איר (מיט דער רעוואָליוציע. — ה. ר.) מוסקעם".

נאָר אויב די פּאָלעמיק צווישן ליטוואקאָוון און בערגעלסאָנען איז מער אָדער ווייניקער באוווסט, איז אָבער אינגאנצן געבליבן אומבאוווסט א דריטער אָנטיילנעמער פון דער פּאָלעמיק ארום „אייגנס". וועגן דעם לוינט זיך אָפּשטעלן א ביסל גענויער.

אין דער דיסקוסיע ליטוואקאָוו — בערגעלסאָן האָט זיך, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, געהאנדלט דעריקער וועגן די אויפגאבן פון דער ליטעראטור, פון דער פּראָזע און דער דיכטונג, אין פארבינדונג מיט דער רעוואָליוציע. אויב ליטוואקאָוו האָט נאָר הויך געשאצט מארקישעס דיכטונג, אף וויפל אין איר האָבן העכער געקלונגען די רעוואָליוציאָנערע מאָטיוון און אינטאָנאציעס, האָט בערגעלסאָן ארויסגערוקט אפן ערשטן פּלאַן האָפשטיינען און קוויטקאָן.

אין צווייטן יאָר ארום, אין 1921, האָט אין דער פּאָלעמיק גענומען דאָס וואָרט פּרעץ מארקיש. זיין ארטיקל „אף די וועגן פון יידישער דיכטונג"[2] קאָן באטראכט

---

1 „ביכער־וועלט", נומ. 4—5, קיעוו, 1919.

2 זע מ. ליטוואקאָוו. אין אומרו, צווייטער באנד. מאָסקווע, „שול און בוך", 1926, ז. 159—163; י. בראָנשטיין. אַטאַקע. מינסק, 1931, ז. 7—73; א. אבטשוק. עטיודן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור־באוועגונג אין פססר. ערשטער בוך, 1917—1927. „ליטעראטור און קונסט", 1934, ז. 9—12.

1 דאָוויד בערגעלסאָן. דיכטונג און געזעלשאפטלעכקייט. „ביכער־וועלט" — קריטיש־ביבליאָגראַפישער זשורנאל, נומ. 4—5, אווגוסט 1919.

2 צום ערשטן מאָל געווען געדרוקט אין דער זאמלונג „טרעפּ". קאטערינאָסלאַוו, 1921; איבערגעדרוקט אין פּערעץ מארקישעס בוך „פארבייַגייענדיק" (עסייען). ווילנע, 1921.

ווערן ווי א מין מאניפעסט פונעם פּאָעט, אין וועלכן ער זאָגט ארויס זײַנע געדאנקען און מיינונגען וועגן דער סיטואַציע און די אויפגאבן פון דער ליטעראטור אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע. דאָס ארטיקל האָט נאָך ביז איצט ניט אָנגעווירן די באַדײַטונג, און מיר וועלן זיך דערלויבן ברענגען דאָ אייניקע אויסצוגן.

ריידנדיק וועגן דער פארבינדונג פונעם קינסטלער מיט דער רעוואָליוציע, שרײַבט מארקיש: „דער מענטשלעכער שאפונגס־גײַסט מיטן גײַסט פון רעוואָליוציע זײַנען צווישן זיך אזוי איבערגעפלאָכטן, אז ס׳איז שווער צו זאָגן, ווער וועמען באפרוכפּערט, ווער וועמען שאפט? זיי באַגײַסטערן איינער דעם אנדערן, זיי זײַנען מעמאלע איינער דעם צווייטן און זיי ביידע אינײנעם אין א הארמאָנישן צונויפגוס שטרעבן צום דריטן — צו אייביקער באַוועגונג, צו אייביקן אומרו, צו דער אומענדלעכקײַט.

דערפאר איז ניט ריכטיק צו זאָגן: א רעוואָליוציאָנערער קינסטלער, אָדער דיכטער, גלײַך ווי ס׳איז איבעריק צו זאָגן א לויפנדיקער ווינט. א ווינט! — און מיר ווייסן שוין, אז די וועלדער און די יאמען זײַנען — אוף! א קינסטלער, א דיכטער — און דאָס איז שוין גענוג, אז די הערצער זאָלן ווערן אופגעטראָגן; א קינסטלער — א רעוואָליוציע, אויב ניט, איז ער קיין קינסטלער ניט, איז ער א באשרײַבער“[1].

מארקיש אלס דיכטער פון דער רעוואָליוציע האָט געפילט זײַן נאָענטקײַט צו דער רעוואָליוציאָנערער רוסישער דיכטונג פון זײַן צײַט און האָט אָפן זיך ארויסגעזאָגט קעגן דער מאָדערניסטישער אייראָפּעיִשער דיכטונג. אין „פארבײַגייענדיק“ זײַנען פאראן ערטער, וואָס קלינגען אקטועל ביז הײַנטיקן טאָג. מארקיש שרײַבט:

„פריִער פאר אלעמען איז די ייִדישע נײַע דיכטונג א קינד פון רעוואָליוציאָנערן רוסלאנד מיט אלע אירע אייגנשאפטן. און ארײַנגעזאפט האָט זי אין זיך אלע זײַנע טאָעסן און דערגרייכונגען, און דאָס אליין איז שוין גאנץ גענוג, אז זי זאָל בלאנקען פונדאנען אף אייראָפּע.

אויב די ייִדישע דיכטונג גיט א שפרונג פון אײנהאָרענען ביז האָפשטיינען, איז דאָס אזוי בארעכטיקט, ווי די רויטע ארמיי גיט זיך א ריס פון דעם קאספּישן יאם ביז דער ווײַסל.

די ייִדישע נײַע דיכטונג האָט זיך ניט וואָס צו לערנען בא דער אייראָפּעיִשער ליריק.

אירע געפרעסטע, געפרענטעטע פערזן צעפאלן זיך שוין אליין, ווי ציינער פון פארפוילטע שארבנס.

צוזאמען מיט דער רוסישער נײַער דיכטונג וועט אויך די ייִדישע נײַע דיכטונג אופהייבן די אָנגעצונדענע פאַקעלן פון רוסלענדישן קלאסישן כורבן. און פארכלינען וועט זי די גאנצע וועלט אין איר שעפערישן טויהו־וואָוויהו“[2].

פערעץ מארקיש פירט א שארפע פּאָלעמיק קעגן דער דיכטונג פון אײנהאָרענען און סעגאלאָוויטשן, קעגן דער דיכטונג פון רעליגיעזן און נאציאָנאלן קאָנסערוואטיזם, קליינשטעטלדיקער באגרענעצטקײַט און באלעבאטישער פארגליווערטקײַט. „די ייִדישע דיכטונג, — שרײַבט מארקיש, — האָט שוין איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם פּאַזיס פון באשרײַבונג און דערנעענטערט זיך שוין צו די שוועלן פון באפרײַטן אידייִשן וואָרט, פון דערהויבענעם פילאָסאָפישן געדאנק...

[1] פערעץ מארקיש. פארבײַגייענדיק (עסייען). ווילנע, 1921, ז. 18—19.

[2] דאָרטן. ז. 25.

...אף א גאנץ גענוג ווײַטער שטרעקע האָט די ייִדישע דיכטונג פון אלע זײַטן באזונגען דעם געזאמלטן רוים פון ייִדישער עמבריאָנעלער קולטור, דעם צענטער פון ייִדישע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פסיכאָלאָגישע באַזונדערהײַטן, דעם קולט פון באַגײַסטערטע רעליגיעזע אידעאלן, די קינדער־וויג פון אירע טרוימען און האָפענונגען — דאָס אָפּגעשטאָרבענע קליינע שטעטל.

די ייִדישע דיכטונג האָט הונדערט מאָל מאציייועס דעם איבערגעשטעלט, פארמעקטע אָפּגעריבענע יאָרצײַטן דעם איבערגעמאָלט, באווײנט עס מיט אויסגייענדיק טרויעריקן ניגן פון לעצטן באלטפילע און עס געלאָזט ווײַט הינטער זיך, ווי א ווײַטן קינדערשן כאָלעם...“

און דער דיכטער רופט אויס מיט רעוואָליוציאָנערער לײַדנשאפט און מיט זיכערקײַט אין דער פּערספּעקטיוו פון דער נײַער דיכטונג פון דער רעוואָליוציע: „...און ס׳מוז קומען דאָס גרויסע, דאָס מעכטיקע וואָרט, מיט אופשטאנדן, מיט אויסברוכן, מיט רעוואָליוציעס“[1].

די אינטערעסן פון דער רעוואָליוציע, פון געזעלשאפטלעכן קאמף ווערן ארויסגערוקט אין מארקישעס ארטיקל אפן ערשטן אָרט. „ווער קאָן איצטער, — שרײַבט מארקיש, — אין אזא צײַט, אָפּגעבן כאָטש איין אויגנבליק פראגן פון פערזענלעכער, מישפּאָכישער אָדער נאציאָנאַלער גלײַכגעוויכט, ווען דער גאנצער כדור הארץ[2] איז ארומגעוויקלט אין א העליש־ווילדן פײַער, ווי אין א ליכטפארפלייצונג, און טראָגט זיך אין דער וועלט ארום דער זון, ווי א פליִענדיקע סרייפע“[3].

פערעץ מארקיש טרעט שארף ארויס קעגן די שרײַבער, וועלכע האלטן זיך אין א זײַט פון דער רעוואָליוציע און קענען נאָך ניט פארבינדן זייער שאפונג מיטן גאנג פונעם לעבן, מיט די נויטן פון דער צײַט, מיט די אופגאבן פון דער עפּאָכע. ער שרײַבט: „בלאָנדזשען ארום אין אונדזער ליטעראטור איינזאמע גײַסטער אין טראגישע מאנטלען, אָנגעצונדענע לאמטערנס אינמיטן העלער ליכטיקײַט, און מיט גרויסער קאוואָנע פון געזאלבטער שליכעס זוכן זיי דעם... נעכטיקן טאָג...

מיט פענעמער צום פארגאנגענעם גליוועր גייען זיי אויס א לאנגן „עושה שלום במרומיו“[4] פון א טויזנטיאָריקער שמוינעסרע און זײַנען יויצע גרויסע נאציאָנאלע היסכײַוועסן און נאָך גרעסערע היסטאָרישע מיסיעס...

אָ, איינזאמע גײַסטער אין טראגישע מאנטלען מיט אָנגעצונדענע לאמטערנס אינמיטן העלער ליכטיקײַט!..“[5]

און איצט קומט די פּאָלעמיק קעגן די שרײַבער־פּראָזאיִקער, וואָס לעבן נאָך מיט אלטע פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן נאָך ניט געפונען זייער אָרט אין דער רעוואָליוציע, ניט איבערגעבויט זייערע קינסטלעריש־שעפערישע אימפולסן אין העסקעם מיטן רעוואָליוציאָנערן שטורעם. מארקיש איז א סאך מער אנטשיידן אין זײַן קריטיק פון דער פּראָזע, ווי ליטוואקאָוו. ער פאָדערט א נײַעם צוגאנג אין דער שילדערונג פונעם לעבן און לאכט אויס גאנץ שארף די אלטע און פארעלטערטע פאָרמעס און סטילן,

[1] דאָרט, ז. 47—49.

[2] קאדור־האָארעץ — דער ערד־קײַלעך.

[3] דאָרט, ז. 37.

[4] אויסע שאָלעם בימרוימאָוו — געמיינט: גאָט, וועלכער מאכט שאָלעם אין אלע זײַנע וועלטן (א פראזע פון שמוינעסרע).

[5] פערעץ מארקיש. פארבײַגייענדיק (עסייען). ווילנע, 1921, ז. 28.

וועלכע זײַנען ניט צוגעפּאַסט אָפּצושפּיגלען דעם דינאַ־מישן אויפֿברויז פֿון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן. ניט מיט אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט אין מאַרקישעס אַרטיקל, קאָן מען איצט, מיט קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, מאַסקים זײַן. אָבער אויך איצט איז וויכטיק און אַקטועל דעם דיכטערס רעוואָליוציאָנערער צוגאַנג צו די אויפֿגאַבן פֿון דער ליטעראַטור.

„אונדזער מאָדערנע פּראָזע, — קאָנסטאַטירט מאַרקיש, — ביז הײַנטיקן טאָג איז געבליבן אָנמעכטיק אַף די שווּסן פֿון אָפּגאַנג.

זי האָט ניט טויעם־טאַם געווען פֿון די שטאַרקע שיקערע געטראַנקען, וואָס ברויזן, וואָס בלאָנדזשען און פֿאַרפֿלייצן די איבערברעגן פֿון אונדזער שטורמישער ווירקלעכקײַט.

אונדזער מאָדערנע פּראָזע איז געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג באַשרײַבעריש און דערציילעריש...

צום אידייִשן וואָרט, צום פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק האָט זי זיך ניט דערהויבן...

צו די קלאַנגען און אָנזאָגן פֿון די גרײַפּנדיקע געשעענישן האָט זי פֿאַרהאַקט די אויערן...

אַפֿן ברייטן פֿאַרזוניקטן שליאַך פֿון דער וועלט־רעוואָליוציע גייט זי דורך אין א זײַט, אַף א שמאָל סטעזשקעלע, זי זאָל זיך, כאָלילע, ניט באַרירן אינעם פֿײַערדיקן אָטעם...

אָ, יאָ, זי האָט זיך געהיט, די פּראָזע, ווי א נאָזיר — פֿון רעוואָליוציאָנערער שיקרעס און אומווירדיקײַט, זי איז בײַגעשטאַנען און האָט מיט קיינעם ניט געטרונקען אַף ברודערשאַפֿט דאָס בלוט פֿון געקרייציקטער וועלט און האָט זיך אויסגעהיט...

מיט פֿאַרשטאָפּטע אויערן און מיט פֿאַרלייגטע אָנגלען שווימט זי שטיל אָפּ אַפּצוריקוועגס, ווי אַן אָפּטרעטנדיקע פֿון פֿײַערדיקע אָנגרײַפֿן אַף די שווײַגנדיקע שיפֿן פֿון אָפּגאַנג"[1].

מיר האָבן זיך דערלויבט ברענגען גרעסערע ציטאַטעס פֿון מאַרקישעס אַרטיקל, אַף וויפֿל אין דער פֿאָרשערישער אַרבעט וועגן די אָנהייבן פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז דאָס ביז איצט אינגאַנצן אַרויסגעפֿאַלן. ס'איז אָבער א ליטעראַטור־היסטאָרישער דענקמאָל, וואָס טאָר ניט פֿאַרגעסן ווערן.

## 2. דער זשורנאַל „באַגינען". דאָוויד האָפֿשטיינס ווײ און מוט. די ערשטע אָקטיאַבער־פּאָעמע

די געשיכטע פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, און באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָליוציע, איז ביז הײַנטיקן טאָג נאָך אַזוי ווייניק אויסגעפֿאָרשט, אַז א גאַנצע ריי וויכטיקע דערשײַנונגען זײַנען אַפֿילע ניט דערמאָנט אין די אַרבעטן פֿון די קריטיקער און ליטעראַטור־פֿאָרשער. א בולטער באַווײַז דערצו איז דאָס, וואָס בלויז דער אַלמאַנאַך „אייגנס" האָט אַרויסגערופֿן א פּאָלעמיק, ווען ער איז דערשינען און אין א ריי אָפּהאַנדלונגען מיט יאָרן שפּעטער. וואָס איז שײַך אַנדערע אויסגאַבן פֿון יענער צײַט, זײַנען זיי פֿאַרבליבן אויסער דער אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון די פֿאָרשער און ליטעראַטור־היסטאָריקער. אין דער ערשטער ריי האָבן מיר אין זינען דעם זשורנאַל „באַגינען".

די ווידערשפּרעכלעכקײַט פֿון „באַגינען" איז נאָך בולטער, ווי אין „אייגנס". ערשטנס, וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז די קריטיק איז דאָ פֿאָרגעשטעלט, פֿון איין זײַט, מיט אַזעלכע נעמען, ווי ליטוואַק און מײַזיל, וועלכע האָבן אינגיכן עמיגרירט און איינער פֿון זיי, ליטוואַק, איז געוואָרן א פֿאַרביסענער סוינע פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד; פֿון דער צווייטער זײַט, פֿיגורירן אַזעלכע גרונטלייגער פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער קריטיק, ווי מוישע ליטוואַקאָוו, מוישע קאַץ און יעכעזקל דאָברושין.

א ריי אַרטיקלען אין „באַגינען" שטעלן וויכטיקע פּראָבלעמען פֿון דער ליטעראַטור. מ. ליטוואַקאָוו האָט דאָ אָפּגעדרוקט זײַן באַוווּסטן אַרטיקל וועגן א. ווײַטערן, וואָס איז, דוכט זיך, ביז הײַנט פֿאַרבליבן די סאַמע ערנסטע אַרבעט וועגן אָט דעם איצט שוין באַלד פֿאַרגעסענעם שרײַבער. מוישע קאַץ גיט א שאַרפֿן קריטישן איבערזיכט איבער דער אַנטוויקלונג פֿונעם ייִדישן טעאַטער ביז דער רעוואָליוציע און שטעלט אַרויס א ריי אידעאָלאָגישע טײַנעס צום טעאַטער נאָך דער רעוואָליוציע.

א באַזונדערן אינטערעס שטעלט פֿאָר די רעצענזיע פֿון פּ. ריילאַנד[2] אַף די לידער־זאַמלונגען פֿון דאָוויד האָפֿשטיין („בײַ וועגן"), לייב קוויטקאָ („טריט") און פּערעץ מאַרקיש („שוועלן"). דער קריטיקער זעט אין דער שאַפֿונג פֿון אָט די דיכטער צוויי הויפּט־שטריכן: ערשטנס, זייער באַפֿרײַטע ליד ווייסט ניט פֿון קיין קייטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט; צווייטנס, און דאָס שטרײַכט אונטער פּ. ריילאַנד, זײַנען די אַלע דרײַ דיכטער נײַ אין דער פֿאָרם און אין אינהאַלט, אין אידיי און אין מיטלען, זיי זײַנען נײַ דערמיט, וואָס זייער ליד איז אויסגעבונדן מיט דער רעוואָליוציאָנערער ווירקלעכקײַט, זייער שאַפֿונג אָטעמט מיט דער לופֿט פֿון דער רעוואָליוציע. דער קריטיקער דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז די דרײַ דיכטער — האָפֿשטיין, קוויטקאָ און מאַרקיש — „זײַנען קינדער פֿון דער רעוואָליוציע..." און קעדיי צו דערווײַזן די קרויוויש־קײַט פֿון מאָטיוון און שטימונגען בא די דרײַ דיכטער פֿון דער רעוואָליוציע, האַגאַם זיי זײַנען גאָר פֿאַרשיידענע דיכטערישע פּערזענלעכקײַטן, יעדערער מיט זײַן שעפֿערישן גאַנג, קומט דער קריטיקער אָן צו אַן אײַנפֿאַלעריש מיטל — ער שאַפֿט א קאָנטאַמינאַציע פֿון דרײַ אויסצוגן, גענומענע בא די דרײַ דיכטער, ניט אָנווײַזנדיק, צו וועמען עס געהערן די שורעס, וועלכע קלינגען לויטן טאָך און לויטן אָטעם קימאַט אַזוי, ווי איין דיכטער וואָלט זיי געשריבן:

ווייס איך ניט, צי כ'בין אין דר'היים,
צי אין דער פֿרעמד —
איך לויף!..
ניטאָ ז'אַף מיר קיין צוים,
כ'האָב קיינעם ניט, כ'בין העפֿקער,
אָן אָן אָנהייב, אָן א סאָף.

(מ א ר ק י ש)

---

[1] שפּעטער איז דאָס אַרטיקל אַרײַן אין ליטוואַקאָווס צווייטן באַנד „אין אומרו".

[2] לויט דער באַהויפּטונג פֿונעם ביבליאָגראַף כאַצקל נאַדעל, איז פּ. ריילאַנד דער פּסעוודאָנים פֿון מוישע קאַץ.

[1] דאָרט, ז. 49—53.

יוגנט האָב איך.
די יוגנט איז מײַן גרויסער, גרויסער אויצער.
טרוימען דאָרט און דימענטן און שטראַלן
ציִען, ציִען זונען־סטרונעס אויס,
שפּילט מיט צאַרטע פינגערלעך אַף זיי
מײַן יוגנט־פרייד.

(קוויטקאָ)

איך ווייס קיין וואָג, קיין צאָל,
איך האָב קיין מאָסשנור ניט געצויגן,
און ס'איז אין האַרץ פאַר יעדן שטראַל
שוין גרייט
א נעסט פון פרייד.

(האָפשטיין)

דער קריטיקער וואָלט געמעגט אהער צוגעבן אויך אַשער שווארצמאַנס פריידפולע ליריק וועגן יוגנט, און זי וואָלט געווען דאָ גאַנץ אָרגאַניש.

דאָוויד האָפשטיין האָט אין „באַגינען" אָפּגעדרוקט די ליד „שטאָט", וואָס ווערט ניט זעלטן באַטראַכט אין דער קריטיק ווי אַן אויסדרוק פון האָפשטיינס אורבאַניזם. און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ריכטיק. האָפשטיין איז טאַקע איינער פון די שטאַרקסטע פּאָעטן אורבאַניסטן אין אונדזער נײַער דיכטונג. עס איז דאָך מערקווירדיק, וואָס האָפשטיין איז קיינמאָל ניט געווען קיין זינגער פונעם שטעטל, נאָר פון דער גרויסער הײַנטצײַטיקער שטאָט. די שטאָט האָט אים „געצויגן מיט הודען פון דראָט" און ער איז געגאַנגען הערן אירע „פאַרצויבערטע קלאַנגען" ניט פון שטעטל, נאָר פון דער „רו פונעם דאָרפישן צימער". און אין רויש פון דער שטאָט איז זײַן באַוווסטזײַן, זײַן דיכטערישע אופאַסונג געוואָרן „צעצעגבערט מיט פײַפן פון צוגן, צעשפּאָלטן, צעשפּליטערט מיט ציטער פון רעלסן". די שטאָט האָט אים „געפאַנגען".

אָבער דאָס אַלץ איז ניט גענוג אַף צו פאַרשטיין דעם לידער־ציקל „שטאָט". האָפשטיינס אורבאַניזם איז ניט בלויז א געזאַנג וועגן דער מעכטיקײַט פון דער טעכניק אין דער גרויסער שטאָט; נאָך מער איז וויכטיק צו פאַרשטיין אין האָפשטיינס אורבאַניסטישע לידער די אידיי פון דער רעוואָליוציע. אין דעם זינען איז האָפשטיינס אורבאַניזם נאָענט צו דער אורבאַניסטישער דיכטונג פון בלאָק, מאַיאַקאָווסקין און בריוסאָוון. בא אָט די רוסישע דיכטער איז די שטאָט דער צענטער פון טעכניק, אָבער אויך פון שטאַרקע סאָציאַלע קאָנפליקטן און רעוואָליוציאָנערע צוזאַמענשטויסן. און האָפשטיין, וועלכער האָט זײַנע לידער וועגן שטאָט געשאַפן אין סאַמע ברען פון רעוואָליוציע און בירגערקריג, האָט אַוודאי געמוזט קוקן אַף דער שטאָט ווי אַף א מעכטיקן צענטער פון דער רעוואָליוציע, וואָס צעשטערט דאָס אַלטע פּאַטריאַרכאַלע לעבן, רײַסט אויף דעם פאַרגליווערטן שטייגער, די פּראָווינציעלע אָפּגעשטאַנענקײַט און וועקט און רופט צו שאַפן א נײַע וועלט. אין דער שטאָט זעט דער דיכטער דעם שטורמישן געראַנגל און דעם רעוואָליוציאָנערן גאַנג פון די מאַסן: „שטאָט! אַף דײַנע פאַרצאַמטע געפלאַסטערטע וועגן האָב איך זיך געלערנט דערוועגן און וועלן, און אונטער די וועלטישע קוואַלן מיט אַלע, מיט אַלע די קרוגן צו שטעלן... מײַן אָטעם מײַן שטילן צונויפגעהויכט האָב איך מיט אָטעמס פון מענגען, דעם גלי פון מײַן ווילן צונויפגעפלאַמט האָב איך מיט פלאַקערס פון ערדן, מײַן שאַרף גלאַנצט זיך איבער אין בלאַנקען פון שווערדן, אין קלאַנגען פון לענדערשע גלעקער זיך קלינגען שוין איבער די שטיקער פון קופּער פון מײַנעם, פון קופּער פון רויטן, פון אַלטן".

עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז די דאָזיקע שורעס דריקן אויס דעם רעוואָליוציאָנערן פּאַטאָס פונעם דיכטער. און דאָס ווערט באַשטעטיקט דערמיט, וואָס אין דער באַוווסטער, אויסגעשפּראָכן פּאָליטיש־פּאַטעטישער ליד „פּראָצעסיע" קומט דאָך האָפשטיין אָן צו דער זעלבער בילדעריש־מעטאַפאָרישער סימבאָליק: „הײַנט בין איך אויך א שטיקל קלינגענדיקער קופּער".

און באַנאַנד דערמיט און אין די זעלבע יאָרן — „Tristia"[1], א ווערק פון טיפן צער און אומעט, וואָס רופט זיך איבער מיט שווארצמאַנס „אומעט". דאָס איז איינס פון האָפשטיינס שטאַרקסטע ווערק, פון זײַנע רײַפסטע שאַפונגען. דאָס איז א ווערק וועגן פּאָגראָמען און נאָך מער — א הומאַניסטישער פּראָטעסט קעגן בלוט־פאַרגיסונג, קעגן אומזיניקער מענטשן־פאַרניכטונג.

האָפשטיינס „טריסטיאַ", פּונקט ווי שווארצמאַנס „אומעט", איז אָבער ניט בלויז פּאַציפיסטישער הומאַניזם. דער דיכטער גייט אַוועק ווײַטער, צו א העכערן סינטעז וועגן דעם, אַז דאָס פאַרגאָסענע בלוט קאָן זײַן אַן אָנלער קעגן בלוט־פאַרגיסונג פאַר די קומענדיקע דורות. אַזוי־אַרום איז דאָס א פּראָבלעם פון טראַגישן קאַמף פאַר א נײַער וועלט, דאָס הייסט, אין טאָך גענומען, די וויכטיקסטע פּראָבלעם פון דער רעוואָליוציע. און אין דעם איז די טרייסט אויך פאַר די געפאַלענע קאָרבאָנעס, וואָס דער דיכטער סימבאָליזירט אין דעם פּיקסל און אין זײַן טויט; האַלב איראָניש און ווייטיקלעך און פּאָרט אויך האַלב ערנסט און פילאָסאָפיש זאָגט דער דיכטער: „נאָר טרייסט איז פאַר קיינעם אַף ערד ניט פאַרבאָטן! פאַר פּיקסל אַזוינעם, וואָס האָט ניט געוואָלט און האָט פּאָרט זיי צעשאָטן, די בלוטיקע טראָפּנס, אַף זויבער פון שנייען, איז אויך נאָך א טרייסט דאָ פאַראַנען... — עס קאָן זיך דאָך טרעפן, איין גאָט ווייסט פונוואַנען, זאָל קומען א גייער, א זוכער, א טרוימער, א שפּאַנער, וואָס ציט דורך זײַן רײַזע דורך פעלדער דורך ווײַסע... עס קאָן זיך דאָך טרעפן, אַז מענטשלעכעס האַרץ זאָל זיי טוליען, די בלוטיקע ווייען, אַז מענטשלעכער בליק זאָל זיי איינציקווײַז קלײַבן פון זויבער פון שנייען, די טראָפּנס די רויטע... דען איז דאָס קיין טרייסט ניט? נו, זאָג זשע, נו, בייג זשע דעם קאָפּ אָן, זײַ מוידע! א טרייסט אַזאַ איז איצט דאָס גרעסטע פאַר דיר און פאַר פּיקסל געמיינזאַם..."

האָפשטיינס דיכטערישע און קינסטלעריש־פילאָסאָפישע אופאַסונג פון דער עפּאָכע איז אויסגעדריקט אין זײַנע באַוווסטע פערזן וועגן וויי און מוט: „ס'איז הייס דאָס האַרץ, עס טרײַבט דאָס בלוט, עס גליט פון וויי, עס בליט פון מוט, און וויי און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן!" אָט די ווערטער, וואָס זײַנען שפּעטער אופגענומען און פּראָקלאַמירט געוואָרן פון האַלקינען ווי א פּראָגראַם פון זײַן דיכטונג, האָבן באַטײַט דעם דיאַלעקטישן סינטעז פון דעם רעוואָליוציאָנערן און נאַציאָנאַלן טאָך פון דער גאַנצער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג בא אירע ערשטע אָנהייבן.

נאָר באַזונדער פילט זיך אין „באַגינען" דער טעמפּ און דער אָטעם פון דער רעוואָליוציע אין ל. קוויטקאָס פּאָעמע „אין רויטן שטורעם".

---

[1] טריסטיאַ — אומעטיקס (לאַט.).

אין דער ליטעראַטור־קריטיק איז נאָך ביז הײַנט ניט אָפּגעשאַצט אין דער גאַנצער מאָס די באַדײַטונג פון אָט דער ערשטער ייִדישער אָקטיאַבער־פּאָעמע. דאָס אײנציקע, וואָס ווערט יאָ געזאָגט וועגן אָט דעם ווערק, באַשטייט דערין, אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון אַלעקסאַנדער בלאָקס „צוועלף". איך מיין אָבער ניט, אַז אָט די באַהויפּטונג איז אינגאַנצן ריכטיק. ניט ווײַל עס וואָלט געווען עפּעס אַ פּכיסעס־האַקאָוועד פאַר אונדזער דיכטער, נאָר דערפאַר ווײַל עס אַנטשפּרעכט ניט דער ווירקלעכקײַט.

צי איז פאַראַן אַלגעמיינס אין קוויטקאָס און אין בלאָקס פּאָעמעס? באַשטימט יאָ. דאָס איז, ערשטנס, די טעמע פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע; צווייטנס, די פאָלקסטימלעכקײַט, וואָס איז די שפּראַכלעכע באַזע אין ביידע ווערק; דריטנס, זייער פּאָליפאָניזם, די רײַכקײַט פון מעלאָדישע אינטאָנאַציעס און ריטמען. ווײַטער אָבער ענדיקט זיך דאָס אַלגעמיינע און עס הייבט זיך אָן דאָס פאַרשיידענע, דאָס אייגנטימלעכע פאַר יעדן פון די צוויי דיכטער באַזונדער.

מיר איז שוין אויסגעקומען אַמאָל צו שרײַבן, אַז לייב קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם" איז די ערשטע אין דער ייִדישער ליטעראַטור קינסטלעריש־פּאָעטישע פאַראַלגעמיינערונג פונעם זיג פונעם פאָלק אין דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. מע טאָר ניט פאַרגעסן, אַז דאָס ווערק איז געשריבן מאַמעש „אויפן צווייטן טאָג" נאָך דער רעוואָלוציע און איז פולשטענדיק דורכגעדרונגען מיט איר גרויסן גאַנג, מיט אירע אינטאָנאַציעס און ריטמען, מיט איר טעמפּ און עמאָציאָנעלן אָטעם. דער אידייִש־קינסטלערישער פּאַטאָס פון דיכטער איז דורכגעדרונגען מיט דער רעוואָלוציאָנערער אידיי פון צעשטערן דאָס אַלטע און אויסבויען אַ נײַע וועלט. דער דיכטער, זײַן העלד — דער נײַער מענטש, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, צערײַסט מיטן טאַטן, וועלכער „האָט אין וואָגן אונדז געשפּאַנט, שלעפּן אין זײַן יאָכיק לאַנד". „מיר, צעקריגטע שוין מיט טאַטעס, מיר פאַרברענען אַלטע שמאַטעס און פאַרניכטן ווילדע גראָז". די וועלט „איז צעטיילט געוואָרן: האַלב וועלט מײַן — און האַלב וועלט צאָרן".

די אידיי פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערשאַפט גיט צו אַ באַזונדערן כיין קוויטקאָס ווערק וועגן דער רעוואָלוציע. אַזאַ ווערק וועגן פעלקער־פרײַנטשאַפט האָט די ייִדישע ליטעראַטור ביז קוויטקאָן נאָך ניט געשאַפן. „ייִד" און „גוי" זײַנען פאַרברידערט אין קאַמף.

„אין רויטן שטורעם" איז אַ ווערק ניט וועגן יאָמטעוודיקע טריומפן, נאָר וועגן אינערלעכע ווייטעקדיקע ווידערשפּרוכן אַפילו אין פאָלק גופא, וועגן „אַלע ליידן, אַלע שמאַרצן פון די טויזנטער גילגולים". עס גיט אַ שאַרפן שנײַד דער מאָטיוו פון גרענעץ צווישן אַלט און נײַ אין דער נעשאָמע, „ווען סע שלוקערצט אין מײַן בויך אַ וואָרעם, רופט צוריק, נאָגט צוריק". „ווען מײַן ברודער האָט אַ רעגע רו, טרעט דער ווייטעק צו". די רעוואָלוציאָנערע קעמפער, וואָס זײַנען אַוועק אין שלאַכט אויף טויט און אויף לעבן, פילן זיך „אײַנגעשפּאַנט אין גרויסן כאָרעוו"; דער פּאָעטישער העלד פון „רויטן שטורעם" זעט, ווי „מאַמעס שלעפּן טויטע זין". נאָר די אויפגעבראַוזטע רעוואָלוציאָנערע יוגנט ווייסט, אַז צום אַלטן איז ניטאָ קיין אומקער: „מאַמזער, ס'איז ניטאָ צוריק! טויט צוריק!" בלויז אין געמיינזאַמען רעוואָלוציאָנערן קאַמף ווערן פאַרהאַרטעוועט די פאָלקסמאַסן, זייערע ברידערלעכע סאָלי־

דאַרע אינטערעסן: „אַקסל דײַנער, אַקסל מײַנער, ביידע רירן זיי זיך אָן, אונדזער מיזרעך איז צעפלאַקערט, גליצעאַקערט, פלאַם־צעפלאַקערט, און מיר גייען אינעם פלאַקער און עס פײַערט אונדזער פאָן". און פול מיט זיכערקײַט אין זיג קלינגען מוטיק די שורעס: „איך דאַרף זײַן, איך דאַרף געהערן צו דעם שטורעם פון צעשטערן, צו די האַמערן צו פילע אויף צו בויען נײַ, איך ווער ייִנגער, איך ווער ייִנגער, איך ווער פרײַ".

„אין רויטן שטורעם" איז אַ פולשטענדיק נאָוואַטאָריש ווערק ניט בלויז לויטן רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט, נאָר אויך לויטן שפּראַך־סטיל, לויט אַלע קינסטלערישע מיטלען, לויט דער רײַכקײַט פון מוזיקאַלישע ריטמען. עס פילט זיך אין איר דער אויפבראַוז פון די מאַסן אין מאָמענט פון דער רעוואָלוציע, זייער לאָשן און רייד־מאַניר. עס פלעכטן זיך אין איר איבער רעאַליסטישע קאָנקרעטקײַט, מעטאַפאָרישע סימבאָליק, ראָמאַנטישע טרוימערישקײַט, פאָלקלאָרישע שפּילעוודיקײַט און מײַסעדיקײַט, סאַטירע און אַלעגאָריע, ליריק און עפּאָס. די פּאָעמע איז געווען אַן אָנזאָג, אַז עס גייט און עס איז געקומען נאָך אַ גרויסער דיכטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

פאַר דער אײַנשטעלונג פונעם זשורנאַל „באַגינען" איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס ער שטרעבט צו געבן דעם לייענער קינסטלערישן מאַטעריאַל, וועלכער זאָל קלינגען אין אוניסאָן מיט דער רעוואָלוציע. אין דער דיכטונג זעען מיר דאָס אין האָפּשטיינס „שטאָט" און אין קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם". אויף וויפל אַזאַ ליטעראַרישן מאַטעריאַל איז אין יענער צײַט נאָך שווער געווען צו באַקומען, האָט דער זשורנאַל גענומען דרוקן סאָציאַל־פאַרשאַרפטן שטאָף פון דער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהײַט אָדער פון דער רוסישער און מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. אין „באַגינען" איז אָפּגעדרוקט ה. לייוויקס סיבירער ציקל „אין שניי", די ייִדישע איבערזעצונג פון מ. גאָרקיס „מײַסעלעך" און אַן אַקט פון דזשאָן גאָלסואָרסיס סאָציאַלער דראַמע „קאַמף".

„באַגינען" איז אַ מערקווירדיקע דערשײַנונג אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָס באַצייכנט אירע ערשטע טריט אויפן וועג פון אידייִשער אויספאָרמירונג. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל איז געווען דער שוין דערמאָנטער א. ליטוואַק. אָבער אַזאַ איז געווען די אַטמאָספער פונעם סאָוועטישן לעבן אין יענע פלאַמיקע רעוואָלוציאָנערע יאָרן, אַז אַפילו די ליטוואַקס האָבן ניט געקאָנט פאַרהאַלטן די שטורמישע אַנטוויקלונג פון דער נײַער ליטעראַטור.

## 3. „אופגאַנג". באַמערקונגען וועגן ביינוש שטיימאַן. אָשער שוואַרצמאַנס לעצטע לידער

אין דעם זעלבן 1919 איז דערשינען נאָך אַ באַדײַטנדיקער ליטעראַרישער זאַמלבוך — „אופגאַנג". דאָ טרעטן אַרויס מיט לידער אָשער שוואַרצמאַן, א. קורס, ל. רעזניק, לודוויג שאַרף, כריסטיאַן מאָרגנשטערן; פון פּראָזע זײַנען דאָ געדרוקט ד. בערגעלסאָנס „אין אײנעם אַ זומער", דעם ניסטערס „אין אונטערגרוב", י. זינגערס „מאַגדאַ". עס ווערט פאַרעפנטלעכט ביינוש שטיימאַנס „באַם טויער" — אַ „דראַמאַטישער כאָלעם" אין דרײַ בילדער. די קריטיק איז פאָרגעשטעלט מיט י. דאָברושינס אַן אַרטיקל „דרײַ דיכטער" (וועגן דאָוויד האָפּ־

שטיינס „בײַ וועגן“, לייב קוויטקאָס „טריט“ און פּערעץ מאַרקישעס „שוועלן“), מיט אַן אַרטיקל פון י. ריבאַק און ב. אַראָנסאָן „די וועגן פון דער ייִדישער מאָלערײַ“. וועגן דעם קאָמפּאָזיטאָר מוישע מילנער שרײַבט א. דזימיטראָווסקי. אויסער דעם זײַנען אָפּגעדרוקט צוויי נעקראָלאָגן: וועגן אָשער שוואַרצמאַנען (פון דאָוויד האָפשטיינען) און וועגן ביינוש שטיימאַנען (פון דער רעדאַקציע).

צו דער קריטיק פון „אופגאַנג“, פּראָפעסיאָנעל א הויךקוואַליפיצירטע, האַגאַם לויטן מעטאָד א פאָרמאַליסטישע, קאָן מען אַרויסשטעלן א טײַנע, אַז זי פאַרבינדט ניט די אויפגאַבן פון דער ליטעראַטור און קונסט מיט דער הײַנטצײַטיקײַט, מיט די פּראָבלעמען פון דער רעוואָליוציע. אין דעם טאַקע אַנטפּלעקט זיך די אידייִשע שוואַכקײַט פון דעם זאַמלבוך „אופגאַנג“ אינגאַנצן גענומען. די פּראָזע פון בערגעלסאָנען, דעם ניסטער און י. זינגער איז ניט פאַרבונדן מיט דער צײַט, אין וועלכער זי איז געשאַפן. דאָס זײַנען ווערק, וועלכע שפּיגלען אָפּ די ווירקלעכקײַט פון פאַר דער רעוואָליוציע. וועגן דעם איז שוין געזאָגט געווען אין די באַמערקונגען וועגן „אייגנס“ און באַגינען. און פּונקט, ווי דאָרט, איז דער שווערפּונקט ניט אין דער פּראָזע, נאָר אין דער דיכטונג, באַזונדערס אין שוואַרצמאַנס לידער.

א באַדײַטנדיקן אינטערעס שטעלט פאָר ביינוש שטיימאַנס „באַם טויער“ — א דראַמאַטישער כאָלעם אין דרײַ בילדער. שטיימאַן געהערט צו די „ווײַסע פלעקן“ אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור. אַפילע שרײַבער און פאָרשער ווייסן איצט בלויז זײַן נאָמען. עס וועט דעריבער, מיין איך, זײַן צום אָרט מאַכן דאָ עטלעכע באַמערקונגען וועגן אָט דעם אָריגינעלן שרײַבער, וואָס זײַן לעבן און שאַפן האָבן זיך איבערגעריסן אף אַן אומזיניקן אויפן.

ביינוש שטיימאַן איז אומגעקומען, ווען ער איז אַלט געווען סאַכאַקל צוויי און צוואַנציק יאָר. באַם לעבן האָט ער ניט אָפּגעדרוקט קיין איין ווערק. נאָך זײַן טויט זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דראַמעס „באַם טויער“ (אין „אופגאַנג“) און „מאָשיִעך־בען־יויסעף“ (אין צווייטן אַלמאַנאַך „אייגנס“). ווי עס ווערט אָנגעוויזן אינעם נעקראָלאָג, זײַנען נאָך ביינוש שטיימאַנס טויט פאַרבליבן אויך די דראַמאַטישע ווערק „די גולה“[1] (דרײַ אַקטן) און „דאָס רויטע קינד“ (צוויי בילדער).

שטיימאַנס טויט איז אופגענומען געוואָרן ווי א גרויסער פאַרלוסט פאַר דער ליטעראַטור. זײַנע דראַמאַטישע ווערק זײַנען ביז גאָר אָריגינעל און ווערטפול. עס איז באַוווּסט, אַז די ייִדישע דראַמע ביז דער רעוואָליוציע איז געווען אָפּגעשטאַנען ניט בלויז אין פאַרגלײַך מיט דער פּראָזע, נאָר אַפילע אין פאַרגלײַך מיט דער דיכטונג. ביינוש שטיימאַנס דראַמעס זײַנען אָנגעזעטיקט אף דורך און דורך מיט עכטער פאָלקסשפּראַך און פאָלקס־האַנדלונג. אין טאָך זײַנען דאָס פאָלקס־סצענעס, דער צענטראַלער העלד איז דאָס פאָלק. און דאָס איז באַזונדערס צו באַוווּנדערן, אף וויפל שטיימאַנס דראַמעס זײַנען אויסערלעך, לויט זייער פאָרמעלן שפּעפערישן מעטאָד, סימבאָליסטישע ווערק. דאָס איז צו זען פריִער פאַר אַלץ אין דעם פּערזאָנען־באַשטאַנד פון זײַנע דראַמעס, פון וועלכע מיר וועלן דאָ באַטראַכטן בלויז די, וואָס זײַנען געדרוקט אין די זאַמלביכער „אופגאַנג“ און „אייגנס“, דאָס הייסט פון „באַם טויער“ און „מאָשיִעך־בען־יויסעף“. אין דער פּיעסע „באַם טויער“ זײַנען די פּערזאָנען אַזעלכע: איינער, צווייטער, דריטער, פערטער, פינפטער, זעקסטער, א פאַרבײַגייענדיקע פרוי, א פאַרבײַגייענדיקער רײַכער דינער, א ייִנגל, א פרוי, 2־טע, 3־טע, 4־טע, אַן אַלטיטשקע, א מיידל מיט צעלאָזטע האָר, די מעשוגענע, די קינדער, דער אוילעם, איינער פון די שאָמרים, א 2־טער שוימער, עלטסטער פון דער וואַך, עלטסטער שוימער, די גלאָקן, מענטש, יעשוע.

אין „מאָשיִעך־בען־יויסעף“ — די זעלבע אין טאָך, אָדער אַלנפאַלס ענלעכע, פּערזאָנען: איינער, א צווייטער, א דריטער, א פערטער, א שטים פון א זאָקן, א צווייטער זאָקן, ס׳פאָלק, א יונגער, אַלע, ערשטער וועכטער, צווייטער וועכטער, לילִיס, ערשטעס שטערנדל, צווייטעס שטערנדל, דריטעס שטערנדל, מאָשיִעך.

לויט דעם פּערזאָנען־באַשטאַנד זײַנען שטיימאַנס ווערק טיפּישע סימבאָליסטישע דראַמעס, אף וויפל מיר האָבן דאָ צו טאָן ניט מיט רעאַליסטישע אינדיווידואַליזירטע כאַראַקטערן, נאָר מיט באַדינגלעכע פאַראַלגעמיינערדיקע באַצייכענונגען. אָבער אין דער זעלבער צײַט זײַנען די דאָזיקע ווערק ניט אויסגעהאַלטן־סימבאָליש לויט זייער פּאָעטיק. די פּאָעטיק פון דער סימבאָליסטישער דראַמע פאָדערט מינימום רייד, אַלס קלאַל איז די שפּראַך אירע מאַקסימאַל באַגרענעצט און מערסטנטייל דערפירט ניט צו לעבעדיקע רייד, נאָר צו אומקלאָרע נעפּלהאַפטע רעמאָזים און אָנדײַטונגען, זיפצן און אויסרופן. אין שטיימאַנס פּיעסן איז אָט די פּאָעטיק אינגאַנצן געבראָכן און, ווי עס איז שוין געזאָגט, זײַנען זיי אָנגעזעטיקט מיט פאָלקסרייד, מיט דיִאַלאָג און מיט האַנדלונג, וואָס איז אויך קימאַט ווי פאַרווערט אין דער פּאָעטיק פון דער סימבאָליסטישער דראַמע.

אָבער נאָך מער זײַנען אָריגינעל ביינוש שטיימאַנס דראַמעס לויט זייער אינהאַלט. ניט געקוקט אף די מיטאָלאָגישע סוזשעטן, וואָס זײַנען טאַקע כאַראַקטעריסטיש פאַר דער סימבאָליסטישער דראַמע, זײַנען שטיימאַנס ווערק פולשטענדיק דורכגעדרונגען מיט דער רעוואָליוציאָנערער הײַנטצײַטיקײַט. אין זיי פּרעוואַלירן צוויי טעמעס, וואָס האָבן אין יענער צײַט אַזוי אָדער אַנדערש געדרעגט קימאַט די גאַנצע ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור: די רעוואָליוציע, דער קאַמף פאַר א נײַ לעבן אף יעסוידעס פון סאָציִאַלער גערעכטיקײַט; און די נאַציִאָנאַלע פּראָבלעם, וואָס איז טראַגיש באַפאַרבט געווען איבער דעם שוידער פון פּאָגראָמען.

אין צענטער פון דער סוזשעטישער האַנדלונג פון „מאָשיִעך־בען־יויסעף“ ווערט געגעבן דער אומרו פונעם פאָלק, זײַן אופגערעגטקײַט און דערוואַרטונג אף ענדערונגען, אף נײַע לעבנס־באַדינגונגען. דאָס פאָלק איז אין שרעק און אין האָפענונגען. די פּיעסע, ווי בא אַלע סימבאָליסטן, איז דורכגעדרונגען מיט אַפּאָקאַליפּטישע טענדענצן. איינער א זאָקן שרײַט: „די וועלט קומט אום, ס׳קומט אום די וועלט!“ און, ווי עס ווײַזט אָן דער אווטאָר אין דער רעמאַרקע, שרײַט אויס דער זעלבער זאָקן פּראָפעטיש (נעוויִיש): „אין דעם טאָג וועלן ווילדע קוילעס פאַרהילכן די וועלט, די ערד וועט מיט פײַער באַשפּײַען די הימלען“. דעם רעוואָליוציאָנערן אומרו פונעם פאָלק ווערן קעגנגעשטעלט די שוואַרצע קויכעס פון בייז אין געשטאַלט פון לילִיס. עס קומט פאָר א קאָנפליקט, א דיִאַלאָגישער צוזאַמענשטויס צווישן דעם פאָלק און לילִיס, וועלכע פּרוּווט אײַנהאַלטן דאָס פאָלק פון אַנטשיידענע מײַסים און שטילן זײַן רעוואָליוציאָנערן אומרו. בײַס דעם

[1] גוילה — דער גאָלעס, די דיאַספּאָרע.

דאַזיקן קאַנפליקט ווערט אַלץ ליכטיקער, די זון שייַנט אַלץ שטאַרקער און עס קומט מאַשיִעך, וועלכן דאָס פאָלק באַגריסט אַלס אויסלייזער. אָבער לילים וואָרנט, אַז ביז דער געוווּנטשענער פרייַהייַט וועט דער איצטיקער זינדיקער דאָר מוזן אויסשטאַרבן, ווי עס איז שוין אַמאָל געווען מיטן דאָר־האמידבאָר, וועלכער איז טאַקע באַפרייַט געוואָרן פון דער קנעכטשאַפט אין מיצראַיִם, נאָר האָט געמוזט וואַנדערן פערציק יאָר אין דער מידבער און אינעם הייליקן לאַנד ניט קומען. דאָס פאָלק ווערט אופגעבראַכט און נעמט זיך פאַרשטיינערן מאַשיִעכן. לילים האַלט אָפּ אַ זיג. אַלע שרייַען, אַז מאַשיִעך וועט שוין מער ניט קומען. אָבער דרייַ שטערנדלעך זאָגן פאָרויס, אַז ער וועט נאָך קומען.

אין דער פיעסע „באַם טויער“ איז דער סוזשעט גענומען פון מיטלאַלטער. ס׳איז אָבער ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז דער אווטאָר האָט אין זינען די הייַנטצייַטיקייַט און ניט די פאַרגאַנגענהייַט. די טעמע איז פּאָגראָמען. מע האָט געכאַפּט ייִדן און זיי אַרייַנגעוואָרפן אין טפיסע פאַר גאָטלעסטערונג. דער האַמוין איז צעבושעוועט און פאָדערט פאַרניכטן די ייִדן. עס קומט אָן יעזוס קריסטוס, יעשוע. דער שוימער פון דער טפיסע, ווו עס ווערן געהיט די געכאַפּטע ייִדן, ווייסט ניט, אַז פאַר אים שטייט יעזוס. דער שוימער קלאָגט זיך פאַרן אומבאַקאַנטן: „פאַרוואָס זייַנען זיי פאַרשאָלטן? ווען איך זאָל וועלן אויסדערציילן אייַך אַלץ, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן, וואָלט מיר קיין צייַט ניט קלעקן, כאָטש ריידן זאָל איך ביז באַטאָג. זיי סאַמען אונדז די ברינעמער, שיקן אָן מאַגייפעס, קרענק, שעכטן אונדזערע אייפעלעך. איז דאָס נאָך ווינציק אַלץ, האָבן זיי אונדזער גאָט, אונדזער יעשוען, געקרייציקט“. דער אומבאַקאַנטער אַנטפּלעקט זיך פאַרן שוימער. ער דערקלערט, אַז ער איז דער געקרייציקטער גאָט יעזוס און הייסט עפענען דעם טויער פון דער טפיסע, קעדיי די ייִדן זאָלן באַפרייַט ווערן. דער שוימער שטעכט אַרייַן יעזוסן אַ מעסער אין זייַט.

ביינוש שטיימאַן האָט אין זייַן שאַפונג סינטעטיש אָפּגעשפּיגלט די צוויי הויפּט־פּראָבלעמען פון יענער צייַט: די סאָציִאַלע און נאַציִאָנאַלע — די רעוואָליוציע און די פּאָגראָמען. זעלבסטפאַרשטענדלעך, מע קאָן ניט זאָגן, אַז אין די דראַמעס איז פאַראַן אידייִשע קלאָרקייַט. עס פעלט אין זיי דער פאַרשטאַנד, אַז די הויפּט־פּראָבלעם איז די רעוואָליוציע, די נאַציִאָנאַלע פּראָבלעם איז אַ טייל פון דער סאָציִאַלער, פון דער רעוואָליוציע. אָבער עס איז קיין צווייפל ניט, אַז שטיימאַנס שאַפונג איז אינגאַנצן פאַרבונדן מיט דער רעוואָליוציִאָנערערווירקלעכקייַט און מיט דער רעוואָליוציִאָנערער דיכטונג פון יענע יאָרן. און דאָס איז באַזונדערס צו זען, ווען מע פאַרגלייַכט ביינוש שטיימאַנס שאַפונג מיט דער דיכטונג פון אַשער שוואַרצמאַן.

אַשער שוואַרצמאַנס לידער זייַנען געדרוקט אין ביידע אַלמאַנאַכן „אייגנס“ און אין דער זאַמלונג „אופגאַנג“. דאָס זייַנען די לידער, וועלכע האָבן געמאַכט שוואַרצמאַנען פאַר דעם אָנהייבער פון דער נייַער רעוואָליוציִאָנערער ליטעראַטור, האָגאַם עס זייַנען דאָ פאַראַן אויך לידער פון פאַר דער רעוואָליוציע.

פאַר שוואַרצמאַנס דיכטונג אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע זייַנען כאַראַקטעריסטיש צוויי מאָטיוון: י ו ג נ ט און ב ר ו ד ע ר. אויב דער מאָטיוו יוגנט אַנטשפּרעכט מער די פּעוואָראַל־שטימונגען פונעם דיכטער, די שטימונגען פון אַלגעמיינער פרייד און טריִומף איבערן פאַלן פון דער זעלבסטהערשונג, איז דער מאָטיוו ברודער שוין אינגאַנצן אָנגעלאָדן מיט קאָנקרעטע רעוואָליוציִאָנערע שטימונגען פון אָקטיאַבער. שוואַרצמאַן איז אין זין פון רעוואָליוציִאָנערער קאָנקרעטקייַט פון זייַן ליד אַוועק ווייַטער פון האָפּשטיינען, קוויטקאָ און מאַרקישן טאַקע אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט געשאַפן דאָס קאָנקרעטע דיכטערישע און רעוואָליוציִאָנערע געשטאַלט ב ר ו ד ע ר. וועגן דער פאַרשפּרייטקייַט פון אָט דעם געשטאַלט אין דער רעוואָליוציִאָנערער דיכטונג און אין רעוואָליוציִאָנערן אַרבעטער־פאָלקלאָר איז ניט נייטיק לאַנג צו ריידן. עס איז אַן אַלגעמיין באַוווּסטער פאַקט. אין שוואַרצמאַנס דיכטונג הייבן מיר אָן צו באַגעגענען דאָס געשטאַלט ברודער אין די יאָרן 1917—1918, אין דעם מאָמענט, ווען ער הייבט אָן וואָס מער זיך צו פאַרטראַכטן איבער פּראָבלעמען פון דער רעוואָליוציע. אינטערעסאַנט איז, וואָס ביז דער רעוואָליוציע טרעפן מיר ניט אין שוואַרצמאַנס לידער אַפילע קיין איין מאָל דאָס וואָרט ברודער, שוין אָפּגערעדט פון סאָציִאַלער פאַראַלגעמיינערונג פון דעם דאָזיקן באַגריף. צום ערשטן מאָל האָט אָפּגעקלונגען דער מאָטיוו ברודער אין דער ליד „איצט, ליבסטע, קום“. שוין דאָ האָבן מיר פאַר זיך די פאַרקערפּערונג פון אופוואַכנדיקע מאַסן, וואָס גייען נעמען זייער גוירל אין זייערע אייגענע הענט. דער דיכטער רופט אויס: „מיט מיר קום אויף אַנטקעגן מ ייַ נ ע ש ט ר א ל נ ד י ק ע ב ר י ד ע ר“.

פון איצט אָן פאַרנעמט דאָס געשטאַלט ברודער אַ דאָמינירנדיק אָרט אין שוואַרצמאַנס דיכטונג. ב ר ו ד ע ר ווערט בא אים אַ סימבאָלישער באַגריף אויסצודריקן דעם פּייַן און די ליידן פון די מאַסן, זייער מעכטיקן ווילן צו קעמפן און אויסקעמפן אַ בעסער לעבן, זייער מוט און העלדישקייַט אינעם אַריבערטראָגן די ליידן אינעם שווערן קאַמף.

און צום סאָף — וועגן דער ליר „אומעט“, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט אין צווייטן בוך „אייגנס“ (1920). די דאָזיקע ליד קלינגט שטאַרק פּעסימיסטיש, ווי אַ דיסאָנאַנס צו דער אַלגעמיינער אינטאָנאַציע פונעם דיכטערס לעצטע לידער, וועלכע זייַנען אַלס קלאַל קעמפעריש און דורכגעדרונגען מיט מוט צו רעוואָליוציִאָנערן טאַט און לעבן. פונוואַנען האָט זיך גענומען אָט די טרויעריקע מעלאָדיע בא שוואַרצמאַנען אין סאַמע שוווּנג פון זייַן דיכטערישן אופשטייַג?

דאָ גייען מיר צו צו אַ פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען פאַר אַלע ייִדישע דיכטער אין די יאָרן פון בירגערקריג און פּאָגראָמען: אי פאַר האָפשטיינען, אי פאַר קוויטקאָן, אי פאַר מאַרקישן, אי פאַר ביינוש שטיימאַנען. דאָווויד האָפשטיין האָט אין איין און דער זעלבער צייַט געדרוקט זייַנע רעוואָליוציִאָנער־פּאַטעטישע לידער „פּראָצעסיע“, „אָקטאָבער“ און איינצייַטיק — „טריסטיא“, „אוקראַיִנע“; מאַרקיש שרייַבט פאַראַלעל „ראַדיִאָ“ און „די קופּע“, קוויטקאָ — „אין רויטן שטורעם“ און „1919“. און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, שוואַרצמאַן איז דאָ ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זייַן קיין אויסנאַם. די פּאָגראָם־טעמע איז ניט געווען קיין דאָמינירנדיקע אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, אָבער פאַרבייַגיין זי האָט די רעוואָליוציִאָנערע דיכטונג ניט געקאָנט און ניט געדאַרפט.

פאַר שוואַרצמאַנס ליד „אומעט“ איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס ער פאַרורטיילט דאָס פּאַסיווע ניט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם בייז, דאָס מאַכטלאָזע, מוטלאָזע און

ווילנלאָזע ניט ארויסווײַזן קיין ווידערשטאַנד אין קאַמף קעגן דעם סוינע. דעם דיכטערס טרויער, זײַן אומעט איז אף דורך־און־דורך געווענדט קעגן גוואַלדטאַט, רעציכעס. דעם דיכטערס לײַדן טראָגן דורכויס א סאָציאַלן כאַראַקטער. דאָס איז דער טרויער איבערן אומגליק פונעם פאָלק און א רוף אופצוהערן גיין, ווי שאָף, צו דער אקיידע:

איך לאָז זיך שטיל אראָפּ צום שטאַם פון מײַנע לײַדן
און ווייס ניט, צי איז מײַן לייד אף וואָגשאָל פון די וועלטן...

איך זע, ווי ס׳קוקן בלוי געבונדענע קאָרבאָנעס,
אף וועלט און אויסוועלטן מײַן צאַר הייבט אָן צו וואַקסן,
און אלטער אומעט קומט, ווי ווינט פון האַלבער נאַכט,
צו זאָגן מיר:

אין טיפסטע ווייען בלײַבסטו שטענדיק עלנט,
מיט האַרץ און מיט געדאַנק אף טאָפּלדיקע וועלטן,
און ווי א שטילע שאָף צו רוען אף באַנאַכט
גענענען וועט דער טויט און אײַנשלאָפן מיט דיר...

און שווער ווערט מיר פאַר נאָך ניט אויסגעלעבטע טעג,
וואָס שטייען אוף, ווי צייכנס אף אַן אַלטן וועג.
און שווער ווערט מיר און ווי פאַר גאַנצער וועלט,
וואָס פאַרן כאַלעף האָט א טפילע אף די ליפּן...

עפּשער איז דאָ, אין דעם פאַרורטיילן די פּאַסיווקײַט פון די „בלוי געבונדענע קאָרבאָנעס“, פאַראַן עפּעס אַן איבערוף מיט ביאַליקס צאָרן קעגן דער זעלבער פּאַסיווקײַט בײַס דער פּאָגראָם־שכיטע. און עפּשער איז שוואַרצמאַנס נאַציאָנאַלער טרויער העכער פון ביאַליקס נאַציאָנאַלן צאָרן, אף וויפל באַם דיכטער פון אָקטיאַבער איז דער אומעט אריבערגעוואַקסן אין ווייטעק פאַר דער גאַנצער לײַדנדיקער מענטשהײַט.

●

די געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז נאָך ניט אָנגעשריבן. דאָס איז א שווערע אופגאַבע, וואָס שטייט ערשט פאַר אונדזער ליטעראַטור־וויסנשאַפט. אָבער שוין איצט דאַרפן מיר מיט הײַנטיקע אויגן א קוק טאָן אף דעם דורכגעגאַנגענעם וועג, דרייסט שטעלן א ריי גרונט־פראַגן, באַנײַס דורכקוקן און אָפּשאַצן די עטאַפּן און די וויכטיקסטע פאַקטן פון דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור פאַר דעם האַלבן יאָרהונדערט.

באַזונדערס וויכטיק איז פאַר אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע פעסטשטעלן די אָנהייבן פון אונדזער נײַער ליטעראַטור. דאָ האָט אונדזער סאָוועטישע קריטיק אופגעטאָן זייער פיל. די ייִדישע סאָוועטישע מאַרקסיסטישע קריטיק האָט געשטעלט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער ליטעראַטור, האָט איר מיטגעהאָלפן זיך פאַרפעסטיקן אף סאָוועטישע פּאָזיציעס. אָבער די קריטיק גופע האָט אויך געהאַט אירע שוועריקײַטן, זי האָט געזוכט און געבלאָנדזשעט און צוזאַמען מיט דער גאַנצער ליטעראַטור געגאַנגען פאָרויס.

וואָס איז שײַעך די אָנהייבן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, זײַנען ביז איצט פאַראַן צוויי שטאַנדפּונקטן אף אָט דער פראַגע. איין גרופּע ליטעראַטור־היסטאָריקער (בראָנשטיין, אָרשאַנסקי אאַ.) האָט געהאַלטן, אַז פאַרן אָנהייב פון דער ליטעראַטור דאַרף מען רעכענען די רעוואָליוציאָנערע לידער, וועלכע זײַנען געדרוקט געוועזן אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, זאָל זײַן אפילע פון שרײַבער־אָנפאַנגער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט א שוואַכן שפּור, אָדער אפילע אינגאַנצן קיין שום שפּור ניט איבערגעלאָזט אין דער ליטעראַטור. דער צווייטער שטאַנדפּונקט איז אַזאַ: פאַרן אָנהייב פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור דאַרף מען רעכענען די שרײַבער פון דער אַזויגערופענער „קיִעווער טקופע“, די שרײַבער פון „אייגנס“.

איצט זעען מיר, אַז אָט די שטאַנדפּונקטן זײַנען ביידע ריכטיק און דערגאַנצן איינער דעם צווייטן. די רעוואָליוציאָנערע דיכטונג פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע האָט, עמעס, ניט איבערגעלאָזט קיין באַדײַטנדיקע ווערק, אָבער זי האָט שטאַרק מיטגעווירקט דער אידייִשער צילגעווענדטקײַט פון דער ליטעראַטור. אין דעם באַשטייט איר היסטאָרישע באַדײַטונג. פון דער צווייטער זײַט, האָט די קיִעווער גרופּע שרײַבער, האַגאַם מיט גרויסע שוועריקײַטן, אָבער פאָרט געשאַפן די וויכטיקסטע ווערק פונעם אָנהייב פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די צוויי אַלמאַנאַכן „אייגנס“, דער זשורנאַל „באַגינען“, דער זאַמלבוך „אופגאַנג“ האָבן אין די שווערסטע יאָרן פון בירגערקריג אָפּגעשפּיגלט די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן, באַרײַכערט די נײַע ליטעראַטור, באַזונדערס די דיכטונג, מיט ווערק, וועלכע זײַנען ביז הײַנט פאַרבליבן אינעם גאָלדענעם פאָנד פון אונדזער ליטעראַטור.

# כראָניק

## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

אין דער דאָזיקער ארבעט ווערן געבראכט ביבליאָגראפישע יעדיִעס צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. עס ווערן כראָנאָלאָגיש דערמאָנט דאטעס פון געשעענישן, באזונדערע קינסטלערישע ווערק, פראָבלעם־ארטיקלען, איבערזיכטן, פאָרטראָגן, פארסאכאקלענדיקע ארבעטן, וועלכע האָבן געהאט אן אָרט אין די סאָוועטישע יאָרן און האָבן בעשײַטע געשפילט א באדײַטנדיקע ראָליע אינעם ליטעראַרישן לעבן.

אלס קלאל זײַנען צו די יעדיִעס ניט געגעבן קיינע קאָמענטארן און דערקלערונגען, אויסער אין אייניקע פאלן, ווען זיי פאָדערן זיך צוליב קלאָרקײַט.

אלע מאטעריאלן, אכוץ געצייילטע אויסנאמען, זײַנען געגעבן אין דער הײַנטיקער ייִדישער סאָוועטישער אָרטאָגראפיע. דאָס גערזאָגטע האָט א שײַכעס אויך צו נעמען, ביבליאָגראפישע רע־שימעס אאוו.

אין די ביבליאָגראפישע רעשימעס ווערן געבראכט בלויז די סאמע עלעמענטארע יעדיִעס וועגן אווטאָר, בוך, ווערק. די, וואָס ווילן זיך גענויער באקאנען מיט דעם אָדער יענעם מאטעריאל, וועלן לײַכט קאָנען געפינען אים לויט די אָנגעוויזענע קוועלן.

די ביבליאָגראפישע רעשימעס פון ביכער (ביזן 1921) זײַנען צונויפגעשטעלט דעריקער אפן סמאך פון ז. ראטנערס און י. קוויטניס „דאָס ייִדישע בוך אין פסס״ר פאר די יאָרן 1917—1921״ (ביבליאָלאָגישער זאמלבוך, באנד 1, צענטרפארלאג, מאָסקווע — כארקאָוו — מינסק, 1930).

פון דעם פעריאָד, ווען עס האָבן אָנגעהויבן דערשײַנען די ייִדישע סאָוועטישע זשורנאלן („שטראָם״, „די רויטע וועלט״, „דער שטערן״, „פראָליט״, „פארמעסט״ און אנד.), ווערן אין אונדזער „כראָניק״ ניט געגעבן קיין ביבליאָגראפישע ספראווקעס, ווײַל מע קאָן זיי לײַכט געפינען אין די זשורנאלן.

פאר דער כראָניק האָבן מיר אויסגענוצט איבערהויפּט די זשורנאלן „שטראָם״ און „רויטע וועלט״. פון די צײַטונגען איז אויסגענוצט די צענטראלע צײַטונג „דער עמעס״ („די ווארהײַט״, „דער אמת״) פון די יאָרן 1918 ביז 1924—1925 (ביזן דערשײַנען פון די זשורנאלן „די רויטע וועלט״ און „דער שטערן״), דערנאָך — פון 1931, 1932 (יאָרן פון אינטענסיווער ליטעראַרישער אנטוויקלונג, דיסקוסיעס און שטרײַטן) ביז דער באשטימונג פון צק פון דער פארטיי וועגן איבער־בויען די ליטעראריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס.

בעשאסן דערמאָנען לידער ווערן אָנגערופן בלויז די קעפלעך. דאָרט, וווּ קיין קעפל איז ניטאָ, שרײַבן מיר פּאָשעט „לידער״.

באם אָנרופן א צײַטונג מערקן מיר אָפּ בלויז איר נומער, אויסער אייניקע באזונדערס וויכ־טיקע פאלן, וווּ מיר ווײַזן אָן אויך דעם כוידעש און טאָג.

די אברעוויאַציעס, וועלכע טרעפן זיך אין טעקסט, לייענען זיך אזוי: „טצ(ק) — טעגלעכע צײַטונג (קיִעוו); זש(ק) — זשורנאל (קיִעוו); זט. — זשורנאל; שפ. — שפאלט; זש(פטג) — זשורנאל (פעטראָגראד).

י. סערעבריאַני

## 1917

7 נאָיאבער. אָנהייב פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

8 נאָיאבער. דער צווייטער אַלרוסלענדישער ראטן־צוזאַ־מענפאָר האָט דערקלערט, אז די מעלוכע־מאכט גייט אריבער אין די הענט פון די ראטן. דער צוזאמענפאָר האָט אָנגענומען דעקרעטן וועגן שאָלעם, וועגן ערד און האָט געשאפן די ערשטע ראטן־רעגירונג — דעם ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן — בעראָש מיט וו. אי. לענינען.

8 נאָיאבער. אין דער צײַטונג „ראבאָטשי פוט״ (ארבע־טער־וועג)[1] איז געדרוקט געווען די דערציילונג אין פערזן פון דעמיאן בעדני „וועגן ערד, וועגן פרײַהײַט און אר־בעטער־דאָליע״.

8 דעקאבער. אין אָדעס איז געשטאָרבן דער גרויסער ייִדישער קלאסיקער מענדעלע מויכער־ספאָרים.

עס איז וויכטיק אָפּצומערקן, אז דער „זיידע״ פון דער ייִדישער ליטעראטור האָט ביז זײַנע לעצטע טעג ארויס־

[1] אונטער אזא נאָמען איז דערשינען די „פראוודא״, וועלכע איז געווען גערודפט פון קערענסקיס צײַטווײַלי־קער רעגירונג.

געוויזן א גרויסן אינטערעס צו די געשעענישן אין לאַנד. מענדעלע האָט זיך הייס אָפּגערופן אַף די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן, גערופן צו אַקטיוון קאַמף פאַר פרייַהייַט, קעגן קנעכטשאַפט. דאָס איז צו זען פון זייַן באַגייַסטערטן אופרוף צו די „ליבע ייִדן און בירגער פונעם גרויסן זיך באַפרייַטן און וועלט־באַפרייַענדן רוסלאַנד" (פּובליקירט אין דער אָדעסער צייַטונג „אונדזער לעבן" פון 18 יוני, נומ. 149), פון זייַן צוגעשיקטער באַגריסונג דעם „צוזאַמענפאָר פון ייִדישע אַרטיסטן אין רוסלאַנד" (קיִעוו, 29 אווגוסט).

## ביבליִאָגראַפישע באַמערקונגען

דאַוויד בערגעלסאָן, דאַוויד האָפשטיין, פּערעץ מארקיש, דער ניסטער, מוישע קולבאַק, אַרן קושניראָוו, לייב קוויטקאָ און אַנדערע גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור זייַנען ערעוו און באַזונדערס גלייַך נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אַרויסגעטראָטן מיט א ריי גרעסערע און קלענערע ווערק. אין יאָר 1917 געפינען מיר זייערע ווערק אין די צייַטונגען פון קאַטערינאָסלאַוו, קיִעוו, פּעטראָגראַד, מאָסקווע, מינסק, וויטעבסק און אַנדערע שטעט.

ווייַטער ברענגען מיר א רעשימע פון ביכער, אין וועלכע עס זייַנען געדרוקט לידער מיט דער דאַטע פון 1917.

ד. האָפשטיין — געקליבענע לידער. קיִעוו, 1937; אויסגעוויילטע ווערק. מאָסקווע, 1948; פּערעץ מארקיש — וואָכנטעג. כאַרקאָוו, 1931; לידער. מאָסקווע, 1933; א. קושניראָוו — געקליבענע ווערק. מאָסקווע, 1947; מוישע קולבאַק — געקליבענע לידער. מינסק, 1934; ל. קוויטקאָ — געקליבענע ווערק. קיִעוו, 1937; געקליבענע ווערק. מאָסקווע, 1948; אָשער שוואַרצמאַן — אַלע לידער (אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס).

ביכער:

נ. אויסלענדער — לידער, קיִעוו; ד. בערגעלסאָן — דאָס גאָלדענע קייַקעלע (פאַר קליינע קינדער, נומ. 4). קיִעוו; מוישע בראָדערזאָן — סיכאס־כולן, טאַמאַרל. מאָסקווע; י. דאָברושין — פאַרנאַכטן. לידער (1911—1914). קיִעוו; מאַני־לייב [בראַהינסקי] — ייִנגל־צינגל כוואַט. פּעטראָגראַד; דער ניסטער [פּ. קאַהאַנאָוויטש] — מייַסעלעך. קיִעוו; א מייַסע מיט א האָן, דאָס ציגעלע. פּעטראָגראַד; י.־ל. פּערעץ — דער אַרענדאַר. מאָסקווע; דער דינטוירע מיטן ווינט. פּעטראָגראַד; זיבן גוטע יאָר, דער אויצער. מאָסקווע; דער קונצנמאַכער. פּעטראָגראַד; סאָרע באַסטוויוים. מאָסקווע; ל. קוויטקאָ — לידעלעך פאַר קליינע קינדער, נומ. 2. קיִעוו; שאָלעם־אַליכעם — האָדל, מיר איז גוט — איך בין א יאָסעם. אָדעס; „צום צוויטן יאָרצייַט פון י.־ל. פּערעץ". זאַמלונג. קיִעוו. אַרטיקלען: דער ניסטער, מ. ליטוואַקאָוו, י. דאָברושין, נ. מייזיל.

## 1918

8 מאַרט. דערשינען אין פּעטראָגראַד דער ערשטער נומער פון דער ערשטער קאָמוניסטישער צייַטונג אין ייִדיש „די וואַרהייַט".

7 אווגוסט. דערשינען אין מאָסקווע דער ערשטער נומער פון דער טעגלעכער קאָמוניסטישער צייַטונג „דער אמת".

20 נאָיאַבער. באַשטימונג פון בילד־אָפּטייל באַם ייִדישן קאָמיסאַריאַט וועגן דעם ייִדישן אויסלייג פון העברעיִשע ווערטער.

אין דער צייַטונג „די וואַרהייַט":

נומ. 1. אָפּגעדרוקט יוסעף באָוושאָווערס ליד „רעוואָליוציאָן".

נומ. 2 און 3. ש. אגורסקיס אַרטיקל „יוסעף באָוושאָווער — דער דיכטער פון רעוואָליוציאָן".

נומ. 3. באָוושאָווערס ליד „דער פרייַהייַט־קעמפער" (פון נומ. 4—5 איז די רעדאַקציע אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע).

אַף זייַט 6 פון זעלבן נומער מעלדונגען:

דעם 6 און 7 אווגוסט ווערן פון דער פּערעץ־געזעלשאַפט אייַנגעאָרדנט אין יוזשנעס טעאַטער, טווערסקאָי בולוואַר, אייניקע פאַרשטעלונגען: „מענטשן" פון שאָלעם־אַליכעם, „ווינטער" פון שאָלעם אַש און „נאָך דער קווורע" פון י.־ל. פּערעץ.

די מוזיק פאַר דער לעצטער איז ספּעציעל געשריבן פון ענגעל.

דער מאָסקווער קרייַז פון די ייִדישע שריפטשטעלער און קינסטלער האָט אין זייַן לאָקאַל אַף גאַגארינסקי, 19, ראָג סטאַראָקאָניושענע, אייַנגעאָרדנט אן אויסשטעלונג פון די ווערק פון זייַנע כאַווירים־קינסטלער. די אויסשטעלונג איז רייַך סיי אין קאַמעס און סיי אין אייכעס.

ביכער.

יוסעף באָוושאָווער — געקליבענע לידער מיט א פאָרוואָרט פון ש. אגורסקי. פּעטראָגראַד; „זאַלבעפערט" (לידער־זאַמלונג פון מוישע בראָדערזאָן, גערשן ברוידע, מענאַשע האַלפּערן, דאַניִעל טשאַרני). מאָסקווע; מוישע טייַטש — פאָעמען. כאַרקאָוו; מיריאַם ליבערמאַן — וויִאַזוי די רויטע העלדזלעך האָבן מענאַצייעך געוועזן דעם קייסער. א מייַסעלע, געווידמעט די קינדער צום יאָמטעוו פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. מאָסקווע; מענדעלע מויכער־ספאָרים — די קליאַטשע. געזאַמלטע שריפטן, ב. 5 (ערשטע אופלאַגע, ווילנע, 1873). פּעטראָגראַד; דאָס קעלבל. קיִעוו; י. סעגאַלאָוויטש — א לעגענדע וועבט זיך. מאָסקווע; י.־ל. פּערעץ — וועבער־ליבע (דערציילונג אין בריוו) מיט א פאָרעדע פון שאַכנע עפּשטיין. קאַטערינאָסלאַוו; דער אַרענדאַר, ניסים אפן יאַם, סאָרע באַסטוויוים. קיִעוו; „פאַר קליינע קינדער" — לידער־זאַמלונג. קיִעוו; יוינע ראָזענפעלד — פרויען. דערציילונגען און נאָוועלן. קיִעוו; אווראָם רייזען — די נייַע לאַטע. אָדעס; ב. שאַפּיר — אווראָמל דער שוסטער. דערציילונג. אָדעס; שאָלעם־אַליכעם — אַף פייסעך אהיים, באַשערט אן אומגליק, באַם דאָקטער (מאָנאָלאָג), באַם קיניג אכאַשווייראָש, גימענאַזיע, געצל, דאָס גרויסע געווינס, דער דייַטש, דריטע קלאַס, האָדל, הייַנטיקע קינדער (נאָך א מייַסע פון טעוויע דעם מילכיקן), ווען איך בין ראָטשילד (מאָנאָלאָג), זעקס און זעכציק, דאָס טעפּל (מאָנאָלאָג), יאָסעלע סאָלאָוויי, לאַגבוימער, עס פידלט ניט, אן אייצע, דער פּאַרקישעפטער שנייַדער, א פאַרשטערטער פייסעך, דער פאַרשפּילטער לאַגבוימער, פונעם פריזיוו, שלימשלימאַזל. אָדעס; ז. שנייער — פראַזע און לידער. אָדעס ל. בוימוואָל (בוך) — כאַצקעלע קאַלבוויניק. אָפּערעטע אין 4 אַקטן. כאַרקאָוו; יוסעף בערעסאַן — פרילינגס־טויט. איינאַקטער פון אַרבעטער־לעבן. כאַרקאָוו.

קריטיק: שאַכנע עפּשטיין — דאָס אַרבעטס־פאָלק אין י.־ל. פּערעצעס ווערק. קאַטערינאָסלאַוו; צום אָנדענק



9*

פון שאָלעם־אַלייכעמען—זאמלבוך, רעדאגירט פון י. צינבערג און ש. ניגער. פעטראָגראד. אינהאלט: 1) מאַציייוע־אופשריפט (פאקסימיליע); 2) די צוואוואָע; 3) זיכרוינעס: ד. בערקאָוויטש, ש. דובנאָוו, מ. ספעקטאָר, י.־כ. ראווניצקי, דר. מ. קויפמאַן, ש. מויני און ב. פאטלזשאַן; 4) בריוו (שאָלעם־אַלייכעמס); 5) ארטיקלען: ש. ניגער, צ. הירשקאָן, י. דאָברושין, דר. מ. שאַץ.

רעצענזיעס: 1) ש. נ. — א בוך וועגן שאָלעם־אַלייכעמען. „נײַע צײַט", טצ(ק), 1918, 3/5, נום. 85 (173), ז. 2; 2) י. נוסינאָוו — צום אָנדענק פון שאָלעם־אַלייכעמען. „פאָלקס־צײַטונג", טצ(ק), 1918, 14/12, נום. 110 (182), ז. 2; נום. 111 (183), ז. 2; 3) נ. אויסלענדער — צום אָנדענק פון שאָלעם־אַלייכעמען. „ביכער־וועלט", זש. (ק), 1919, נום. 4—5, שפּ. 31—36.

„אייגנס". זאמלבוך. קיִעוו. אינהאלט: לידער: ל. קוויטקאָ, י. דאָברושין, ד. האָפשטיין, אָ. שווארצמאַן; דערציילונגען: ד. בערגעלסאָן, דער ניסטער, אלטער קאַציזנע.

רעצענזיעס: 1) מ. ליטוואַקאָוו — דער אלמאנאך „אייגנס". ליטערארישע נאָטיצן. „נײַע צײַט", טצ(ק), 1918, 20/12. נום. 241 (329), ז. 2; 2) מ. ליטוואַקאָוו — קריטיק און ביבליאָגראפיע. „ביכער־וועלט", זש. (ק), 1919, נום. 1, שפּ. 20—25; 3) אורי פינקעל — ליטעראטור און לעבן. „די פרײַע וועלט", זש. (מינסק), 1919, נום. 3, שפּ. 23—26; באל־מאכשאָוועס [דר. עליאשעוו] — ליטעראריש־קריטישע שמועסן. „קאמף און לעבן", זש. (פּטג), 1919, נום. 1—2, ז. 57—63; ד. בערגעלסאָן — דיכטונג און געזעלשאפטלעכקײַט. „ביכער־וועלט", זש. (ק), 1919, נום. 4—5, שפּ. 5—16.

„לעבנס־פונקען". ליטערארישע זאמלונג. העפט איינס. רעדאגירט דורך כאיִם קליאָנסקי, מינסק.

„דער יידישער ארטיסט". אָרגאן פון דער קולטור־סעקציע באם פראָפעסיאָנעלן פאריין פון יידישע ארטיסטן און כאָריסטן. כארקאָוו. רעדאגירט דורך י.־ל. בוימוואָל, נום. 1 (איינציקער), 1 אווגוסט.

זשורנאל „קולטור און בילדונג", אָרגאן פון קולטור־ און בילדונגס־אָפּטייל באם קאָמיסאריאט פאר יידישע איניאָנים. מאָסקווע. דערשײַנט איין מאָל אין וואָך.

נומ. 1, 19 אווגוסט. ש. גענריך — קונסט אין דער יידישער שול; ש. ניגער — פאָלקס־שאפונג; מ. אבארבאנעל — אין מינוטן פון אומעט; קאמפס־לידער.

נומ. 2, 26 אווגוסט. כראָניק. דאָוויד פינסקיס יובילײ. הײַנטיקן כוידעש איז געוואָרן 25 יאָר, זינט ד. פינסקי האָט אָפּגעדרוקט אין פערעצעס „בלעטלעך" זײַן ערשטע דערציילונג מיטן נאָמען „אין מעשרגאָיִם־הויז".

נײַע ביכער פון „קיִעווער פארלאג", צווישן זיי זאמלבוך „אייגנס", מ. ליטוואַקאָוו — „אין אומרו", „מאָסן און אָנהייבן" אא.

נומ. 3—4, 6 סענטיאבער. ליד פון מ. בראָדערזאָן — „דער טריבון" (פרײַ נאָך עמיל ווערכארן).

כראָניק. דער מאָסקווער קרײַז פון יידישע ליטעראטן און קינסטלער, וואָס האָט זיך ערשט מיט א האלב יאָר צוריק געגרינדעט, האָט אײַנגעאָרדנט א קינסטלער־אויסשטעלונג, אף וועלכער עס זײַנען פארטראָטן 40 יידישע מאָלערס און סקולפּטאָרן. מאָסקווער: אנטאָקאָלסקי, באסענקאָ, גאבאָוויטש, טעפער, טשײַקאָוו, ליסיצקי, מילמאַן, צוקערמאַן, איטקין אא., פּעטראָגראדער: יאניספעלד, בראזער, בראָדסקי, שאגאל, יודאָווין, קראטקאָ, סייכל אא.; קיִעווער: גאָלדפײַן, ריבאַק, עפשטיין אא.

מ. בראָדערזאָנס אן איבערזעצונג פון אלעקסאנדער בלאָקס פּאָעמע „צוועלף". פּובליקירט אין ערשטן נומער פון מאָסקווער זש. „דאָס נײַע וואָרט".

נומ. 5, 24 סענטיאבער. ש. ניגער — קינדער־ליטעראטור, פּעריאָדישע אויסגאבן אין רוסלאנד אף יידיש פאר די לעצטע 15 יאָר; ש. גענריך — אופרופן.

נומ. 7, אָקטיאבער. מוישע בראָדערזאָן — זאָלן אופפלאַצן די הימל־קוואלן (ליד).

נומ. 8, אָקטיאבער. לידער: ד. טשארני — פאָלקסמאָטיוון; מוישע קולבאַק — קריגער! דײַן שווערער פארברעכן, דער מארש.

נומ. 11—12, 26 נאָיאבער. צו אונדזערע לעזער. ל. סעגאל — די אָקטיאבער־רעוואָליוציע און די יידישע שול; לעאָנארדאָ — יידישע סקולפּטאָרן און די מאָסקווער דענקמעלער; ב. אָרשאנסקי — וועגן טעאטער; ראבינדראנאט טאגאָר — דער פּאָעט (ליד), פרײַ איבערגעזעצט דורך ב. אָרשאנסקי.

נומ. 13—14, 10 דעקאבער. צו מענדעלעס יאָרצײַט; די קלאָלים פון אָרטאָגראפיע; לעאָנארדאָ — יידישע סקולפּטאָרן און די מאָסקווער דענקמעלער; לעזער־נאָטיצן; בראָדערזאָן — פארפרי (ליד).

כראָניק. בא דעם היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאקולטעט פון קאמענעץ־פּאָדאָלסקער אוקראַיִנישן אוניווערסיטעט איז געשאפן א קאטעדרע פאר יידישער ליטעראטור און געשיכטע.

נומ. 15. מ. שולמאַן — א רעוואָליוציע אין דער יידישער אָרטאָגראפיע.

## 1919

22 יאנוואר. אין פּעטראָגראד איז געגרינדעט געוואָרן א יידישע טעאטראלע סטודיע.

31 מײַ. אין קיִעוו הייבט אָן ארויסגיין די צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן".

29 אווגוסט. דערהארגעט געוואָרן אין קיִעוו דורך דעניקינס באנדעס דער דראמאטורג ביינוש שטיימאַן.

31 אווגוסט. אומגעקומען אפן פראָנט דער דיכטער אָשער שווארצמאַן.

„די קאָמוניסטישע שטימע". טצ., אָרגאן פון מינסקער ביוראָ פון הויפּט־קאָמיטעט און מינסקער שטאָטישן קאָמיטעט פון דעם יידישן קאָמפארבאנד.

נומ. 8. ס'איז ארויס פון דרוק דער 3־טער נומער פונעם נײַעם קאָמוניסטישן וועכנטלעכן זשורנאל „די פרײַע וועלט" (נומ. 1 דערשינען דעם 4 מארס). פונעם אינהאלט: נ. גאָרעליק — ליד. אָפּטייל „ליטעראטור און לעבן": אורי פינקעל — „אייגנס"; א. קאנטאָר — פון יידישן ארבעטער־לעבן אין לאָנדאָן; ד. מארשאַק — מײַן בילד (ליד); אפן וועג צום קאָמוניזם.

די „פרײַע וועלט" ווערט ארויסגעגעבן פון פארלאג „קאָמוניסט". דעם 1 אפּרעל גייט ארויס דער ערשטער נומער פון די „גרינינקע ביימעלעך" (ווילנע).

נומ. 9, דעם 19 אפּרעל. דער יונגער פּראָלעטארישער דראמאטישער קינסטלער־קרײַז באם קאָמיוגנטפארבאנד פירט אוף די בארימטע קאָמעדיע „צעזייט און צעשפּרייט" פון שאָלעם־אַלייכעמען. רעזשיסער — בעניאמינאָוו. דער

כאַר, אונטער דער לייטונג פון עמערמאַן, וועט זינגען רעוואָליוציאָנערע לידער.

נומ. 19, 5 מײַ. ס'איז ארויס פון דרוק דער נומער 4—5 פונעם נײַעם זשורנאַל „די פרײַע וועלט". פונעם אינהאַלט: א. וו. לונאַטשאַרסקי — קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און קאָמוניסטישע בילדונג; מ. קולבאַק — די כּאַסענע (ליד); נ. גאָרעליק — ביין־האשמאַשעס, דער שטורעמווינט (לידער).

נומ. 28, 15 מײַ. פון פרײַטיק 16 מײַ וועט אופהערן צו דערשײַנען די צײַטונג „די קאָמוניסטישע שטימע". אַנשטאָט איר וועט ארויסגיין „דער שטערן" — אָרגאַן פון צק פון דער קאָמפּאַרטײַ פון ליטע און ווײַסרוסלאַנד און פון הויפּט־קאָמיטעט פון יידישן קאָמפּאַרבאַנד.

„קאָמוניסטישע פאָן". צענטראַל־אָרגאַן פון יידישן קאָמפּאַרבאַנד אף אוקראַינע. קיִעוו.

נומ. 9, 12 יון. ערשטער אופטריט פון עסטער־ראָכל קאַמינסקא אין דער ראָל פון מירעלע עפראָס. אין קיִעוו.[1]

נומ. 25, 1 יול. אין יידישן טעאַטער „אונדזער ווינקל" וועט מיטן אָנטייל פון ע.־ר. קאַמינסקא געשטעלט ווערן „טערעזא ראקען" פון עמיל זאָליא, רעזש. י.־ל. בוימוואָל; די טעג וועט אופגעפירט ווערן „די יאָרשים"; רוף צו די יידישע ארבעטער וועגן גיין אין דער רויטער ארמײ.

נומ. 28. א. ציִנאָוווסקי — איינס־צוויי (ליד); ר.מ.ק. — צוויי מײַסעס מיט איין סאָף. פון דער רויטארמייִשער בײַלאַגע: אַן אַלטער סאָלדאַט — א נאכט צווישן די רויטארמייצעס (באַמערקונגען און אײַנדרוקן).

נומ. 29, 5 יול. דעם 1 יול גייט ארויס פון דרוק דער דאָפּל־נומער 3—4 פון דעם זשורנאַל „די קאָמוניסטישע וועלט" (מאָסקווע).

נומ. 32, 9 יול. ליטעראַטור־צוג אף לעניִנס נאָמען. אפן וועג וועט די צוג־ביוראָ ארויסגעבן א צײַטונג.

נומ. 33, 10 יול. כ. גילדין — צו די מיליטער־מושטירונגען (ארטיקל).

נומ. 34, 11 יול. בײַלאַגע „רויטע ארמײ", נומ. 4: כאַיִם גילדין — עס גייען ארמייען, שטייט אוף איר אַלע, ווער, ווי שקלאַפן (לידער); רײַזע־בילדער.

נומ. 37, 15 יול. מ. גאָרקי — מײַסעלעך (יידיש — ה. קאַלאַדנאַיא); ד. איסאַקאָוויטש — טעאַטער־נאָטיצן וועגן „יאָרשים" (ש. אש) אין „אונדזער ווינקל".

נומ. 38, 16 יול. כ. גילדין — ווער איז שולדיק?

נומ. 40, 18 יול, בײַלאַגע „רויטע ארמײ", נומ. 5. כאַיִם גילדין — מיר גייען (צו דער מוזיק פון „ווארשאַוויאַנקע"); רײַזע־בילדער: וויינט ניט, וויינט ניט (אײַפּעטרי); אַן אַלטער סאָלדאַט — נײַע צײַטן, נײַע לידער. באַמערקונגען און אײַנדרוקן.

נומ. 41, 19 יול. כאַיִם גילדין — צוויואַקעס.

נומ. 45, 24 יול. מ. גאָרקי — מײַסעלעך (יידיש — קאַלאַדנאַיא).

ביכער:

א. באַגדאַד — לידער. טאַשקענט; דאַוויד האָפשטיין — באַ וועגן. קיִעוו; מ.־מ. ווארשאַווסקי — יידישע פאָלקס־לידער (מיט נאָטן) מיט צוויי פאָרעדעס פון שאָלעם־אַלייכעמען. אין צווייטן טייל [פון ז. 52] גייען ארײַן נײַע, נאָך ניט געדרוקטע לידער, פארבליבענע צווישן די קסאָ־

[1] געניוער וועגן ע.־ר. קאַמינסקאַס גאַסטראָלן אין סאָוועטנרוסלאַנד זע זש. „יידישע שריפטן", ווארשע, 1965, נומ. 12.

ווים פון דעם פארשטאָרבענעם פּראָפעסער. דריטע פאַרבעסערטע אופלאַגע (ערשטע אופלאַגע — 1900; צווייטע — אָדעס, 1914). אָדעס; פּערעץ מאַרקיש — אינמיטן וועג, פּוסט און פּאַס. קאַטערינאָסלאַוו; שוועלן. קיִעוו; שטיפּעריש. קאַטערינאָסלאַוו; לייב קוויטקאָ — טריט. קיִעוו; עלישאָ ראָדין + לידער און פּאָעמען. כאַרקאָוו; שמואל ראָסין — מויערקעפּלעך. כאַרקאָוו; שאָלעם־אַלייכעם — דער געט. סצענעס פון אמאָליקן יידישן לעבן אין 1 אקט און 3 בילדער, מאַזלטאָוו! א קאָמעדיע אין 1 אקט. אָדעס; מענטשן (דראַמע). יידישע טעאַטראַלע ביבליאָטעק. מאָסקווע; דאַוויד בערגעלסאָן — אין א פאַרגרעבטער שטאָט, ארום וואָקזאַל. דערציילונגען. פערטע אופלאַגע (ערשטע אופלאַגע: ווארשע, „פּראָגרעס", 1909 — דאָס ערשטע געדרוקטע ווערק פון ד. בערגעלסאָן). קיִעוו; דרויב, דערציילונגען. קיִעוו, פּעטערבורג. נאָך אַלעמען. ראָמאַן. דריטע אופלאַגע (ערשטע אופלאַגע: ווילנע, קלעצקין־פארלאַג, 1913). קיִעוו; ז. וועגדראָף — ארבעט און נויט. דערציילונגען פון יידישן ארבעטער־לעבן; מ. ספּעקטאָר — גאָספּאָדין באַלעבאָס, מארסעליעזע, דאָס קליינע הינטל (בילדעלעך פון דער רעוואָליוציע־צײַט); א כאַסענע (דערציילונג): 1) א טויט פון א „בעזשענעץ", 2) א באַקאַשע, 3) א כורבן; דער פעטער (דערציילונג), צוויי כאַווערטעס (דערציילונג), צוויי פעסלעך ווײַן (פון בעסאַראַבער לעבן), קאַבאַלאַס־שאַבעס (בילדלעך וועגן די ארויסגעטריבענע יידן אין מילכאָמע־צײַט), א רעגן, דאָס שוועבעלע (א געשיכטע וועגן ארויסגעטריבענע יידן אין מילכאָמע־צײַט), שטייט אוף צו סליכעס (דערציילונג), א שטרײַק פון קאַפּצאָנים (דערציילונג), א שיינער מעכוטן (פון בעסאַראַבער לעבן). אָדעס; י.־ל. פּערעץ — כסידיש. אַלע ווערק. פינפטער באַנד. מאָסקווע; דאַוויד קאַסיל — אומעט. כאַרקאָוו; איינזאַמקײַט. אָדעס; אין דאָרף. כאַרקאָוו; אין רעסטאָראַן, דער גאַסט, א דערטרונקענער, נאָך דער ארבעט. דערציילונגען. אָדעס; ב. שאַפּיר — קעלער־שטיבער. אָדעס; שאָלעם־אַלייכעם — אפן פידל (דערציילונג פון די קינדער־יאָרן), א בוידעם (א נײַע מײַסע פון טעוויע דעם מילכיקער). אײַבערדערציילט וואָרט באַ וואָרט), גאַזלאָנים. אַן אויסערגעוויינלעכע, נאָר אַן עמעסע מײַסע פונעם כיידער, וויאַזוי טאַלמידים האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט א רעבן. דערציילט לעקאָוועד לאַגבוימער פון שאָלעם־אַלייכעמען, דער זייגער, מילכיקס און אקדאָמעס. אָדעס; י. דאָברושין — אין גאָרטן („שול־ביבליאָטעק", נומ. 12), צווייטע אופלאַגע (ערשטע אופלאַגע: מאָסקווע, 1917). קיִעוו; י. דאָברושין און ד. האָפשטיין — א מײַסע מיט א כאַלעם. פּיעסע אין צוויי בילדער („קינדער־טעאַטער", נומ. 3). קיִעוו; דער ניסטער [פ. קאַהאַנאָוויטש] — מײַסעלעך אין פערזן, צווייטע אופלאַגע (ערשטע אופלאַגע: קיִעוו, 1917). קיִעוו; י.־ל. פּערעץ — פאָלקסטימלעכע געשיכטן („אויסגאַבע פאַר פאָלק און יוגנט", נומ. 1—5). קיִעוו; ל. קוויטקאָ — לעמל נאָשער. קיִעוו; דאָס קאַוונדל, דאָס קעצעלע. קיִעוו — פּעטערבורג; אוורעם רייזען — דער בוים, די פאבריק („שול־ביבליאָטעק", נומ. 22). קיִעוו; שאָלעם־אַלייכעם — דאָס מעסערל („שול־ביבליאָטעק", נומ. 11). קיִעוו.

קריטיק און ליטעראַטור־געשיכטע:

נ. אויסלענדער — די גרונט־שטריכן פון יידישן רעאַליזם („קולטור און קונסט־פראַגן", נומ. 3). קיִעוו; מ. ליטוואַקאָוו — „אין אומרו", קיִעוו.

זאַמלביכער: „אופגאַנג". זאַמלבוך איינס. רעדאַ־

גירט — קאָלעקטיוו מיטארבעטער. קיִעוו. אינהאלט: דאַוויד בערגעלסאָן — אין איינעם א זומער; אָשער שווארצמאן — לידער; ביינוש שטיימאן — באם טויער (א דראמאטישער כאָלעם אין דרײַ בילדער); א. קורס — לידער; דער ניסטער — אין אונטערגרוב; ל. רעזניק — לידער; ד. האָפשטיין — אין לויטערע מינוטן (ליד); לודוויק שארף — לידער; כריסטיאן מאָרגנשטערן — לידער; י.־י. זינגער — מאגדא (דערציילונג); י. דאָברושין — דרײַ דיכטער; י. ריבאק, ב. אראָנסאָן — די וועגן פון דער ייִדישער מאָלערײַ; א. דזימיטראָווסקי — מוישע מילנער; ד. האָפשטיין — אָשער שווארצמאן (נעקראָלאָג); ביינוש שטיימאן (נעקראָלאָג).

„אלוקראַיִנישער קינדער־טאָג" (איינמאָליקע ליטעראַרישע אויסגאבע). קיִעוו. אינהאלט: לידער פון י. דאָברושין, מאני־לייב, י. פיכמאן, ל. קוויטקאָ.

„קונסט־רינג". ליטעראריש־קינסטלערישער אלמאנאך. בוך צוויי. כארקאָוו. אינהאלט: I. לידער: מוישע טײַטש, ז. סעגאלאָוויטש, ראבינדראנאט טאגאָר, ק. זינגמאן, ד. טשארני, צווי בלאָשטיין, מ. בראָדערזאָן, ג. ברוידע, א.־ל. יאָפע, א. גאָלוב, י. מייטין; II. פראָזע: ק. זינגמאן, מארק האָכבערג, וו. וויניטשענקאָ, מ. דייכאָווסקי, מ. וויקטיס; III. ארטיקלען: באל־מאכשאָוועס, ש. ניגער, ה.־ד. נאָמבערג, שאכנע עפשטיין, אורי פינקעל, א. סלאָבאָדקער; IV. בילדער און פאָרטרעטן.

„באגינען". כוידעש־זשורנאל, אָרגאן פון דער ייִדישער סעקציע באם אלוקראַיִנישן ליטעראַרישן קאָמיטעט. בוך איינס (נום. 1, איינציקער), יון 1919.

„די רויטע ארמיי". וועכנטלעכע בײַלאגע צו דער צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן". קיִעוו. דערשינען אין 1919 און 1920 מיט איבעררײַסן.

קריטיש־ביבליִאָגראפישער זשורנאל „ביכער־וועלט". קיִעוו, נום. 1 — יאנוואר, נום. 4—5 (לעצטער) — אווגוסט.

„קולטור און בילדונג" נום. 16—17, יאנוואר. י.־ל. סעגאל — העברעיִש צוליב ייִדיש; מ.־נ. קאהאן — אי. טורגענעוו (צו זײַן הונדערטיאָריקן יובילײ); באלמאכשאָוועס — ארבעטער־קריגס־פאָעזיע אין דײַטשלאנד; אופרופן, כראָניק, ביבליִאָגראפיע, פעליעטאָנען; ראָכל בראָכעס — געלקע; צ. דאָלגאָפאָלסקי — דער מאשיניסט; ד. טשארני — אין דער אלטער היים (לידער פון א היימלאָזן).

נום. 20. באל־מאכשאָוועס — ארבעטער־קריגס־פאָעזיע אין דײַטשלאנד; דײַטשישע ארבעטער־קריגס־ליריק: היינריך לערש — א סאָלדאטס געזעגעניש; מאקס בארטעל — סאָלדאטן פון מענטשן־מוט (איבערגעז. פון באל־מאכשאָוועס).

אויסשטעלונג פון די סקולפטור־ווערק פון י. איטקינד אין „האבימאָ" („שמא־ייִסראָעל", „אָווינו מאלקיינו" אא.).

נום. 20—21, 10 מארט. אינהאלט: א. קאנטאָר — וועגן דער ייִדישער אָרטאָגראפיע; ב. אָרשאנסקי — אונדזער טעאטער־ארבעט (א קורצע פראָגראם). לידער פון סאָרע רייזין.

„די קאָמוניסטישע וועלט". פאָליטיש־ליטעראַרישער זשורנאל. אָרגאן פון צק רקפּ(ב) און צענטראל־ביוראָ פון די ייִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס. דערשײַנט צוויי מאָל אין כוידעש. רעדאקטאָר ש. אגורסקי.

נום. 1, מײַ. די ליטעראַרישע וועלט: מ. שולמאן — מאקסים גאָרקי (צו זײַן 50־יאָריקן יובילײ); ד. טשארני — פרילינגס־אימפעט (א ליד); מאקסים גאָרקי — נעכטן און הײַנט; ש. ניגער — פערעץ — א סאָציִאלער דיכטער (וועגן שאכנע עפשטיינס בראָשור פון 1916, ניו־יאָרק; איצט דערשינען אין פארלאג „די וועלט". קאטערינאָסלאוו, 1918, אונטערן נאָמען „דאָס ארבעטספאָלק אין י.־ל. פערעצעס ווערק"); ש. אגורסקי — י.־ל. פערעץ אלס קעמפער קעגן אָבערגלויבן; מ. אבארבאנעל — צו די גלאָקן (א ליד). א לעזער — אונדזערע זשורנאלן.

נום. 2, יון. די ליטעראַרישע וועלט: מ. שולמאן — וואָס איז אזוינס פראָלעטארישע פאָעזיע? ש. גוזשנאָווסקי — א. ווײַטער (נעקראָלאָג); א. וו. — נ. ק. מיכײַלאָווסקי (צו זײַן 15־טן יאָרצײַט).

נום. 3—4. די ליטעראַרישע וועלט: לייב נײַדוס — צו מײַן פאָלק (ליד) (פון לייב נײַדוסעס איבערגעבליבענע קסאָווים); מ. גאָרקי — דאָס נאציִאָנאלע פּאָנעם; מוישע יודאָווין — די נײַע טוירע (ליד); ז. קלונימוס — *** (ליד); ד—ני — ביבליִאָגראפישע נאָטיצן.

ליטעראַרישע כראָניק. די ערשטע דאטעס פון יון האָט אין קיִעוו אָנגעהויבן צו דערשײַנען א גרויסע טעגלעכע צײַטונג „די קאָמוניסטישע פאָן". די רעדקאָלעגיע באשטייט פון די כאוויירים: נאָוואקאָווסקי, פרענקעל און ראפעס.

דער פארלאג „קאמף" אין פעטערבורג האָט ארויסגעלאָזט דעם ערשטן טאָפל־נומער פון צווייוואָכיקן זשורנאל „קאמף און לעבן", אונטער דער רעדאקציע פון זאָרעך גרינבערג. פון אינהאלט: לייטארטיקל — „קאמף און לעבן", מ. גאָרקי — דער זייגער; ש. ראָזענפעלד — צוליב דעם גרויסן געווינס; י. עפרען — א ייִדישקײַט־ענציקלאָפעדיע צי א ייִדישע ענציקלאָפעדיע; ש. ראָזאָווסקי — די געזעלשאפט פאר ייִדישער מוזיק; ש. גינזבורג — אף הארקאַוויס טויט. באל־מאכשאָוועס — אייגנס. ארטיקלען וועגן סווערדלאָוון, וועגן דעם VIII קאָמוניסטישן צוזאמענפאָר, די רעוואָליוציע אין אונגארן אא.

אין מינסק איז דערשינען דער נום. 1 פונעם וויסנשאפטלעך־פעדאגאָגישן כוידעש־זשורנאל „שול און קולטור", אויסגאבע פון פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר בילדונג אין ליטע און ווײַסרוסלאנד.

נום. 5. די ליטעראַרישע וועלט: מענאשע האלפערן — דער געזונטער (ליד); שמועל פערסאָוו — אל־קידעש־האשעם (א פאָלקס־מײַסע); א. גאָסטעוו — מיר וואקסן פון אײַזן (ליד, איבערז. דורך ד. טשארני); יוינע ראָזענפעלד — דער אויסוווּרף (דערציילונג); א. אבראמאָוויטש — מיר גייען (ליד, געווידמעט דער רויטער ארמיי); ד. טשארני — א גערעטעניש (ליד).

אין דער נײַער קאָלעגיע פון רעד. „דער שטערן" אין מינסק זײַנען ארײַן די ככ.: אלסקי, אָשעראָוויטש, ווײַנשטיין, קאמענשטיין און קראָל. ס'איז אויך באשלאָסן געוואָרן ארויסצוגעבן א וועכנטלעך בלעטל פאר דער רויטער ארמיי.

נום. 6—7, סענטיאבער. די ליטעראַרישע וועלט: א. אבראמאָוויטש — מאָשיִעך (דער מאמעס מאָשיִעך און דער נײַער מאָשיִעך); יוינע ראָזענפעלד — דער אויסוווּרף (סאָף); כ. גילדין — אין פאבריק (ליד).

די פארלאג־קאָמיסיע בא דער צ. ב. פון די ייִדישע סעקציעס איז צוגעטראָטן ארויסצוגעבן א ספּעציִעל בוך צום אָנדענק פון כ' שימעליאָוויטש, וואָס איז העלדיש געפאלן אף זײַן רעוואָליוציאָנערן פאָסטן.

**נומ. 8, אָקטיאבער. די ליטעראַרישע וועלט:** א. גאסטעוו — כ'ליב (ליד); א. סאפראָ — פיניע דער אַלמערל; ש. גענריך — די פארשטויסענע (פעליעטאָן); מ. גאָרקי — דער שטורעם־פויגל; נ. וואַסילעווסקי — צו דער געשיכטע פון פּראָלעטקולט.

דער באקאנטער יידישער ליטעראטור־קריטיקער ש. ניגער איז סאָף אווגוסט אָפּגעפאָרן פון ווילנע קיין אמעריקע.

די לימודים אין דער מאָסקווער יידישער טעאטראַלער סטודיע זיַינען אין פולן גאנג. דער קינסטלערישער ראט האָט באשטעטיקט א רעפערטואר פאר די קומענדיקע אויפירונגען. ס'וועלן געשפילט ווערן פּערעץ הירשביינס „די פוסטע קרעטשמע" אונטער דער לייטונג פון כ' לעשטשין און שאַלעם־אַלייכעמס „מענטשן" אונטער דער לייטונג פון כ' זאק.

אינעם פארלאג פונעם צענטראלן יידישן קאָמיסאריאט זיַינען דערשינען: דאָוויד פינסקי — גליקס־פארגעסענע. א דראמע אין איין אקט, און א. באָגדאנאָוו — וויסנשאפט און דער ארבעטער־קלאס.

אין מאָסקווע האָט אָנגעהויבן דערשיַינען א וועכנטלעכער זשורנאל „האָרעוואניע" — אָרגאן פון הויפּט־קאָמיטעט פונעם פארבאנד פון די יידישע ארבעטנדיקע מאסן („סעטמאס"). דער זשורנאל ווערט געדרוקט לויט דער נייַער אָרטאָגראפיע. די העברעיִשע ווערטער ווערן געשריבן מיטן יידישן אויסלייג.

**נומ. 9, נאָיאבער.** מ. שולמאן — דער בילדונגס־קאָמיסאריאט פון דעם פּעריִאָד פון דער סאָציִאַלער רעוואָלוציע; כאַיִם גילדין — איך בין דער גליקלעכסטער; ב. אָרשאנסקי — אָ, ווי שרעקלעך (דראמאטישער איינאקטער).

**נומ. 10—11.** פון 19 נאָיאבער האָט אין זשיטאָמיר אָנגעהויבן דערשיַינען א וואָכנבלאט „קאָמוניסטישע שטים", אָרגאן פון דער גובערניִאַלער ביוראָ פון די יידסעקציעס באם וואָלינער גובפּארטקאָם פון דער קאָמפּארטיי אף אוקראַיִנע.

ס'ווערט באנייַט די אויסגאבע פון זשורנאל „קולטור און בילדונג".

אין וויטעבסקער פארלאג־אָפּטיילונג פונעם צענטר. ייִד. קאָמיסאריאט איז דערשינען א קינדער־קאָמעדיע אין 1 אקט פון צאָדעק דאָלגאָפּאָלסקי — „דעם זיידנס קלאָלעס".

געשאפן א קאָמיסיע פאר יידישער אָרטאָגראפיע אין מאָסקווע בא דעם יידישן קולטור־ און בילדונגס־אָפּטייל באם פאָלקאָמבילד פון רספסר.

צום יאָרצייַט (2 יאנוואר) פון כ' שימעליאָוויטש, צום טויט פון אָשער שווארצמאן און 15־יאָריקן דיכטער א. אבראמאָוויטש.

(פאָרזעצונג קומט)

# כראָניק

## אן אָראטאָריע וועגן ווארשעווער געטאָ

אין דער פּראָגער פילהארמאָניע איז צום ערשטן מאָל אויסגעפילט געוואָרן ארנאָלד שענערגס אָראטאָריע וועגן ווארשעווער געטאָ „דער, וואָס האָט איבערגעלעבט ווארשע", געשריבן פאר אן אָרקעסטער, מענער־כאָר און רעציטאציע. די פּראָגער פּרעסע האָט זייער געלויבט סיַי דעם אינהאלט, סיַי די אויספילונג פון דער אָראטאָריע.

די פּאָפּולערע אָוונט־צייַטונג „וועטשערני פּראָהא" האָט בא דער געלעגנהייַט געשריבן, אז דער אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ קאָן דינען דער גאנצער וועלט אלס בייַשפּיל פון העלדישקייַט, געטרייַשאפט צום פאָלק, איבערגעגעבנקייַט צו די מענטשלעכע אידעאלן.

## כ.־נ. ביאליקס ווערק איבערגעזעצט אף אראביש

אין ייִסראָעל איז דערשינען די ערשטע איבערזעצונג אף אראביש פון אייניקע ביאליקס ווערק. איבער דער איבערזעצונג האָט געארבעט קימאט דריַי יאָר דער אראבישער דיכטער ראשיד כוסיין, וועלכער וווינט אין ייִסראָעל.

ראשיד כוסיין האָט איבערגעזעצט העכער צוואנציק ביאליקס לידער, צווישן זיי „מגלת האש" („די מעגילע פון פיַיער"), ווי אויך פראגמענטן פון דער אווטאָביִאָגראפישער דערציילונג „נאָכוווקס".

ביאליקס ווערק אין אראביש וועלן ארויסגעגעבן ווערן דורכן אינסטיטוט פאר אזיִאטישע און אפריקאנער פאָרשונגען באם יערושאָלאַיִמער אוניווערסיטעט.

## אנטדעקט אן אלטערטימלעכן ייִדישן טעמפּל אין יאָרדאניע

אן אמעריקאנער ארכעאָלאָגישע עקספּעדיציע האָט אנטדעקט אין צאָפן־יאָרדאניע אן אלטערטימלעכן ייִדישן טעמפּל פון אלעקסאנדער מוקדנס ציַיטן. דער טעמפּל איז געפונען געוואָרן אונטער די כורוועס פונעם זעוס־טעמפּל אפן גריזים־בארג, נית ווייַט פון שכעם.

דאָקטאָר בול, דער אָנפירער פון דער עקספּעדיציע, צווייפלט נית, אז דער אויסגעגראָבענער ייִדישער טעמפּל געהערט צום העלעניסטישן פּעריִאָד.

## לאָנדאָנער צייַטונג „דזשויִש קראָניקל" — 125 יאָר אלט

די ייִדיש־ענגלישע וואָכנצייַטונג „דזשויִש קראָניקל" האָט אָפּגעמערקט דעם 1 נאָיאבער איר 125־יאָריקן יובליי. דאָס איז די עלטסטע ייִדיש־ענגלישע אויסגאבע אין דער וועלט.

# א וויסנשאַפטלעכער אופּטו פון גרויסן קולטור-באַטייט

צום 50־יאָריקן יובילײ פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע גרייט די וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר א פּרעכטיקע מאָנאָגראַפיע — א פינפבענדיק ווערק „די שפּראַכן פון די פעלקער פון פססר“. דאָס איז א קאָלעקטיווע שאַפונג פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע לינגוויסטן.

א שפּראַך קאָן געשילדערט ווערן אָדער סינכראָניש, דה. ס׳קאָן באַשריבן ווערן איר סיסטעם — איר גראַמאַטישע סטרוקטור, איר לעקסיק, איר פאָנעטיק — לויטן צושטאַנד פון דער שפּראַך אין א באַשטימטן געשיכטלעכן מאָמענט פון איר אַנטוויקלונג, אָדער דיאַכראָניש, דה. ס׳קאָנען געוויזן ווערן די סטרוקטורישע און לעקסישע, ווי אויך פאָנעטישע שטריכן אין זייער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דאָס יובילײ־ווערק ווערט געבויט אין סינכראָנישן פּלאַן: יעדער שפּראַך ווערט באַשריבן לויט איר צושטאַנד אין דער ערשטער העלפט פון די 60־ער יאָרן פון XX יה.

דאָס ווערק וועט אַרומכאַפּן 127 שפּראַכן פון די סאָוועטישע פעלקער און פעלקערשאַפטן. ניט אַלע שטייען זיי אויף דער זעלבער אַנטוויקלונג־שטופע. פאַרן לייענער וועט זיך אַנטפּלעקן א רײַכע שפּראַכן־גאַמע, אָנהייבנדיק פון איינער פון די רײַכסטע און מעכטיקסטע וועלט־שפּראַכן — דער רוסישער — ביז שריפטלאָזע שפּראַכן פון פעלקערשאַפטן, וואָס ציילן אָן אַוועלכע 6—7 טויזנט מענטשן.

די שפּראַכן זײַנען פאַרשיידן אויך לויט זייער אָפּשטאַמונג. ס׳איז צווישן זיי פאַראַן אַזויגערופענע אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן, טיורקישע, איבעריש־קאַווקאַזישע, פיניש־אוגרישע, מאָנגאָלישע, טונגוס־מאַנדזשורישע, אויך פּאַלעאָאַזיאַטישע (פון די צאָפן־פעלקערשאַפטן אין פאַרבאַנד).

דאָ ניט לאַנג איז דערשינען דער ערשטער באַנד, וואָס כאַפּט אַרום נײַנצן אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד[1]. יעדער איבערזיכט כאַראַקטעריזירט אין א געפּרעסטער פאָרם איין קאָנקרעטע שפּראַך — איר קלאַנגען־סיסטעם, אירע וואָרטפאָרמעס און וואָרט־בילדונג, איר סינטאַקס און איר לעקסיק אין זייער הײַנטצײַטיקן צושטאַנד. ס׳ווערט אויך קורץ געזאָגט וועגן דער געשיכטע און וועגן דעם איצטיקן צושטאַנד פונעם דער־לערנען די דאָזיקע שפּראַכן, און ס׳ווערט צוגעגעבן א קלײנינקער טעקסט מיט זײַן איבערזעצונג אין רוסיש. צולעצט קומט ביבליאָגראַפיע.

דעם אַווטאָר פון יעדן איבערזיכט איז פון אָנהייב אָן געשטעלט געוואָרן די אויפגאַבע צו באַשרײַבן, האָגאָם קורץ, נאָר דאָך ווי ווײַט מעגלעך פולזײַטיק, די גרונטיקסטע באַזונדערהײַטן פון דער שפּראַך און דערבײַ ניט אָנבינדן זײַנע פּערזענלעכע מיינונגען, זײַן באַזונדערן שטאַנדפּונקט אין שטרײַט־פראַגן.

צווישן די 19 אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן, וואָס ווערן באַשריבן אינעם ערשטן באַנד, פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט די מיזרעך־סלאַווישע שפּראַכן — רוסיש, אוקראַיִניש, ווײַסרוסיש; אויף זיי רעדט העכער 70% פון דער באַפעלקערונג אין סאָוועטנפאַרבאַנד. ווײַטער קומען איראַנישע שפּראַכן (טאַדזשיקיש, אָסעטיניש, קורדיש אאַ.), באַלטישע שפּראַכן (לעטיש, ליטוויש), ייִדיש, מאָלדאַוויש, ציגײַנעריש.

זייער אָריגינעל איז געשילדערט די סיסטעם פון דער רוסישער שפּראַך. דער אַווטאָר פונעם אַרטיקל וועגן רוסיש מ. וו. פּאַנאָוו באַנוצט פאַר די קאַטעגאָריעס פון דער געשילדערטער שפּראַך טיף דורכגעטראַכטע מאַקסימאַל פאַראַלגעמיינערנדיקע, קימאַט אַלגעבראַיִשע באַצייכענונגען. דערמיט טיילט זיך אויס זײַן אַרטיקל צווישן די איבעריקע, וואָס כאַראַקטעריזירן די אַלע אַנדערע אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן. פאַר זיי וואָלט אַזאַ אַרט שילדערונג ניט געווען עפּשער צוועקמעסיק, ווײַל דער לייענער, וואָס איז מיט זיי נאָך ניט באַקאַנט, וואָלט דאַן ניט באַקומען וועגן זיי די געהעריקע פאָרשטעלונג. רוסיש אָבער איז יעדן פון די עווענטועלע לייענער פונעם באַנד באַקאַנט אין אַלע זײַנע דעטאַלן, מיט אַלע זײַנע לעקסישע און סטרוקטורישע שטריכן, און דעריבער האָט זיך מ. וו. פּאַנאָוו געקאָנט דערלויבן ריידן וועגן דער דאָזיקער שפּראַך אַזוי אַבסטראַקט.

די קאָנקרעטע איבערזיכטן פאַרנעמען אינעם באַנד באַ 500 זײַטן. פון זיי איז אויסגעטיילט פאַר רוסיש באַ 60 זײַטן. די איבעריקע 18 שפּראַכן פאַרנעמען דורכשניטלעך צו 24—25 זײַטן.

א גאַנץ בעקאָוועדיק אָרט — 31 זײַטן — איז אויסגעטיילט אינעם יובילײ־ווערק פאַר דער איינציקער גערמאַנישער שפּראַך אין סאָוועטנפאַרבאַנד — דער ייִדישער. דעם איבערזיכט וועגן ייִדיש האָט אָנגעשריבן דער באַקאַנטער ייִדיש־סאָוועטישער לינגוויסט עליע פאַלקאָוויטש. מירן זיך גענויער אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן איבערזיכט. נאָר קוידעמקאָל — א פּאָר ווערטער וועגן איין שטעל אין וו. נ. טאָפּאָראָווס איבערזיכט „די אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד“. דאָרט ווערט דערמאָנט אויך „די ייִדישע שפּראַך (ייִדיש), וואָס רעפּרעזענטירט, באַגלײַך מיט א ריי דיאַלעקטן פון דער דײַטשישער

[1] Академия наук СССР. Языки народов СССР, том первый. Индоевропейские языки. Издательство «Наука», М., 1966.

שפראך, די גערמאנישע שפראכן־גרופע". ייִדיש, הייסט עס, ווערט דאָ געשטעלט אין איין ריי ניט מיט די נאציאָנאלע ליטעראַרישע גערמאנישע שפראכן, מיט אזעלכע, ווי ענגליש, דײַטש, האָלענדיש, דעניש אא., נאָר מיט די דיאַלעקטן פון דײַטש. מיט אזא קוק אף ייִדיש איז שווער מאסקים צו זײַן. עמעס, לעגאבע די דיאַלעקטן פון א ריי אנדערע שפראכן טיילן זיך אויס די דײַטש־דיאַלעקטן מיט זייער שארפער קעגנזײַטיקער קאָנטראסטישקײַט, וואָס וואָלט געקאָנט געבן א סמאך צו באטראכטן זיי אלס גאנץ פארשיידענע שפראכן. ס'איז אָבער אויך עמעס, אז קיין איינער פון די דאָזיקע דיאַלעקטן קאָן איצט ניט פרעטענדירן אף דער ראָליע פון א באזונדערער ליטעראַרישער און נאציאָנאלער שפראך. מיט „ייִדיש" אָבער איז געמיינט ניט דיאַלעקט, נאָר בעפיירעש א זעלבשטענדיקע הײַנטצײַטיקע נאציאָנאלע ליטעראַרישע שפראך, וואָס פארמאָגט אירע באזונדערע דיאַלעקטן.

בענעגייע צו ייִדיש איז אָבער וויכטיק ניט טאָפּאַראָווס אלגעמיינער איבערזיכט, נאָר ע. פאלקאָוויטשעס קאָנקרעטער איבערזיכט.

לאָמיר צוערשט אָפּמערקן: דער באנד I איז דערשינען אין זייער א באגרענעצטן (פאר א סאָוועטישער אויסגאבע) טיראזש (סאכאקל 6.200 עקז.). ער איז אויסגערעכנט ניט אף א מאסן־לייענער, נאָר אפן וויסנשאפטלער־לינגוויסט. דערמיט איז געבונדן א באזונדערס גרויסע אכרײַעס פאר דער וויסנשאפטלעכער פינקטלעכקײַט, פארן וויסנשאפטלעכן ניוואָ פונעם איבערזיכט. ס'האָט זיך געפאָדערט ווי געהעריק פאַרצושטעלן ייִדיש אלס אינדאָאייראָפּעיִשע שפראך פאר א שמעלערן, נאָר העכסט קוואַליפיצירטן קרײַז לייענער.

ווי זשע איז אויסגעפילט געוואָרן אָט די אופגאבע? צי איז גענוג בוילעט געוויזן די סיסטעם פון ייִדיש — זײַן קלאנגען־באשטאנד, זײַן גראמאטישע סטרוקטור, זײַן לעקסיק? צי זײַנען ריכטיק געשילדערט זײַנע באזונדערהײַטן לעגאבע אנדערע גערמאנישע שפראכן? מיר קאָנען גלײַך פעסטשטעלן: ווער ס'זאָל זיך ניט באקענען מיטן איבערזיכט — א פאכמאן א גערמאניסט אָדער א לינגוויסטיש ווייניקער געשולטער וויסנגיריקער לייענער, וואָס איז באקאנט מיט דײַטש, — וועט באקומען די געהעריקע פאָרשטעלונג וועגן ייִדיש, וועגן יענע זײַנע שטריכן, וואָס כאראקטעריזירן אים אלס א גערמאנישע שפראך, און וועגן די באזונדערהײַטן זײַנע, וואָס טיילן אים אויס צווישן אנדערע שפראכן פון דער גערמאנישער גרופּע.

געוויס וועלן דעם לייענער פארשאפן פארגעניגן די מאקסימאל געפּרעסטע, געמאָסטענע און געוויגענע שורעס וועגן דער אנטשטייונג פון אן אייכעסדיק אנדערשדיקער שפראך (לעגאבע די מיטלהויכדײַטשישע דיאַלעקטן) — פון „ייִדיש־טײַטש" אין XIII—XV יאָרהונדערטער, וועגן זײַן ווײַטערדיקער אנטוויקלונג אינעם ביזקלאסישן פעריאָד און דעריקער אין די ווערק פון אונדזערע קלאסיקער — ביז ער האָט דערגרייכט צו דער מאדרייגע פון א רײַכער ליטעראַרישער שפראך אין דער מישפּאָכע אייראָפּעיִשע שפראכן, צו דער שטופּע, אף וועלכער ס'שטייט דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַרישער ייִדיש.

דער אווטאָר פונעם איבערזיכט האָט געוויס זיך געשניטן די פינגער, בייס ער האָט געשילדערט די לעקסישע באזונדערהײַטן פון ייִדיש. און בעעמעס, מע דאַרף זײַן א בעריע, אז מע זאָל קענען געבן אף סאכאקל צוויי זײַטן פונעם באנד א באגריף וועגן די פארשיידנשטאמיקע עלעמענטן, וואָס פון זיי איז אויסגעבילדעט געוואָרן דער הײַנטצײַטיקער וואָרט־אויצער פון ייִדיש — וועגן דעם גרונטיקן עלעמענט, דעם גערמאנישן, וועגן דעם סעמיטישן און דעם סלאווישן, אויך וועגן יענעם שטראָם פון אינטערנאציאָנאלן וואָרטשטאָף, וואָס האָט א פלייץ געטאָן אין ייִדיש פון אנדערע שפראכן, דערהויפּט פון רוסיש און פון דײַטש.

פארהעלטניסמעסיק גענוי איז געזאָגט וועגן וואָרטבילדונג; ס'זײַנען געוויזן די פארשיידנסטע אויסבילד־מיטלען פאר יעדן פון די באטײַטיקע וואָרטקלאסן — פאר סובסטאנטיוון, אדיעקטיוון, ווערבן און אדווערבן.

סאכאקל עטוואָס מער פון אָנדערהאלבן זײַטן פארנעמט סינטאקס. ס'איז געגעבן דאָס סאמע וועזנטלעכע וועגן בוי פונעם ייִדישן זאץ — וועגן די אויפאנים פון אויסבילדן ווערטער־באהעפטן, וועגן די געברויכלעכסטע טיפּן איינפאכער זאץ און וועגן די מיטלען פון זאצן־בינדונג אין די ראמען פונעם צונויפגעזעצטן זאץ.

עטוואָס מער אָרט איז אָפּגעגעבן פאר אזא וויכטיקן אָפּטייל, ווי פאָנעטיק. אין פאָרם פון טאבעלעס ווײַזט דער אווטאָר דעם באשטאנד פון די וואָקאלן און קאָנסאָנאנטן אין ייִדיש, זייער קלאסיפיקאציע לויטן אָרט און לויטן אויפן פון ארויסברענג. ס'איז אויך געזאָגט, עמעס, זייער קארג, וועגן טראף, וועגן אקצענט און וועגן קלאנגען־בײַט.

דער גרונטיקסטער טייל פונעם איבערזיכט איז, נאטירלעך, מאָרפאָלאָגיע — אן אָפּטייל, וואָס גיט די וויכטיקסטע סטרוקטורישע שטריכן פון דער שפראך; ער פארנעמט אינעם איבערזיכט העכער 18 זײַטן (פון 31). ער שליסט אײַן אויך וואָרטבילדונג.

ווי באוווּסט, איז דער איקער אין מאָרפאָלאָגיע וואָרט־ענדערונג — דעקלינאציע (בייגונג פון סובסטאנטיוון, אדיעקטיוון און אנדערע וואָרטקלאסן) און קאָניוגאציע (בייגונג פון ווערבן). די סטרוקטורישע אייגנארטיקײַט פון דער שפראך אנטפלעקט זיך אמבוילעטסטן אין דער וואָרט־ענדערונג.ליידער, מוז מען קאָנסטאטירן, אז גראָד אָט דער וויכטיקסטער באשטאנדטייל פון מאָרפאָלאָגיע איז פאָרגעשטעלט בלאסער אין פארגלײַך מיט וואָרטבילדונג. א ריי האנאָכעס און פאָרמולירונגען רופן ארויס ספייקעס און דערווידערונגען. דערבײַ קאָן ניט גילטן די פארענטפערונג, וואָס די רעדאקציע פונעם באנד האָט באם קירצן דעם איבערזיכט אָפּט ניט באוויזן צו קאָנטאקטירן די ענדערונגען מיטן אווטאָר.

באזונדערס באפרידיקן ניט די אבזאצן וועגן פראָנאָמען. מיר מיינען ניט, אז אין אזא איבערזיכט איז וויכטיק די קלאסיפיקאציע פון פראָנאָמען. נאָר אויב זיי זײַנען שוין יאָ געגעבן לויט זייערע באזונדערע טיפּן, דאַרף אין די ראמען פון יעדן טיפּ געוויזן ווערן, וואָסערע פראָנאָמען פון אָט דעם טיפּ פארמאָגט ייִדיש און וויאַזוי יעדערער פון זיי ענדערט זיך לויט צאָלן, בייגפאלן אָדער מינים. אין איבערזיכט זײַנען אָנגעוויזן 5 טיפּן: א) פערזאָניקע, ב) רעפלעקסיווער פראָנאָם זיך, ג) אומבאשטימיקער פראָנאָם מען), ד) אָנווײַזיקער פראָנאָם דער (этот) און ה) פאָסעסיווע פראָנאָמען.

ס'איז ניט פארשטענדלעך, פארוואָס בלויז איין אומבאשטימיקער פראָנאָם (מען)? פארוואָס ניט אויך אנ־

דערע — עמעצער, עפעס, אבי־ווער, אבי־וועלכער אדג., וואסער(ער)־ניט־איז? און פארוואס נאר איין אַנווייזי־קער (דער)? פארוואס ניט אויך אנדערע — אזוינער, אזעלכע, אָט דער, יענער, דער דאָזיקער? און פארוואס בלויז פינף טיפן? פארוואס ניט אויך אנדערע — פרעגיק־רעלאַטיווע (ווער, וואס, וועלכער, וואסערער אא.), פאר־אַלגעמיינערנדיק־באשטימיקע (אלע, איטלעכער, יעדערער אא.)?

באנאנד מיטן אבזאץ וועגן פערזאָניקע פראָנאָמען קומט אן אבזאץ וועגן פראָנאָמען פון פארשיידענע טיפן (ווער, ווער־ניט־איז, עמעצער, קיינער, אלע), פונקט ווי באנאנד מיטן אבזאץ וועגן אַנווייזיקע פראָנאָמען קומט אן אבזאץ וועגן גאָר אנדערע (איינער, איטלעכער, וואסערער, וועל־כער). פארוואס זיינען זיי ניט געגעבן לויט זייערע טיפן?

דער ווטאָר האָט דאָ, מעגלעך, אין זינען געהאַט א געוויסע פאָרמאַלע ענלעכקייט (לויט דער בייגונג צי לויט דער ענדערונג לויט צאָלן). נאר, ערשטנס, האָט מען עס קלאָר געדארפט זאָגן, און, צווייטנס, זעען מיר ניט קיין פאָרמאַלן אונטערשייד צווישן, אשטייגער, דעם פראָנאָם קיינער (געגעבן באם אבזאץ וועגן פערזאָניקע פראָנאָמען) און דעם פראָנאָם איינער (געגעבן באם אבזאץ וועגן אַנווייזיקע פראָנאָמען).

וועגן רעפלעקסיוון פראָנאָם זיך איז געזאָגט, אז ער קומט מיטן אקצענט. געוויינלעך איז עס אָבער ניט אזוי. פרג.: ער פארגינט זיך ניט דאָס לעבן, איך וועל זיך ניט דער־לויבן אדג., ווו זיך קומט אָנעם אקצענט. דער דאָזיקער פראָנאָם קומט בלויז מיטן לאָגישן אקצענט בא קעגנ־שטעלונג, צ. ב.: וועגן זיך זאָרגט ער ניט (און וועגן אנדערע — יאָ).

פיל בעסער און מער אנטשפרעכיק צו דער רייד־ווירקלעכקייט זיינען באשריבן די איבעריקע באטייטיקע וואָרטקלאסן, האגאם אויך דאָ טרעפן מיר אייניקע אומ־פינקטלעכקייטן אין די פאָרמולירונגען. אשטייגער, וועגן ווערב: 1) „אויב דער ווערב האָט פאר דער ענדערונג ט, סט די קאָנסאָנאַנטן ט, ס, סט, גיסט זיך די ענדונג צו־נויף מיט אָט די ענדע־קאָנסאָנאַנטן (פון דער ווערב־טעמע)". אזוי איז פאָרמולירט אינעם איבערזיכט. ס'איז אָפט ניט אזוי. פרג.: עסן — ער עסט, בייטן — דו בייטסט. ריכטיק וואָלט געווען: „די קאָנסאָנאַנטן ט, ס, סט אין ענדע פון דער ווערבטעמע כאזערן זיך ניט איבער אין די ענדונגען פון די פערזאָניקע ווערבן, צ. ב.: עסן — דו עסט (ניט: דו עס־סט), בייטן — ער בייט (ניט: ער בייט־ט), מעסטן — דו מעסט (ניט: דו מעסט־סט).

2) לויט דער פאָרמולירונג אינעם איבערזיכט באקומט זיך, אז דער פאסיוו מיט ווערן רעדט וועגן אָנהייב פון א פאסיווער טוונג (ביישפיל: איך ווער געוואשן) און דער פאסיוו מיט זיין באצייכנט די פאסיווע טוונג גופע (ביי־שפיל: איך בין געוואשן). שווין זשע זאָגן אונדז עפּעס זאצן פונעם טיפּ דאָס געפעס ווערט געוואשן אין קיך וועגן אָנהייב פון דער טוונג? ווערט געוואשן באצייכנט בעפיירעש דעם פאסיוון פראָצעס (די פאסיווע טוונג גופע); און איך בין געוואשן ווייזט דעם רעזולטאַט פון א טוונג.

3) „דער אינפיניטיוו ווערט געברויכט... צוזאמען מיט די הילפוווערבן זיין, האָבן... און מיט די פּארטיקלען... לאָמיך, נעכיי — באם אויסבילדן מאָדוס און צייט". ס'איז ניט קלאָר, ווען קאָן מען באהעפטן זיין, האָבן, נעכיי מיטן אינפיניטיוו.

4) „דער פארטיציפּ ווערט געברויכט... אלס פּרעדיקאַט אין אומפּערזאָניקן ווערב". ביישפיל: געלייענט אויסווי־ניק. ווו זשע איז דאָ אן אומפּערזאָניקער זאץ?

5) אין די גערונדיוו־פּאַרמעס כאַסמענענדיק, האַרגע־נענדיק זעט דער אווטאָר איין א סופיקס ־נענדיק. אינ־דערעמעסן אָבער האָבן מיר דאָ דעם געוויינלעכן סו־פיקס ־(ע)ענדיק. פרג.: זיצ־ן — זיצ־נדיק, נעמ־ען — נעמ־ענדיק, כאסמענ־ען — כאסמענ־ענדיק. די באזונדער־הייט פון די ווערבן כאַסמענען, האַרגענען באשטייט ניט אין דער אויסבילדונג פונעם גערונדיוו, נאָר אין דער פורעמונג פון די פערזאָניקע ווערבן: כאַסמענ־ען — איך כאַסמ־ע, האַרגענ־ען — איך האַרג־ע; ס'פאַלט ארויס דער ־ענ־ פונעם אינפיניטיוו.

מע קאָן האָבן טיינעס אויך צו דעם אַפּטייל „פאָנע־טיק". אין דער ייִדיש־סאָוועטישער גראַמאַטישער ליטע־ראַטור איז שטענדיק פאָנעטיק געווען דער שוואַכסטער רינג. דעריבער וואָלט אין אן אקאדעמישער אויסגאבע געדאַרפט פּאַרפינקטלעכט ווערן דאָס, וואָס ס'איז ניט איבעריק קלאָר.

אשטייגער, 1) וועגן ווייכע קאָנסאָנאַנטן איז געזאָגט, אז אזעלכע „טרעפן זיך" אין ייִדיש (s', n', d', t', l', z'). ביישפילן: עטיע, דאַדיע, סיאַמע, סאַניע, מעניע. קיין שום געזעצמעסיקייטן זיינען דאָ ניט געוויזן. פון די ביישפילן קאָן מען מיינען, אז דאָס איז שייך בלויז צו אייגננע־מען. וויכטיק איז אָבער קלאָר מאכן, צי ווערט, אשטייגער, אין ייִדיש א קאָנסאָנאַנט (יעדער קאָנסאָנאַנט!) פּאַרוויכט פאַרן פאָדער־וואָקאַל י (i)? צ.ב. דיר, טיר, מיר. צי זיינען פאַראַן דאָ אונטערשיידן? פרג: טיר און טיש.

2) דער מער ליטעראַרישער רייש (r) — אַפּן ליטעראַ־ריש־רוסישן אויפן — איז אָנגעגעבן אלס צאַניקער; אינ־דערעמעסן איז אזא רייש א פאָדערגומענדיקער.

3) ס'זיינען געוויזן צוויי פאַלן פון קלאַנגען־בייט: בא וואָרטבילדונג און וואָרט־ענדערונג (טאַפּ—טעפּ—טעפל, הויז—הייזער—הייזל) און היסטאָרישער (מילך—מעלקן, שניידן—שניט, מיילעך—מאלקע—מעלוכע—מעלאָכים, כא־סענע—כאַסאַנים—כאַסן—מעכוטן). אזא פאַנאַנדערגרע־נעצונג איז ניט אויסגעהאַלטן: מיילעך—מעלאָכים געהערט אויך צו וואָרט־ענדערונג, שניידן—שניט — צו וואָרטביל־דונג. און, צוריק גערעדט, איז דער קלאַנגען־בייט פונעם טיפּ טאַפּ—טעפּ—טעפל אויך היסטאָריש, ווייל אינעם הייַנטצייטיקן ייִדיש איז ער פאָנעטיש ניט באגרינדעט, ער איז ניט אָפּהענגיק פון דער פּאָזיציע פונעם וואָקאַל; אין טאַפּ—טעפּ איז דער וואָקאַל אין אן אלציינער פּאָזי־ציע, אין אן אלציינער קלאָנגלעכער ארומרינגלונג; דער קלאַנגען־בייט קומט דאָ געשיכטלעך פון דייַטש, פונקט ווי מיילעך—מעלאָכים—פון העברעיִש.

4) מע קאָן דערווידערן קעגן דעם פאָרמולירטן קלאַל, אז דער אקצענט קומט אין ייִדיש „געוויינלעך אפן ערשטן טראַף". אלע פאַלן מיטן אקצענט אפן לעצטן צי פאַר־לעצטן טראַף באקומען זיך אלס אָפּנייגן פונעם קלאַל. ביישפילן צום קלאַל: ע'נטפערן, לע'בעדיק. אויסנאמען: ווערטער פונעם טיפּ נאַוונאַ'ד, מעסלע'ס, מישפּאָ'כע, מעכו'טן, טשוהו'ן, אנטווי'קלען, דערציי'לן, האַרבאַ'רניע, פאַרטאַ'טש, אראַ'טאָר, סטעלאַ'זש. קאָמעסדיק זיינען די „אויסנאַמען" זייער ברייט פאַרגעשטעלט אין ייִדיש. ס'וואָלט עפשער בעסער געווען אזא פאָרמולירונג: „אין ווערטער פון דייַטשישער אָפּשטאַמונג קומט דער אקצענט געוויינלעך אפן ערשטן טראַף פונעם וואָרצל".

סינטאקס פארנעמט אינעם איבערזיכט סאכאקל עטוואָס מער פון אַנדערהאלבן זײַטן. דאָס וויכטיקסטע איז געזאָגט. ס׳איז אָבער ניט אויסגעהאלטן די פאָרמולירונג, אז אין פאל פון אַנשליסונג (примыкание) איז די פאָרמע פונעם סובאָרדינירטן וואָרט ניט אָפּהענגיק פון דער פאָרמע פונעם סובאָרדינירנדיקן וואָרט. ערשטנס, ווערן אַנגעשלאָסן אומפארענדערלעכע ווערטער, דה. אזעלכע, וואָס האָבן ביכלאל ניט קיין פאָרמע; צווייטנס, איז אזא פאָרמולירונג טיילווײַז גילטיק פאר באהערשונג (управление). פרג.: איך פרעג דעם זיידן, ער האָט געפרעגט דעם זיידן, פרעגנדיק דעם זיידן, אדג.; די פאָרמע פונעם סובאָרדינירנדיקן ווערב ענדערט זיך, און די פאָרמע פונעם באהערשטן סובסטאנטיוו בלײַבט אומגעענדערט.

אינעם איבערזיכט טרעפן זיך אייניקע ניט־געלונגענע בײַשפּילן און איבערזעצונגען, אויך אויסדרוקן, וואָס זײַנען אינעם ליטעראַרישן ייִדיש ניט געברויכלעך. אף זיי וועלן מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלן.

וועגן ביבליאָגראַפישן צעטל. ס׳איז אָנגעוויזן בעפּיירעש גרונטיקע ליטעראַטור וועגן ייִדיש־פאָרשונג און פאר ייִדיש־שטודירונג. ס׳זײַנען אָבער פארפעלט אייניקע וויכטיקע ווערק. אשטייגער:

„די ערשטע ייִדישע שפּראַך־קאָנפערענץ (טשערנאָוויץ, 1908)“. ווילנע, 1931;

נאָכעם סטוטשקאָוו. דער אויצער פון דער ייִדישער שפּראַך. ניו־יאָרק, 1950;

*Mieses M.* Die Entstehungsursprache der jüdischen Dialekte. Wien, 1915;

**М. Гитлиц**. Об особенностях развития языка идиш (в сборнике «Язык и мышление». Т. IX, М.—Л., 1940)

און א ריי אנדערע.

פארשטייט זיך, אין אזא סאָלידער אויסגאבע, ווי דער רעצענזירטער באנד, וואָלטן געדארפט מאקסימאל אויסגעמיטן ווערן יעטווידע אומפּינקטלעכקײַטן. מיר פארשטייען אָבער אויך, אז אין אזא ארבעט זײַנען בלויזן און קלייניקע טאָעסן קימאט אומפארמײַדלעך, באזונדערס, ווען מע מוז ארײַנשפּארן „אלץ וועגן ייִדיש“ אינעם סדאָם־בעטל פון געציילטע זײַטן.

די לייענער, וואָס ווילן באקומען א קלאָרן באגריף וועגן ייִדיש, וועלן זײַן דאנקבאר דעם אווטאָר פונעם איבערזיכט, וועלכער האָט, ניט געקוקט אף די אָנגעוויזענע אומפּינקטלעכקײַטן, אויסגעפילט די גרונט־אופגאבע, וואָס ס׳האָט פאר אים געשטעלט די רעדאקציע פונעם באנד.

דער ערשטער באנד פונעם מאָנומענטאלן לינגוויסטישן געבײַ וועט געוויס באגעגנט ווערן אין די שפּראכפאָרשערישע קרײַזן מיט העכסטער באפרידיקונג.

מ. שאפּיראָ

# וויפל זײַנען פאראַן ייִדיש־ריידנדיקע אין די פארייניקטע שטאטן פון אמעריקע

די סטאטיסטישע ביוראָ פון דער אמעריקאנער רעגירונג האָט ארויסגעגעבן א ספּעציעלן באריכט „די מוטערשפּראַך פון די פרעמדגעבוירענע“, דאטירט וואשינגטאָן 1966. דער באריכט גיט א סאך פאקטן, וואָס זײַנען געבויט אף די פאָלקס־ציילונגען אין לאנד אין די יאָרן 1930, 1940 און 1960, צווישן אנדערע — אויך ציפערן וועגן ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע.

אין 1930 זײַנען אין פשא געווען 1 מיליאָן 222 טויזנט פרעמדגעבוירענע, וועמעס מוטערשפּראַך איז געווען ייִדיש.

צען יאָר שפּעטער — אין 1940 — איז די צאָל געפאלן אף 924 טויזנט 440.

אין 1960 איז די צאָל ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע שוין געווען בלויז 503 טויזנט.

אין 1960 איז די צאָל ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע געווען אײַנגעטיילט לויט געשלעכט אזוי: פרויען — 257 טויזנט, מענער — 245 טויזנט.

די מערסטע ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע געפינען זיך אין די צאָפן־מיזרעך־טיילן פונעם לאנד — ניו־ענגלאנד, ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי, פענסילוועניע און נאָך אייניקע שטאטן. דאָרט זײַנען אין 1960 געווען 373 טויזנט ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע; אין די צאָפן־צענטראלע שטאטן — 61 טויזנט; אין דאָרעם — 32 טויזנט און אין מײַרעוו — 25 טויזנט.

עס ווערט אויך געבראכט א גענויער כעזשבן וועגן דער צאָל ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע אין יעדן שטאט באזונדער.

אלאבאמא האָט אין 1960 געהאט 219 ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע; אליאסקע — בלויז 8; קאליפאָרניע — 32 טויזנט; פלאָרידא — 15 טויזנט, אילינאָיס — 26 טויזנט; מאסאטשוזעטס — 26 טויזנט; מיטשיגאן — 11 טויזנט; מיסיסיפּי — 77 טויזנט; ניו־יאָרק — 275 טויזנט; אָהײַאָ — 10 טויזנט; פענסילוואניע — 32 טויזנט; טעקסאס — 2340.

עס ווײַזט זיך ארויס לויטן אָפיציעלן באריכט, אז עס איז דאָ א באדײַטנדיקער טייל פארהעלטנסמעסיק ייִנגערע אײַנוואנדערער, וועמעס מוטערשפּראַך ס׳איז ייִדיש. דאָס איז געקומען דורך דעם, וואָס נאָך דער מילכאָמע זײַנען א סאך פון די אײַנגעוואנדערטע ייִדן געקומען מיט קליינע קינדער.

די אײַנטיילונג פון די ייִדיש־ריידנדיקע פרעמדגעבוירענע לויט זייער עלטער איז אין 1960 געווען אזא: אונטער 25 יאָר — 12 טויזנט; צווישן 25 און 34 יאָר — 8 000; פון 35 ביז 44 יאָר — 29 טויזנט; פון 45 ביז 54 יאָר — 92 טויזנט; פון 55 ביז 64 יאָר — 159 טויזנט; פון 65 ביז 74 יאָר — 148 טויזנט; אין עלטער פון 75 יאָר און העכער — 53 טויזנט.

ש. אלמאזאָוו.
ניו־יאָרק

# װוּנדערלעכע זעונגען

פאראיאָרן, װען אין צענטראַלן ליטעראַטן־הױז איז דעמאָנסטרירט געװאָרן די פּרעמיערע פונעם פילם „האַמלעט“, האָבן די אײַנגעלאַדענע געהאַט די מעגלעכקײַט צו באַקענען זיך מיט אַלעקסאַנדער טישלערס טעאַטראַלע עסקיזן צו „קיניג ליר“ און „ריטשאַרד דעם דריטן“. די דאָזיקע אױסשטעלונג איז געװען אַ מערקװירדיקער אַרײַנפיר צום פילם.

ניט לאַנג צוריק האָבן מיר װידער געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו באַגעגענען זיך מיט טישלערס שאַפונג — אויף זײַן פּערסאָנעלער אױסשטעלונג אין מוזײ אויף פּושקינס נאָמען. באַלד װי מיר זײַנען אַרומגערינגלט געװאָרן מיט טישלערס מאָלערײַ, איז פון אונדז אַװעק די װאָכעדיקײַט.

מיכאָעלסעס פּאָרטרעט און דער פּאָרטרעט פון אַן אַלטן ייִדן זײַנען אומפאַרגעסלעך. די הױכע פרױען מיט די קאָמפּליצירטע קאָנסטרוקציעס אויף די קעפּ אָנשטאָט היט האָט דער קינסטלער אָנגערופן „מײַסעדיקע שטעט“, „באַלאַגאַנטשיק“, „קאַראַאַטידע“, „אָקעאַנידע“, „אַ מײדל מיט אַ באָקאַל“. אַ מײדלס קאָפּ קוקט אויף אונדז פון אַן אָפענעם לאַמטערן מיט אײן שװאַרץ גרױס אױג. די „ייִדישע קאַלע“ האָט אױפן קאָפּ אַ שטיבעלע מיט אַ פאָן. די אָרעמע קאַלע האָט אַ מאָדנעם שלײער, װאָס הענגט אַראָפּ אויף אירע פּלײצעס, װי אַ לײטער מיט שטאַפּלען. אין די אױסגעצױגענע הענט האַלט זי אַ טעצל, אויפן טעצל אַן אײן־אײנציק גלעזל װײַן...

די קאַלעס, אָקעאַנידעס, פרױען מיט ברעטלעך אויף די קעפּ האָבן, דוכט זיך, קײן שום שײַכעס ניט צו רעאַלע פרױען, נאָר די ראָזלעך־גרױע, רױטלעך־געלע, בלאָ־גראָע גאַמע שעמערירט און פאַרקישעפט. דאָס זײַנען טישלערס אױסגעכאָלעמטע, אױסגעצערטלטע פלאַסטיש־אױסגעפאָרעמטע זעונגען.

דער „פאַרקױפער פון שטעקנס“, דער „פאַרקױפער פון זײגערס“ טראָגן בײדע זײער גאַנצע סחורה אויף די קעפּ. מע זעט קױם אַרױס זײערע פּנעמער. די גאַמע איז אַ גאָלדיק־ראָזלעכע. די „פאַרקױפערס“ זײַנען אַװעקגעשטעלט אױפן פאָדערגרונט פון אַ פּלאַץ, אױפן פאָן פון אַ שטאָט. אױבן עמעצן איז װינציק דער גאָלדיקער קאָלאָריט, דורכגעזאַפּט מיט גרינס, האָט ער די געלעגנהײַט צו פילאָסאָפירן, — װײַל װאָס האָבן דען הענדלער אין קאָפּ, אַחוץ זײער סחורה אױפן קאָפּ?..

אין טישלערס פריִע אַרבעטן, װעלכע ער האָט אָנגערופן „בירגערקריג“, איז פאַראַן אַ בילד, װאָס הײסט „מאַכנאָװשטשינע“. אױפן בילד זײַנען באַװיזן פורן, פערד, מענטשן אין פאַרשײדענע בגדים. די גאַמע איז אַ רעגנבױגנדיקע, אַ באַלױכטענע, אַ דורכגעזאַפּטע מיט אױסטערלישקײַט, װאָס פאַרקערפּערט זיך אומדערװאַרט אין אַ רעאַל בילד. בײַ אַ מאָדנער בױד איז צוגעפּאַסטיקט אַ קײַלעכדיקער שפּיגל, אין װעלכן מאַכנאָ באַטראַכט זיך זײער אופמערקזאַם. לעבן אים שטײט אײנער אין אַן עקלעקטישער אוניפאָרם, ער האַלט צאַרט אַ יונג כאַזערל אויף די הענט. זײַן ברוטאַל פּנעם דריקט אױס מעסירעסנעפעש — קימאַט װי בײַ אַ מאַמע. דאָס איז זײער אַ פילזאָגנדיק טיפּזיניק בילד. דער גאַנצער ציקל „בירגערקריג“ איז אומיטלבאַר, איבערצײַגעװדיק.

אַ מיליטערישער טײל צילט מיט די אױסגעצױגענע ביקסן אין אַן אײן־אײנציקער טױב, װעלכע שטײט אויף אַ סטױפּ. אין ברױנעם אומעטיקן קאָלאָריט איז די העלע טױב װי אַ געשרײ, װי אַ רוף צו הילף.

דער ציקל „ציגײַנער“ איז אין רױטלעך־געלן קאָלאָריט. די ציגײַנער, די װעגענער, די פערד טױכן אַרױס, װי פון אַ שטילן פלאַם. אַלץ שעמערירט אויף די בילדער, באַװעגט זיך, צאַפּלט, פליסט, װי אַ שטילע טפילע.

מערקװירדיק זײַנען די בילדער „די שכײנים פון מײַן קינדהײַט“. די מענטשן אויף די בילדער זײַנען סטאַטיש פאַרגליװערט. אויף אײן בילד זײַנען זײ יונג, אויף אַ צװײטן — װי אונטער אַ חופּה, אונטער אַ דעקטוך, אויף װעלכן טישלער האָט אָנגעמאָלט אַ גאַנצן נאַטורמאָרט, אויף אַ דריטן זײַנען זײ מיט קינדער, אויף אַ פערטן — מיט אײניקלעך. אַ שעמערירנדיקער גרין־רױט־בלאָער כאָלעם.

אַן אױסערגעװײנלעך ליכטיק־זאַרגלאָזן אײַנדרוק מאַכן די אױסגעצױגענע לענגלעכע, טונקל־קרעמקאָליריקע סקולפּטורן פון װאָרצלען און האָלץ, װעלכע זײַנען געדיכט אױסגעשטעלט אויף פּאָליצעס. אײניקע פון זײ זײַנען װי פאַרװיקלט אין פאַרביקע װיקלשנורן. די פאַקטור פונעם מאַטעריאַל איז שױן ענלעך אויף בײן, װײַל עס איז געמאַכט ניט הײַנט און ניט נעכטן... די מערהײַט סקולפּטורן זײַנען פרױען, פיל פון זײ זײַנען אָנגעטאָן אין מענטעלעך — ריכטיקער, אין צעשפּיליעטע מענטעלעך. די נאַקעטע בריסט האָט טישלער צוגעדעקט מיט צאַרטער שעמעװדיקײַט.

די גאַנצע אױסשטעלונג מאַכט אַן אײַנדרוק װי אײן בילד װאָלט זיך איבערגעגאָסן אין אַ צװײטן. אַלץ קלינגט קעסײדער, אומעטום שפּינט זיך דער זעלבער װוּנדערלעכער כאָלעם.

װען מיר גײען אַריבער פון בילד צו בילד, באַװוּנדערן מיר דעם אױסדױער פונעם קינסטלער, זײַן אומגעצױמטע פאַנטאַזיע, זײַן אומדערמידלעכע האַרמאָניע.

שירע גאָרשמאַן

## פאַרשיידנס

## אַן אַלוועלטלעכער קאַלענדאַר

שוין אַ סאַך יאָרן רעדט מען וועגן אַ נײַסטן קאַלענדאַר, וועגן אַן איינהײַטלעכער סיסטעם פון יאָר־ציילונג, וועלכע וואָלט באַפרידיקט אַלע לענדער אָן שאָדן פאַר זייערע יאָמטויוים, טראַדיציעס און מינהגים. די אַרבעט אויף שאַפן אַזאַ קאַלענדאַר, וואָס ווערט געפירט דורך דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, האַלט איצט בײַ פאַרענדיקט ווערן.

לויטן נײַעם קאַלענדאַר וועט דאָס יאָר זיך טיילן אויף פיר גלײַכע קוואַרטאַלן, צו 91 מעת־לעת אין יעדערן. אין ערשטן חודש פון יעדן קוואַרטאַל וועט זײַן 31 טעג, אין די איבעריקע צוויי — צו 30. דער ערשטער טאָג פון קוואַרטאַל איז שטענדיק זונטיק, דער לעצטער — שטענדיק שאַבעס. פיר קוואַרטאַלן בילדן אַ יאָר פון 364 טעג. די טיילונג אויף אַ געוויינלעך יאָר (365 טעג) און אַן איבעריאָר (366 טעג) בלײַבט. די צוגאָב־טעג אָבער וועלן זײַן אויסער דער וואָך, אָן אַ נאָמען און אָן אַ דאַטע.

אַזוי ווי אינעם נײַעם אַלוועלטלעכן קאַלענדאַר וועט דאָס יאָר זיך אָנהייבן פון אַ זונטיק, וועט דער 364־טער טאָג פון יאָר — דער 30 דעקאַבער — אויספאַלן שאַבעס. דער קומענדיקער נאָך אים זונטיק וועט שוין זײַן דער 1 יאַנוואַר פונעם קומענדיקן יאָר. צווישן אָט די טעג וועט זײַן נאָך איין טאָג, דער 365־טער, אָן אַ דאַטע און אָן אַ נאָמען. נאָר ס׳איז שוין דאָ אַ פאָרשלאָג אָנרופן אים „טאָג פון שאָלעם“. און אין אַן איבעריאָר וועט מען דאַרפן אײַנשליסן אויך צווישן שאַבעס דעם 30 יוני און זונטיק דעם 1 יולי נאָך איין „טאָג פון שאָלעם“.

אַלע יאָר וועלן די קאַלענדאַר־דאַטעס שטענדיק אויספאַלן אויף איינע און די זעלבע טעג פון דער וואָך. אויב, צום בײַשפּיל, אַ מענטש איז געבוירן געוואָרן מיטוואָך, וועט זײַן געבורטסטאָג שטענדיק אויספאַלן אויף מיטוואָך. אַלע יאָמטויוים, נאַציאָנאַלע און צווישנפעלקערלעכע, וועלן אויך שטענדיק פאָרקומען אין באַשטימטע טעג פון דער וואָך.

די פראַגע וועגן נײַעם קאַלענדאַר ווערט געלייזט אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. אַ סאַך אירע מיטגלידער האָבן זיך שוין אַרויסגעזאָגט פאַר אָננעמען די רעפאָרם. קעדיי אײַנפירן דעם נײַעם קאַלענדאַר, דאַרף מען, אַז לויטן גריגאָריאַנישן קאַלענדאַר זאָל דער 1 יאַנוואַר אויספאַלן זונטיק. דאָס וועט פאָרקומען אין 1967 יאָר. אויב אָבער דער מאָמענט וועט ניט אויסגענוצט ווערן, וועט אַזאַ מעגלעכקײַט זײַן ערשט אין 1978.

## רעמאַרק איז נאָך אַלץ אין עמיגראַציע

ווען די פאַשיסטן זײַנען געקומען צו דער מאַכט אין דײַטשלאַנד, זײַנען אַ גרויסע צאָל באַדײַטנדיקע שרײַבער געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די צעיושעטע סאָלדאַפאָנען האָבן דאַן געמאָלדן, אַז זיי נעמען צו בײַ אָט די שריפטשטעלער די דײַטשישע בירגערשאַפט.

פון יענער צײַט איז שוין דורך העכער אַ דריטל יאָרהונדערט — דוכט זיך, אַ גאַנץ גענוגער טערמין אויף פאַריכטן אָט די אומרעכט. אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפובליק געפינען זיך בערטאָלד ברעכט, אַרנאָלד צווייג און אַנדערע אין אַוואַנגאַרד פון די בויער פון דער נײַער געזעלשאַפט. אָבער אין מערעוו־דײַטשלאַנד...

לאָמיר געבן אַ וואָרט עריך־מאַריע רעמאַרקן. „דאָס אָפּזאָגן אין בירגערשאַפט איז ניט אַנולירט געוואָרן, ווי מע האָט געקאָנט דערוואַרטן נאָכן סאָף פון דער דריטער אימפעריע, — שרײַבט ער מיט פאַרביטערונג. — די עמיגראַנטן האָט מען בלויז דערלויבט אָנגעבן אַ באַקאָשע וועגן אויפשטעלן די בירגערשאַפט... די עמיגראַנטן האָבן אָבער קיינמאָל ניט אָנגעגעבן קיין באַקאָשע וועגן אָפּזאָגן זיי אין בירגערשאַפט, און פאָדערן איצט, זיי זאָלן בעטן אויפשטעלן זיי אין די רעכט — איז אַ דערנידעריקונג און קימאַט אַ באַליידיקונג“.

„אויף וויפל מיר איז באַוווּסט, — פאַרענדיקט רעמאַרק, — איז נאָך קיין איין מאַסן־מערדער אין דער דריטער אימפעריע ניט אָפּגעזאָגט געוואָרן אין בירגערשאַפט. אַזוי אַרום שטייען די פּאָליטישע עמיגראַנטן אויף אַ שטאַפּל נידעריקער“.

## פאַרקריפּלונגען פון דער געשיכטע

דער קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן וו. ראָניקין האָט אין דער צײַטונג „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ“ פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן פאַרקריפּלונגען און פאַלסיפיקאַציעס פון היסטאָרישע פאַקטן.

ברענגענדיק אַרויסזאָגונגען פון די אַלטערטימלעכע היסטאָריקער און ביאָגראַפן פּלוטאַרך, סוועטאָני און קאַסי, דערווײַזט דער אַווטאָר, אַז יולי צעזאַר האָט ניט געקאָנט אַרויסברענגען דעם באַוווּסטן אויסרוף: „און דו אויך, ברוט!“ צעזאַר איז געווען אַרומגערינגלט דורך אַ סאַך פאַרשווערער מיט אַנטבלויזטע קינזשאַלן, ער האָט באַקומען דרײַ און צוואַנציק וווּנדן. ער האָט נישט געקאָנט ניט עפּעס טאָן, ניט עפּעס זאָגן. ער איז געפאַלן שווײַגנדיק.

ס׳איז אויך ניט וואָרהאַפטיק די געשיכטע מיטן פּאַטעטישן אויסרוף: „די גוואַרדיע שטאַרבט, נאָר זי גיט זיך ניט אונטער!“, וואָס דער גענעראַל קאַמבראָן אָדער דער גענעראַל מישעל זאָלן האָבן קלומערשט אַרויסגעבראַכט. וו. הוגאָ, וואָס האָט געווידמעט עטלעכע זײַטלעך דער שלאַכט בײַ וואַטערלאָאָ, אָנגעשריבענע לויט דאָקומענטאַלע קוועלן, לייגט אַרײַן אינעם מויל פונעם גענעראַל בלויז איין ניט קיין צענזוריש וואָרט.

# יִדישע דענקמעלער אין פראַג

אין פראַג איז קאָנצענטרירט זייער א גרויסע צאָל יִדישע היסטאָרישע דענקמעלער, אַן א פארגלייַך א גרעסערע, איידער אין וועלכער־ניט־איז אנדער שטאָט פון אייראָפּע. צווישן די אלגעמיינע קולטור־דענקמעלער פון פראַג, וועלכע זייַנען עמעסע יעקאר־האמציִעסן, פארנעמט אן אָנגעזעען אָרט דער יִדישער מעלוכע־מוזיי מיט זייַנע רייַכע קאָלעקציעס, אפילע מיט דעם עצעם ביניען זייַנעם.

מיר וועלן דאָ אָנרופן אייניקע, באזונדערס וויכטיקע יִדישע היסטאָרישע דענקמעלער. צו זיי געהערן, קוידעמקאָל, דער סטאַראָנאָווער בעסמעדרעש, וואָס איז דער עלטסטער אין אייראָפּע. אויסגעבויט געוואָרן איז ער בעערעך אין 1270. ווי די מעסוירע דערציילט, האָט זיך אין אים פארהיט דער ליימענער גוילעם, וועלכן עס האָט געשאפן דער מהר״ל (מאהאראל — דער פראַגער ראָוו ליוואָ). אין פראַג געפינט זיך אויך דאָס יִדישע ראָטהויז, אויסגעבויט צום סאָף XVI יאָרהונדערט. די עלטסטע מאצייווע פון היגן יִדישן בעסוילעם, וועלכע שטייט אפן קייווער פונעם געלערנטן און דיכטער אוויגדער קאראָ, איז באצייכנט מיט דער דאטע — 25 אפרעל 1439. אף דעם זעלבן בעסוילעם קאָן מען זען אויך דעם קייווער פונעם מאהאראל (געשטאָרבן אין 1609). אף די ווענט פונעם בעסמעדרעש, וואָס הייסט די פינקעסשול, זייַנען אויסגעקריצט די נעמען פון 77 297 יִדישע בירגער פון טשעכיע און מאָראַוויע, וועלכע זייַנען אויסגעקוילעט געוואָרן דורך די נאציסטן.

אין דער געבייַדע פונעם פראַגער יִדישן מעלוכע־מוזיי געפינט זיך די רייַכסטע אין דער וועלט קאָלעקציע פון רעליגיעזע כפייצים, געמאכטע פון טעקסטיל.

די דאָזיקע קאָלעקציע האָט זיך באוויזן אין די יאָרן, ווען טשעכאָסלאָוואקיע איז געווען אָקופירט דורך די נאציסטן. די היטלעריסטן האָבן דעמלט געבראכט קיין פראַג די צוגעגאזלטע אויצרעס פון 153 באָטעמעדראָשים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין רעשוס פון די יִדישע קעהילעס אין טשעכיע און מאָראַוויע. אין דער טעקסטיל־קאָלעקציע פון יִדישן מעלוכע־מוזיי האָבן זיך אָנגעקליבן ארום 9 טויזנט פאָדהענגלעך, מענטעלעך פון סייפערטוירעס, פאָרויכעסן, כופּעס אאַ. די אויסשטעלונג מאכט באקאנט די באזוכער מיט די זעלטנסטע מוסטערן פון די רעליגיעזע טעקסטיל־כפייצים און אויך מיט דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־פּראָדוקציע פאר די לעצטע 500 יאָר. צווישן די עקספּאָנאטן קאָן מען זען פאָרהאנגען, געמאכטע פון ווערטפולסטע מאטעריאלן: פון איטאליענישן סאמעט אין דער רענעסאנס־טקופע, פון פראנצויזישע און שפאנישע סכוירעס פון באראָקאָ־סטיל, פון דאמעשעקער זייַדנס. אין די כפייצים, וועלכע זייַנען אויסגעארבעט געוואָרן אין די דאָרפישע ווארשטאטן, פילט זיך די ווירקונג פונעם פאָלקס־סטיל. אף באזונדערע עקספּאָנאטן זייַנען פאראן ווידמונגס־אופשריפטן, וועלכע גיבן די מעגלעכקייַט פּינקטלעך פעסטצושטעלן די צייַט, ווען דער עקספּאָנאט איז אויסגעארבעט געוואָרן. דער עלטסטער עקספּאָנאט — דער פאָרהאנג פון שלוימע גאָלדע פערלשטיקער — געהערט צום יאָר 1592.

## „נאפּאָלעאָן XIV“

די פאריזשער וואָכנבלאט „נוווּאָ קאנדיד“ דערציילט א באלערעוודיקע געשיכטע, וויִאזוי א מעשוגענער אמעריקאנער בירגער, וואָס גיט זיך אָן אלס נאפּאָלעאָן XIV, איז געוואָרן א מיליאָנער אדאנק דעם, וואָס ער האָט פארשריבן א פּלאט מיט זייַנס א לידל וועגן דעם, ווי מע האָט אים געבראכט צו פירן אין מעשוגאָים־הויז. דער מעשוגענער האָט פארנומען דאָס ערשטע אָרט אינעם צעטל פון די אמערסטן פּאָפּולערע זינגער אין ניו־יאָרק — פאר 15 טעג איז פארקויפט געוואָרן 800.000 פּלאטן. אף איין זייַט פון דער פּלאט איז אָנגעשריבן: „באלד וועלן זיי קומען נאָך מיר, כא־כא־א“. אף דער צווייטער זייַט — „א־אך־אך, רים, כאָן נעמוק ייז נלעוו דלאב“ — די זעלבע ווערטער, נאָר אין א פארקערטער אָרדענונג. אף דער ערשטער זייַט פון דער פּלאט, נאָך א פארטויבנדיקן געוויי, ווערט מיטגעטיילט דעם צוהערער, אז דער זינגער איז אראָפּ פון זינען דערפאר, ווייַל איינמאָל אין א ווינטערדיקן אָוונט האָט אים פארלאָזט זייַן באליבטער הונט.

איצט גרייט „נאפּאָלעאָן XIV“, וואָס זייַן עמעסער נאָמען איז דזשערי סעמיועל, א נייַע פּלאט: דאָס וועט זייַן א דערציילונג פונעם הונט וועגן דעם, וויִאזוי ס׳איז אראָפּ פון זינען זייַן באלעבאָס.

ס׳איז שווער צו זאָגן, צי איז טאקעווירקלעך דזשערי סעמיועל א מעשוגענער, צי ער סימולירט. אָבער אף זיכער קאָן מען אָט וואָס זאָגן: אזעלכע געשיכטעס טרעפן בלויז אין א מעשוגענער וועלט.

---

מיט וואָס איז צו דערקלערן דער אופקום פון ענלעכע פאלסיפיקאציעס?

די אוטאָרן פון דערינערונגען פארשענערן אלס קלאל די געשעענישן, אין וועלכע זיי האָבן אליין אָנטייל גענומען. באם מינדלעכן איבערגעבן פון וועלכע־עס־איז באזונדערס אינטערעסאנטע עפּיזאָדן ווערן זיי ארומגעוואקסן מיט נייַע דעטאלן — פּיקאנטע, רירנדיקע, פארכאפּנדיקע. אף אזא אויפן ווערן זיי בעסער אייַנגעהיט אין זיקאָרן פון דוירעס. א היסטאָרישע פּיעסע אָדער היסטאָרישער ראָמאן דינען אויך אָפט אלס קוואל פון פארקריפּלונגען. דאָן קארלאָס, צום בייַשפּיל, איז לאכלוטן ניט געווען אזא, ווי פ. שילער שילדערט אים; ער איז געווען א נימעסער אכזאָריעסדיקער אויסוואורף. אלס קוואל פון פארקריפּלונגען דינען אויך אָפט בילדער אף געשיכטלעכע טעמעס. אין דעם איז קיין באזונדער בייז ניט פאראן: דער מאָלער האָט, פארשטייט זיך, רעכט אף פאראלגעמיינערונג און פאנטאזיע. אָבער דאָס איז שוין ניט קיין געשיכטע.

דערבייַ אָבער דארף מען ניט מיינען, אז אלץ, וואָס איז אינטערעסאנט, עפעקטפול אין די געשיכטע־באשרייַבונגען, איז צוגעטראכט. דאָס לעבן אליין איז דערפינדערישער פון דער סאמע שטארקסטער פאנטאזיע.

# בלעטערנדיק זשורנאלן און צײַטונגען

## דעם קייסערס „יאָרשים"

...אין איינעם א פעווראל־טאָג פון 1920 האָט מען אין בערלין ארויסגעשלעפט פונעם לאנדווערקאנאל א יונגע פרוי, וועלכע האָט געוואָלט באגיין זעלבסטמאָרד און זיך אריַינגעוואָרפן אין וואסער. געקומען צו־זיך, האָט די פרוי ניט געוואָלט געבן קיין שום ידיעות. מע האָט זי אריַינגעלייגט אין דאלסדאָרפער פסיכיאטרישן שפיטאָל. אין עטלעכע טעג ארום האָט איבער בערלין זיך פארשפרייט א קלאנג, אז „די יונגע זעלבסטמערדערן איז די מיזינקע פון דעם רוסישן צאר". דעם קלאנג האָט מען דורכגעקאָנטראָלירט, און ער האָט, נאטירלעך, זיך ארויסגעוויזן פאר א פאלשן. און דאָך קעמפט אנא אנדערסאָן נאָך ביז איצט פאר דער רעכט צו טראָגן דעם נאָמען אנאסטאסיא ניקאָלייַעווּנא ראָמאנאָווא.

העכער פערציק יאָר ציט זיך אין האמבורגער קרייַזגעריכט אָט דער אומגעהערטער אין דער געשיכטע פראָצעס. עס האָבן זיך שוין אָנגעזאמלט 4000 בענדער געריכט־מאטעריאלן, און צום ענדגילטיקן באשלוס פונעם געריכט איז נאָך ווייַט.

אנא אנדערסאָנס אָפּאָנענטן דערווייַזן, אז זי איז אן אוואנטוריסטקע, זי איז גאָר א פוילישע פויערטע מיטן נאָמען פראנציסקא שאנצקאָווסקאיא. און דאָך געפינען זיך „אײדעס", וועלכע פארטיידיקן די לעגענדע וועגן דעם, אז אנאסטאסיא האָט זיך „אלפי־נעס" געראטעוועט.

דער געוועזענער פאָרשטייער פון שוועדישן רויטן קרייץ אין סיביר גראף הערלוף באָנדע האָט דערציילט דעם געריכט, אז סאָף יול 1918 האָבן רויטארמייער אָפּגעשטעלט זייַן צוג און געמאכט אן אונטערזוכונג. אף דעם גראפס פראגע זאָלן די רויטארמייער קלוימערשט האָבן געענטפערט, אז זיי זוכן דעם קייסערס טאָכטער אנאסטאסיא, וועלכע איז אנטלאָפן. דער דייַטשישער באראָן פאָן שענק האָט דערקלערט, אז אין 1942, ווען ער איז געווען אין רוסלאנד, האָט ער בייס אן אונטערזוכונג אין איינעם א הויז קלוימערשט צופעליק געפונען אן אלטן פלאקאט, וואָס האָט גערופן די באפעלקערונג, זי זאָל אָנטיילנעמען אינעם כאפן דעם קייסערס טאָכטער אנאסטאסיא. נאָך מער, אנאסטאסיעס שוועסטערקינד קסעניא ראָמאנאָווא, וואָס איז געווען מיט איר פון איין עלטער און אין די קינדער־יאָרן געלעבט צוזאמען מיט דעם קייסערס קינדער, האָט אײדעס געזאָגט אונטער א שבועה, אז זי דערקענט אין אנא אנדערסאָן איר שוועסטערקינד אנאסטאסיא.

אגעוו, אף דעם טיטל גרויספירשטן אנאסטאסיא פרעטענדירט ניט בלויז איין אנדערסאָן. זי האָט עטלעכע קאָנקורענטקעס. די סאמע געפערלעכסטע צווישן זיי איז די, וואָס וווינט אין ניו־יאָרק, — מיסיס יעווגעניא סמיט.

די גאנצע קאשע מיט פרעטענדענטקעס אפן טראָן איז פארקאָכט געוואָרן צוליב דעם קאפיטאל פון די ראָמאנאָווס, וואָס ליגט אין פארשיידענע אמעריקאנער בענק. א קאפיטאל איז דאָס ניט קיין קלייַנער — 400 מיליאָן דאָלער. און באקומען וועט אים בלויז יענער, וועמען דאָס געריכט וועט אנערקענען אלס דעם קייסערס יורש.

אף די שפאלטן פון דער מײַרעוו־פרעסע באווייַזן זיך פון צייַט צו צייַט „זיכערע" גוויסע־אײדעס, אז דעם קייסערס יאָרשים לעבן. אויסער דער טאָכטער, האָט זיך אויך אָפּגעזוכט א זון. אף דעם טיטל פרינץ אלעקסיי פרעטענדירט איינער א פּאָלקאָווניק גאָליעווסקי. דאָס איז א וולאד פון דער אמעריקאנער אויסשפירונג, וועלכער האָט געפונען כיין אליין באם געוועזענעם שעף פון דער צענטראלער אויסשפיר־פארוואלטונג אלען דאלעס.

גאָליעווסקי האָט אין 1963 עמיגרירט קיין פשא, ווו ער האָט זיך פארעגיסטרירט אין דער פּאָליציי אונטערן נאָמען אלעקסיי ניקאָלייַעוויטש ראָמאנאָוו. דעם 29 סענטיאבער 1964 איז ער זיך צונויפגעגאנגען מיט א דייַטשקע. די כאסענע־צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אין א קריסטלעכער קירך. דער כאסענע־אקט איז אויסגעשריבן אפן נאָמען פון אלעקסיי ניקאָלייַעוויטש ראָמאנאָוו, פּאָלקאָווניק אין דעמיסיע, געבוירן אין רוסלאנד, אין פעטערהאָף. אָט דעם נייַעם „פרינץ" האלט אונטער דער ניו־יאָרקער פארלעגער ראָבערט ספעלער. אלס איינעם פון די באווייַזן גיט ער אָן, אז דער פּאָלקאָווניק גאָליעווסקי לייַדט אף דער זעלבער ניט אויסהיילבארער קרענק, ווי דער פרינץ אלעקסיי, — אף העמאָפיליע...

עס איז שווער צו זאָגן, מיט וואָס וועט זיך ענדיקן אָט דער שיידים־טאנץ. איינס איז אָבער קלאָר — די ראָמאנאָוו־מישפּאָכע וועט מען מיט קיינע מיליאָנען לעבעדיק ניט מאכן. ווי זאָגט דאָס רוסישע שפּריכוואָרט — קיין טויטע פון בעסוילעם טראָגט מען צוריק ניט אוועק.

ו. טשעטווערגאָוו

(„קאָמסאָמאָלסקאיא פראוודא")

# כראָניק

## עס דערשײַנען פ. מארקישעס און ש. האלקינס ביכער אין ייִדיש

אין פארלאג „סאָוועטסקי פיסאטעל״ דערשײַנט פערעץ מארקישעס לעצטער ראָמאן „טראָט פון דורעס״ — וועגן דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, וועגן דעם העראָישן אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ. א נאָכוואָרט צום בוך האָט אָנגעשריבן הערש רעמעניק. קינסטלער — שלוימע טעלינגאטער. דער בוך אנטהאלט 43 דרוקבויגן (690 זײַטן).

אין דעם זעלבן פארלאג דערשײַנט אויך שמואל האלקינס א זאמלונג „מײַן אויצער״. אין בוך זײַנען אײַנגעשלאָסן לידער, וואָס געהערן צום לעצטן שאפונגס־פעריאָד פונעם דיכטער. דער גרעסטער טייל פון די לידער זײַנען אין ייִדיש נאָך ניט פארעפנטלעכט געוואָרן. וועגן האלקינס לעבן און שאפן ווערט דערציילט אינעם ארטיקל פון ייִסראעל סערעבריאני. קינסטלער — דמיטרי לעאָן. דער בוך אנטהאלט 19 דרוקבויגן (300 זײַטן).

## אן אויסשטעלונג פון מאָלערײַ, גראפיק, סקולפטור

העכער דרײַ וואָכן (פון 15 סענטיאבער ביזן 9 אָקטיאבער) איז אין מאָסקווע, אינעם הויז פון די קינסטלער, געווען אָפן אן אויסשטעלונג פון די מאָלער מייער אקסעלראָד, מענדל גאָרשמאן, אלעקסאנדער לאבאס און פון די סקולפטאָרן אלעקסיי טענעטא, גאווריעל שולץ. די אויסשטעלונג איז אָרגאניזירט געוואָרן דורך דער מאָסקווער אָפטיילונג פון די קינסטלער פון רספסר. אף דער עפענונג זײַנען ארויסגעטראָטן די אָנפירער פונעם אלפארבאנדישן קינסטלער־פאריין און פון זײַן מאָסקווער אָפטיילונג, בארימטע מאָלער און סקולפטאָרן.

מייער אקסעלראָד און מענדל גאָרשמאן, וואָס זײַנען שוין גוט באקאנט אונדזערע לייענער, זײַנען פאָרגעשטעלט אף דער אויסשטעלונג מיט בילדער, געשאפענע אין פארלויף פון פערציק יאָר, צווישן זיי ניט ווייניק אף ייִדישע טעמעס.

א גרויס אָרט פארנעמען אין דער עקספּאָזיציע די איליוסטראציעס צו די ווערק פון די קלאסיקער פון דער ייִדישער ליטעראטור — מענדעלע, פערעץ, שאָלעם־אליכעם און צו די ווערק פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

דעם 29 סענטיאבער איז פארגעקומען א געזעלשאפטלעכע באהאנדלונג פון דער אויסשטעלונג, אף וועלכער עס זײַנען בײַגעווען קינסטלער, שרײַבער, אקטיאָרן און ביכלאל ליבהאָבער פון קונסט. עס זײַנען ארויסגעטראָטן די קונסט־פאָרשער יו. גערטשוק, ט. גוריעווא, וו. ראקיטין, דער קינאָ־רעזשיסער ג. ראָשאל, דער סקולפטאָר נ. שטאם, דער דיכטער ל. אָזעראָוו און אנדערע.

אלע רעדנער האָבן אונטערגעשטראָכן די בוילעטע שעפערישע אינדיווידואליטעט פון יעדן קינסטלער באזונדער, די פאָרמעלע שליימעס פון זייערע ארבעטן, דעם גרויסן לעבנס־דיאפאזאָן און צילגעווענדטקײַט פון זייער שאפונג.

באזונדערס זײַנען אָפּגעמערקט געוואָרן — בא אקסעלראָדן די פאָרטרעטן און די סעריע „געטאָ״, בא גאָרשמאנען די סעריע „ציגײַנער״ און די איליוסטראציעס צו די ווערק פון שאָלעם־אליכעמען, בא לאבאסן די סעריע „בירגערקריג״ און „מאָסקווע אין אָנהייב מילכאָמע״.

## ראדיאָ־טראנסלירונג, געווידמעט „סאָוועטיש היימלאנד״

דער בירא‍ָבידזשאנער געגנטלעכער ראדיאָ־קאָמיטעט האָט געווידמעט א גרויסע טראנסלירונג דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד״. דער מיטגליד פון רעדקאָלעגיע בוזי מילער האָט דערציילט וועגן די פינף דורכגעגאנגענע יאָר פונעם זשורנאל, וואָס האָבן ארײַנגעטראָגן ניט ווייניק ווערק אין אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור.

באם מיקראָפאָן זײַנען ארויסגעטראָטן אקטיווע לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד״ — דער אגראָנאָם פון דער בירא‍ָבידזשאנער סטאנציע פון יונגע נאטוראליסטן באנק, דער פענסיאָנער ליונדאָרף און אא.

## א באגעגעניש מיט ג. קעניגן

אין דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד״ איז פאָרגעקומען א באגעגעניש מיטן שעף־רעדאקטאָר פון דער פאריזשער פראָגרעסיווער ייִדישער צײַטונג „נײַע פרעסע״ נ. קעניג. אף דער באגעגעניש זײַנען בײַגעווען מיטגלידער פון רעדקאָלעגיע און מיטארבעטער פון רעדאקציע פונעם זשורנאל און מאָסקווער ייִדישע שרײַבער.

דער הויפט־רעדאקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאנד״ ארן ווערגעליס האָט וואַרעם באגריסט דעם גאסט, וועלכן ער האָט כאראקטעריזירט אלס איינעם פון די אָרגאניזאטאָרן און אָנפירער פון דער פראָגרעסיווער ייִדישער פרעסע אין פראנקרײַך.

אין זייערע ארויסטרעטונגען האָבן די אָנטיילנעמער פון דער באגעגעניש ש. גאָרדאָן, ש. גאָרשמאן, מ. גרוביאן, מ. טייף, ר. רובין, ש. ראבינאָוויטש, ה. רעמעניק, י. שטערנבערג אונטערגעשטראָכן די וויכטיקײַט פון ענגע קאָנטאקטן מיט דער פראָגרעסיווער ייִדישער פרעסע און ליטעראטור אין אויסלאנד.

מיט גרויס אינטערעס איז אויסגעהערט געוואָרן ג. קעניגס מיטיילונג וועגן דעם לעבן און קאמף פונעם פראָגרעסיוון ייִדישן יישעוו אין פראנקרײַך.

## „25 נײַע ייִדישע לידער״

אזא נאָמען וועט טראָגן דער זאמלבוך, וואָס דער מאָסקווער פארלאג „מוזיק״ וועט ארויסלאָזן אין 1967. אין דער זאמלונג (צונויפגעשטעלט פון זינאָווי קאָמפאנייעץ) זײַנען אײַנגעשלאָסן לידער פון הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער אף דער מוזיק פון די קאָמפאָזיטאָרן ל. יאמפאָלסקי, אָ. ליכטענשטיין, ש. סענדערײ, ל. פולווער, ז. קאָמפאנייעץ, נ. שולמאן און אנדערע. די זאמלונג ווערט געגרייט אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע פונעם באוווסטן קאָמפאָזיטאָר דמיטרי שאָסטאקאָוויטש.

## אן עקספּאָזיציע וועגן שלוימע מיכאָעלסן אין דאוגאווּפּילסער שטאָט־מוזיי

אין דאוגאווּפּילס (ליטע), וווּ ס׳איז געבוירן געוואָרן דער פאָלקס־ארטיסט פון פססר שלוימע מיכאָעלס, איז אָנגענומען געוואָרן א באשלוס צו שאפן באם שטאָטישן מוזיי אן עקספּאָזיציע, געווידמעט זײַן אָנדענק.

## יובילײ פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע

ס'איז געוואָרן הונדערט יאָר, זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. איר גרונטלייגער איז געווען ניקאָלײַ גריגאָריעוויטש רובינשטיין (א ברודער פון אנטאָן גריגאָריעוויטש — דעם גרינדער פון דער פעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע).

זייער גרויס זײַנען די פאַרדינסטן פון דער קאָנסערוואַטאָריע אין דער אנטוויקלונג פון דער מוזיקאַלער קולטור פונעם לאַנד. דאָ האָבן זיך געלערנט אזעלכע בארימטע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי סקריאַבין, ראַכמאַנינאָוו, גליער, גאָלדענווייזער, גנעסין, קאַבאַלעווסקי; די וועלט־בארימטע זינגער און פּיאַניסטן נעזשדאַנאָוואַ, אָבוכאָוואַ, לעמעשעוו, ריכטער, גילעלס, זאַק אאַ.

צו דער רומפולער דאַטע איז די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע באַלוינט געוואָרן מיט א לענין־אָרדען. א גרויסע גרופּע פּעדאַגאָגן און מיטארבעטער זײַנען באַצייכנט געוואָרן מיט ערן־טיטלען, מיט אָרדענס און מעדאַלן.

צווישן די פּראָפעסאָרן, וואָס גרייטן הײַנט נײַע טאַלאַנטפולע מוזיקאַנטן, געפינען מיר די נעמען פון ד. אויסטראַך, מ. ראָסטראָפּאָוויטש, ד. קאַבאַלעווסקי, ט. כרעניקאָוו.

אין דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע לערנען זיך איצט יוגנטלעכע ניט נאָר פון פּססר, נאָר פון אנדערע לענדער.

## סאָוועטישע גרוזינישע ייִדן — שרײַבער, קינסטלער, קולטור־טוער

גערשן ציצואַשווילי פון טביליסי שרײַבט אין זײַן בריוו אין רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן סאָוועטישע גרוזינישע ייִדן — שרײַבער, קינסטלער, קולטור־טוער, וואָס זײַנען טעטיק אין גרוזיע.

די שאַפונג פון דער שרײַבערן ר אָ ז ע ט א ו ו ד י ד י ש ו ו י ל י איז ענג פארבונדן מיטן לעבן פון די גרוזינישע ייִדן. אין אירע ערשטע פּובליציסטישע ארויסטרעטונגען נאָך פאר דער רעוואָלוציע האָט זי געקעמפט קעגן דער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקײט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאר אָט דער סוויווע. באַזונדערס איז באַוווסט איר „עטנאָגראַפישער איבערזיכט פונעם לעבן און שטייגער פון די קוטאַיִסער ייִדן".

ראָזע טאַוודידישווילי איז אויך א קינדער־שרײַבערן.

אין די דערציילונגען און לידער פון א ב ר א ם מ א מ י ס ט ו ו א ל אָ ו ו פארנעמט די ייִדישע טעמאַטיק דאָס הויפּט־אָרט. ס'איז באַוווסט זײַן פּאָעמע „א כאַסענע אין א ייִדישן קוואַרטאַל". מאַמיסטוואַלאָווס פּיעסע „אונדזער מישפּאָכע" איז געבויט אַף די מאָטיוון פון זײַן ראָמאַן „שטרויכלונגען אין וועג", זי גיט א ברייט בילד פונעם איצטיקן לעבן פון די גרוזינישע ייִדן.

ג ע אָ ר ג י כ ו כ א ש ו ו י ל י איז באַוווסט אלס טאַלאַנטפולער דיכטער, קריטיקער און דראַמאַטורג. זײַן פּיעסע „קינדער פון יאַט" איז מיט גרויס דערפאָלג אופגעפירט געוואָרן אינעם טביליסער מעלוכישן אקאַדעמישן טעאַטער אַף רוסטאַוועלים נאָמען. אינגיכן וועט פארענדיקט ווערן די עקראַניזאַציע פון דער פּיעסע.

א באַדײַטנדיק אָרט פארנעמט די ייִדישע טעמאַטיק אין דער שאַפונג פונעם דיכטער ס א מ ו י ל מ א ד ז ג ו ר י ש ו ו י ל י.

י אָ ס י ף ק ו ר ט ש י ש ו ו י ל י איז אן איבערזעצער פון שאָלעם־אַליכעמען. אינגיכן וועט אויך ארויס זײַן איבערזעצונג פון ליאָן פויכטוואַנגערס ראָמאַן „די מילכאָמע אין יעהודע". איצט ארבעט ער אַף א היסטאָרישן ראָמאַן וועגן דער אײַנוואַנדערונג פון ייִדן קיין גרוזיע.

דער רעזשיסער מ ו י ש ע ד א נ י ע ל א ש ו ו י ל י האָט איבערגעזעצט אַף גרוזיניש ש. אַנ־סקיס „דיבעק" און אופגעפירט די פּיעסע אין טעאַטער.

פון די ייִדישע קינסטלער דאַרף מען אָפּמערקן מ אָ ר ד ע כ ײַ ד ז ש א נ א ש ו ו י ל י. זײַן בילד „מאַרקס און ענגעלס שפּאַצירן פאַרטאָג איבער לאָנדאָן" (געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 פאַרן 1963 יאָר) איז ברייט באַוווסט. אין דזשאַנאַשווילים שאַפונג פארנעמט אן אָנגעזעען אָרט דער פּלאַקאַט „6 000 000" — וועגן די ייִדן, אומגעבראַכטע דורך די היטלעראַווצעס. איצט ארבעט דער קינסטלער איבער אילוסטראַציעס צו ל. פויכטוואַנגערס „שפּאַנישער באַלאַדע".

## א יובילײ פון א שרײַבער

די געזעלשאַפטלעכקײט פון ריגע האָט אָפּגעמערקט דעם 70־טן געבורטסטאָג פונעם ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער מארק ראַזומני.

קיין דובולטי (א דאַטשע־אָרט ניט ווײַט פון ריגע) איז געקומען צו באַגריסן דעם יובילאַר א גרופּע ריגער שרײַבער בעראָש מיטן סעקרעטאַר פון דער רוסישער סעקציע בא דעם שרײַבער־פארבאַנד פון לעטלאַנד וואַסילי זאָלאָטאָוו.

אין נאָמען פונעם שרײַבער־פארבאַנד האָט וו. זאָלאָטאָוו אונטערגעטראָגן מ. ראַזומנין אן אדרעס.

נאָכעם קליינשטיין

## דעם אָנדענק פון פּערעץ לוריע

דעם 11 אָקטיאַבער איז אין מאָסקווע אין עלטער פון 65 יאָר געשטאָרבן פּערעץ לוריע. איינער פון די עלטסטע ייִדישע פּעדאַגאָגן, האָט פּ. לוריע אין משך פון א סאַך יאָרן געאַרבעט אפן געביט פון ייִדישער און העברעיִשער שפּראַכן. אויסער זײַן ברייטער פּעדאַגאָגישער ארבעט, איז פּערעץ לוריע געווען טעטיק אין געביט פון סעמיטאָלאָגיע. א גרויסער קענער פון איווריט, אראַמעיִש און אראַביש, האָט ער לעצטנס געאַרבעט איבער א ריי גראַמאַטישע פּראָבלעמען פון אָט די שפּראַכן.

פּ. לוריע איז אויך געווען ענג פארבונדן מיטן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". ער האָט צוגעגרייט א ריי איבערזעצונגען פון איווריט אַף ייִדיש.

זײַנע ארטיקלען וועגן דער ייִשׂראָעל־ליטעראַטור זײַנען געדרוקט אין דער „קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע".

# נײַעס פון אויסלאַנד

## ייִדן אין גיבראַלטאַר

אפן גיבראַלטאַרער האַלב־אינדזל, וואָס ציילט אן ערך 25 טויזנט אײַנוווינער, וווינען הײַנט 700 ייִדן. מע האַלט, אז דער דאָזיקער ייִדישער יישעוו נעמט זײַן אָנהייב פון די צײַטן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, ווען פיל ייִדן זײַנען אנטלאָפן קיין צאָפן־אַפריקע דורכן גיבראַלטאַר און עטלעכע מישפּאָכעס האָבן זיך באַזעצט אפן דאָזיקן האַלב־אינדזל.

## אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק וועגן „איסט־סײַד"

אין ניו־יאָרקער ייִדישן מוזיי איז געעפנט געוואָרן אן אויסשטעלונג וועגן ייִדישן לעבן אין „איסט־סײַד".

די עקספּאָזיציע, וועלכע באַשטייט פון פאָטאָס, דאָקומענטן, אַפישן, פליטן אאוו., נעמט אַרום דעם פעריאָד פון 1870 ביז 1924 און שילדערט דאָס ייִדישע לעבן אין אָט דעם טייל ניו־יאָרק, וואָס איז געווען דער ערשטער אָפּשטעל פון ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע.

מע זעט אויף דער אויסשטעלונג די ניי־אײַנגעוואַנדערטע, מע הערט די קלאַנגען פון ייִדישע פעדלערס, וואָס אַנאָנסירן זייערע סחורות אין ייִדיש און ענגליש, מע דערוויסט זיך וועגן אַמאָליקן ייִדישן טעאַטער אאוו. א פילם דערציילט וועגן די ייִדישע קרעמער, פעדלערס און פאַרקויפער אויף די גאַסן פון „איסט־סײַד" מיט פיל יאָרן צוריק.

אין א באַזונדער צימער זײַנען צונויפגעזאַמלט די ווערק פון מאָלער, וואָס האָבן אויף זייערע לײַוונטן באַוויזן דעם „איסט־סײַד" אַזוי, ווי זיי האָבן אים געזען.

## דר. א. בערמאַן — 60 יאָר

די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכקייט פון ייִסראָעל האָט אין אַקטיווער כוידעש ברייט אָפּגעמערקט דעם 60־טן געבורטסטאָג פון דר. אַדאָלף — אַווראָם בערמאַן, איינעם פון די פירער פון דער אונטערערדישער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און אָרגאַניזאַטאָר פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק אין דער וואַרשעווער געטאָ. נאָך פון די יוגנט־יאָרן איז בערמאַן געווען פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. ערעוו דער מילכאָמע איז ער אַן אַקטיווער טוער אינעם ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קולטור־פראָנט. דר. בערמאַן איז דער מעכאַבער פון א ריי וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויפן געביט פון סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע און פילאָסאָפיע.

נאָך דער באַפרײַונג פון פּוילן פון די היטלעריסטישע פאַרכאַפּערס איז דר. בערמאַן געווען א דעפּוטאַט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט און גלײַכצײַטיק דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פּוילן. פאַר זײַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז ער באַלוינט געוואָרן מיט הויכע אויסצייכענונגען פון דער פּוילישער מעלוכע.

הײַנט־צו־טאָג וווינט א. בערמאַן אין ייִסראָעל, וווּ ער פירט א גרויסע אַרבעט אינעם פאַרבאַנד פון אַנטינאַציסטישע קעמפער, אינעם ייִסראָעלדיקן שאָלעם־קאָמיטעט אאַ. ער איז אויך א רעדאַקציע־מיטגליד פון „פרײַ ייִסראָעל".

די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסט האַרציק דר. בערמאַנען מיטן 60־טן געבורטסטאָג און ווינטשט דעם כאָשעווען באַל־יויוול אַריכאַס־יאָמים.

## דער וועג פון א שרײַבער־וועטעראַן

אין בוקאַרעשט איז אין עלטער פון 82 יאָר געשטאָרבן דער וועטעראַן פון די ייִדישע שרײַבער אין רומעניע ייִדעלע ווײַדענפעלד. געבוירן אין א מאָלדאַוויש־בוקאָווינער שטעטל בורדוזשעני, האָט י. ווײַדענפעלד אָנגעהויבן זיך דרוקן אין פּאַריז, וווּהין ער איז געקומען אין אָנהייב 1907.

אין 1917 אַרבעט ער אין אָדעס אַלס מעכאַניקער, דרוקט סאַטירישע פּאָעמעס און פּאַמפלעטן אין דער ראַדיקאַלער צײַטונג „אונדזער לעבן".

אין 1944 באַזעצט זיך י. ווײַדענפעלד אין בוקאַרעשט און גיט זיך אויסשליסלעך אָפּ דער ליטעראַרישער אַרבעט. אָפט טרעט ער אַרויס אין די „איקוף־בלעטער" מיט לידער און רעצענזיעס. ווי מע גיט איבער פון דער רומענישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק, וועט אינגיכן דערשײַנען אין בוקאַרעשט זײַן היסטאָרישער ראָמאַן „אין א טויטן מאַרק־טאָג".

## וויפל ייִדן זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט

אין סטאַטיסטישן יאָרבוך פון ייִסראָעל, וואָס איז דערשינען אין אויגוסט 1966, ווערן געבראַכט אַזעלכע ציפערן: אין 1858 יאָר האָט די צאָל ייִדן אויף דער וועלט באַטראָפן 4 מיליאָן 800 טויזנט, אין 1892 יאָר — 7 מיליאָן 700 טויזנט. האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע איז די צאָל ייִדן דערגאַנגען ביז 18 מיט א האַלבן מיליאָן, און אין 1945 יאָר האָט זי באַטראָפן עטוואָס מער פון 11 מיליאָן.

איצט איז די צאָל ייִדן אויף דער וועלט 13 מיליאָן 225 טויזנט.

## 40 טויזנט פאַלאַשן־ייִדן אין עפּיאָפּיע

אין שײַכעס מיטן גענעראַל דע גאָלס וויזיט קיין עפּיאָפּיע האָט די וועלט־פּרעסע א סך געשריבן וועגן דאָזיקן לאַנד און דערמאָנט דערבײַ דעם פאַקט, אַז אין עפּיאָפּיע לעבן 40 טויזנט ייִדן, די אַזוי־גערופענע „פאַלאַשן".

## טשעכישער פילם וועגן גוילעם

אין פּראָג איז מען צוגעטראָטן צו שאַפן א פילם, באַזירט אויף דער לעגענדע וועגן גוילעם און זײַן שעפער — דעם מאַהאַראַל פון פּראָג.

צווישן אַנדערע וועלן אין פילם אויך אָנטיילנעמען ייִדישע אַרטיסטן פון פּוילן און רומעניע.

## טודאָר אַרגעזי אין ייִדיש

טודאָר אַרגעזי איז איינער פון די גרעסטע הײַנטצײַטיקע רומענישע דיכטער. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש, רוסיש, פראַנצויזיש, דײַטש, שפּאַניש, איטאַליעניש, אונגאַריש, פּאָרטוגעזיש אאַ. היי־יאָר האָט דער בוקאַרעשטער ליטעראַטור־פאַרלאַג אַרויסגעלאָזט טודאָר אַרגעזיס א זאַמלונג „לידער" אין ייִדיש. די איבערזעצונג פון רומעניש האָט געמאַכט ווינגדער ליטמאַן.

ע. ליבענזאָן

## שמועל אַגנאָן און נעלי זאַקס באַקומען די נאָבעל־פּרעמיעס

די שוועדישע קיניגלעכע אַקאַדעמיע האָט באַלוינט מיט דער נאָבעל־פּרעמיע פאַרן 1966 יאָר דעם באַוווּסטן ייִסראָעל־שרײַבער שמועל אַגנאָן און די דײַטשישע דיכטערן נעלי זאַקס, א געבוירענע אין בערלין; זינט 1940 וווינט נעלי זאַקס אין שוועדן, וווּהין זי איז אַנטלאָפן פון בערלין צוליב די נאַציסטישע פאַרפאָלגונגען.

שמועל אַגנאָן — איינער פון די עלטסטע ייִסראָעל־שרײַבער — שטאַמט פון פּוילן. ער איז א לאַורעאַט פונעם העכסטן ליטעראַטור־פּריז אין ייִסראָעל אויפן נאָמען פון ח.־נ. ביאַליק. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אין 15 שפּראַכן. צו די אַמעריסטנס באַקאַנטע פון זיי געהערן „די שוווּע" און „נעכטן און אייערנעכטן".

א גרויס אָרט אין זײַן שאַפונג פאַרנעמט דער מאַרטיראָלאָג פון די אייראָפּעיִשע ייִדן בײַם דער היטלער־הערשאַפט.

אין איינעם פון די נאָענטסטע נומערן פון זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אַן אַרטיקל, געווידמעט דער שאַפונג פון שמועל אַגנאָן.

# דאָס באַפליגלטע וואָרט

## ווען איך האָב צײַט...

א יונגע אמעריקאנער זשורנאַליסטקע האָט אמאָל געפרעגט אַלבערט איינשטיינען:

— וואָס איז דער כילעק צווישן צײַט און אייביקײַט?

— קינד, מײַנס, — האָט געענטפערט איינשטיין, — ווען איך וואָלט געהאַט צײַט דערקלערן אײַך דעם דאָזיקן כילעק, וואָלט געדויערט אן אייביקײַט, ביז איר וואָלט אים פארשטאנען.

## דער איינציקער אויסוועג

קאָנראד רענטגען האָט באקומען א בריוו מיט א ביטע, ער זאָל ארויסשיקן עטלעכע רענטגען־שטראַלן מיט אן אינסטרוקציע, ווי צו באנוצן זיך מיט זיי. רענטגען האָט געענטפערט:

— צום באדויערן, האָב איך איצט בא זיך ניט קיין רענטגען־שטראַלן. איך וויל נאָר זאָגן, אז אריבערשיקן דורך פאָטשט אזעלכע שטראַלן איז זייער א שווערע זאך. דער איינציקער אויסוועג — שיקט מיר צו אײַער ברוסטקאסטן.

## בארימערײַ — א שלעכטע מידע

דער פראנצויזישער קאָמפאָזיטאָר גונאָ האָט ניט געקאָנט פארלײַדן, ווען ער פלעגט דערהערן, ווי זײַנע שילער בארימען זיך. איינמאָל האָט ער זיי דערציילט וועגן זיך:

— ווען איך בין געווען יונג און נאָך וויניק בארימט, פלעג איך אנערקענען נאָר צוויי קאָמפאָזיטאָרן: זיך און מאָצארטן. געוואָרן שוין א ביסל בארימט, האָב איך געענדערט דעם סיידער: איך פלעג זאָגן מאָצארט און איך. איצט, אז איך בין וועלט־בארימט, רוף איך אָן מיט יִיראַס־האַקאָווער בלויז איין נאָמען — מאָצארט.

## א דועל צווישן קינסטלער

דער אוראַלטער גריכישער קינסטלער זעווקסיס האָט אזוי שיין אויסגעמאָלט א ווײַנטרויבן־שטענגל, אז עס זײַנען זיך צונויפגעפלויגן די פייגל און גענומען פיקן די ווײַנטרויבן.

ווען דער קינסטלער פעראסי האָט דאָס דערזען, האָט ער געזאָגט, אז ער וועט אויסמאָלן נאָך א שענער בילד. אינגיכן האָט פעראסי געבראכט זעווקסיסן זײַן ווערק. דערזען דאָס בילד, האָט זעווקסיס אויסגערופן:

— גיכער נעם אראָפּ דאָס פאָרהענגל! איך וויל זען דײַן בילד!

— אָט דאָס איז דאָך טאקע מײַן בילד, — האָט געענטפערט פעראסי. — איך האָב אויסגעמאָלט א פאָרהענגל!..

— דו האָסט געזיגט, — האָט אנערקענט זעווקסיס. — איך האָב אָפּגענארט נאָר די פייגל, און דו האָסט אָפּגענארט א קינסטלער.

## דאָס פאָלק קען מיך...

א גרופּע דיכטער איז ארויסגעטראָטן אין א טעלעוויזיע־פּראָגראם. איינעם פון זיי האָט מען געבעטן, ער זאָל אויסטאָן די ברילן, ווײַל די גלעזלעך שפּיגלען זיך אין דער שײַן פון די שטארקע לאָמפּן און דאָס שטערט די צושויער צו זען דעם דיכטערס פּאָנעם. א טראכט געטאָן א ווײַלע, האָט דער דיכטער געענטפערט מיט שטאָלץ:

— ניין, איך טאָר זיי ניט אויסטאָן, דאָס פאָלק קען מיך אין די ברילן.

## „איך וויל העלם“

אין הארבסט 1908 האָט וולאדימיר דוראָוו באוויזן אין בערלינער צירק א „געלערנטן“ כאזער. ווען דער ארטיסט פלעגט א פרעג טאָן „וואָס ווילסטו?“, פלעגט דער כאזער זיך א וואָרף טאָן צו א דײַטשישן העלם און שטופּן אין אים מיט דער מאָרדע, ווענדיק אָנטאָן אים אפן קאָפּ.

— איך וויל העלם, — פלעגט דער ארטיסט ענטפערן אָנשטאָט דעם כאזער.

די ווערטער „וויל העלם“ זײַנען אויסגערעדט געוואָרן ווי איין וואָרט און האָבן געקלונגען אזוי, ווי עס וואָלט אָנגערופן געוואָרן דער נאָמען פונעם דײַטשישן קײַזער ווילהעלם. נאָך דער דאָזיקער פאָרשטעלונג האָט מען דוראָוון ארויסגעשיקט פון בערלין פאר באליידיקן זײַן מאיעסטעט. דער אייגנטימער פונעם צירק האָט דערלאנגט אף דוראָוון אין געריכט, מאָנענדיק קאָמפּענסאציע פאר די אראָפּגעריסענע גאסטראָלן. דער אדוואָקאט, וואָס האָט פארטיידיקט דוראָוון אף אָט דעם פּראָצעס, איז געווען קארל ליבקנעכט.

עס איז געוואָרן 90 יאָר, זינט עס איז געבוירן דער אָנגעזעענער ייִדי־שער שרײַבער יאנקעוו דינעזאָן.

י. דינעזאָן שטאמט פונעם ליטווישן שטעטל נײַ־זאגער (קאָוונער גוב.). ער



האָט זייער פרי זיך באקאנט מיט דער העברעיִשער האסקאָלע־ליטעראטור און באפרײַנדעט זיך מיטן שרײַבער אײַזיק־מייער דיק, וואָס איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מאס־קילים.

די ערשטע טריט אין דער ליטערא־טור האָט יאנקעוו דינעזאָן געמאכט אין העברעיִש. דאָס זײַנען געווען בריוו און ארטיקלען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די צײַטונגען „המגיד" („האמאגיד") און „המליץ" („האמיי־ליץ"), נאָר שוין דעמלט האָט דינע־זאָן געהאלטן די ייִדישע שפּראך אלס בעסטן מיטל צו אופקלערן די פאָלקסמאסן.

דעם ערשטן ראָמאן — „בעון אבות" („באאווין אָוויס" — „פאר די זינד פון די עלטערן") — האָט י. דינעזאָן אָנגעשריבן אין ייִדיש. אין דעם ראָמאן איז דערציילט געוואָרן וועגן א מיידל, וואָס איז יונג אומגע־קומען צוליב דעם פאנאטיזם פון די עלטערן. די צענזור האָט דאָס בוך פארבאָטן, אָבער די פּראָגרעסיווע קרײַזן, וועלכע האָבן זיך באקאנט מיטן ראָמאן אין מאנוסקריפּט, האָבן אים אופגענומען זייער ווארעם.

דער צווייטער ראָמאן פון יאנקעוו דינעזאָן האָט געהייסן „הנאהבים והנעימים (האנעעהאָווים וועהאנעי־מים), אָדער דער שווארצער יונגער־מאנטשיק". די ערשטע אופלאגע איז דערשינען אין 1887 און געהאט אן אומגעהייערן דערפאָלג צווישן די לייענער. גענוג צו זאָגן, אז דער ראָ־מאן איז זיך צעגאנגען אין 10 טויזנט עקזעמפּליארן — א פאנטאסטישער טיראזש פאר יענע צײַטן. פּאָפּולער זײַנען געווען אויך דינעזאָנס ראָמא־נען „אבן נגף (עווען נעגעף), אָדער א שטיין אין וועג" (1890), „הערשע־לע" (1891), „יאָסעלע" (1899) און אנד.

אין דער געשיכטע פון דער ייִדי־שער ליטעראטור איז יאנקעוו דינעזאָן ארײַן אלס שעפער פון דעם סענטי־מענטאלן ראָמאן. ער האָט אויך אָנ־געשריבן א גרויסע צאָל דערציילונ־גען און געווען פּראָדוקטיוו אלס זשורנאליסט.

יאנקעוו דינעזאָן האָט געפירט א רײַכע קאָרעספּאָנדענץ קימאט מיט אלע ייִדישע שרײַבער און געזעל־שאפטלעכע טוער פון זײַן צײַט. בא־זונדערס ענג איז ער געווען שפּע־ריש פארבונדן און באפרײַנדעט מיט י.־ל. פּערעצן און שאָלעם־אלייכעמען.

מיט 75 יאָר צוריק איז געבוירן געוואָרן דער אָנגעזעענער סאָוועטי־שער שרײַבער דמיטרי פורמאנאָוו.

ד. פורמאנאָוו שטאמט פון דאָרף סערעדא, קאָסטראָמער גוב. (איצט שטאָט פורמאנאָוו, איוואנאָווער געגנט). אין 1919 איז פורמאנאָוו לויטן באפעל פונעם קאָמאנדארם פרונזע באשטימט געוואָרן אלס קריגס־קאָמיסאר פון דער 25־טער



דיוויזיע, מיט וועלכער ס'האָט אָנגע־פירט דער לעגענדארער העלד וו. אי. טשאפּײַעוו.

די ערשטע נאָוועלע פורמאנאָווס — „דער רויטער דעסאנט" — איז פאר־עפנטלעכט געוואָרן אין 1922. אין א יאָר ארום (1923) איז דערשינען זײַן גרעסערע דערציילונג „אין אכצנטן יאָר". דמיטרי פורמאנאָוו איז דער אווטאָר פונעם זייער פּאָפּולערן בוך „טשאפּײַעוו" (1923), וואָס האָט אויס־געהאלטן 120 אופלאגעס אין סאָ־וועטנפארבאנד און איז איבערגע־זעצט געוואָרן אין פיל שפּראכן.

אין 1925 איז דערשינען ד. פור־מאנאָווס ראָמאן „דער בונט". אין די ביידע ווערק — „טשאפּײַעוו" און „דער בונט" — מאָלט דער שרײַבער די העראָיִק פונעם בירגערקריג. אין סאמע בלי פון זײַן שאפן, אין 1926, איז ד. פורמאנאָוו געשטאָרבן. ער איז דעמלט אלט געווען סאכאקל 35 יאָר.



דער ליטעראַטור־קריטיקער ד״ר שלוימע ביקל איז אַלט געוואָרן 70 יאָר.

שלוימע ביקל איז ברייט באַקאַנט נאָך פון די יאָרן, ווען ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ייִדישער פּראָגרעסיווער קולטור־באַוועגונג אין רומעניע. ער איז דאָרט געווען טע־טיק אי אַלס זשורנאַליסט, אי אַלס פּובליציסט. זײַנע פּאָלעמיש־פּאַר־שאַרפטע פּראָבלעמען־אַרטיקלען (צו־נויפגעזאַמלטע אין זײַן בוך „אין זיך און אַרום זיך") האָבן שוין דעמלט געצויגן אַף זיך די אויפמערקזאַמקייט. אין 1939 איז שלוימע ביקל איבער־געפאָרן קיין אַמעריקע, וווּ ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פונעם „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל". זײַנע פּאָליטיש־גע־זעלשאַפטלעכע אַרטיקלען, וואָס ער פּאַרעפנטלעכט דאָרט, קומען אָפּטמאָל אין אַ סטירע צו די אידייִשע פּאָזי־ציעס, וועלכע ער האָט אַזוי טאַ־לאַנטפול פאַרטראָטן אין זײַן רומע־נישן פּעריאָד. דאָס שטעלט אים אין איין ריי מיט יענע ייִדישע שרײַבער אין אויסלאַנד, וועלכע, ניט פאַרשטיי־ענדיק די דיאַלעקטיק פון אונדזער צײַט, האָבן זיך בעהאַדראָגע אידעאָ־לאָגיש איבערגעשיכטעט פון לינקס אַף רעכטס.

פּאַראַלעל מיט זײַן זשורנאַליסטיק האָט שלוימע ביקל פאַר די אַלע לעצ־טע יאָרן אַנטוויקלט אויך אַן אינטענ־סיווע ליטעראַרישע טעטיקייט. זײַן מעמואַריסטיש ווערק „אַ שטאָט מיט ייִדן" האָט ניט נאָר אַ דערקענטעניש־ווערט, נאָר אויך אַן אָביעקטיוו־קינסטלערישע. ערשט ניט לאַנג האָט שלוימע ביקל אַרויסגעגעבן אַ בוך עסייען „שרײַבער פון מײַן דור". פון זײַנע פריִערדיקע ביכער דאַרף דער־מאָנט ווערן „דעטאַלן און סאַכאַקלען", וואָס איז אין גרונט געווידמעט דער מאָדערנער ייִדישער פּראָזע. האַגאַם מיר באַשטרײַטן מערערע טעזיסן פון שלוימע ביקל און באַזונדערס וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַ־טור, מערקן מיר אַף דעם ברייטן קרײַז פון די קולטור־ און ליטעראַ־טור־פּראָבלעמען, וועלכע ער באַרירט.

---

# אײַזיק הובערמאַן

געשטאָרבן אײַזיק הובערמאַן...

ערשט ניט לאַנג האָבן מיר אָפּגעמערקט זײַן 60־טן געבורטסטאָג. מיר האָבן געוווּסט, ווי געפערלעך קראַנק ער איז, אָבער מיר האָבן ניט געקאָנט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז ער גייט פון אונדז אוועק אַף שטענדיק, מיר האָבן געהאָפט, אַז ער וועט גויווער זײַן די קרענק, וואָס האָט אים צוגעשמידט צום בעט, און וועט זיך אומקערן צו אונדז, צו דער ליטעראַטור.

אונדזער האָפענונג האָט זיך ניט באַרעכטיקט. ווען דער הײַנטיקער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" איז שוין געווען אויסגעזעצט, האָט אונדז געטראָפן די שווערע ידיעה, אַז אײַזיק הובערמאַן איז געשטאָרבן אין מאָסקווע, אין שפּיטאָל. די ייִדישע ליטעראַטור האָט אָנגעווירן אַ באַגאַבטן דיכטער און דראַמאַטורג, אַ שרײַבער, וועלכער האָט געקענט אויסדריקן סײַ לירישן אומעט, סײַ האַרציקן פאָלקס־הומאָר.

אין טיפן טרויער שטייען מיר באַם קייווער פון אונדזער פרײַנט אײַזיק הובערמאַן, וועלכן עס וועט לאַנג געדענקען דער ייִדישער סאָוועטישער לייענער און די ייִדישע ליטעראַטור.

קאָוועד זײַן אָנדענק!

קינסטלער אלעקסאנדער טישלער



די רויטע פאַן איז געראַטעוועט



דער פּאַרקויפער פון זייגערס



קארמען

## טײַערע לייענער!

די אבאָנירונג אף „סאָוועטיש היימלאנד“ אפן קומענדיקן, 1967 יאָר ווערט אָנגענומען אָן באגרענעצונגען אין אלע פּאָטשט־אָפּטיילונגען און דורך די געזעלשאפטלעכע פרעסע־פארשפרייטער ביז דעם 25 **נאָיאבער הא־יאָר.**

נאָך דעם אָנגעוויזענעם טערמין וועט מען זיך קאָנען אבאָנירן אפן זשורנאל בלויז פון פעווראל און אף די ווײַטערדיקע כאדאָשים פון 1967 יאָר.

**פארגעסט ניט באצײַטנס אויסשרײַבן „סאָוועטיש היימלאנד“.**

אין איינצל־פארקויף וועט דער זשורנאל אָנקומען אין א באגרענעצטער צאָל.

א ב אָ נ ע מ ע נ ט־פּ ר ײַ ז:

אף א יאָר — 6 רובל

אף 6 כאדאָשים — 3 רובל

פרײַז פון איין נומער — 50 קאָפּ.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания шестой**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств. и техн. редакция: И. Шустер и А. Токер

Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

Подписано к печати 18/X 1966 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки. Цена 50 коп. Зак. 1884.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 11

1966



**В НОМЕРЕ:**